Dr. I. ZINBERG

# THE HISTORY OF THE JEWISH LITERATURE

EIGHTH VOLUME

SECOND BOOK

VILNO, 1937

„TOMOR" PUBLISHING Co.

ד״ר ישראל צינבערג

# די געשיכטע פון דער ליטעראַטור ביי יידן

אַכטער באַנד

צווייטער בוך

ווילנע — 1937

פאַרלאַג „טאָמאָר״

# ערשטער קאַפּיטל

**דער צעפאַל פון פרידליכן פאַרבאַנד. — דער לעצטער מאַהיקאַן — מנשה איליער. — „דער טרוימער פון געטאָ". — מנשה איליער וועגן „טובת הכלל". — דער טראַגישער קאַמף פונם בעל החלומות. — דער באַטײַט פון „אלפי מנשה". — נישטאָ קיין אַבסאָלוט, אַלץ ווערט געשאַצט „לפי הזמן והמקום". — מנשה איליערס סאָציאַלע פּראָגראַם. — דער טרויעריקער גורל פון זיין „שקל הקודש". — די השפעה פון גאַליציאַנער משכילים אויף די משכילים אין דרום-רוסלאַנד. — דער משכיל הירש-בער הורוויץ און דער פירשט דאָלגאָרוקי. — יצחק-בער לעווינזאָן.**

צום שלום פונם נײַנטן טייל האָבן מיר אָנגעוויזן, אויס וואָסערע סיבות עס האָט זיך אין אָנפאַנג פונם 19טן יר"ה געלאָזט באַמערקן אַ געוויסע ענדערונג אין די גײַסטיקע שטרעמונגען בײַ די ליטווישע און ווײַסרוסישע לומדישע קרײַזן. דער פרידליכער פאַרבאַנד צווישן תורה און וויסן, צווישן גאָטספאַרכטיקייט און אויפקלערונג, וואָס האָט זיך געלאָזט באַמערקן בײַ די ערשטע השכלה-פּיאָנערן, — איז זיך פונאַנדער-געפאַלן. דעם ווילנער גאונס דעוויז, אַז יעדער מאַנגל פון וויסן אין די חכמות חיצוניות איז גורם אַ הונדערטפאַכן מאַנגל בײַם לערנען די תורה, — איז אַנטשיידן אָפּגעוואָרפן געוואָרן. יעדע וויסנשאַפטלעכע, אַלע חכמות חיצוניות זײַנען דערקלערט געוואָרן פאַר לויטער אַפּיקורסות. די דאָזיקע רעאַקציאָנערע שטרעמונג האָט אויך נישט ווייניק געהאַט צו פאַרדאַנקען דער בצחנישער פאַרשטאַרקונג פון דער חסידות-באַוועגונג, וואָס איז, ווי מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, געווען זייער פײַנדליך געשטימט קעגן אַלץ, וואָס ס'האָט געהאַט די מינדסטע שייכות מיט אייראָפּעישער בילדונג. זייער כאַראַקטעריסטיש איז אין דער הינזיכט דער טראַגישער גורל פון איינעם פון דעם ווילנער גאונס יינגסטע תלמידים— מנשה איליער.

מנשה בן יוסף איז געבאָרן אין 1767 אין סמאָרגאָן אין דער פאַמיליע פונם אָרטיקן דיין. מען דערציילט, אַז אַדאַנק זײַנע גרויסע פעיִקייטן האָט דער קליינער מנשה שוין צו צען יאָר נישט געקאָנט קריגן פאַר זיך אין סמאָרגאָן קיין פאַסנדיקן מלמד, און ער פאַנגט פון דעמאָלט

אָן לערנען „פֿאַר זיך“ אין בית־המדרש צוזאַמען מיט די דערוואַקסענע בחורים. צו 15 יאָר האָט ער שוין געשמט פֿאַר אַ למדן. נאָך דער חתונה, ווען ער פֿאָרט אַריבער צום שווער קיין איליע „אויף קעסט“, זיצט ער יומם ולילה אין בית־המדרש און לערנט; און ווען דער שווער זיינער ווערט אַ יורד און מנשה מוז אַראָפּ פֿון קעסט, ווערט זיין פֿרוי די אשת חיל; זי איז מפרנס די פֿאַמיליע און ער זיצט ווייטער אומגעשטערט איבער זיינע ספֿרים. צוויי פּערזענליכקייטן האָבן געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויפֿן יונגן מנשה און אויף זיין גייסטיקער אַנטוויקלונג: דער ערשטער איז געווען דער ווילנער גאון, צו וועמען מנשה איליער פֿלעגט אָפֿט פֿאָרן און פֿאַרברענגען גאַנצע יאָרן [1]; נישט פֿון קלענערן באַדייט איז געווען פֿאַר מנשה איליער די באַקאַנטשאַפֿט מיט זיין קרוב, דעם באַוווּסטן ביבליאָפֿיל יוסף מזל, וואָס האָט געוווינט אינם שכנותדיקן שטעטל וויזן און זיך קונה־שם געווען מיט זיין אויסערגעוויינליך רייכער ביבליאָטעק. חדשים־לאַנג פֿלעגט דער וויסנסבאַגיריקער מנשה פֿאַרברענגען אין זיין קרובס ביבליאָטעק; דאָרטן האָט ער זיך באַקענט מיט די מיטלאַלטערליכע חקירה־ספֿרים און אויך מיט „חכמות חיצוניות“, ווי מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע, פֿיזיק, אויף ווי ווייט זיי ווערן באַהאַנדלט אין דער העברעישער מיטלאַלטערליכער ליטעראַטור.

דער יונגער למדן ווערט אַ וויסנסדורשטיקער „זוכער“. ער לאָזט זיך זוכן גרעסערע צענטערן פֿון וויסן. ווי אַלע אַנדערע השׂכּלה־פּיאָנערן, חלומט ער וועגן דער פּרייסישער רעזידענץ־שטאָט — בערלין. נאָך פֿיל מאַטערנישן דערשלאָגט ער זיך קיין קעניגסבערג, און פֿון דאָרטן האָפֿט ער צו דערלאַנגען קיין בערלין. אין קעניגסבערג באַגעגנט ער באַקאַנטע סוחרים פֿון ליטע. יענע זייגען אויסער זיך, וואָס אַזאַ למדן מופֿלג וועט זיך לאָזן צום הויפּט־נעסט פֿון אַפּיקורסות, וווּ ער קאָן נאָך אַראָפּ, חלילה, פֿונם דרך הישר. זיי וואָרענען אים שטאַרק, און אַז ער בלייבט אַלץ ביי זיינעם, פֿרווּון די גאָטספֿאָרכטיקע סוחרים אים ראַטעווען פֿון דער סטרא אחרא דורך אַ מסירה. מען גיט איליערן נישט אַרויס דעם נייטיקן פּאַסיר־שיין, און ער מוז צוריקקערן קיין איליע.

זיין נישט־געלונגענע רייזע האָט נאָך מער געשטאַרקט אין אים דעם דורשט נאָך וויסן, וואָרום אויפֿן וועג קיין בערלין האָט ער באַגעגנט אייניקע מענטשן מיט אַ וואָסערער־ס׳איז אייראָפּעישער בילדונג, און זיי האָבן אים אויפֿגעקלערט, אַז זיינע ידיעות וועגן „חכמות חיצוניות“, וואָס ער האָט געשעפּט פֿון דער העברעישער מיטלאַלטערליכער ליטעראַטור,

1 בן פורת, 14.

זײַנען שוין שטאַרק פאַרעלטערט און נישט גענוגנדיק. מיט גרויס מי און מאַטערנישן געלינגט אים צו באַקומען אייניקע דײַטשע און פּוילישע וויסנ־שאַפטליכע ביכער. ער האָט אָבער די שפּראַכן, אויף וועלכע די ביכער זײַנען געוועזן געשריבן, זייער שלעכט פאַרשטאַנען; דערצו זײַנען אויך די ביכער, וואָס ער האָט באַקומען, געוועזן אַ ביסל פאַרעלטערט. די דאָזיקע ביכער האָבן אָבער, ווי עס שײַנט, מער־ווייניקער באַקענט מנשה איליערן מיט די ראַציאָנאַליסטישע און הומאַניסטישע אידעען פונם 18טן יר״ה. אויך האָבן זיי אין אים דערוועקט דעם אינטערעס צו סאָציאַלע פּראָ־בלעמען. דאָס אַלץ האָט געהאַט אַ גוואַלטיקע השפעה אויף מנשה איליערס וועלט־באַנעם. ער איז בײַ זײַן גאַנצער שטרענגער רעליגיעזיטעט געוואָרן אַן איבערצײַגטער ראַציאָנאַליסט; נאָר אַלס טיף עטישע נאַטור, האָט דער ראַציאָנאַליזם בײַ אים אָנגענומען גאַנץ אייגנאַרטיקע פאָרמען, און אַדאַנק דעם שטעלט מנשה איליער מיט זיך פאָר איינעם פון די טיפּישסטע און אײדלסטע „טרוימער פונם געטאָ“, וועלכע עס האָט מיט יאָרן שפּעטער אַזוי גײַסטרײַך באַזונגען ישראל זאַנגוויל.

דער גרונד־פּרינציפּ פון מנשה איליערס וועלט־באַנעם איז — „טובת הכלל“. „ווען גאָט ברוך הוא, — דערקלערט מנשה איליער אין דער פאָררעדע צו זײַן ווערק „העמק שאלה“ — זאָל וועלן באַשענקען מיך און אַלע מײַנע אייגענע מיט אַלדאָס גוטס אויף אייביקע צײַטן, נאָר דערבײַ לאָזן ער גילטן דאָס שלעכטס אויף דער וועלט, ד״ה, עס זאָלן אויך אויף ווײַטער בלײַבן לײַדן לעבעדיקע באַשעפענישן, און מענטשן זאָלן ווײַטער לעבן אין צער, — וואָלט איך מיך אָפּגעזאָגט פון דעם געשאַנק. איך וויל נישט זײַן אויסגעטיילט פון אַנדערע באַשעפענישן“ 1.

וואָס פאַר אַ ווערט, — זאָגט ער ווײַטער, — קאָן האָבן טובת עצמי קעגן טובת הכלל. מײַן אײנציקער פאַרלאַנג און האָפענונג איז בלויז: אפשר וועל איך מיט עפּעס קאָנען מיטהעלפן „לתיקון לעולם הקיום“ — אויסבעסערן דעם עקזיסטירנדיקן סדר.

„איך האָב באַטראַכט, וואָס אַרום טוט זיך — שרײַבט ער אין דער פאָררעדע צו אַן אַנדער ווערק „תיקון כללי“ 2 — איך רייד שוין נישט וועגן דעם אָפענעם רויב, וואָס קומט פאָר אויף דער וועלט, ווי יעדער שטאַרקערער שלינגט אײַן דעם שוואַכערן; פאַר מיר איז אָבער

1 דאָס ווערק, ווי פיל אַנדערע איליערס שריפטן, איז געבליבן נישט פאַר־עפנטליכט. בלויז פראַגמענטן ווערן געבראַכט אין דער פאָררעדע פונם ארויסגעבער צום צווייטן טייל „אלפי מנשה“, 1904.

2 דאָס ווערק גופא איז נישט אויפגעהיט (זע מ. ספּאַלטערס פאָררעדע צום צווייטן טייל אלפי מנשה).

גאַנץ קלאָר, אַז די הויפּט־סיבה פון אַלע צרות אויף דער וועלט איז די מאַטעריעלע נויט און די נישט־געזיכערטע פּרנסה־קוואַלן. בלויז געציילטע זײַנען פאַרזאָרגט מיט פּרנסה, דער גרויסער רוב אָבער זײַנען „עניים מטופּלים", וואָס גייען אַרום נאַקעט און בלויז, האָבן נישט קיין דאַך איבער זיך און קומען ממש אום פון הונגער, קעלט און אַלעריי חולאתן... איך שעם מיך צו דאַגהען וועגן זיך און וועגן די הצטרכותן פון מײַן הויזגעזינט, בעת איך זע, אַז די גאַנצע וועלט איז אין צער און נויט. איך קאָן נישט פאַרגעסן אין דער דאָזיקער גרויסער נויט, איך זע זי שטענדיק פאַר די אויגן; איך קאָן מיך נישט בארויִקן, איך מוז אויפדעקן דעם סדר־העולם, אָנווײַזן, ווי אַזוי מענטשן לעבן, מיט וואָס זיי זײַנען זיך מפרנס, אַנטפּלעקן זייערע הצטרכותן, זייערע לײַדן. אפשר וועט גאָט דערלײַכטן מײַנע אויגן און וועט מיר אָנווײַזן דעם „דרך הישר לתיקוני עולם" *, און איך וועל זוכה זײַן, אַז דורך מיר זאָלן אַרויסקומען „זכות וריוח בעולם" **...

מנשה איליער האָט דאַך געגלויבט אײַזן־פעסט אין דער מאַכט פון דעם שׂכל הישר. ער איז געווען פעסט איבערצײַגט, אַז ווי נאָר מען עפנט דעם מענטשס אויגן, מען גיט אים צו פאַרשטיין על פּי שׂכל הישר, ווי שטאַרק ער האָט געגרײַזט, איז געגאַנגען אויף פאַלשע וועגן און האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אים איז נוצליך, — גלײַך וועט ער זיך נעמען צום שׂכל, וועט זיך לאָזן אויפן דרך־הישר און די ישועה וועט באַלד קומען. און אין משך פון צענדליקער יאָרן שרײַבט מנשה איליער מיט אומדערמידליכער ענערגיע איין ווערק נאָכן אַנדערן. אַלס טיפּי־שער אווטאָדידאַקט, איז ער געווען פעסט איבערצײַגט, אַז ער האָט אָנגעזאַמלט גרויס וויסן אין פיל בראַנזשן, און ער קאָן דערמיט ברענגען פיל נוצן דעם ייִדישן קיבוץ [1].

דאָ פאַנגט זיך אָן דער טראַגישער קאַמף פון דעם „בעל החלומות" מיט דער טרויעריק־גרויער רעאַלער ווירקליכקייט. אין משך פון צענד־ליקער יאָרן ציט זיך דער דאָזיקער קאַמף, דער קאַמף פון דעם יחיד, וואָס וויל מיט געוואַלטיקער עקשנות פאַרלײַכטערן די נויט, ברענגען ליכט און דערלייזונג די פאַרפינסטערטע געמיטער, און באַקומט אַלס

---

* דער ריכטיקער וועג די וועלט אויסצובעסערן.

** דערלײַכטערונג און דערלייזונג אויף דער וועלט.

1 אין „העמק שאלה" ווײַזט מנשה איליער אָן: „ובעזרת השם יש תקוה לפי רוב ידיעות חדשות וברורות שזיכני ד' אחר רוב יגיעתי וחיפושי שיש בהם רוב התועלת".

לױן רק האָס און צאָרן און גרױס אַנטױשונג. אין 1807 דערשײַנט אין װילנע מנשה איליערס קלײנער חיבור „פּשר דבר״. אין דער פֿאָררעדע דערקלערט ער, אַז זײַן ציל איז צו זײַן אַ פּשרה־מאַכער: מאַכן אַ פּשרה צװישן די כּתּות, װאָס האָבן אױפֿגעשפּראָצט בײַ די ייִדן 1, באַװײַזן, אַז די חכמה געפֿינט זיך לחלוטין נישט אין װידערשפּרוך מיט דער אמונה, אַז די פֿאַנטאַזיע אָן דער רעגולירונג פֿון פֿאַרשטאַנד פֿאַרפֿירט אױף פֿאַלשע װעגן. ער שטראָפֿט דערבײַ די חסידים, װאָס זײ װילן זיך נישט רעכענען מיט די פֿאָדערונגען פֿונם קאַלטן פֿאַרשטאַנד און שװעבן תּמיד אױף די פֿליגל פֿון דער צעהיצטער פֿאַנטאַזיע; די מתנגדים װאַרפֿט ער פֿאָר זײער טרוקענעם פֿאָרמאַליזם און זײער „עבודה״, זײער גאָט־דינען, װאָס װערט אױסגעפֿירט אַזױ אױטאָמאַטיש און אָן התלהבות. ער איז זיך אױך שטאַרק מתרעם אױף די, װאָס האָבן דערװאָרבן װיסן, האַלטן אָבער נישט פֿאַר נײטיק משפּיע צו זײַן אױף אַנדערע מיט דעם דערװאָרבענעם װיסן. ער באַגנוגט זיך אָבער נישט בלױז דערמיט. עס איז דאָך געװען באַלד נאָך דעם פֿאַרעפֿנטליכן דעם באַװוּסטן „סטאַטוט פֿון 1804 בנוגע ייִדן״, לױט װעלכן די רוסישע רעגירונג האָט אָנגענומען דעם באַשלוס אַרױסצוטרײַבן פֿון די דערפֿער אַלע ייִדן אינם מערב־קאַנט. װײַזט אָן מנשה איליער, אַז די הױפּט־סיבה פֿון דעם עקאָ־נאָמישן חורבן, װאָס געװעלטיקט אינם ייִדישן לעבן, נעמט זיך פֿון די לופֿט־פּרנסות, װאָס מענטשן פֿאַרנעמען זיך נישט מיט פּראָדוקטיװער אַרבעט. דאַרפֿן ייִדן זעען, װאָס גיכער זיך צו נעמען צו די נײטיקע מלאכות, צו נוצבערענגענדיקע באַשעפֿטיקונגען. עס מוז, — דערקלערט מנשה איליער, — אומבאַדינגט פֿיל געענדערט װערן אינם ייִדישן לעבן. די תּורה לערנט דאָך, אַז מיר דאַרפֿן פֿאָלגן אַלץ, װאָס די מנהיגי הדור באַפֿעלן אונדז; דור דור ודורשיו. דאַרפֿן די חכמים און מנהיגים זיך צונױפֿפֿאָרן יעדעס יאָר און באַשליסן און אָנװײַזן, װאָס פֿאַר תּקנות מען דאַרף דורכפֿירן לטובת הכּלל.

די דעמאָלטיקע „מנהיגי הדור״ האָבן אָבער מורא געהאַט פֿאַר װעלכע־ס׳איז נײַע תּקנות; זײ האָבן אין יעדן „נײעם״ געזען לױטער „גזירות״ פֿון אײן זײַט, און „אַפּיקורסות״ פֿון דער אַנדערער. האָבן זײ אױך אין מנשה איליערס „פּשר דבר״ געפֿערליכע אַפּיקורסות געזען, און גלײַך אָנגענומען מיטלען, דער אַפּיקורסישער ספֿר זאָל צום לײענער נישט דערגײן. און די פֿאַרטיליקונג פֿון דעם „פּשר דבר״ איז דורכגעפֿירט געװאָרן אױף אַזאַ גרינדליכן אופֿן, אַז עס איז אױפֿגעהיט געװאָרן

---

1 געמײנט די מתנגדים און חסידים.

בלויז איין איינציקער עקזעמפלאַר, וועלכער געפינט זיך אין בריטישן מוזיי [1].

מנשה איליער האָט אָבער דעם מוט נישט פאַרלאָרן. ער שרייבט איין ווערק נאָכן אַנדערן, און אַלץ וועגן „טובת הכלל״. ער האָט אָבער געהאַט גרויסע שוועריקייטן מיטן דרוקן. עס האָבן אים נישט בלויז געפעלט די נייטיקע מיטלען. נאָך דער טרויעריקער דערפאַרונג מיט זיין „פשר דבר״ האָט ער באַשלאָסן מער נישט צו דרוקן אין דער ליטע, נאָר פרווון פירן אונטערהאַנדלונגען מיט די ווילנער דרוקער. בלויז זיין אַרבעט „בינת מקרא״, וועגן טראָפּ און נגינות אין דער תורה, האָט ער פאַרעפנטליכט אין גראָדנע (אין 1818). מען האָט אָבער אויך אין דעם ווערק אַפּיקורסות דערשמעקט. מנשהס דערקלערונג, אַז דער קדמונישער טראָפּ באַצוועקט דאָס זעלביקע, וואָס די מאָדערנע נאָטן־ צייכן אין דער מוזיק (כי שָמו אותות וסמנים כסמני המוזיקה על הניגון) — האָט דערוועקט אַ גרויסן צאָרן אין די אָרטאָדאָקסישע קרייזן. ס׳טייטש, דערקלערן אויף אַזאַ פּשוטן, ריין עולמישן אופן דעם הייליקן טראָפּ, וואו אין יעדן תּגעלע זיינען באַהאַלטן די טיפסטע סודות.

דאָס האָט נאָך מער איבערצייגט מנשה איליער, ווי נייטיק ס׳איז צו „עפענען זיינע ברידער די אויגן״, זיי אויפצוקלערן און איבערצייגן, אַז דער ריכטיקסטער וועג איז דער דרך הפשט, צו וועלכן עס פירט דער שכל הישר. ער לאָזט זיך קיין וואַלין מיט דעם באַשלוס דאָרט צו פאַרעפנטליכן זיין הויפּט־ווערק „אלפי מנשה״, וואָס וועט לויט זיין פעס־ טער איבערצייגונג ווערן דער וועגווייזער און גייסטיקער פירער פון זיין דור. מנשה איליער האָט זיך אָבער באַלד אויפן טרויעריקסטן אופן איבערצייגט, אַז ער האָט אַ טעות געהאַט, בעת ער האָט געמיינט, אַז וואָלין איז „הייצטוועלטיקער״ פון ליטע. ער האָט זיך צונויפגערעדט מיט אַ דרוק־באַזיצער אין וואָלין, און יענער איז באַלד צוגעטראָטן צום דרוקן. ווען די ערשטע בויגנס זיינען שוין געווען געדרוקט, איז צום דרוקער געקומען צו גאַסט אַ באַקאַנטער, גרויסער יְרֵא־שָמַיִם. ווי נאָר יענער האָט זיך באַקאַנט מיטן אָפּגעדרוקטן טייל „אלפי מנשה״, האָט ער געמאַכט אַ גרויס געוואַלד: ווי קען עס אַ גאָטספאָרכטיקער ייִד דרוקן אַזאַ אַפּיקורסישן ספר, וואָס גראָבט דאָך אונטער די גרונדזיילן פון דער הייליקער תורה? בכדי מכפּר צו זיין פאַר אַזאַ גרויסע זינד, האָט דער דערשראָקענער דרוקער פאַרברענט די געדרוקטע בויגנס מיטן

1 מיר האָבן זיך באַנוצט בלויז מיט די אויסצוגן, וואָס ווערן געבראַכט אין מ. פּלונגיאַנס „בן פורת״ ז׳ 90—94, און אין סטאַניסלאַווסקיס אַרטיקל אין „השלוח״, XVIII, 474.

מאַנוסקריפּט צוזאַמען. האָט מנשה איליער צוריקגעקערט קיין איליע, אויפסנײַ, לויטן זכרון, אויפגעשריבן דאָס אין פֿײַער אומגעקומענע ווערק, און געלאָזט עס דרוקן אין ווילנע. אָבער אויך אין ווילנע איז נישט צוגעגאַנגען גלאַטיק מיטן דרוקן. בעת דער „אלפי מנשה" האָט זיך נאָך געפונען „תחת מכבש הדפוס", האָט זיך דער ווילנער רב, שאול קאַצענעלענבויגן, דערוווּסט, אַז אין איין שטעלע (סימ' קכ"ט) דערלויבט זיך דער פֿאַרפֿאַסער צו דערקלערן, אַז די רבני־הדור האָבן דאָס רעכט מבטל צו זײַן געוויסע דינים, ווי באַלד זיי איבערצײַגן זיך „שהשעה צריכה לכך" * און די דאָזיקע דינים זײַנען צו לעסטיק און ברענגען שאָדן. דער דערצאָרנטער רב האָט גלײַך געלאָזט רופֿן מנשה איליער און אים דערקלערט, אַז באָם ער וועט דעם אַפּיקורסישן זאַץ נישט אַרויסוואַרפֿן, וועט ער, דער מרא דאתרא, באַפֿעלן, מען זאָל דעם ספר פֿאַרברענען אויפֿן שול־הויף פֿאַרן גאַנצן עולם [1]. מנשה איליער האָט ערפילט דעם שטרענגן רבס באַפֿעל. ער האָט דאָס געקאָנט טאָן מיט אַ גאַנץ לײַכטן געמיט, ווײַל מיט דעם זעלביקן געדאַנק, וואָס האָט אַזוי אויפגעבראַכט דעם רב שאול קאַצענעלענבויגן, זײַנען אויך דורכגעדרונגען פֿיל אַנדערע שטעלן אינם „אלפי מנשה".

אין 1822 איז ענדליך מנשה איליערס הויפּט־ווערק אויף דער וועלט דערשינען.

מנשה איליער איז געווען אַזוי פעסט איבערצײַגט אין דעם גרויסן באַטײַט פון זײַן ווערק, אַז ער דערלויבט זיך צו דערקלערן אין דער פֿאָררעדע אָפֿן און קלאָר, אַז זײַן ווערק איז פֿאַר יעדערן נייטיק ממש, ווי אַ סידור, און ער פֿאַרהאָפֿט, דאָס מען וועט אים נאָך בעטן, ער זאָל פֿאַרעפֿנטליכן אויך דעם ווײַטערדיקן טייל פון זײַן ווערק, ווײַל ער האָט דערווײַל, „מפני הוצאות הדפוס", פֿאַרעפֿנטליכט בלויז דעם מינדסטן טייל פון דעם, מיט וואָס גאָט האָט אים געבענטשט [2].

אויף דעם מאָדערנעם לייענער מאַכט אָבער מנשה איליערס הויפּט־ווערק אַ גאַנץ אייגנאַרטיקן אײַנדרוק. בעת די אַנדערע פּיאָנערן פון השכלה אין רוסלאַנד, ווי ד"ר הורוויץ, יהודה לייב מרגליות, ברוך שקלאָווער, שוין נישט רײדנדיק פון מענדל לעפין, האָבן זיך געפלײַסט צו שרײַבן אין אַ קאָרעקטן, מער מאָדערנעם סטיל, איז מנשה איליער

---

* אַז דער געגנוואַרטיקער מאָמענט פֿאָדערט עס.

1 בן פורת, 99—100.

2 סוף הדברים שחבורי זה נצרך לכל כמו סדר תפילות ולסלסל ולפלפל ב', ואקוה שיבקשוני להוסיף עליהם כהנה וכהנה, כי לא יכילם ספר זה כי אם מעט מן המעט מאשר חנני ד' ולא העמדתי רק קצת לדוגמא.. מפני הוצאות הדפוס.

די סטיללאָזיקייט אַליין. זײַן הילצערנע, שווערוואָגיקע שפּראַך שטייט אויף נישט קיין פיל העכערן ניוואָ, ווי דער רוב רבנישע חבורים פון יענער צײַט. דערצו איז דער בעל „אלפי מנשה" אויך אַ זייער אומגע־שיקטער סיסטעמאַטיקער. ער גופא שטייט טאַקע שטאַל און אײַזן פאַר דעם קלאָרן פשט און דערקלערט, אַז ווען נישט דער ווילנער גאון — „נשתכחה תורה מישראל" (וואָלט די תורה בײַ ייִדן פאַרגעסן געוואָרן) און טאַקע נאָר אים, וואָס האָט בײַ זײַן געוואַלטיקער חריפות דאָך שטענדיק געשטרעבט „לְפָרֵש הכל בדרך פשוט וקל", איז עס געלונגען „שהוא החזיר עטרה ליושנה" — האָט צוריקגעקערט דער תורה איר געוועזענע קרוין [1].

ער איז אָבער אין דעם פּרט נישט קיין נאה דורש ונאה מקיים. ער פאַרזיכערט אפילו, אַז ער שרײַבט „בלשון קצר וקל". אין דער אמתן איז אָבער זײַן „אלפי מנשה" געשריבן אָן אַ שום סיסטעם; ער מישט אוים איין ענין מיטן אַנדערן, וואָס האָבן פּאַקטיש קיין שום שייכות נישט. און ער איז אפילו ערטערווײַז אַליין מודה „שדבר זה אינו נוגע לענין חבורי" (דאָס האָט אייגנטליך קיין שום שייכות נישט צו דער טעמע פון מײַן ווערק), נאָר ער פאַרענטפערט זיך דערמיט, וואָס „אויך די ידיעה קאָן דאָך נוצן ברענגען" [2].

ארויסגייענדיק פון דער מסקנא, אַז אויך זײַטיקע ידיעות „קאָנען נוצן ברענגען", שטעלט זיך מנשה איליער אָפּ אין די ערשטע קאַפּיטלעך פון זײַן ווערק אויף נאַטורוויסנשאַפטליכע פּראָבלעמען, קודם־כל אויף די גרונד־פּרינציפּן פון כעמיע און פיזיק. אָבער דאָן ערשט באַווײַזט זיך גאַנץ בולט, ווי אָפּגעשטאַנען דער אויטאָדידאַקט מנשה איליער איז אין די דאָזיקע פראַגן. פופציק יאָר נאָך לאַוואָזיעס גאונישע אַנטדעקונגען אָפּערירט דער בעל „אלפי מנשה" נאָך אַלץ מיט די מיטלאַלטערליכע פיר יסודות: אֵש, מים, רוח, עפר; ער פאַרזיכערט דערבײַ, אַז פײַער און לופט זײַנען איינס און דאָס זעלביקע, נאָר פײַער איז מער צונויפגעפּרעסטע לופט (הָאֵש והאויר הוא מהות א׳ אלא שהָאֵש הוא אויר מקובץ ומדובק), און אַז מען קלאַפּט מיט שטאַל איבער דעם פײַערשטיין, ווערן די חלקימלעך פון דער לופט אַזוי צונויפגעפּרעסט, אַז עס באַווײַזן זיך פונ־קען און עס אַנטשטייט אַ פלאַם. ער האָט אויך אַ גאַנץ קנאַפּן באַגריף וועגן ניוטאָנס גרונד־געזעץ, און רעדט באריכות וועגן בליי־שטיינער (אבני הרעם) [3].

---

1 אלפי מנשה, סימן ק״ב, דף ל״ח.

2 דאָרטן, סימן מ״ה, דף ט״ו.

3 אלפי מנשה, I, סימן א—ה, ס״ד; II, פרק ז׳.

זייער כאַראַקטעריסטיש איז אין דער הינזיכט דעם שאַרפזיניקן נחמן קראָכמאַלס באַמערקונג, נאָכדעם ווי ער האָט פאַרבראַכט עטליכע שעה מיט מנשה איליער צוזאַמען: ער איז געווים אַן אויסגעצייכנטער תורני, אַ גוטער מדקדק און טיכטיקער מאַטעמאַטיקער. ער לעבט אָבער אין טעות, בעת ער מיינט, אַז ער אַנטפּלעקט די טיפסטע, ביז אים אומבאַקאַנטע סודות און מען האָט אים צו פאַרדאַנקען די וויכטיקסטע אַנטדעקונגען. ער ווייסט, נעבעך, נישט, אַז די דאָזיקע סודות און אַנטדעקונגען זײַנען שוין פון לאַנג באַקאַנט יעדן אויפגעקלערטן, דענקענדיקן מענטשן [1].

און דאָך איז דער „אלפי מנשה" בײַ זײַן גאַנצער אַלטמאָדישער אומבאַהאָלפענער פאָרם אַן אינטערעסאַנטער דענקמאָל פון יענער תקופה, און דורך די שווער־וואָגיקע, נישט געשליפענע זאַצן שימערירט אַרויס אַ שיינע, ראָמאַנטיש־פאַרחלומטע פערזענליכקייט.

מנשה איליער ווערט נישט מיד צו דערוויזן זײַנע לייענער, אַז „תכלית שלימות טובתם" — דעם בעסטן תכלית און נוצן קאָנען די מענטשן דערגרייכן בלויז דאַן, ווען זיי זאָלן זיך פירן נישט פון דער פאַנטאַזיע, פון די בלינדע חושים, נאָר דורך דעם שכל הישר [2]. אין ידיעה ברורה בעולם — דערקלערט מנשה איליער — עס קאָן קיין ריכטיק וויסן אויף דער וועלט נישט געמאָלט זײַן, אלא על פי ידיעה השכלית האמיתית — ווי נאָר דאָס, וואָס ווערט דערוואָרבן מיט דער הילף פונם קלאָרן פאַרשטאַנד [3]. פעסט איבערצײַגט איז דער בעל „אלפי משנה, אַז דער שכל הישר און דער ריכטיקער אמת „זײַנען צוויי צווי־לינגס־ברידער, וואָס קאָנען קיין מאָל זיך נישט צעשיידן" [4], און אַז עס קאָן נישט געמאָלט זײַן, די תורה זאָל זיך געפינען אין סתירה מיטן אמתן שכל, וואָרום דער מענטשליכער שכל איז דאָך אויך „חלק אלוה ממעל" — אַ טייל פון דער דערהייבענער גאָטהייט [5].

ערשט מיט דער הילף פון וויסן, וואָס ווערט דורכן שכל דער־וואָרבן, קען מען מקיים זײַן דעם גרונד־געבאָט „ואהבת את ד' אלהיך".

1 ציון לנפש רנ״ק, 61.

2 אלפי מנשה, סימ' ק״מ.

3 אלפי מנשה II, פרק י״ט; זע אויך אלפי מנשה, I, סימ' ק״ד.

4 אלפי מנשה, I, סימ' קכ״ט: השכל הישר והאמת הם אחים מתאימים לא יתפרדו.

5 דאָרטן, סימ' קמ״ט: כי האמת הגמור שלא תהיה התורה סותרת בשום מקום להשכל האמיתי, כי.. השכל הוא חלק אלוה ממעל.

און וואָס מער וויסן, מער פאַרשטיין — אַלץ מער ליבע. ערשט דורך וויסן באַגרייפט מען, אַז דער תּכלית פון דער וועלט איז — השגת הטוב, באַגרייפן דאָס גוטע, אַז השי"ת האָט די וועלט באַשאַפן „להיטיב בתכלית ההטבה" 1. דאָס וויכטיקסטע איז אָבער ביי מנשה אילִיער צו דערוויזן, אַז ווער עס לאָזט זיך פירן דורכן שכל הישר, דער זעט ערשט רעכט איין, אַז דער „עיקר טובת הפרטים תלוי בטובת הכלל" 2, אַז דער וווילשטאַנד פון דעם יחיד איז ענג פאַרבונדן מיטן סאָציאַלן צושטאַנד פונם קיבוץ, ווי דער וווילצושטאַנד פון יעדן אָבר באַזונדער איז אַ פועל-יוצא פונם געזונטן צושטאַנד פונם גאַנצן קערפּער 3. ווער עס קוקט זיך נאָר צו צו די „דרכי העולם", דער זעט גלייך איין, אַז די אינטערעסן פונם יחיד זיינען ענג פאַרבונדן מיט די אינטערעסן פונם כלל, און ווען עס קומט פאַר עפּעס אַ שטערונג (יתקלקל איזה דבר) אין דעם קיבוץ, איז דאָס דעם יחיד מער נוגע, ווי ווען עס קומט פאַר עפּעס אַ שטערונג אין זיינע פּריוואַטע ענינים. דערפאַר דאַרף דער יחיד מבטל זיין דעם אייגענעם רצון „מפני תועלת הכלל" 4.

פון די טעאָרעטישע הנחות קומט מנשה אילִיער צו גאַנץ פּראַקטישע אויספירן; אין דעם שווערן אומנאָרמאַלן סאָציאַלן מצב פונם יידישן קיבוץ זעט ער צוויי הויפּט-סיבות: 1) וואָס יידן פאַרנעמען זיך אַזוי ווייניק מיט פּראָדוקטיווער אַרבעט און 2) וואָס זיי זיינען אַזוי מאַוימדיק אָפּגעשטאַנען אין עלעמענטאַרן וועלטליכן וויסן. „כל הקלקולים שבעולם,— דערקלערט ער,— אַלע צרות נעמען זיך דערפון, וואָס מענטשן פועלן ביי זיך צו לעבן פון מתנת בשר ודם, פון יענעמס צדקה, און טראַכטן גאָר ניט וועגן אָננעמען מיטלען, זיי זאָלן לעבן פון אייגענער פּראַצע 5. און ער ווענדט זיך צו די „בעלי היכולת", צו די מנהיגים און עשירים. ער פּרוּווט זיי דערקלערן על פּי שכל הישר, אַז זיי דאַרפן זיך נישט באַגניגן רק „לקבל הון לעצמם", בלויז צו טראַכטן וועגן זאַמלען פאַרמעגן פאַר זיך. זיי דאַרפן דאָך געדענקען, אַז „טובת הפרטים תלויה בטובת הכלל". אָט זעען מיר דאָך, ווייזט מנשה אילִיער אָן, ווי אין אונזערע צייטן האָבן אַזוי פיל גרויסע עשירים פאַרלאָרן זייער פאַרמעגן און זייערע קינדער

1 אלפי מנשה, סימ׳ ק.

2 דאָרטן, סימ׳ צ"ח.

3 דאָרטן, סימ׳ ע"א: טובת כלל החיבור הוא עיקר תכלית הטובה של כל איש פרטי בפ"ע. זע אויך דאָרטן, סימ׳ פ"ה. כל העולם ועניניהם קשורים ותלויים זה בזה ועיקר הטובה הוא טובת כלל החיבור; דאָרטן, II, פ׳ כ"ג: תיקוני כל הפרטים תלויים בתיקון הכלל.

4 אלפי מנשה, II, פרק כ"ג.

5 דאָרטן, סימ׳ ק"י.

זײַנען עניים, אביונים [1]; דאָס נעמט זיך דערפֿון, וואָס די סאָציאַלע יסודות פֿונם ייִדישן קיבוץ זײַנען פֿויל. דערפֿאַר דאַרפֿן טאַקע די „בעלי היכולת" שוין אויס ריין אוטיליטאַרע מאָטיוון זאָרגן פֿאַר טובת הכּלל, זעען, אַז זייערע ברידער זאָלן זיך פֿאַרנעמען מיט פּראָדוקטיווער אַרבעט. דערצו, שטרײַבט מנשה איליער אונטער, איז אָבער אויך נייטיק פֿאַרשפּרייטן וואָס מער ווּיסן, באַקענען מיט חכמות הטבעים (נאַטורוויסנשאַפֿטן). ווי משה מארקוזי בשעתו [2], ווײַזט אויך מנשה איליער, אגב, אָן, ווי פֿיל אומגליקן עס קומען דערפֿון און ווי פֿיל מענטשן עס גייען פֿאַר דער צײַט פֿון דער וועלט נאָר דערפֿאַר, וואָס מען ווייסט נישט צו שעצן דעם ווערט פֿון „חכמת הרפואה"; און דעם באַקאַנטן תּלמודישן זאַץ „תשעים ותשעה מתים בעין רעה ואחד בדרך ארץ" טײַטשט ער דערבײַ אויס אויף אַזאַ אופֿן: בלויז איינער פֿון הונדערט שטאַרבט מיט אַ נאַטירליכן טויט, די איבעריקע נײַן און נײַנציק שטאַרבן אָבער בלויז אויס שלעכטער השגחה, וואָס מען היילט נישט ווי מען דאַרף, אויס פֿינסטערן אומוויסן [3].

מנשה איליער ווייסט אָבער זייער גוט, ווי פֿײַנדליך עס פֿאַר-האַלטן זיך צו וועלטבילדונג־כ'איז נייערונגען אי די „בעלי היכולת", די רבנים און מנהיגים, אי די אומוויסנדיקע מאַסע. דאָ קומען מיר אין באַרירונג מיט דעם אינטערעסאַנטסטן פּונקט אין מנשה איליערס וועלט־באַנעם. מיר האָבן פֿריער געזען, ווי אָפּגעשטאַנען ער איז געווען אויפֿן געביט פֿון וועלטליכן ווּיסן, אויס פֿאַרעלטערטע קוועלן, און דאָס אויף אומוועגן, זײַנען צו אים דערגאַנגען די ראַציאָנאַליסטישע און הומאַניסטישע אידעען פֿון די אויפֿקלערער און ענציקלאָפּעדיסטן. דער אַלטמאָדישער תּורני אויס סמאָרגאָן זאָגט אָבער אַרויס אין זײַן „אלפֿי מנשה" אויך אַזוינע געדאַנקען, וואָס זײַנען נאָך געווען פֿרעמד די ראַציאָנאַליסטן פֿונם 18טן יר"ה. יענע האָבן דאָך אַלץ אָפּגעפֿירט מיט אַבסאָלוטע, איין מאָל פֿאַר אַלע צײַטן פֿעסטגעזעצטע באַגריפֿן. זיי האָבן געקעמפֿט פֿאַר אַן אַבסאָלוטן (פֿאַקטיש פֿאַרן בורזשואַז־בירגערליכן) ראַציאָנעלן סדר, וואָס איז גילטיק פֿאַר אַלע צײַטן און איז לויט זייער מיינונג אַמבעסטן צוגעפּאַסט צו דער מענטשליכער נאַטור, וואָס איז גוט און יושרדיק לויט איר אַבסאָלוטן מהות, זי האָט בלויז געבלאָנדזשעט אויף קרומע אומוועגן פֿון אומוויסן, פֿאַרפֿירט דורך פֿאַלשע וועגווײַזער. מנשה איליער איז אָבער גאַנץ ווײַט פֿון אַזאַ שטאַנדפּונקט. ער ווערט נישט מיד

1 אלפֿי מנשה סימ' צ"ו.

2 זע אונזער ווערק, ב' VII, זעקסטער קאַפּיטל.

3 אלפֿי מנשה, סימ' פּ"ו.

איבערצוחזרן דעם גרונדזאַץ, אַז: „אין דבר בעולם שהוא טוב או רע בהחלט, אלא כל דבר בשעתו ומקומו הוא טוב ושלא בשעתו ומקומו הוא רע״ [1] — עס איז נישטאָ קיין זאַך אין דער וועלט, וואָס זאָל זײַן אַבסאָלוט גוט אָדער אַבסאָלוט שלעכט; אַלץ איז געווענדט אין צײַט און אָרט, און דאָס וואָס איז בײַ באַשטימטע אומשטענדן און אין אַ באַשטימטן מאָמענט גוט און נוצליך, קאָן בײַ געענדערטע אומשטענדן ווערן שלעכט און שעדליך. מיט דער גאָטספאָרכטיקער תורני פון סמאָרגאָן איז פעסט איבערצײַגט, אַז יעדע זאַך, אַלע ווערטן, אַלע קוואַליטעטן (הרוב שבאיכות) ווערן געשאַצט „לפי הזמן והמקום״ [2], און ווערן „נשתנה לפי הדור״ [3], זיי עוואָלוציאָנירן פון דור צו דור. ער האָט דעם מוט צו דערקלערן, אַז אפילו בײַ דינים „שבין אדם למקום״ * און בײַ „מצות מעשיות״ גילט איין און דאָס זעלביקע געזעץ: אויך זיי זײַנען אָפּהענגיק פון דער צײַט (תלוי גם כן לפי הזמן) און מוזן עוואָלוציאָנירן אין לויף פון די דורות. מיט נעמענדיק אין באַטראַכט, — דערקלערט מנשה איליער — דאָס דאָזיקע אײַזערנע געזעץ, אַז עס איז נישטאָ קיין זאַך אין דער וועלט, וואָס זאָל זײַן אַבסאָלוט גוט אָדער אַבסאָלוט שלעכט, נאָר יע נאָך דער צײַט און אָרט קאָן דאָס גוטע זיך אומוואַנדלען אין דעם פולן קעגנזאַץ, — פאַרשטייען מיר ערשט רעכט, אַז עס זײַנען פאַראַנען צוויי אַרטן הנהגות: הנהגה כללית והנהגה פרטית. די הנהגה כללית איז פאַר דער אומוויסנדיקער מאַסע, פאַר די „מעטי השכל״; פאַר זיי ווערן עס געגעבן אַלגעמיינע געזעצן און דינים, וואָס זאָלן פאַר זיי דינען אַלס נייטיקע שטיצע און צוים. די צווייטע הנהגה אָבער, די הנהגה פּרָטית, זי איז פאַר די „מביני מַדָע״, פאַר די פאַרשטענדיקע און קריטיש־דענקענדיקע, וואָס פאַרשטייען „להתנהג בכל דבר לפי עתו ומזגו״, לויט דער צײַט און אומשטענדן [4]. עס איז קלאָר, אַז מנשה איליער קאָן זיך נישט באַפרידיקן מיטן אַלטן כלל: „אחרי רבים להטות״ (מען דאַרף זיך אָריענטירן לויט דער מערהייט). מיר זעען דאָך, ווײַזט ער אָן, אַז די חכמים האמיתים זײַנען אַ גאַנץ קליינער מעוט, און וואָס העכער דער מענטש שטייט לויט זײַן וויסן און פאַרשטאַנד, אַלץ קלענער איז די צאָל פון די, וואָס קאָנען זיך צו אים גלײַכן, וואָרום — לא רבים יֶחְכָּמו, קליין איז די צאָל פון די אמת פאַרשטענדיקע. דערפאַר טאַקע, — פירט

---

1 אלפי מנשה, I, סימ׳ כ׳, סימ׳ קכ״ד, סימ׳ קכ״ט אאז״וו.

2 דאָרטן, סימ׳ קכ״ד.

3 דאָרטן, קכ״ט—ק״ל.

* וואָס זײַנען נוגע די באַציִונגען פונם מענטשן צו גאָט.

4 דאָרטן, סימ׳ קס״ו.

מנשה איליער אויס, — ווען איינער פון די דַיָנים זעט, אַז „בְּדַעַת רַבִּים מן הדיינים שהוא להטות את הדין שלא כמשפט״ — אַז דער רוב פון די דיינים זײַנען געשטימט אַרויסצוטראָגן בײַם דין נישט קיין ריכטיקן פּסק, זאָל ער נישט זאָגן: ווײַל דער רוב פּסקנט אַזוי, וועל איך אויך מיט זיי אײַנשטימען, נאָר ער דאַרף אַרויסזאָגן זײַן ריכטיקע מיינונג [1]. ער וויל אויך נישט אָנערקענען דעם אַלטן זאַץ, אַז קיין שום בית־דין קאָן נישט מבטל זײַן די החלטות פון אַ פריערדיקן בית־דין, סײַדן ער איז גרעסער פון אים אין צאָל, אָדער אין וויסן. ער דערקלערט באַשטימט, אַז די מצות מעשיות זײַנען אָפּהענגיק פון דער צײַט און פון דעם בית־דין און שופט פון יעדן דור (תלוי גם כן לפי הזמן ותלוי בב״ד ושופט שבימיך) [2]. מען דאַרף נישט, — חזרט דער בעל „אלפי מנשה״ איבער, — בלינד זיך פאַרלאָזן אויף דעם, וואָס אַנדערע הייסן, און ערפילן די דינים און מנהגים אַוטאָמאַטיש בלויז אויפן סמך, וואָס אַזוי האָט מען זיך אויך פריער נוהג געווען [3]. מען דאַרף געדענקען, אַז אַפילו פון די „גדולי הפוסקים״, וואָס זיי זײַנען ראוי געווען „להוראה״, האָבן זיך אויך געלאָזט פאַרפירן דורך אַ ליאַדע וועמען (איזה מאן דהוא). „איך קאָן דערצו ברענגען אַ גאַנצע צאָל בײַשפּילן״, — איז דערבײַ מנשה איליער מוסיף [4]. מען דאַרף נישט אַזוי ציטערן, דערקלערט ער אויף אַן אַנדער אָרט, פאַר קבלת אָבות און בלינד נאָכטאָן, וואָס בײַ אונזערע אָבות איז געווען אָנגענומען. מיר דאַרפן זיך נעמען אַ מוסר פון אברהם אבינו; ער האָט זיך נישט פאַרלאָזט בלינד אויף קבלת אָבות: מיט דער האַק אין דער האַנט איז ער אַרויסגעטראָטן קעגן די אָפּגעטער פון זײַנע אָבות [5].

צום שלום טרעט מנשה איליער אַרויס מיט אַ פאָרשלאָג (הצעה) [6], עס זאָלן זיך צונויפזאַמלען די גדולי הדור (יתקבצו הגדולים) און זיי זאָלן מיט זייער אויטאָריטעט דורכפירן די אַלע רעפאָרמען אינם לעבן פונם ייִדישן קיבוץ, וואָס די צײַט און אומשטענדן פאָדערן.

מנשה איליער איז געווען זיכער, אַז זײַן ווערק וועט זײַן געאַכ־פּערט און געליבט בײַם לייענער ממש ווי אַ סידור. ער האָט אָבער

1 אלפי מנשה, סימ׳ קכ״ה.

2 דאָרטן, סימ׳ קכ״ט, דף מ״ח.

3 דאָרטן, סימ׳ קמ״ר; זע אויך „אלפי מנשה״, II, פּרק ל״ב: משרבו וגברו ידי הנמשכים אחר ההרגל ומצות אנשים מבלי שום לב על כל עשיה שתהיה מסכמת עם השכל הישר והאמיתי.

4 אלפי מנשה, סימ׳ קמ״ה.

5 אלפי מנשה, II, פּרק ל״ו.

6 אלפי מנשה, I, סימ ק״פ.

א טעות געהאַט, דער בעל החלומות פון סמאַרגאָן. זײַן װערק איז זײער קאַלט אויפגענומען געװאָרן, און עס האָט נישט אַרויסגערופן אַזא כעס, װי זײַן „פּשר דבר״, נאָר אַדאַנק דעם, װאָס ס׳איז געשריבן אין אַ שװערער און טונקעלער שפּראַך, דערצו נאָך אויסגעמישט מיט חידושי תורה און פּירושים אויף פאַרשײדענע טונקעלע שטעלן אין תּלמוד בבלי.

בעת מנשה איליער האָט זיך איבערצײַגט, אַז זײַן װערק האָט געפונען אַ זײער באַגרעניצטן לײענער־קרײַז, איז ער געפאַלן אויף אַ נײער המצאה. ער האָט געזען, װי אין זײַן צײַט איז שטאַרק אויסגעװאַקסן די חסידישע ליטעראַטור אין ייִדיש. בדורנו זה, — װײַזט ער אָן אין „אלפי מנשה״, — שרבו ספרים הנדפסים בלשון דײטש ונמסרו לכל לנשים ועם הארץ [1], — װען עס האָבן זיך אַזוי געמערט די ביכער, װאָס װערן געדרוקט אין ייִדיש און װערן פאַרשפּרײט צװישן די פרויען און עם־הארצים,— קומט ער צו אַ נײַעם באַשלוס: אויך ער װעט זיך װענדן צו די ברײטע שיכטן אויף זײער אײגענער שפּראַך, זײ דערקלערן, װי אַזוי „מען דאַרף דערלײַכטן און פאַרבעסערן דאָס מענטשליכע לעבן״. און בכדי זײַן װערק זאָל לײַכט פאַרשפּרײט װערן, האָט ער באַשלאָסן עס אַרויסצוגעבן בויגנסװײַז (יעדע װאָך אַ בויגן) אין צװײ פּאַראַלעלע טעקסטן: „סמא דחיי״ אין העברעיִש, און „לעבנס־מיטל״ אין ייִדיש. „דאָס בישעלע, — דערקלערט מנשה איליער אין אַרײַנפיר צום ערשטן העפט, װאָס איז דערשינען אין 1823, — װאָס דער אויבערשטער האָט מיר דערלויכטען די אויגין אײַן צו זעהין אין דר װעלט, שרײַב איך דאָש צו לאָזין װישן אַללע מענשין, און שרײַב דאָש אויף איין גרינגען לשון, אַז עס זאָלין דאָס אַללע פרשטײן, חאָטשי פּשוטע מענשין״.

אויך אין „סמא דחיי״ פּרוּװט מנשה איליער געבן צו פאַרשטײן דעם פּשוטן עולם, װי ענג די אינטערעסן פונם יחיד זײַנען פאַרבונדן מיט די אינטערעסן פונם קיבוץ; דערפאַר דאַרף יעדער זאָרגן װעגן טובת הכלל, װײַל דערמיט איז צונויפגעפלאָכטן זײַן אײגן גליק און װוילשטאַנד.

מנשה איליער האָט אויך דאָס מאָל אַ טעות געהאַט. זײַן „גרינגער לשון״ איז פאַקטיש געװען אַ צו שװערער און טרוקן למדנישער [2].

---

1 אלפי מנשה, סימ׳ קע״ט.

2 עס געניגט צו ברענגען דעם אָנהויב פון דער „פאָררײד״: װײל אז מי עפינט נאָר אביסעלע די אויגן זעט מען, אז די נוץ פון אלע גלידער פון דעם מענשן, חאָטשי מי װײס דוכט זיך אויף װאָס מי ברויך זײ, אבער מע דאַרף נאָך פינדן אין זײ אײַן העכערן נוטצן, װי איך װעל אי״ה בעשײדן, אז איך װעל האלטן דערבײַ, און איצונד װעל איך נאָר שרײבן, װאָס איך דאַרף צו מײן זאַך.

ער איז געווען זיכער, אַז ווייל ער וועט דרוקן זיין ווערק אין איינציקע בויגנס, וועט מען געוויס דורכלעזן, און מע וועט דורשטיג זיין צו די נאָך קוממעני בויגן, און אַז מע וועט זיי באַקומען, וועט זיי דאָס זיין אַזוי ווי קאַלטי וואַסער אויף איין לייב, וואָס זי איז אויסגעמאַטערט". זיין אויסגאַבע האָט אָבער קיין שום דערפאָלג נישט געהאַט, און דער ערשטער קונטרס איז אויך דער לעצטער געווען. מנשה איליער האָט אָבער דאָך דעם מוט נישט פאַרלאָרן. אין דעם זעלביקן יאָר (שנת תמלה — 1823), אין וועלכן דער „סמא דחיי" איז געדרוקט 1, פאַר־עפנטליכט ער זיין קונטרס „שקל הקודש". ער ווענדט זיך שוין דאָ בלויז צום העברעיִש־לייענער; דאָס חיבורל איז אָבער נישט געשריבן אין דער שווער־וואַגיקער למדניש־רבנישער שפּראַך פון „אלפי מנשה", נאָר אין אַ מער פּשוטן און קלאָרן סטיל. אויך איז די אַרכיטעקטאָניק אַ באַדייטנדיק בעסערע, אָן דעם ים זייטיקע חקירות און חריפישע חדושי תורה. אין פּשוטע ווערטער ווייזט ער אָן אויף דעם עקאָנאָמישן חורבן פונם יידישן לעבן און פּרוּווט דערביי אויפדעקן די אינעווייניקסטע סיבות פונם חורבן, וועלכע די יידן אַליין זיינען גורם. ער באַקלאָגט זיך באַזונדערס דערויף, וואָס די עלטערן זעען וואָס גיכער חתונה צו מאַכן זייערע קינדער, און טראַכטן דערביי גאָרנישט וועגן דעם, אַז די דאָזיקע יונגינקע איידעמלעך זיינען נאָך גאָר נישט מסוגל צו פירן אַ זעלבשטענ־דיק לעבן, אַליין מיט אייגענע הענט מפרנס צו זיין זיך און די פאַמיליע. זעען מיר טאַקע, ווי אומגליקליך די יונגע לייט זיינען, בעת זיי גייען אַראָפּ פון קעסט. ווייל זיי טויגן נישט צו קיין שום פּראָדוקטיווער אַר־בעט, וואַרפן זיי זיך אַלע אויף מכחר, וואָס איז דאָך על פּי רוב שווינדל און גזילה (שרובן אומנות לסטות), פאַרנעמען זיך מיט לופט־פּרנסות, וואָס איז אַ פּלאָג אי פאַר זיי, אי פאַר אַנדערע.

בעת אין „אלפי מנשה" פאַרנעמט זיך מנשה איליער פיל מיט דער פּראָבלעם וועגן קינדער־דערציִונג און וועגן רעפאָרמירן דעם סדר הלימוד אין די חדרים, שטעלט ער אין „שקל הקודש" אויף דער טאָג־אָרדענונג דעם קאַמף מיט די לופט־פּרנסות, די פראַגע וועגן צוגרייטן די יוגנט צו פּראָדוקטיווער אַרבעט. די עלטערן דאַרפן קודם־כּל זאָרגן, אַז זייערע קינדער זאָלן שוין פון די פריִע יוגנט־יאָרן אָן צוגעגרייט ווערן צו זיין אַ נוצליכער פּראָדוקטיווער מיטגליד פון דער געזעלשאַפט.

דער שאַרפער טאָן, אין וועלכן דער „שקל הקודש" איז געשריבן, דער ביטערער אמת, וואָס איז דאָרט אַרויסגעזאָגט געוואָרן, האָט שטאַרק

1 דעם „סמא דחיי", וואָס איז אַ יקר המציאות, האָט זלמן רייזען איבער־געדרוקט אין זיין „פון מענדעלסאָן ביז מענדעלע", 199—206.

אויפגעבראכט דעם עולם. האט מען באשלאסן צו באקעמפן דאס „אפיקורסישע״ היבורל מיטן אלטן, פון לאנג אויסגעפרווווטן מיטל: מיט פייער. מען האט דעם „שקל הקודש״ אין די הויפנס געברענט, און דאס איז געטאן געווארן אזוי גרינדליך און סיסטעמאטיש, אז מנשה איליערס ספרל איז איצט פון די גרעסטע יקר המציאותן [1].

דער „שקל הקודש״ איז געווען דאס לעצטע ווערק, וואס מנשה איליער האט פארעפנטליכט. אים זיינען דאך אזוי שווער אנגעקומען די הוצאות, וואס ער האט געפטערט ביים דרוקן זיינע חיבורים, און די רעזולטאטן זיינען געווען אזוי טרויעריק... זיינען שוין זיינע איבעריקע פילצאליקע ווערק געבליבן אין מאנוסקריפט [2]. אים האט אבער ניט געלאזט רוען דער גרונדפרינציפ, וועלכן ער גופא האט אזוי אפט געפרעדיגט, אז אויף דעם יחיד ליגט א חוב צו טראכטן און צו זארגן פאר טובת הכלל. האט ער דערפאר אין 1827 גערן אנגענומען דעם רב־פאסטן, וואס מען האט אים פארגעלעגט אין זיין געבורט־שטאט סמארגאן. ער איז געווען זיכער, אז אלס מנהיג הקהלה און איינער פון די „בעלי־היכולת״ וועט ער קאנען פיל אויפטאן לטובת הכלל. ער האט זיך אבער באלד איבערצייגט, אז ער האט אויך דא א גרויסן טעות געהאט. אין דעם זעלביקן יאר איז ארויס דער באוווסטער „אוקאז״ וועגן נעמען רעקרוטן ביי יידן. מיט דעם דאזיקן אוקאז ווערט אויפגעמישט איינס פון די טרויעריקסטע שאנד־בלעטער אין דער געשיכטע פונם יידישן „קהל־שטיבל״. עס פאנגט זיך אן די קאשמאר־עפאפעע פון די „כאפערס״ און דער „כאפטע שטאט־בעלי־טובות״, מיט זייערע שרעקליכע, בלוטיקע מעשים. האט עס מנשה איליער ניט געקאנט פארטראגן, האט ער פון דער בימה אראפ געפרווווט אויפדעקן די הימלשרייענדיקע עוולות, געטענהט, אז אזוינע נידערטרעכטיקטע מענטשן דארפן אויסגעשלאסן ווערן פון דער יידישער עדה. האבן אים אבער באקאנטע און פריינד געגעבן צו פארשטיין, אז אזוינע דרשות טאר מען ניט האלטן „בפני עם ועדה״, באשר עס שמעקט מיט „קראמאלע״, עס רירט דאך אן דעם קיסרס אן „אוקאז״. האט דער בעל־החלומות דערזעען, ווי וויט ער האט געלעבט

[1] מיר האבן זיך באנוצט מיט דעם צווטאר־עקזעמפלאר, וואס האט זיך געפונען אין דער אפע־ביבליאטעק, איינאיינעם געבונדן מיט איניקע מנשה איליערס אויפגעהיטע מאנוסקריפטן. זע ביילאגען נומ׳ 1.

[2] ביי מנשה איליערס אייניקל, אברהם בליטשטיין, איז געווען אויפגעהיט א גרויסער קאסטן פול מיט זיין זיידנס מאנוסקריפטן. בשעת א גרויסער שרפה אין 1884 זיינען די אלע מאנוסקריפטן פארברענט געווארן (אלפי מנשה, II, 1904, 13).

אין טעות, ווי מאַכטלאָז ער איז צו קעמפן פאַר טובת הכלל, — האָט ער זיך גלײַך אָפּגעזאָגט פון רבנות (1829) 1.

אין צוויי יאָר אַרום איז אויסגעבראָכן די כאָלערע־עפּידעמיע. צווישן אירע פיל קרבנות זײַנען אויך, ווי מיר האָבן שוין געזען, געפאַלן די גאַליציאַנער משכילים שמואל יעקב ביק און יהודה מיזעס. זי האָט אויך אַ סוף געמאַכט צו מנשה איליערס לײַדנסוועג. אין יולי 1831 אויפן 64טן יאָר פון זײַן לעבן איז מנשה איליער געשטאָרבן.

פאַראײַנזאַמט און פאַרגעסן האָט פאַרענדיקט זײַן לעבנסוועג דער לעצטער מאָהיקאַן פון די השכלה־פּיאָנערן אויס דעם 18טן יר״ה. אין דער זעלביקער צײַט אָבער, ווען מנשה איליער האָט נאָך דעם דורכפאַל פון זײַן „שקל הקודש" מאַכטלאָז אויפגעגעבן דעם קאַמף און מער שוין ניט געפּרוּווט אַרויסצוטרעטן פאַר דער עפנטלעכקייט, איז אַ מער ייִנגערער פאַרשטייער פונם נײַעם דור אַרויסגעטראָטן אויפן פעלדקאַמף, און ער האָט זוכה געווען צו ווערן אויף אַ משך פון צענער יאָרן דער פאָנען־טרעגער פון דער השכלה־באַוועגונג אין רוסלאַנד. זײַן קאַמף האָט שוין געטראָגן אַן אַנדער נוסח. אויך האָט ער אין דעם קאַמף געזוכט שטיצע אין אַזעלכע ספערן, וועגן וועלכע מנשה איליער האָט אפילו ניט געחלומט. יצחק־בער לעווינזאָן האָט דער דאָזיקער קעמפער געהייסן, און געלעבט און געקעמפט האָט ער ניט אין דער ליטע, נאָר אין וואָלין.

די השכלה־באַוועגונג אין דרום־רוסלאַנד איז ענג פאַרבונדן מיט דער גאַליציאַנער השכלה. די השפּעה איז געווען אַ דאָפּלטע. נישט בלויז די פּיאָנערן פון אויפקלערונג אין די דרום־מערבדיקע פּראָווינצן פון דעם געוועזענעם צאַרן־לאַנד האָבן געשעפּט זייער גײַסטיקע יניקה פון די גאַליציאַנער השכלה־צענטרען, נאָר אויך די רוסישע רעגירונג האָט בײַ אירע „אויפקלערונגס"־פּלענער און רעפאָרם־פּראָיעקטן בנוגע צו דער ייִדישער באַפעלקערונג געטרײַ קאָפּירט די „עדיקטן" און באַפעלן, מיט וועלכע יאָזעף דער צווייטער און זײַנע נאָכפאָלגער האָבן מזכה געווען דעם ייִדישן קיבוץ אין גאַליציע.

מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, ווי אַזוי בראָד איז געווען ענג פאַרבונדן דורך אירע האַנדל־אונטערנעמונגען מיט דרום־רוסלאַנד. בראָדער סוחרים פלעגן קומען קיין אָדעס און אַנדערע צענטרען, און פלעגן אַהין ברענגען מיט זיך נישט בלויז מאַטעריעלע סחורות, נאָר אויך גײַסטיקע, „אומעטום, — דערציילט גאָטלאָבער אין זײַנע זכרונות, — ווו אַ בראָדער סוחר פלעגט קומען, פלעגט ער נעמען די יוגנט מיט זײַן

1 זע אלפי מנשה, II, 1904, 10.

שיינעם ריידן; ביי זיי פלעגן זיך עפענען די אויגן און זיי האָבן דערזען, אַז זיי זיינען מוטער=נאַקעט פון יעדער בילדונג און וויסן, און זיי פלעגן זיך נעמען צו בילדונג. אין דעם פרט איז דער בראָדער סוחר געווען פאַר זיי אַ וועגווייזער און אַ פירער. מחמת דעם האָבן די חסידים נישט געקאָנט פאַרטראָגן די בראָדער ייִדן, און דער אָפּטער רב האָט זיי געשאָלטן מיט ביטערע קללות, געזאָגט, אַז זיי האָבן אַריינגעבראַכט אַפּיקורסות אין רוסלאַנד"[1]. אויסער אָדעס, וועגן וועלכער עס איז שוין גערעדט געוואָרן אין פאָריקן באַנד[2], האָבן זיך געפונען אונטער דער גייסטיקער השפּעה פון די בראָדער סוחרים=משכּילים אויך גרעסערע צענטרען פון קיעווער קאַנט, ווו עס האָבן זיך געפונען פיל רייכע ייִדישע גוטספּעכטער און גרויסהענדלער, וואָס פלעגן עקספּאָרטירן די פּראָדוקטן פון די ריזיקע לאַנד=און וואַלד=באַזיצן פון די פּוילישע מאַגנאַטן און פּריצים אין יענעם קאַנט. די הויפדאַמע סמירנאָווא=ראָססעט פון ניקאָלאַי דעם ערשטנס צייטן באַשרייבט אין אירע באַוווסטע מעמואַרן[3], ווי אַזוי צום סוף פונם צווייטן יאָרצענט פונם 19טן יר"ה מען פלעגט זיך פונם גאַנצן קאַנט צונויפפאָרן קיין קיעוו אויף „קאָנטראַקטן". דאָרט, — דערציילט זי, — האָט מען געקאָנט טרעפן דעם גאַנצן פּוילישן גרויס=אדל. אויף די „קאָנטראַקטן" פלעגן די פּוילישע פּריצים אָפּגעבן זייערע גיטער די ייִדן אין אַרענדע, און אויף אַזאַ אופן פּטרן זייערע רייכטימער. מיט דער, פאַר זיי (די פּוילישע פּריצים) אַזוי כאַראַקטעריסטישער לייכטזיניקייט פלעגן זיי דערויף זינגען דאָס לידל:

Jak przyjechał do Złotonosz,
Tak do żyda w arendę.

אַ באַדייטנדיקן אָנטייל האָבן אויך ייִדן פונם מערב=קאַנט גענומען אין די צו יענער צייט אָקערשט דערשינענע ערשטע שפּראָצונגען פון דער פאַבריק=אינדוסטריע. באַזונדערס באַמערקבאַר איז דאָס געווען אין דער טעקסטיל=בראַנזשע, וואָס האָט זיך דעמאָלט אָנגעפאַנגען צו אַנטוויקלען אין רוסלאַנד אויס ריין מיליטערישע טעמים: באַזאָרגן דאָס

---

1 א. פרידקין, אברהם בער גאָטלאָבער און זיין עפּאָכע, 84. זע אויך גאָטלאָבערס רייזע=באַשרייבונג (מכתב=מסע) אין „המגיד", 1874, נומ' 25, ז' 222: בכל מקום אשר יהודי בראָדי נחתים, שם ליהודים היתה אורה והשכלה, ונפקחו עיניהם לראות כי מותר האדם הוא רק חכמה ודעת. יודע אני ערים רבות בארצי, אשר היה חושך וערפל תתולתם, ויבוא איש משכיל אחד מבראָדי וישם משכנו בתוכם, ולא רבו הימים והלכו רבים לאורו, החלו ללמד את בניהם לשון וספר ותהי הרוחה.

2 צווייטער בוך, 254—255.

3 А. О. Смирнова-Россет, Абтобиография, 1931, 153.

מיליטער מיט דעם נייטיקן סכום געוואַנט פון אייגענער פאַבריקאַציע. וואָלינער גובערניע ווערט דעמאָלט דער גרעסטער צענטער פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע ביי יידן אין מערבדיקן קאַנט. צום סוף 20ער יאָרן געפינען זיך שוין אין וואָלינער גובערניע אין די צענדליקער יידישע טוך־פאַבריקן. אין 1828 האָט דער וואָלינער סוחר יוסל בערנשטיין פאַר־מאָגט זיבעצן געוואַנט־פאַבריקן, אין 1832 — צוואַנציק אַזוינע פאַבריקן. נאָך דעם פירשט סאַנגושקאָ איז בערנשטיין געווען דער באַדייטנדיקסטער טוך־פאַבריקאַנט אין גאַנץ אוקראַינע [1].

אין יענער צייט האָט באַזונדערס אויפגעבליט אַלס האַנדלסשטאָט באַרדיטשעוו [2], דער פירשט אי. מ. דאָלגאָרוקי דערציילט אין זיין רייזע־באַשרייבונג פון 1810: איך האָב זייער געוואָלט זיך אַראָפּכאַפּן (פון אומאַן) קיין באַרדיטשעוו; אַ שטאָט, וואָס שֶמט איבער דעם גאַנצן קאַנט מיט איר יריד, איר קלויסטער און מיט איר האַנדל. דאָס איז אַ פּוילישע פּאַריז. ווען אַ יונגער מאַן האָט פאַרענדיקט זיין בילדונג, נאָר אויב ער האָט באַרדיטשעוו נישט באַזוכט, פאַרלירט ער אין דער גרויסער וועלט אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט" [3]. אונטער דער שטאַר־קער השפּעה פון די בראָדער משכּילים האָבן זיך אויך געפונען קלענערע שטעט אין וואָלין. אינטערעסאַנט איז אין דער הינזיכט פאָלגנדיקע שטעלע אויס גאָטלאָבערס זכרונות וועגן דובנע אין די 20־ער יאָרן: „דובנע געפינט זיך נישט ווייט פון גאַליציע, פון בראָד, און פון דאָרטן האָט אויף מיר אויפגעשיינט די זון פון השכּלה. אין יענע צייטן, נאָך איידער עס האָט אויפגעשיינט דער מאָרגנשטערן אויף אונזער לאַנד, זיינען אייניקע גאַליצישע יידן, וואָס האָבן נישט געקענט זיך איינאָרדענען אין זייער לאַנד מיט זייערע ידיעות, וועלכע זיי האָבן זיך דאָרטן דער־וואָרבן, געקומען קיין דובנע און דאָרטן געוואָרן יידישער לערער. דערי־בער איז די ערשטע זאַך, וואָס דובנער יידישע קינדער האָבן גענומען לערנען, געווען דייטש, און די ווערק פון שילער און געטע זיינען אין דובנע געווען זייער שטאַרק פּאָפּולער. אַהין האָבן גענומען פאָרן פון די פינסטערע שטעטלעך די אַלע, וואָס האָבן געליטן פאַר השכּלה" [4].

---

1 זע: א. יודיצקי, יידישע בורזשואַזיע און יידישער פּראָלעטאַריאַט, 29—37; ש. באָראָוואָוי אין זיין רוסישער אַרבעט וועגן יידישער קאָלאָניזאַציע, 125.

2 סטאַטיסטישע ציפערן וועגן דעם שטורמישן אויפבלי פון באַרדיטשעוו אין דער ע"רשטער העלפט פונם 19טן יר"ה זע יעקב לעשטשינסקיס אַרטיקל אין „בלעטער פאַר אידישע דעמאָגראַפיע אאז"וו", 1923, נומ' 2, 37—48.

3 И. М. Долгорукій: Славны бубны за горами, 252

4 א. פרידקין, אברהם בער גאָטלאָבער און זיין עפּאָכע, 218.

כאַראַקטעריסטיש פאַר דער השפעה פון די גאַליציאַנער משכּילים אין דעם דרום־מערבדיקן קאַנט איז פאָלגנדיקער פּרט: שוין אין די צוואַנציקער יאָרן זײַנען געמאַכט געוואָרן די ערשטע צוויי פּרוּוון צו גרינדן יידישע מוסטער־שולן לויט דעם מוסטער פון יוסף פּערלס שול אין טאַרנאָפּאָל. און בראש פון בײדע שולן זײַנען געשטאַנען גאַליציאַנער משכּילים: דער בראָדער מאיר האָרן און יוסף פּערלס פרײַנד און פאַרערער בצלאל שטערן אוים טאַרנאָפּאָל. די ערשטע פון די צוויי מוסטער־שולן האָט געגרינדעט אין 1822 אין אומאַן דער משכּיל הירש־בער הורוויץ [1], דער זון פון דעם אונז שוין באַקאַנטן רײַכן סוחר חײַקל הורוויץ, דעם פאַרפאַסער פון „צפנת פענח“ [2].

חייקל הורוויץ האָט געגעבן זײַן זון אַן אייראָפּעיִשע בילדונג: יענער האָט פרײַ גערעדט און געשריבן רוסיש, דײַטש און פראַנצויזיש; אַדאַנק דעם פאָטערס ברייטן האַנדל, איז דעם יונגן הירש־בערן אויסגעקומען צו מאַכן אָפטע נסיעות קיין לייפּציג און ער האָט דאָרטן געהאַט די מעגליכקייט זיך נאָענט צו באַקענען מיט דער „בערלינער השׂכּלה“. אַדאַנק דאָלגאָרוקים אויבן־דערמאָנטער „רײַזע־באַשרײַבונג“, האָבן מיר אַ בערך קלאָר בילד וועגן דעם יונגן הורוויצעס וועלטבאַנעם. דער פירשט דאָלגאָרוקי האָט אַ שטיק צײַט פאַרבראַכט אין הורוויצעס הויז, פלעגט פאַרברענגען מיט דעם אייראָפּעיִש־געבילדעטן יידישן יונגען מאַן גאַנצע אָוונטן און איינעם פון זײַנע געשפּרעכן מיט אים האָט ער אַפילו גלײַך ווערטליך פאַרשריבן, און וואָרט בײַ וואָרט איבערגעגעבן אין זײַן „רײַזע־באַשרײַבונג“ [3]. אָט דער דאָזיקער שמועס פונם יונגן יידישן משכּיל מיטן רוסישן פירשט איז אַ אינטערעסאַנטער „מענטשליכער דאָקומענט“, ווו עס ווערן גאַנץ אָפן און אָן פּחד פאַר דער אַרומיקער סביבה איבערגעגעבן די אידעאַלן און ווונטשן פון די ערשטע משכּילים אין רוסלאַנד. דאָלגאָרוקי שטרײַכט אונטער, אַז אוים זײַנע געשפּרעכן מיט דעם יונגן הורוויצן האָט ער זיך איבערצײַגט, אַז יענער „ליבט היים זײַן פאָלק, פאַרטיידיקט מיט התלהבות די פאָלקס־אינטערעסן און איז גרייט

---

1 געבאָרן 1785, געשטאָרבן אין קעמבּרידזש אין 1857.

2 זע אונזער ווערק, ב. VII, 267. ס׳איז כּדאי אָנצומערקן פאָלגנדיקן כאַראַקטעריסטישן פּרט: בצלאל נאָך דעם עפענען די נײַע שול איז איינער פון אירע שילער דערטרונקען געוואָרן. לויט דער איניציאַטיוו פון דעם שול־פירער און לערער האָרן, האָבן די חברים פון דעם אימגעקומענעם שילער פאַרפאַסט אַ טרויער־ליד, נאָך דעם מוסטער פון שילערס אַ געדיכט, און עס אַוועקגעשיקט אין דער רעדאַקציע פונם „בכּורי העתּים“. אַ טייל פון דער דאָזיקער זייער לאַנגער עלעגיע איז אָפּגעדרוקט אינם צווייטן באַנד פון דער דאָזיקער צײַטשריפט.

3 Славны бубны etc. 222—223.

זיך מקריב צו זײַן פאַר דעם וואוילשטאַנד פון זײַנע ברידער". בעת מיר באַקענען זיך אָבער מיט דעם אינהאַלט פון דעם געשפּרעך, וואָס הור־וויץ האָט געפירט מיט דעם רוסישן פירשט אויף דער פראַנצויזישער שפּראַך, וואַרפן זיך קודם כל אין די אויגן צוויי כאַראַקטעריסטישע פּרטים, וועלכע טיילן אַזוי שאַרף אָפּ די משכילים, וואָס זײַנען אויפגע־צויגן געוואָרן אויף דער „בערלינער השכלה", פון די השכלה־פּיאָנערן אויס דעם 18טן יר"ה. מנשה איליער, אַשטייגער, בעת ער האָט זיך באַ־קאַנט מיט דעם נוסח פונם „סטאַטוט פון 1804", ווו די רוסישע רעגירונג זאָרגט וועגן אָננעמען מיטלען צו באַפרײַען די ייִדן פון זייערע „פאַראור־טיילן" און „ווילדן אָבערגלויבן", שרײַבט ער גלײַך אָן אַ ספּעציעלן חיבור, אין וועלכן ער פּרוּווט דערווײַזן דער רוסישער רעגירונג, אַז זי האָט אַ טעות: ייִדן זײַנען כּלל נישט מער פאַרווילדעט און פאַרגרעבט פון אַנדערע אומות 1. בײַ הורוויצן אָבער באַגעגענען מיר זיך שוין מיט דעם, פאַר די „בערלינער" משכילים אַזוי כאַראַקטעריסטישן פעסטן גלויבן אין דעם „אויפגעקלערטן אַבסאָלוטיזם", וואָס נאָר מיט זײַן הילף וועלן ייִדן זיך קענען באַפרייען פון זייער „אָבערגלויבן" און געניסן דאָס ליכט פון „אויפקלערונג" און בילדונג. גלייך מיט די בערלינער אויפקלערער צייכנט זיך אויך הורוויץ אויס מיט זײַן טיפן האַס צום תּלמוד, אין וועלכן ער זעט די הויפּט־סיבה פון דער ייִדישער גייסטיקער פאַרווילדונג. אויף דאָלגאָרוקיס פראַגע: וואָס פעלט אייך, איר זאָלט זיך פילן גליקליך? ענטפערט אים הורוויץ: איך וואָלט געוואָלט, אַז מען זאָל אונז קודם כּל פאַרבאָטן צו טראָגן אונזער שענדליכע טראַכט, וואָרעם די דאָזיקע הלבשה לעגט אויף אונז אַרויף דעם שטעמפּל פון שאַנד און בזיון. און ווער ס'איז פאַראַכטעט, דער פאַרלירט דאָס רעספּעקט־געפיל צו זיך גופא. אָט פאַרוואָס אונזער פאָלק איז איצט אַזוי נבזהדיק, נאַריש און אומ־ווּיסנדיק. יעדער, ווער עס דערזעט מיך אין מײַן זשופּיצע, דער טײַט גלייך אויף מיר מיט די פינגער און זאָגט: דאָס איז אַ זשיד! איך פיל מיך אָבער אויף אַזוי פיל מענטש, אַז איך קאָן מיך ניט פאַרהאַלטן גלייכגילטיק צו אַזאַ אומפאַרדינטן בזיון, וואָס פאַרשפּאַרט פאַר מיר דעם איינטריט אין דער אָפענער וועלט. „פאַרוואָס־זשע בייט איר נישט אייער הלבשה?" — פרעגט הורוויצן דאָלגאָרוקי. דערויף ענטפערט הורוויץ, אַז ער האָט אַ שטאַרק פרומע אַלטע מאַמע, וויל ער זי נישט מצער זײַן. אָבער ווען ס'זאָל אַרויסקומען אַן „אוקאַז", דעמאָלט — „קיינער וואָלט נישט געווען אַזאַ זריז ווי איך דעם אוקאַז צו ערפילן".

---

1 בן פורת, 73—74.

ווייטער זאָגט הורוויץ ארויס זיין פעסטע איבערציַיגונג, אַז „פריער אָדער שפּעטער וועט מען זיי (די ייִדן) דאַרפן מיט געוואַלט באַגליקן" („насильно осчастливить"). ווי וואָלפזאָן בשעתו, אַזוי זאָגט אויך הורוויץ ארויס זיין גרויס התפעלות פון דער עוואַנגעלישער מאָראַל. „די עוואַנגעלישע מאָראַל איז די בעסטע עטיק-סיסטעם אין דער וועלט. איך וויל מיט איר באַקענען מיַינע ברידער, איך וויל, זיי זאָלן זי לייענען. מיר קאָנען גלויבן אין דעם עוואַנגעליום צי ניין, אָבער געניסן פון דעם, וואָס איז איידל, איז דאָך אַזוי אָנגענעם. עס איז שוין ציַיט צו פאַרברענגען אונזער תלמוד, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ בוך, איבערפילט מיט נאַרישקייטן, וועלכע פאַרדאַרבן די תורת משה. זאָל מען אונז בלויז איבערלאָזן משהם חמשה חומשי תורה אין אורשפּרינגליכן אויסזעען. זייערע געזעצן זיַינען די פּאַסנדיקסטע פאַר אונז". „פאַר וואָס, — טענהט ער וויַיטער, — זאָל מען נישט פאַרטיליקן אַלע נאַרישקייטן? דאָס ייִדישע פאָלק וועט נישט האָבן דעם מוט זיך דעם אַנטקעגנצושטעלן. די אַלע טִפּשותן זיַינען צונויפגעבונדן ווי רינגעלעך פון איין קייט. צערײַסט דעם ערשטן רינג — דאָס מיין איך דעם תלמוד — וועלן אַלע אַנדערע נאַרישקייטן פון זיך אַליין פאַרשווינדן, און נאָר אויף אַזאַ אופן וועלן באַזיַיטיקט ווערן די פּענטעס פון אונזערע נאַרישע פאָראורטיילן, וואָס ברענגען אונז פיל אומגליק אויף דער וועלט".

ס'איז פון קולטור-היסטאָרישן שטאַנדפּונקט אינטערעסאַנט צו פאַרגליַיכן די דאָזיקע רייד פון דעם יונגן ייִדישן משכיל 1 מיט די געדאַנקען, וואָס ס'האָט ארויסגעזאָגט מיט זיבן יאָר שפּעטער בנוגע דער ייִדן-פראַגע דער פּאָפּעטשיטל פון ווילנער קריַיז, דער פירשט א. טשאַרטאָריזשסקי: „דערנעענטערנדיק זיך צו די קריסטן, וואָלטן זיי (די ייִדן) געקאָנט זיך באַפריַיען פון אָבערגלויבן, פאַרגעסן אין געלטגיר, דערהייבן זיך אויף דער געהעריקער הײך און אויפנעמען די מאָראַל פון דער קריסטליכער רעליגיע, וואָס איז קעגן וועלכן עגאָיִזם. ערשט דעמאָלט וועט זיך אָנפאַנגען זייער אמתע בילדונג, וואָרום ביַי דעם איצטיקן צושטאַנד פון דער געזעלשאַפט קאָן גאָר ניט געמאָלט זיַין פאַר וועלכן ס'איז אייראָפּעיִש פאָלק קיין שום אַנדער קולטור און בילדונג, ווי נאָר אין גיַיסט פון קריסטליכער מאָראַל און אויפן יסוד פונם קריסטנטום,

---

1 אין 1825, אייניקע יאָר נאָך זיין פאָטערס טויט, האָט הירש-בער הורוויץ באַנקראָטירט און געמוזט אַנטלויפן פון רוסלאַנד. נאָך לאַנגע וואַנדערונגען האָט הורוויץ זיך באַזעצט אין ענגלאַנד און אין אַ צייט אַרום, אונטער דעם נאָמען הערמאַן בערמאַן איז ער געוואָרן לעקטאָר פון דער העברעיִשער שפּראַך אין קעמברידזשער אוניווערזיטעט.

זועמען די אויפגעקלערטע בעלקער האָבן זייער פּראָגרעס צו פאַר־דאַנקען" [1].

די דאָזיקע געדאַנקען פונם רוסישן באַאַמטן האָבן, ווי מיר זעען, זיך נישט געפונען אין קיין גרויסער סתירה מיט דעם שטאַנדפּונקט פון די ערשטע יידישע „אויפקלערער", וואָס האָבן זיך אויפגעצויגן אויף דער „בערלינער השכלה". און טאַקע זיי, די פראַנקס [2], די הורוויצעס און נאָך אַזוינע ווי זיי, האָבן אויסער ספק אַ געוויסן חלק אין דער „אויפ־קלערונג"־פּאָליטיק פון דער רוסישער רעגירונג אין ניקאָלאַי דעם ערשטנס ציַיטן בנוגע צו יידן.

דאָס מוז מען נעמען אין באַטראַכט, בעת מען וויל אָביעקטיוו אָפּשאַצן די ליטעראַרישע און געזעלשאַפטליכע טעטיקייט פון יצחק בער לעווינזאָן.

---

1 י. העסען אין „דאָס לעבן", 1906, נומ' 86; С. Цинберг, История евр. печати, 12.

2 זע אונזער ווערק, ב' VII, ערשטער בוך, 263.

# צווייטער קאַפּיטל

יצחק-בער לעווינזאָנס קינדער- און יוגנט-יאָרן. — זיין פּאַטריאָטישער הימן. — לעווינזאָנס לערניאָרן אין גאַליציע. — לעווינזאָנס אַנטי-חסידישע סאַטירעס. — דער „תעודה בישראל" און זיין באַטייט. — די מקורים פון דעם הורא-פּאַטריאָטיזם ביי די השכלה-טרעגער. — דער „תעודה" און די משכּילים. — די ווילנער משכּילים און זייער געפּלאַנטער „מנחת בכורים". — „מענטשן פון פּאַריקן יאָרהונדערט". — לעווינזאָנס רעפאָרם-פּראָגראַם. — דער „בית יהודה" און זיינע גלגול-מחילות. — פאַרשטעלטע רמזים וועגן בירגער-רעכט.

יצחק-בער לעווינזאָן איז געבאָרן דעם 2טן סעפּטעמבער 1788 אין קרעמעניץ (וואָלין) אין אַ פאַרמעגליכער יחסנישער פאַמיליע [1]. זיין פאָטער, יהודה לעווין, וואָס האָט געפירט ברייטע געשעפטן מיט די פוילישע פּריצים, האָט גוט געקענט פּויליש; ער האָט אויך געשמט פאַר אַ מדקדק און „בעל לשון", און פלעגט אָפט זיצן נישט בלויז איבער אַ בלאַט גמרא, נאָר אויך זיך קוויקן מיט דער מעכטיקער געשליפענער שפּראַך פון די נביאים. שוין אין די קינדער-יאָרן האָט דער קליינער לעווינזאָן זיך קונה שם געווען מיט זיינע גלענצנדיקע פעיִקייטן. צו ניין יאָר האָט ער אָנגעשריבן אַ גאַנצן דרוש וועגן קבלה, מיט שטאָלץ האָט דער פאָטער געוויזן זיין קינדס חיבור די למדנים פון שטאָט און יענע זיינען שטאַרק נתפּעל געוואָרן [2]. לעווינזאָן האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט מיט זיין אויסערגעוויינליכן זכּרון: יעדער ספר, וואָס ער האָט אַמאָל געלייענט, איז ביי אים געבליבן איינגעקריצט אין זכּרון, און נאָך אין די שפּעטערדיקע יאָרן דערמאָנט לעווינזאָן מיט גרויס צופרידנקייט

1 לעווינזאָן גופא דערמאָנט אויף דער עלטער אין איינעם פון זיינע בריוו: כי מנעורי נתגדלתי בענג ורכות כאחד הנגידים וכל אשר שאלו עיני היה לי (ספר הזכרונות, 109). קיין אויסשעפּנדיקע מאָנאָגראַפיע וועגן דעם דאָזיקן וויכטיקן השכלה-קעמפער איז נישט פאַראַנען. די וויכטיקסטע אַרבעטן זיינען: ב. נאַטאַנזאָן, ספר הזכרונות און י. צינבערגס רוסישע אַרבעט: „יצחק-בער לעווינזאָן און זיין צייט" אין „יעווריעסקאַיאַ סטאַרינאַ", 1910. וועגן אַ נישט פאַרווירקליכטן פּראָיעקט צו שאַפן אַן אויסשעפּנדיקע לעווינזאָן-ביאָגראַפיע, זע ביילאַגע, נומ' 2.

2 זע בית יהודה, 343.

דעם „כוח הזכרון הנפלא אשר חנני ד׳״ [1] — דעם וווּנדערבאַרן זכרון, מיט וועלכן גאָט האָט מיך געבענטשט.

אַדאַנק זיין פּאַטער דעם „בעל לשון", איז לעווינזאָן שוין צו צען יאָר געווען בקי אין גאַנץ תנ״ך. אויך האָט דער פּאַטער געזאָרגט, זיין זון זאָל לערנען די לאַנד־שפּראַך, נישט אַזוי פּויליש, ווי דווקא רוסיש.

דאָס איז אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פון אַ באַשטימטן קולטור־היסטאָרישן באַטייט. וואָלין איז דעמאָלט אָקאָרשט איבערגעגאַנגען צו דער רוסישער מאַכט. ביי יהודה לעווין און זיין פאַמיליע זיינען געבליבן זייער טרויעריקע ערינערונגען וועגן די נגישות און רציחות פון דער פּוילישער שליאַכטע, וואָס האָבן אָנגענומען ממש קרענקליכע פאָרמען אין די גסיסה־יאָרן פון דער פּוילישער מלוכה־מאַכט. יהודה לעווינס ברודער, חיים, אַ רייכער סוחר, האָט געפירט געשעפטן מיט אַ פּוילישן פּריץ, און יענער איז אים שולדיק געבליבן אַ באַדייטנדיקע סומע געלט. בכדי זיך צו באַפרייען פון דעם בעל־חוב, האָט דער פּריץ פאַרפירט קעגן חיים לעווין אַ פּראָצעס וועגן עלילת־דם, און דער אומשולדיקער לעווין האָט געשמאַכטעט אין תפיסה גאַנצע 12 יאָר. אויך לעווינזאָנס פּאַטער איז אויף זיין גאַנץ לעבן געבליבן אין זכרון זיין באַגעגעניש מיט אַ פּוילישן גראַף. יהודה לעווין איז אַמאָל פאַרביי־געפאָרן אין זיין וועגעלע דורך אַן ענג געסל, און אים אַקעגן איז אָנגעפאָרן אַ קאַרעטע מיט אַ פּוילישן גראַף. די גאַס איז געווען צו ענג, און לעווינס קריסטליכער באַדינער, וואָס האָט געפירט דאָס פערד און וועגעלע, איז נישט געווען שטאַרק געשיקט,—האָט זיך דאָס וועגעלע אָנגעשלאָגן אין דער קאַרעטע. לעווינס דערשראָקענער באַדינער איז גלייך אַנטלאָפן, לעווין איז געבליבן זיצן אין וואָגן. דער גראַף, ווילד פון צאָרן, אַז אַ ייִדישע דראָזשקע זאָל זיך אָנשטויסן אין זיין קאַרעטע, איז גלייך צו צום אומגליקליכן לעווינען און אים מיט אַ שטעקן אַזוי צעמֶמיתט, אַז יענער איז געבליבן אַ קאַליקע אויף זיין גאַנץ לעבן [2]. איז דערפאַר זיך נישט צו וווּנדערן, וואָס אַזאַ ייִד ווי לעווין און נאָך אַזוינע ווי ער האָבן געקוקט אויף דער נייער מלוכה־מאַכט ווי אויף אַ שטאַרקן צוים, וואָס איז בכוח צו האַלטן אין דער מורא די אויסגעלאַסענע דעגענערירטע שליאַכטע. דערפון שטאַמט די רוסיש־פּאַטריאָטישע שטימונג פון דעם יונגן לעווינזאָן, וואָס האָט זיך שפּעטער, ווי מיר וועלן ווייטער זען, נאָך באַדייטנדיק געשטאַרקט.

1 זע פאָררעדע צו „אשכל הסופר".

2 ספר הזכרונות, 5.

וועגן לעווינזאָנס יוגנט־יאָרן האָבן מיר גאַנץ ווייניק פּרטים. מיר ווייסן בלויז, אַז ער האָט שוין אין די יונגע יאָרן פיל שירים געשריבן, און עס איז אַפילו אויפגעהיט זײַנס אַ ליבע־ליד פון 1804, ווו דער 16־יאָריקער דיכטער ווענדט זיך צו זײַן געליבטער (אֶל אהובתי תַּמָּתִי) מיט דעם ליבע־פאָרוואורף: „ווען איינער טוט דעם אַנדערן פאַרווונדן, טוט דאָך יענער אים האַסן און זעט אין אים זײַן שונא. אָבער דו, מײַן שענע! דו האָסט מײַן האַרץ פאַרווונדעט — ווי קאָן איך אָבער דיך האַסן? און ווען דו וועסט אַפילו פאַרדאָפּלען די וואונדן — אַלץ מער וועט צו דיר מײַן ליבע וואַקסן״ [1]. צו 18 יאָר האָבן אים די עלטערן חתונה געמאַכט און לעווינזאָן איז אַריבערגעפאָרן קיין ראַדזיוויל. דער שידוך איז אָבער ניט געווען קיין מזלדיקער. לעווינזאָן האָט געוואָרפן אויף זײַן פרוי אַן אומחן, און זינט זייער איינציק קינד איז געשטאָרבן, איז זי אים נאָך מער נמאס געוואָרן. די באַליידיקטע פרוי האָט אויס נקמה געפּרוּווט אים סמען. לעווינזאָן איז צום גליק לעבן געבליבן און האָט גלײַך נאָך דעם זיך געגט מיט דער פרוי. אין דער צייט זײַנען זײַנע עלטערן פאַראָרעמט געוואָרן און לעווינזאָן האָט געלעבט פון שטונדן געבן.

בשעת דעם נאַפּאָלעאָנישן קריג האָט לעווינזאָן אויסגעפילט איבערזעצונגס־אַרבעטן אויף דער עסטרייכישער גרעניץ און דעם ענדגילטיקן נצחון איבער די פראַנצויזן האָט ער באַזונגען אין אַ ספּעציעלן לויב־ליד „קול ענות גבורה״. „דער ראַדיזווילער קאָמענדאַנט גירס, וואָס האָט פערזענליך געקענט לעווינזאָנען, האָט דאָס דאָזיקע ליד איבערגעשיקט דעם מיניסטער פון אינלענדישע ענינים, אַלס באַווײַז פון יידישן פּאַטריאָטיזם.

מיט ריזיקן פלײַס פאַרנעמט זיך לעווינזאָן מיט זעלבסטבילדונג. טאָג און נאַכט האָט ער אומדערמידליך געזאַמלט וויסן פון די פאַרשיידנסטע צווײַגן. דער יונגער אָרגאַניזם האָט אָבער ניט אויסגעהאַלטן אַזאַ אָנשטרענגענדיקע גייסטיקע אַרבעט, און לעווינזאָן איז פאַרשלאָפּט געוואָרן אויף אַ שווערער נערוונקראַנקהייט. ער האָט דעמאָלט אָנגענומען דעם באַשלוס צו פאָרן זיך היילן קיין בראָד, וואָס האָט זיך געפונען

---

1 לעווינזאָן האָט זײַן גאַנץ לעבן געערן שירים געשריבן און עס זײַנען אויפגעהיט זײַנע איבערזעצונגען פון שילערן („דער טויכער״ און אַנדערע), וואָס ער האָט געשריבן אויף דער עלטער. ער האָט אָבער אַליין אָנגעוויזן, אַז אים פעלט לחלוטין אַ דיכטערישע באַגאַבונג (זע זײַן פאָררעדע צו „אשכל הסופר״) אויף אַן אַנדער אָרט („בית יהודה״, 366) איז ער זיך שטאַרק מתרעם דערויף, וואָס כמעט יעדער משכּיל, וואָס האָט נאָר געלערנט אַ ביסל דקדוק, טענטלט שוין שירים, און קיינער פון זיי וויל ניט פאַרשטיין, אַז גראַמען שרײַבן קאָן יעדער, אַן אמתער דיכטער אָבער איז קוים איינער אויף אַ גאַנצער מדינה.

פון יענער זייט גרעניץ בסך־הכל אכט וויאָרסט פון ראַדזיווויל. אָבער נישט בלויז צוליב די בראָדער דאָקטוירים האָט לעווינזאָן באַשלאָסן צו פאָרן קיין גאַליציע,—אים האָט אהין געצויגן ווי צו אַ באַדייטנדיקן קולטור־צענטער, וווּ ער וועט קאָנען דערוואַרבן דאָס נייטיקע געווער צו קעמפן פאַר ליכט און אויפקלערונג. און די יאָרן, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין גאַליציע, זיינען טאַקע איינע פון די וויכטיקסטע עטאַפּן אין זיין לעבן.

באַלד נאָך זיין קומען קיין בראָד ווערט לעווינזאָן באַקאַנט מיט דעם דאָרטיקן משכּילים־קרײַז און באַפרײַנדעט זיך מיט דעם אַלטן מענדל לעפין, מיט שמואל־יעקב ביק, יצחק ערטער און בעריש בלומענפעלד. בכדי צו האָבן פון וואָס צו לעבן, האָט ער די ערשטע צייַט געדינט אַלס בוכהאַלטער אין אַ האַנדלס־געשעפט, דערנאָך האָט ער אויסגעהאַלטן דעם לערער־עקזאַמען ביי דער טאַרנאָפּאָלער שול. דאָרט האָט ער זיך באַ־קענט מיט יוסף פערלען און אדאַנק פערלס פּראָטעקציע באַקומט לעווינ־זאָן אַ לערער־שטעלע פון דער העברעיִשער שפּראַך אין דער ניי־געגרינ־דעטער בראָדער רעאַל־שול. צו דער זעלביקער צייט גיט ער איבער אין דרוק זיין ערשטע אַרבעט — זיין יידישע צאַל־טאַריף־איבערזעצונג (לוח המכס) 1.

די דאָזיקע אַרבעט דרוקט לעווינזאָן אין זאָלקיעוו און דאָרט באַ־קענט ער זיך מיט נחמן קראָכמאַלן. אַלס דענקער און אַלס פּערזענליכ־קייט מאַכט אויף אים קראָכמאַל אַ געוואַלטיקן רושם. יענער בלייבט פאַר אים אויף זיין גאַנצן לעבן „ידידי, מחמד נפשי, אדוני ומרים ראשי" 2. מיט פיל יאָרן שפּעטער דערמאָנט לעווינזאָן מיט אַנטציקונג: „די חדשים, וואָס איך האָב אין זאָלקיעוו פאַרבראַכט, זיינען ביי מיר טייערער פון אַלץ אין דער וועלט". ער האָט געזעען אין קראָכמאַלן דעם לערער און וועגפירער פון זיין דור. „פון די ברעקלעך, — דערקלערט לעווינזאָן, — וואָס זיינען פון קראָכמאַלס ליטעראַרישן טיש אַראָפּגעפאַלן, האָבן פיל משכּילים פון אונזער צייט גאַנצע ביכער געשאַפן" 3.

קראָכמאַלן האָט לעווינזאָן געוויזן זיין ערשט וויסנשאַפטליך ווערק „המזכיר", אַ זאַמלונג פון פילאָלאָגישע און היסטאָרישע פאָרשונגס־אַר־טיקלען 4. קראָכמאַלן איז דאָס ווערק געפעלן און ער איז אַפילו געווען

1 די דאָזיקע אויסגאַבע איז נישט אויפגעהיט.

2 זע זיין בריוו פון 1851 צו ש. י. פין (ילקוט ריב"ל, 76).

3 ציון לנפש רנ"ק, 61.

4 זע „בית יהודה", פרק קי"ח, 287.

גרייט פינאנסיעל מיטצוהעלפן, בכדי לעווינזאָנס ערשטלינגס־ווערק זאָל אין דרוק דערשיינען. אויס אומבאַקאַנטע סיבות איז דער „המזכיר" געבליבן אין מאַנוסקריפּט 1. נישט געדרוקט איז אויך געבליבן לעווינזאָנס לערנבוך פון רוסישער שפּראַך „יסודי לשון רוסיה" 2, וואָס ער האָט פאַרפאַסט אין 1820 „לתועלת בני הנעורים". מער מזל האָט געהאַט זיין סאַטירע „דברי צדיקים" 3, וואָס ער האָט געשריבן אין דעם זעלביקן יאָר. דער „דברי צדיקים" איז אַ מין עפּילאָג צו דעם דעמאָלט אָקאָרשט דערשינענעם „מגלה טמירין". דריי חסידים, ר׳ יעקל האַניפּאָלער, ר׳ אליה סאָקוליפּקער און ר׳ ליב קרעמעניצער מוחען זיך שטאַרק אין זייערע בריוו, ווער קען עס זיין דער מחבר פון „מגלה טמירין", עובדיה בן פתחיה. דער קרעמעניצער גיט איבער אין זיין בריוו, וואָרט ביי וואָרט, אַ לאַנגן שמועס וועגן דעם זעלביקן ענין צווישן צוויי חסידים, וואָס ער האָט אונטערגעהערט אין אַ חסידים־שטיבל אין אָליק. די דאָזיקע חסידים זיינען געקומען צום אויספיר, אַז דעם „מגלה טמירין" האָט בלי ספק געשריבן איינער פון די גרויסע צדיקים, וויל עס זיינען אין דעם ספר באַהאַלטן די טיפסטע סודות. לעווינזאָן פּרוּווט דערביי אויף אַ זייער וויציקן אופן איבערגעבן, ווי אַזוי דער קרעמעניצער איבערזעצט אין העברעיש די אייגנאַרטיקע יידישע רייד־שפּראַך פון די צוויי אָליקער חסידים. לעווינזאָן גיט מיט אַ כיוון איבער די דאָזיקע רייד־שפּראַך אין קאַריקאַטוריסטישער פאָרם, און די חסידישע רייד ווערן, אַשטייגער, איבערגעגעבן אין אַזאַ מין נוסח: „פן תדע מחיתך לאמר, כאשר ידעת" (זאָלסט אַזוי וויסן פון דיין לעבן צו זאָגן, צי דו ווייסט) „והשאר תנגח אותך בעצמך" (דאָס איבעריקע וועסט זיך אַליין אָנשטויסן); „מה אני חייב לך שאתה אין לך עינים" (וואָס בין איך דיר שולדיק, אַז דו האָסט קיין אויגן נישט); „מן הכתם כשאני נותן עצה אינו עקום" (מסתמא, אַז איך גיב אַן עצה, איז עס נישט קרום) אאז״וו.

זיין סאַטירע האָט לעווינזאָן איבערגעגעבן פּערלען, און יענער האָט נאָך פיל מאַטערנישן 4 זי אָפּגעדרוקט אין ווין אין 1830 צוזאַמען מיט לעווינזאָנס אַ צווייטן אַנטי־חסידישן פּאַמפלעט „עמק רפאים". דער

---

1 בלויז אייניקע פראַגמענטן פון דעם „המזכיר" האָט לעווינזאָן שפּעטער אויסגענוצט אין זיינע „תעודה" און „בית יהודה".

2 ספר הזכרונות, 7; תעודה בישראל, שער ב׳, פרק ד׳.

3 אין דער התחלה האָט דאָס ווערק געהייסן „מגלה סוד" (באריכות וועגן דעם זע פּערלס בריוו צו לעווינזאָנען, באר יצחק, 11, 39—40).

4 באר יצחק, 39, 40.



יצחק־בער לעווינזאָהן (ריב"ל)

אַ קאָפּיע פון דעם פּאָרטרעט פון גראַף ג. ד. טאָלסטאָי'ס בילדער־גאַלערעע.

דאָזיקער פּאַמפלעט געפינט זיך אין געוויסער קרבֿות מיט ערטערס „גלגול נפש". מען מוז אָבער דערבײַ געדענקען, אַז לעווינזאָנס ווערק איז געשריבן באַדײַטנדיק פריער פון ערטערס באַרימטער סאַטירע. דורך דער קראַפט פון היפּנאָטיזם (וואָס האָט אין יענער צײַט פיגורירט אונטערן נאָמען מעסמעריזם אָדער מאַגנעטיזם) דערציילט די נשמה פון אַ „גוטן ייִדן" אַ בעל מופת, וואָס איז שוין אויף „יענער וועלט" און ווערט געמשפּט אין דעם גיהינום התחתון, אַלץ וואָס מיט איר האָט פּאַסירט אין איר זינדיקן לעבן. ווי ערטער, אַזוי זשאַלעוועט אויך לעווינזאָן נישט קיין שוואַרצע פאַרבן, בעת ער שילדערט דעם לעבנס־וועג פון דעם רבין דעם בעל מופת 1. יענער איז ממש אַן אויסוואורף: אַ ווילדער עם הארץ, אַ נידערטרעכטיקער שווינדלער, אַ זויפער, אַ פרעסער, אַ געלט־גיריקער ליגנער, וואָס באַראַבעוועט דאָס פאָלק און רודפט מיט גרעסטער אכזריות יעדן, וואָס דורשט נאָך וויסן. ווי אין ערטערס סאַטירע, אַזוי קלינגט אויך זייער שטאַרק אינם „עמק רפאים" דער סאָציאַלער עלעמענט, דער פּראָטעסט קעגן דער אונטערדריקונג פון די פאָלקסמאַסן. ס'איז אָבער כדאי אָנצומערקן איין כאַראַקטעריסטישן שטריך. ערטער דער פּוריסט, דער „צופה לבית ישראל", פלײַסט זיך צו שרײַבן אין ריין ביבלישן סטיל און צוקט יעדעס וואָרט. לעווינזאָן אָבער געפינט פאַר נייטיק איבערצואַרבעטן זײַן סאַטירע אין ייִדיש, בכדי זי צוגענגליך צו מאַכן פאַר די ברייטע שיכטן 2. עס דערמאָנט אַביסל דעם זיידן מענדעלים נוסח, בעת דער בלוטזויגער דער בעל מופת זאָגט אָן זײַן זון: „זאָלסט נישט קוקן אויף די דרשנים, וועלכע שטראָפן די סבאַרשטשי־קעס מיט די ראַטמאַנעס וכדומה די אַנדערע בעלי התמנות (אַמט־לײַט) מיט די נגידים, אַז זיי זאָלן נישט ראַבעווען די אָרעמע לײַט, זאָלן אויף זיי נישט אַרויפוואַרפן פאַרשיידענע נעדאָימקעס, און די נגידים אַליין זײַנען פּטור דערפון. זייערע דרשות בכלל באַשטייען נאָר אין דעם, מען

---

1 די פאַרבן זײַנען בײַ לעווינזאָנען נאָך געדיכטער, די שילדערונגס־קראַפט אָבער חייניקער קונסטפול, ווי בײַ ערטערן.

2 בילדעט די צווייטע אָפּטיילונג פון „הפקר וועלט". ז. רייזען שטעלט אין זײַן „פון מענדעלסזאָן ביז מענדעלע", 250, די פראַגע: „צי דאָס האָט אין ייִדיש באַאַרבעט דער מחבר אַליין אָדער זײַן אַרויסגעבער"? אַז לעווינזאָן גופא האָט באַאַר־בעט אין ייִדיש זײַן „עמק רפאים" איז קלאָר ניט בלויז אויס דער יאָדערדיקער וואַלינער שפּראַך, אין וועלכער דאָס ווערק איז געשריבן, וואָס אונטערשיידט זיך אַזוי שטאַרק פון נאַטאַנזאָנס ייִדיש־דײַטש, נאָר אויך אויס דער קורצער פאָררעדע, ווו עס ווערט דאָך בפירוש אָנגעוויזן: „מען זאָגט, אַז דער חיבור האָט גאָר אַן אַנדער נאָמען און איז געשריבן אויף חסידים־לשון, אָבער דער מחבר איז דער זעלביקער" („די הפקר־וועלט", 41).

זאָל נישט נאָכיאָגן נאָך געלט און נאָך כבוד, בעת דאָס רוב פאָלק גלוסט זייער נאָך די זאַכן. דו אָבער, מײַן זון, מײַד אויס דעם וועג; פון דיר זאָל מען ניט הערן אַזעלכע דרשות, ווען דו ווילסט, אַז מען זאָל דיך ליב האָבן און מען זאָל האַלטן פון דיר. אדרבא, זאָלסט נאָר תמיד נאָכגעבן און האַלטן מיט די תקיפים פון דער שטאָט, די נגידים זאָלסטו אָפּגעבן כבוד און די אַלע ממונים (באַאַמטע) זאָלסטו פאַטשעטשקעס, די ראַטמינערס מיט די ראשי הקהל, אַטדאַטשיקעס, וועלכע גיבן אָפּ רעקרוטן, בעלי טאַקסים, אַטקופּצעקים, צעכמײַסטערס [1] וכדומה — זאָלסט דו תמיד אַ דורש בשלומם זײַן און זאָלסט פאַרלאַנגען נאָר זייער טובה. אויך פון פּאַקטוירים זאָלסט דו ניט זײַן פון ווײַטן, זאָלסט זיי מקרב זײַן, דען דורך זיי וועסט דו באַפּעסטיקן דײַן באַשטאַנד, וועסט צונויפנעמען פיל געלט, און וועסט האָבן גרויס כבוד, וועסט אַלע מאָל גרעסער וואַקסן״ [2].

לעווינזאָן האָט אָבער כּלל נישט געוואָלט זיך באַגניגן בלויז מיט שפּאָט און סאַטירע. אין די יאָרן, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין די גאַליציאַנער השכּלה־צענטרען, איז בײַ אים רייף געוואָרן דער באַשלוס צוריק־

1 אין דעם העברעיִשן טעקסט ווערן נאָך צווישן דעם רייסטער פון די „תקיפים״ דערמאָנט אויך „קוואַרטירנע קאָמיסאַרן״ (ילקוט ריב״ל, 127). אויך ווײַטער (דאָרטן, 137), ווערט גערעדט וועגן איינעם, וואָס איז „נתמנה להיות קוואַטירנע קאָמיסיע״.

2 הפקר וועלט, 1896, 49. אין 1904 האָט אפרים דײַנאַרד פאַרעפנטליכט לעווינזאָנס אַ דריטע סאַטירע „מגלה עפה״, וואָס האָט זיך געפונען אויפגעהיט צווישן לעווינזאָנס כּתבי יד. שוין דער ליטעראַטור־היסטאָריקער פּ. לַחובר (תולדות הספרות העברית החדשה, II, 84) זאָגט אַרויס זײַן ספקות, לעווינזאָן זאָל ווירקליך זײַן דער פאַרפאַסער פון דער דאָזיקער סאַטירע. פאַקטיש שטאַמט טאַקע נישט די „מגלת עפה״ פון לעווינזאָנס פעדער, און א. ב. גאָטלאָבער גיט אַפילו גענוי אָן אין זײַנע זכרונות (הבוקר אור, 1879, 782) דעם נאָמען פון איר פאַרפאַסער. דאָס איז טאַקע געווען לעווינזאָנס אַ קרוב, שלמה־ישעיה לאַנדסבערג אויס קרעמעניץ. „אין 1827, — דערציילט גאָטלאָבער, — האָט לאַנדסבערג, וואָס האָט דעמאָלט געוווינט אין קאָרעץ, פאַרפאַסט אַ סאַטירע „מגלה עפה״ קעגן די גוטע ייִדן און די פאַלשע פירער (תוכחת מגולה אל ראשי הצדיקים מאשרי העם חזה המתעיט וידבר אתם שפטים). לויט מײַן וויסן, איז דאָס געווען די ערשטע סאַטירע, מיט וועלכער אַ ייִד האָט געוואַגט עפנטליך אַרויסטרעטן קעגן די דאָזיקע באַטריגער... מען האָט פון איר געמאַכט פיל אָפּשריפטן, און מען האָט זי געלייענט אין פיל שטעט עפנטליך אין די גאַסן. געדרוקט איז זי אָבער נישט געווען, און מיט דער צײַט איז זי פאַרלאָרן געגאַנגען״. גאָטלאָבער האָט אָבער אַ טעות געהאַט. לעווינזאָן האָט, ווי עס שײַנט, אַליין באַזאָרגט פאַר זיך אַן אָפּשריפט פון לאַנדסבערגס סאַטירע, און אַדאַנק דעם איז זי אויפגעהיט געוואָרן און אין דרוק דערשינען.

צוקערן אין זיין היים און דאָרט שענקען אַלע זיינע כּוחות און זיין גאַנץ וויסן דעם „טובת הכּלל“, קעמפן לויט אַ סיסטעמאַטיש אויסגעאַרבעטן פּראָגראַם פאַר דער מאַטעריעלער און גייסטיקער באַנייונג פון דעם יידישן לעבן אין רוסלאַנד. איז דעם זעלביקן יאָר, ווען ער האָט זיין סאַטירע „דברי צדיקים“ געשריבן — אין 1820, פאַרלאָזט ער גאַליציע [1] און קערט צוריק אין זיין געבורטשטאָט קרעמעניץ.

נאָך דעם משך יאָרן, וואָס לעווינזאָן האָט פאַרבראַכט אין דער האַנדלסשטאָט בראָד אין דער אומגעבונג פון אַ ברייטן משכּילים־קרייז, האָט זיין געבורטשטאָט געמאַכט אויף אים אַ פּייניקן איינדרוק. קרעמעניץ איז געלעגן אין אַ זייט, באַהאַלטן צווישן בערג, און האָט געהאַט גאַנץ ווייניק פאַרבינדונגען מיט דער אַרומיקער וועלט. דער האַנדל איז דאָרט געווען גאַנץ קליין און די באַפעלקערונג איז געווען שטאַרק פאַראָרעמט. די געצייליטע פאַרמעגליכע אין דער שטאָט זיינען על פּי רוב געווען פּראָצענטניקעס, פּאַקטוירים ביי „נאַטשאַלסטוואָ“. זיי זיינען עס געווען די תּקיפים, די רעדלפירער אין שטאָט און פלעגן אָן רחמנות אונטערדריקן די אָרעמע מאַסע. איינעם פון די דאָזיקע „ראשי העיר“ האָט לעווינזאָן מיט פיל יאָרן שפּעטער בלויזגעשטעלט אין זיין שאַרפן דאָפּל־פּאַמפלעט „תּולדות פּלוני אלמוני הכּזבי“ און „מסכת אותו ואת בנו“, און אין זיין גיפטיקער סאַטירע „פּורים־שפּיל אויסגערופן אין שול“.

---

1 מפּוח דער דאַטע פון לעווינזאָנס צוריקקומען פון גאַליציע איז ביי זיינע ביבליאָגראַפן אַ שטיקל פּלאָנטער. ב. נאַטאַנזאָן ווייזט אָן (ספר הזכרונות, 7), אַז לעווינזאָן זאָל האָבן צוריקגעקומען קיין קרעמעניץ אין 1817, און לויט פּ. אַלאַבין (רוסקאַיאַ סטאַרינאַ, 1878, V) איז דאָס געשעען ערשט אין 1823. אַז נאַטאַנזאָנס אָנגאַבע איז פאַלש, איז זיך לייכט צו איבערצייגן אויס פאָלגנדיקע פּרטים: 1) אונטער לעווינזאָנס אַרטיקל „שם המספּר“ (בית האוצר, 191—195) איז אָנגעוויזן די דאַטע: ר"ח ניסן תּקע"ט פּה בּראָדי; 2) לעטעריס ווייזט אָן אין זיין „זכרון בספר“: אין 1819 בין איך געפאָרן קיין בראָד, ווייל מיינע פריינד, ערטער, יצחק בער לעווינזאָן א"אַ, האָבן זיך געוואָלט מיט מיר זעען; 3) עס איז באַוווּסט, אַז אין 1820 האָט לעווינזאָן אין לעמבערג איבערגעדרוקט טראַפּלאָוויצעס דראַמע „מלוכת שאול“. אין דעם זעלביקן יאָר האָט לעווינזאָן געהאַלטן עקזאַמען אין טאַרנאָפּאָלער „איזראַעליטישער הויפּט־שולע“ און באַקומען פון דאָרט אַ „צייגניש“, אַז „אין אַללען פעכערן דער העבּרעישען, תּלמודישען אונד סירישען ליטעראַטור ער בעוואַנדערט איזט“ (זע „יוואָ־בלעטער, IV, 82). אַז לעווינזאָן האָט פאַרלאָזן בראָד אין 1820, נישט, ווי אַלאַבין באַהויפּטעט, אין 1823, ווערט קלאָר אויס לעווינזאָנס דערקלערונג אין זיין אַרטיקל וועגן די יידישע שולן, וואָס ער האָט געשריבן אין 1857: „עס איז שוין 37 יאָר זינט איך האָב בראָד פאַרלאָזן“. אין 1823 האָט לעווינזאָן בלויז אויף אַ קורצער צייט באַזוכט בראָד; דערויף האָבן מיר אָן אָנווייז ביי לעווינזאָנען אין „ילקוט ריב"ל“, 49.

וואָס ער האָט, ווי עס שײַנט, פאַרפאַסט בײַ דער ערשטער ידיעה, אַז די קהל־אָרגאַניזאַציע ווערט אָפּגעשאַפט (1843):

עס לאָזן זיך אויס די גוטע צײַטן,
וואָס איך פלעג אויף קהל רײַטן —
זיי האָבן געגעסן מיט לעפל,
און איך מיט שעפל.
— — — — — — — — —
קהל וועט אויך באַלד אויס ווערן,
וועט שוין מײַן פרנסה גאַנץ אויפהערן;
איך וועל בלײַבן אָן געלט,
אַ פנים ווי חוזק בײַ דער וועלט...

אין דער דאָזיקער אָפּגעשטאַנענער סביבה האָט אומגעבאַגרעניצט געוועלטיקט דער עקסטרעמסטער צדיקיזם מיט זײַן גיפטיקער שנאה צו אַלץ, וואָס קאָן ברענגען ליכט און וויסן. „איך וווין — קלאָגט זיך לעווינזאָן — אין אַ פאַרפינסטערטער שטאָט; מען זעט דאָרטן נישט קיין פרישן מענטשן, נישטאָ קיין סופרים, נישטאָ קיין ספרים, נישטאָ ווער זאָל מעלדן וועגן נײַסן, וואָס פּאַסירן אויף דער וועלט; קיינער לייענט נישט קיין ביכער, קיינער אינטערעסירט זיך נישט מיט צײַטונגען. איך הער אַרום זיך טאָג טעגליך דאָס געשריי פון די אָרעמע, וואָס ווערן, נעבעך, באַראַבעוועט פון די, וואָס געוועלטיקן איבערן פאָלק, פון אונזערע ייִדישע רעדלפירער און באַפעלער. עס דערגייט אויך צו מיר דאָס גרויסע געפילדער פון די באַטרונקענע חסידים, וואָס טאַנצן איבער די גאַסן טשערעדעסווײַז, זינגען אויף אַ קול און ברענגען אַרײַן אין שטאָט אַלץ נײַע רביים, וואָס פאָרן אין די קאַרעטעס, דער קומט און דער פאָרט אָפּ. די פאַרברענטע חסידים באַטרינקען זיך און שרײַען: קדוש [1].

באַלד נאָך זײַן קומען קיין קרעמעניץ, ווו עס האָבן געלעבט זײַן פאָטער און שוועסטער (די מוטער איז מיט עטליכע יאָר פריער געשטאָרבן), האָט לעווינזאָן אָנגעהויבן שרייבן זײַן ערשט באַדײַטנדיק ווערק

1 מושבי עיר תלאובות, אין אורח, אין סופר, אין ספר, אין מגיד חדשות ואין קורא בספרים ואין רואה עלים חדשים. אשמע סביבי יום יום אנקת אביונים העשוקים מהרודים בעם מאחינו שוטרי ישראל וראשיו, ואשמע אחרי קול רעש גדול מתנשא לעמת שרפים (שותי ־יין־שרף) מהחסידים, אשר ירקדון בחוצות עדרים ויזמרו בקול, מנהגים רביים חדשים לבקרים במרכבות מרקדות לעירי, זה יוצא וזה נכנס, ולעמתם השרפים משתכרים ואומרים קדוש (ילקוט ריב״ל, 72, 73; ספר הזכרונות, 11. זע אויך די פאָררעדע צו בית יהודה, XXIII).

„תעודה בישראל" [1]. ער האָט זיך אָבער ניט געוואָלט באַגניגן מיט דיין ליטעראַרישער אַרבעט. מיט יוגנטליכער ענערגיע נעמט ער אָנטייל אין דעם געזעלשאַפטליכן לעבן פון דער קהילה, אַגיטירט צווישן דער יוגנט פאַר בילדונג און וויסן [2]. דאָס האָט אים אָבער געשאַפן פיל שונאים צווישן די רעדלפירער פון דער קהילה. די אָרטיקע חסידים האָבן דערשמעקט, אַז לעווינזאָן שרייבט אַ בוך פול מיט אַפּיקורסות, האָט מען אים אָנגעהויבן רודפן. איז אים נמאס געוואָרן זיין געבורטס=שטאָט, און ער האָט זיך געלאָזט אין דער גרויסער האַנדלס=שטאָט בערדיטשעוו, ווו ער האָט באַלד באַקומען אַ לערער=שטעלע אין דעם רייכן הויז פון אַנטאָן רובינשטיינס זיידע. אויך דאָרטן גיט ער זיך אָפּ מיט געזעלשאַפטליכער אַרבעט, פּרוּווט גרינדן אַן אָרגאַניזירטן משכילים=קרייז. ער וויל זיך אָבער ניט אויפהאַלטן אַ לענגערע צייט אויף איין אָרט און וויל פאַרשפּרייטן זיין אַגיטאַציאָנס=טעטיקייט אויך איבער אַנדערע צענטרען. פון בערדיטשעוו פאָרט לעווינזאָן איבער קיין אָסטראָה, ווו ער באַקומט אַ לערער=שטעלע אין דעם הויז פונם רייכן וואַלד=סוחר זוסמאַן. פון דאָרטן פאָרט ער ווייטער קיין נעמיראָוו, קיין טולטשין [3]. צו דער זעלביקער צייט פאַרענדיקט ער דעם „תעודה בישראל" [4] און לאָזט אַרויס אַ „קול קורא", אין וועלכן ער איז מודיע, אַז זיין ווערק וועט דערשיינען אין 1823.

די אינטענסיווע, אָנשטרענגענדיקע אַרבעט פאַר די לעצטע יאָרן איז געווען איבער די כוחות פון לעווינזאָנס שוואַכן אָרגאַניזם. אויסגעמאַטערט איז ער צוריקגעקומען קיין קרעמעניץ צו זיינע אייגענע. דאָרטן איז ער ווידער פאַרשלאָפּט געוואָרן אויף זיין פריערדיקער שווערער נערוון=קראַנקהייט, וואָס האָט אים דאָס מאָל ניט אָפּגעלאָזט אין לאַנגן משך פון גאַנצע צוועלף יאָר. נאָר אַפילו דערנאָך, ווען די קראַנקהייט האָט זיך געפעלט, איז שוין לעווינזאָן אויפן גאַנצן לעבן געבליבן אַ „שְׁבֻרֵי כֵּלִי". שוואַך, אָפּגעצערט, פלעגט ער יאָרן לאַנג ניט איבער=

1 אַז לעווינזאָן האָט שוין אין 1821 געשריבן זיין „תעודה בישראל", ווייזט ער גופא אָן אין זיינעם אַ בריוו פון 1843 צו יעקב רייפמאַן: בכתבי ספרי זה „תעודה בישראל", זה לי עשרים ושתים שנה (באר יצחק, 97).

2 וועגן דעם דאָזיקן פעריאָד אין לעווינזאָנס לעבן דערציילט מיט פיל יאָרן שפּעטער מיט גרויס התלהבות זיין פריינד דער קרעמעניצער משכיל לעאָן לאַנדסבערג (זע: С. Цинберг, Исаак Бер Левинзон, 1900, 22—23).

3 זע בית יהודה, 327.

4 דעם „תעודה בישראל" האָט לעווינזאָן פאַרענדיקט אין 1822 (זע באר יצחק, 12).

טרעטן די שוועל פון זײַן קלײנעם הײַזל, וואָס האָט זיך געפונען אין סאַמע עק פון דער שטאָט [1]. די פיזישע לײַדן האָבן אָבער ניט אָפּגעשוואַכט זײַן אינטערעס צו געזעלשאַפטליכע פראַגן און זײַן גרויסן דורשט נאָך וויסן. דאָ איז אים שטאַרק צו נוץ געקומען דעם געשיכטס-פאָרשער טשאַצקיס גרויסע וויסנשאַפטליכע ביבליאָטעק, וואָס האָט זיך געפונען אין קרעמע-ניצער ליצײ [2]. מיט אומדערמידליכן פלײַס האָט דער קראַנקער לעווינזאָן שטודירט אַראַביש, סיריש, גראַמיש און לאַטײן, ער האָט אויך זיך פיל אָפּגעגעבן מיט די גריכישע קלאַסיקער און מיט דער אייראָפּעיִשער פילאָזאָפישער און טעאָלאָגישער ליטעראַטור. אויף זײַן זעלבסטבילדונג האָט אָבער לעווינזאָן געקוקט בלויז, ווי אויף אַ מיטל פאַר זײַן לעבנס-ציל: רעפאָרמירן דאָס ייִדישע לעבן, באַנײַען זײַנע מאַטעריעלע און גײַסטיקע יסודות. לעווינזאָן האָט זייער גוט געוווּסט, וואָסערע גרויסע שוועריקייטן עס שטייען אים פאָר. אין דעם האָט ער זיך איבערצײַגט שוין בײַם דרוקן זײַן „תעודה בישראל״. אין זײַן אַרויסגעלאָזטן „קול קורא״ האָט ער, ווי מיר וויסן, מודיע געווען, אַז זײַן ווערק וועט דער-שײַנען אין 1823. גאַנצע פינף יאָר איז אָבער דערנאָך זײַן ווערק נאָך אַלץ אין מאַנוסקריפּט געלעגן, און די סיבה דערפון איז ניט געווען בלויז דעם פאַרפאַסערס מאַטעריעלע נויט [3]. די הויפּט-סיבה איז געווען די, וואָס די גאָטספאָרכטיקע דרוקער האָבן ניט געוואָלט פאַרעפנטליכן מיט זייערע כשרע הענט אַזאַ אַפּיקורסישן ספר. אין יענער צײַט האָבן אין וואָלין פונקציאָנירט אַ גאַנץ באַדײַטנדיקע צאָל ייִדישע דרוקן: אין באַרדיטשעוו, סלאַוווּטע, אָסטראָה, זאַסלאַוו, סעדילקאָוו, פּאָלאָנאָיע, קאָרעץ, בעלאָזיאָרקע אאַז״וו, און קײן איינציקע פון זיי האָט דעם „תעודה״ ניט געוואָלט דרוקן. לעווינזאָן האָט דערבײַ זייער גוט פאַרשטאַנען, אַז בלויז מיט אַגיטאַציאָנס-ווערק איז ניט מעגליך צו פאַרווירקליכן די נייטיקע לעבנס-רעפאָרמען. דערויף איז ער געווען אין געוויסער הינזיכט פּראַק-טישער און מער „היינטוועלטיקער״, ווי מנשה איליער. לעווינזאָן האָט

---

1 אין 1848 שרײַבט לעווינזאָן צו זײַן פרײַנד ראובן קולישער: „שוין 25 יאָר זינט איך טרעט ניט איבער די שוועל פון מײַן וווינונג און ליג אַממייסטנס צו בעט״ (זע אויך זײַן בריוו צו זײַבערלינגן אין ספר הזכרונות, 109).

2 אַלאַפּין און, אויף אים שטיצנדיק זיך, נאַטאַנזאָן פאַרזיכערן, אַז לעווינזאָן איז געווען באַפרײַנדעט מיט טשאַצקין גופא, און יענער זאָל האָבן זייער געשעצט דעם ייִדישן געלערנטן. דאָס איז אָבער ניט ריכטיק, ווײַל טשאַצקי איז געשטאָרבן נאָך אין 1813.

3 וועגן לעווינזאָנס רעזולטאַטלאָזער השתדלות בײַם וואַרשעווער קאָמיטעט פאַר ייִדן (Komitet Starozakonnych) וועגן אויסלײַגן די נייטיקע דרוק-קאָסטן — זע „ייִוואָ-בלעטער״, IV, 81—82.

געוווּסט, אַז צו שוואַך און קליין אין צאָל זײַנען די משכּילים, זיי זאָלן זײַן אימשטאַנד מיט אייגענע כּוחות דאָס רעפֿאָרם-פּראָגראַם דורכצופֿירן, — איז דערפֿאַר פֿאַר אים געווען קלאָר און זעלבסטפֿאַרשטענדליך, אַז מען דאַרף זיך ווענדן צו דער אויסערער מאַכט — צו דער „אויפֿגעקלערטער" רעגירונגס-מאַכט. דאָ באַרירן מיר דעם זייער אינטערעסאַנטן און פֿון קולטור-היסטאָרישן שטאַנדפּונקט אויסערסט וויכטיקן מאָמענט אין דער גאַנצער השכּלה-באַוועגונג.

מיר האָבן שוין אויבן אָנגעוויזן, אויס וואָסערע סיבּות דער יונגער לעווינזאָן, אין וועמעס פֿאַמיליע עס זײַנען פֿריש געווען אין זכּרון די נגישות און רדיפֿות פֿון דער אויסגעלאַסענער פּוילישער שליאַכטע, איז געווען פּאַטריאָטיש געשטימט בנוגע דער נײַער רוסישער מאַכט. ווען לעווינזאָן איז אַלט געווען 16 יאָר, זײַנען דורך דער רעגירונג פֿאַרעפֿנטליכט געוואָרן די באַוווּסטע „כּללים וועגן ייִדן" פֿון 1804. בראש פֿון די כּללים זײַנען אַרויסגעשטעלט די פּונקטן וועגן „בילדונג" (о просвещении), וואָס זײַנען אײַנגעפּאַסט אין אַזוינע ליבעראַלע און הומאַניש-קלינגענדיקע פֿראַזן. עס ווערט דאָרט דאָך דערקלערט, אַז „אַלע ייִדישע קינדער קאָנען אויפֿגענומען און דערצויגן ווערן אָן שום אונטערשייד פֿון אַנדערע קינדער אין אַלע רוסישע פֿאָלקסשולן, גימנאַזיעס און אוניווערזיטעטן". און עס ווערט אויך געוואָרנט, אַז „קיין שום ייִדיש קינד, בעת עס ווערט אויפֿגעצויגן אין דער שולע, טאָר ניט אויף קיין שום אופֿן דערווײַטערט ווערן פֿון זײַן אמונה און טאָר ניט געצוווּנגען ווערן צו לערנען דאָס, וואָס קאָן זיך געפֿינען אין סתּירה מיט דער דאָזיקער אמונה"; און אויב די ייִדן וועלן ניט גערן אָפּגעבן זייערע קינדער אין אַלגעמיינע שולן, דעמאָלט דאַרפֿן לויט די „כּללים" געגרינדעט ווערן ספּעציעלע שולן פֿאַר ייִדן, וווּ אויסער אַנדערע לימודים דאַרפֿן די קינדער אויך לערנען איינע פֿון די דרײַ שפּראַכן: רוסיש, פּויליש אָדער דײַטש. אמת, נאָך די דאָזיקע פּונקטן וועגן בילדונג פֿאָלגן זייער שטרענגע געזעצן, צווישן זיי — וועגן אַרויסטרײַבן אַלע ייִדן פֿון די דערפֿער, וואָס געפֿינען זיך אין דעם מערבֿ-קאַנט. די „בילדונג"-סטאַטוטן זײַנען פּאַקטיש געבליבן אויפֿן פּאַפּיר [1]. די אַרויסטרײַבונג פֿון די דערפֿער, בפֿרט פֿון די, וואָס ליגן אין 50-וויאָרסטיקן שטח פֿון דער גרעניץ, איז אָבער דורכגעפֿירט געוואָרן מיט אומבאַרחמנותדיקער גרויזאַמקייט; און אַפֿילו אַזאַ לאָיאַלער היסטאָריאָגראַף, ווי פֿירשט נ. גאַליצין, בעת ער באַרירט די לאַגע פֿון די ייִדן אונטער אַלעקסאַנדער דעם ערשטנס רעגירונג, מוז ער צוגעבן: מען קאָן

---

1 באריכות וועגן דעם זע אין ש. גינזבורגס אַרטיקל צו Казенныя евр. училища 1920, XII–XVII.

ניט לייקענען, אז פאר דער דאָזיקער צײַט האָבן די ייִדן פיל געליטן און עס האָבן זיך געגאָסן ייִדישע טרערן״ [1].

לעווינזאָן האָט אַליין געהאַט די געלעגנהײַט צו זען די דאָזיקע קאַטאַסטראָפע, וואָס די דאָרפסייִדן האָבן איבערגעלעבט, וואָרום אין 1816 איז אַרויס דער גזר איבער ווילנער גובערניע און מען האָט אויך דאָרט אַרויסגעטריבן די ייִדן פון די דערפער. מענטשן זעען אָבער רק דאָס, וואָס זיי ווילן זען. ווי מיר וועלן ווײַטער אָנווײַזן, באַרירט טאַקע לעווינזאָן דעם דאָזיקן פונקט אין זיין „תעודה בישראל״,—דאָס שוואַכט אָבער ניט אָפּ זיין גלויבן אין דער „לײַטזעליקייט״ פון דער „אויפגעקלערטער״ רעגירונג און אירע הויכע באַאַמטע. ער מוז אין דעם גלויבן, וואָרום די רעגירונגס-מאַכט איז געווען זיין איינציקע האָפענונג, די איינציקע שטיצע אין דעם קאַמף פאַר אַ נייעם ייִדישן לעבנסשטייגער... ער גלויבט אַזוי אײַזן-פעסט אין דער מאַכט פון דער אידעע, פון דעם שכל הישר. איז בײַ אים דערפאַר קיין ספק ניט, אַז עס געניגט בלויז אויפצוקלערן דער רעגירונג, איר געבן מיט לאָגישע סברות צו פאַרשטיין, וואָס ס'איז נייטיק פאַר די גייסטיקע און מאַטעריעלע באַדערפענישן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג,— וועט זי דאָך דאָס געוויס ערפילן, וואָרום זי זאָרגט דאָך פאַר „טובת הכלל״ [2].

באַלד נאָכדעם, ווי לעווינזאָן האָט פאַרענדיקט זײַן „תעודה בישראל״, האָט ער פאַרפאַסט אַ באַריכותדיקן „פּראָיעקט״ וועגן גרינדן ייִדישע שולן און סעמינאַרן, און אים אַוועקגעשיקט דעם דעמאָלדיקן טראַנספּאָלגער קאָנסטאַנטין פּאַוולאָוויטש. צום „פּראָיעקט״ האָט ער בײַגעלייגט אַ היסטאָרישן איבערבליק וועגן ייִדישע סעקטן פון אַמאָליקע צײַטן ביז דער לעצטער צײַט. דערבײַ דאַרף אָנגעמערקט ווערן אַן אינטערעסאַנטער פּרט: לעווינזאָן האָט טאַקע פאַרפאַסט אַ ספּעציעלן לערנבוך וועגן „יסודי שפת רוסיא״, דאָך האָט ער זיך געפילט אין דער דאָזיקער שפּראַך ניט גענוג באַהבֿנט, און אַלע זײַנע פּראָיעקטן און בקשות, וואָס ער האָט דערלאַנגט דער רעגירונג, זײַנען געשריבן אין דײַטשער שפּראַך, וועלכע ער האָט באַהערשט אין אַ גאַנץ גענוגנדיקער מאָס. אין דײַטש איז אויך געשריבן דער „פּראָיעקט״, וואָס לעווינזאָן האָט געשיקט קאָנסטאַנטינען. זײַן „פּראָיעקט״ האָט אָבער ניט געבראַכט קיין שום רעאַלע פּעולה, וואָרום קאָנסטאַנטין פּאַוולאָוויטש האָט שוין דעמאָלט באַשלאָסן זיך אָפּ-

1 Н. Голицын, История русск. законодательства о евреях, 903 זז

2 „ידעתי,— שרײַבט לעווינזאָן צום ווילנער משכיל יצחק אײַזיק בן-יעקב, — כי הממשלה רק את טובתנו ושלומנו דורשת״. אַזוינע ציטאַטן קאָן מען ברענגען גאַנץ פיל אויס לעווינזאָנס קאָרעספּאָנדענץ.

צוזאָגן פונם טראָן און זיך ניט אָפּצוגעבן מיט מלוכה־אַנגעלעגנהייטן, ניט געקוקט דערויף, וואָס זײַן ערשט ווערק איז נאָך אַלץ געלעגן אין מאַנוסקריפּט, איז דער קראַנקער לעווינזאָן צוגעטראָטן צו אַ צווייטן ווערק פון אַ גרעסערן פאַרנעם, „בית יהודה", און ערשט דעמאָלט, ווען דאָס דאָזיקע ווערק איז געווען פאַרענדיקט (1828), איז ענדליך לעווינזאָנען געלונגען מיט דער הילף פון אייניקע פרײַנד צו פאַרעפנטליכן זײַן „תעודה בישראל", אָבער ניט אין וואָלין, נאָר אין ווילנע.

„מײַנע אַמאָליקע יוגנט־פרײַנד, מיט וועלכע איך האָב מיך שוין לאַנג ניט געזעען — דערקלערט לעווינזאָן אין דער פאָררעדע, — לויטער אָרנטליכע לײַט, שונאי שקר ותרמית *, האָבן זיך שריפטליך געווענדעט צו מיר מיט דער ביטע, איך זאָל ווײַזן דעם ריכטיקן לעבנסוועג, זיי דערקלערן, וואָסערע למודים, אויסער תלמוד און פוסקים, זײַנען נייטיק לשלֵמות האנושית בכלל ולשלמות הישראלי בפרט — צו פאַרפולקומען דעם יחיד הן אין אַלגעמיין מענטשליכן זין, הן ספּעציעל אַלס בן ישראל. די דאָזיקע פראַגע, וואָס מײַנע ברידער האָבן מיר פאָרגעלייגט, איז פאַקטיש פאַרבונדן מיט זייער פיל פּראָבלעמען. מען קאָן זיי אָבער אינקורצן אויסדריקן אָט אין וואָסערע פינף גרונד־שאלות: 1) צי איז אַ חוב אויף אַ בעל דת יהודית צו לערנען פולקומען לויט די כללים פון דקדוק די העברעיִשע שפּראַך? 2) צי איז דערלויבט צו לערנען אויך אַנדערע שפּראַכן? 3) צי מעג אַ ייִד זיך פאַרנעמען מיט חכמות חיצוניות? 4) אויב יאָ, וואָס פאַר אַ נוצן קאָנען זיי ברענגען? 5) צי איז אָבער כדאי דער דאָזיקער נוצן, אויב זיי, די חכמות חיצוניות, ברענגען דערבײַ, ווי פיל מיינען, אַ גרויסן שאָדן דעם דת און דער אמונה?"

אַן ענטפער אויף די דאָזיקע פראַגן גיט דער „תעודה בישראל". דער „תעודה" איז געשריבן אין איין צײַט מיטן „אלפי מנשה", ביידע באַרירן זיי גאַנץ אָפט איינע און די זעלביקע פראַגן. לויט זייער אַרכיטעקטאָניק, לויט דעם נוסח זייערן, געהערן זיי אָבער צו צוויי פאַרשיידענע תקופות. לויט זיין פאָרם און סיסטעמלאָזיקייט געהערט נאָך דער „אלפי מנשה" צו דער אַלטער רבנישער שאלות ותשובות־ליטעראַטור. לעווינזאָן אָבער האָט ניט אומזיסט פאַרבראַכט יאָרן לאַנג צוזאַמען מיט אַזאַ אויסגעצייכנטן סטיליסט ווי מענדל לעפין. לעווינזאָן וואַרפט אַנטשיידן אָפּ דעם מליצה־סטיל פון די „מאספים" 1, ער שרײַבט אַ קלאָרע,

---

* וואָס האָבן פײַנט פאַלשקייט און שווינדל.

1 אין דער פאָררעדע צו זײַן „אשכל הסופר" דערקלערט לעווינזאָן, אַז „אִוֶלֶת היא וכסלות גדולה וגם רעה רבה", וואָס די השכלה־שרײַבער ווילן ניט באַנוצן אין זייערע מליצות און שירים די העברעיִשע ווערטער, וואָס ס'האָבן געשאַפן די בעלי המשנה, התלמוד והמדרשים.

איינפאַכע און פּליסיקע שפּראַך, און ווײַל אין אים האָט געשטעקט אַ ניצוץ פון אַ באַגאַבטן פּובליציסט, פילט זיך צײַטנווײַז אין זיין סטיל דער פּאַטאָס פון אַ טריבון און אַ פּרעדיגער. אין דער הינזיכט דערמאָנט ער גאַנץ אָפט ליבערמאַנען מיט זײַן „אור נוגה" [1].

אין אָנפאַנג פון זײַן ווערק שיקט לעווינזאָן פאָראויס אַ לויב־ליד דער פּאַלאַס־אַטענע, דער געטין פון חכמה, און בעט, זי זאָל אים באַשיצן מיט איר באַוואָפנטער האַנט פון זײַנע אומוויסנדיקע קעגנער, בעת ער פאַרמעסט זיך איר פאָן צו פאַרשפּרייטן איבער די געצעלטן פון ישראל. סיסטעמאַטיש, געלאַסן, באַווײַזט לעווינזאָן אין דעם ערשטן „שער" פון זײַן ווערק [2] מיט אַ שלל ציטאַטן פון תּלמוד, מדרשים און פון דער רבנישער ליטעראַטור, ווי גרויס דער חוב איז צו קענען די העברעיִשע שפּראַך; און איידער מען זוכט אין דעם ביבלישן וואָרט רמזים און כּלערליי דרושים, דאַרף מען קודם כּל פאַרשטיין דעם פּשט פון דעם וואָרט און זײַן גראַמאַטישן בוי. דאָ באַרירט ער די פראַגע וועגן סדר הלימוד און גיט זײַן לייענער צו פאַרשטיין, ווי מען דאַרף לערנען די ביבל־שפּראַך סיסטעמאַטיש, ניט ווי עס פירט זיך אין די טראַדיציאָנעלע חדרים. ווידער אַמאָל מיט ציטאַטן פון אָנגענומענע אויטאָריטעטן, ווי ר׳ שעפּטל הורוויץ, דער בעל „ונ̤י העמודים", ר׳ יעקב עמדן און אַנדערע, שילדערט ער די אַמאָליקע מוסטער־שולן בײַ די סְפַרְדִים. „איצט, — רופט לעווינזאָן אויס מיט פּאַטאָס, — קום, מײַן ליבער לייענער, אַראָפּ מיט מיר אין דעם פינסטערן און וויסטן טאָל, אין די געצעלטן פון טויט (חדרי מות), וואָס הייסן בײַ אונז: קינדער־שולן, חדרים". און אין פעך־שוואַרצע פאַרבן שילדערט ער דעם סדר־הלימוד, די דרדקי־מלמדים — „כּלם בורים גדולים, לא נמצא דוגמתם לרוע בכל הארץ * (פּרק ט״ו).

לעווינזאָן האַלט אָבער פאַר ניט גענוגנדיק בלויז צו דערווײַזן, אַז מען דאַרף קענען די העברעיִשע שפּראַך, בכדי גוט צו פאַרשטיין דעם טעקסט פון די ספרי הקודש. אַלס קראַכמאַלס געטרײַער תּלמיד, שטרײַכט לעווינזאָן באַזונדערס אונטער דעם נאַציאָנאַלן מאָמענט, דעם ריין נאַציאָנאַלן באַטײַט פון העברעיִש. מיט וואָס, — דערקלערט לעווינזאָן, — דערקענט מען דען קודם כּל יעדע אומה אָדער יעדן יחיד, אויב ניט מיט דער שפּראַך? די שפּראַך איז דאָך דער וויכטיקסטער צייכן פון יעדן

1 זע אונזער ווערק, ב. VII, צווייטער בוך, 295 — 299.

2 דער „תּעודה בישראל" איז איינגעטיילט אין פיר „שערים".

* אַלע זײַנען זיי עם־הארצים. עס איז שווער אין דער גאַנצער וועלט צו קריגן נאָך אַזוינע קאַליקעס ווי זיי.

פאָלק, און ניט אומזיסט, — ווייזט לעווינזאָן אָן, — ווערט אין אונזער אַלטער ליטעראַטור די שפּראַך אַרויסגעשטעלט אַלס סינאָנים פון פאָלק. „כל הגוים והלשונות״ — לייענען מיר אין דער ביבל, „כל אומה ולשון״ — חזרט מערערע מאָל איבער דער תלמוד. און ווי שעמט עס זיך ניט דער, וואָס טראָגט דעם נאָמען „עברי״, ווי באַלד עס פעלט אים „ידיעות לשון עברית״? 1. די העברעיִשע שפּראַך, — פירט לעווינזאָן אויס, — איז דער פאַקטאָר, וואָס גאַראַנטירט דעם „קיום האומה״, זי איז דער פאַר-באַנד, וואָס פאַראייניקט דאָס איבער דער גאַנצער וועלט צעשפּרייטע פאָלק; נאָר מיט איר הילף קאָנען זיך פאַרשטענדיקן די יידישע איינ-וווינער פון די פאַרשיידנסטע מדינות און לענדער 2.

אינם צווייטן „שער״ באַהאַנדלט לעווינזאָן די פראַגע, צי מעג מען אויך לערנען פרעמדע שפּראַכן? לעווינזאָן קען גוט זיין אוידיטאָריע; ער ווייסט, אַז דאָרט זעט מען אין אַזאַ פראַגע לויטער אפּיקורסות. עס איז דאָך א דבר ידוע, אַז מיט יעדן וואָרט, וואָס אַ בן ישראל נעמט איבער ביי די אומות העולם, פאַרגעסט ער דורך דעם אַ וואָרט פון דער הייליק-קער תורה. טרעט דערפאַר לעווינזאָן צו צו דער דאָזיקער פראַגע מיט א באַזונדערער פאָרזיכטיקייט. קודם כל באַטראַכט ער די פראַגע „על פי דרך השכל״. ניט אומזיסט, — זאָגט לעווינזאָן, — ווערט דער ביבל-זאַץ, אַז דער מענטש איז געוואָרן אַ „נפש חיה״, איבערגעגעבן אין תרגום אונקלוס מיט די ווערטער „רוח ממללא״ — דער רײדנדיקער גייסט. דער טייערסטער אוצר, מיט וואָס דער מענטש איז באַשאַנקען, דאָס איז דאָס לעבעדיקע וואָרט, וואָס מיט זיין הילף באַשאַפט דער מענטש זיין וועלט-באַנעם, זיין באַוווסטזיין און קולטור. וואָס מער פאַר-פולקומט ס'איז דאָס דאָזיקע געווער, אַלץ מער שלימות דערגרייכט דורך דעם דער מענטש. דערפאַר דאַרף יעדער קולטור-מענטש פולקומען באַהערשן מינדסטנס איין שפּראַך. מיר אָבער, רוסיש-פּוילישע יידן, ווייזט לעווינזאָן אָן, זיינען אָן אַ לשון. אונזער העברעיִשע שפּראַך האָט שוין זינט לאַנגע דורות אויפגעהערט צו זיין אַ לעבעדיקע שפּראַך, איר גאַנצער וואָרט-אוצר איז אויפגעהיט אין דער ביבל, און דער דאָזיקער אוצר איז אַ זייער באַגרעניצטער. די שפּראַך אָבער, אויף וועלכער דער יידישער קיבוץ אין אונזערע מדינות רעדט, דאָס אַזוי גערופענע „יידיש דייטש״, איז ביי לעווינזאָנען, ווי ביים רוב משכילים פון זיין דור, בכלל ניט קיין שפּראַך, נאָר אַ געמיש פון פאַרדאָרבענע און פאַרגרייזטע דייטשע, העברעיִשע, פּוילישע, רוסישע, פראַנצויזישע אאַז״וו ווערטער,

1 תעודה בישראל, שער ראשון, פרק ו׳.

2 דאָרט, פרק י״א.

אויף וועלכע מען איז אימשטאנד בלויז אויסצודריקן אָרדינערע באַגריפן פונם מאַרק און פונם וואָכעדיקן לעבן, אָבער ניט קיין אײדעלע, דער־הייבענע געדאַנקען [1]. און ווי די שפּראַך, אַזוי איז אויך דער מענטש [2]. מיר זײַנען דאָך, טענהט לעווינזאָן, אַפילו ניט אימשטאַנד צו באַגרײַפן די שיינקייטן פון דער ביבל, ווײַל עס איז זיי דאָך אוממעגליך איבער־צוגעבן אין דעם פאַרקריפּלטן זשאַרגאָן, אויף וועלכן מיר ריידן.

מיט אַ גאַנצן אַרסענאַל פון ראיות און ציטאַטן אויס דעם תּלמוד און פון די שפּעטערדיקע אָנגענומענע אַווטאָריטעטן באַווײַזט לעווינזאָן, אַז זינט די העברעיִשע שפּראַך האָט אויפגעהערט צו זײַן אַ לעבעדיקע שפּראַך האָבן אונזערע חכמים און מיט זיי אויך דאָס פאָלק זיך באַנוצט מיט דעם לשון, וואָס איז געווען אָנגענומען אין די מדינות, וווּ זיי האָבן געוווינט. אויף די דאָזיקע שפּראַכן האָבן זיי פאַרפאַסט מוסר־ און חקירה־ספרים, שאלות ותשובות געשריבן און תּפילות געדיכטעט. און ווידער זיך שטיצנדיק אויף די אָנגענומענע אַווטאָריטעטן, באַווײַזט לע־ווינזאָן, אַז אַפילו דאַוונען מעג מען אויף יעדער שפּראַך [3], וואָרום אין דער שפּראַך אַליין קאָן קיין שום איסור ניט זײַן. „אין קדושה ואין טֻמאה בכתב ולשון", טענהט לעווינזאָן, ניט אין די ווערטער און ניט אין דעם געשריפטס ליגט די קדושה, נאָר אין דעם אינהאַלט. די העב־רעיִשע שפּראַך איז פאַר זיך אַליין כּלל ניט קיין הייליקע; „לשון קודש" איז זי געוואָרן נאָר דערפאַר, וואָס אויף איר זײַנען הייליקע געטליכע זאַכן געשריבן. יעדער ספר, ער מעג זײַן געשריבן אין וואָסער שפּראַך ס'איז, רוסיש, פּויליש, פראַנצויזיש אאַז"וו, ווי באַלד עס אַנטהאַלט דברי תּורה און מוסר והנהגות ישָרות — איז דאָס אַ „ספר כּשר וטהור", און מען דאַרף זיך פאַרהאַלטן צו אים מיטן גרעסטן כּבוד; ביכער אָבער, וואָס זײַנען אַפילו געשריבן אויף לשון קודש, נאָר זײַנען פול מיט נאַ־רישקייטן און ווילדע פאַנטאַזיעס, ווי, אַשטייגער, דעם מהרנ"ס „סיפּורי מעשיות" און דער „שבחי הבעש"ט", וואָס ס'האָט פאַרפאַסט דער „ליגנער און דיין־שקר פון ל—ץ", זיי איז געוויס אסור צו לייענען, זיי זײַנען

1 „תעודה בישראל", שער ב', פרק ג'.

2 ווײַל די שפּראַך־פאָרשונג איז נאָך דעמאָלט ניט געשטאַנען אויף אַ גענוגנדיק וויסנשאַפטליכער הייך, קומט בײַ לעווינזאָנען אויס (ער פאַררופט זיך דערבײַ אויף פּיכטע), אַז אַן אַנטוויקלטע שפּראַך ווירקט אויף דעם קולטורעלן וווּקס פונם קיבוץ, ניט פאַרקערט: מיטן קולטורעלן וווּקס וואַקסט אויך די אַנטוויקלונג פון דער שפּראַך.

3 אָבער ווי אלעזר ליבערמאַן האַלט אויך לעווינזאָן פאַר נייטיק אונטערצו־שטרײַכן, אַז מתפלל זײַן דאַרף מען „בלשון זכה וצלולה", ד"ה ניט אויף זשאַרגאָן (דאָרטן, פּרק, ז').

ערגער פון די שארפסטע אפיקורסישע ביכער, און די, וואס דרוקן אזוינע ספרים, זיינען עתיד ליתן את הדין [1].

צו וואס, —רעזומירט לעווינזאן, — דארפט איר דאס פארקריפלטע יידיש-דייטש? רעדט אדער ריין דייטש אדער אויף דער לאנדשפראך, אויף דער ריינער, שיינער און רייכער רוסישער שפראך!

דאס באהערשן די לאנדשפראך, — ווייזט לעווינזאן ווייטער אן, — וועט אויך ברענגען א גרויסן מאטעריעלן נוצן אין האנדל און ביים פארקער מיט די באאמטע, אויך וועלן מיר דורך דעם דערהייבן ווערן אין די אויגן פון די אנדערע אומות און זיי וועלן זיך שוין ניט פארהאלטן צו אונז מיט ביטול. נאך דער שפראך-פראגע גייט לעווינזאן איבער צו די ווייטערדיקע צוויי פראגן: צי מעגן זיך יידן פארנעמען מיט חכמות חיצוניות, און ווי באלד יא, וואס פאר א נוצן קאנען די דאזיקע חכמות ברענגען?

ווידער אמאל מיט פיל ציטאטן אויס דעם תלמוד און דער מיטל-אלטערליכער ליטעראטור באווייזט לעווינזאן, אז די חכמות חיצוניות, ווי נאטורוויסנשאפטן, מעדיצין, מאטעמאטיק וכדומה זיינען ניט בלויז דערלויבט, נאר אומבאדינגט נייטיק און נוצליך, און קעגן דעם קאנען זיין דערווידער בלויז ווילדע טפשים, וואס גאט האט ביי זיי אפגענומען דעם שכל [2]. און ליתר תוקף * ברענגט לעווינזאן אין כראנאלאגישן סדר פון די קדמונישע צייטן ביז דעם דור פון דעם ווילנער גאון א לאנגן רייסטער פון יידישע גדולי הדור, וואס זיינען געווען באוואפנט מיט דעם אלזייטיקן וויסן פון זייער צייט און געווען בקי אין אלע חכמות. ער האלט אבער פאר נייטיק דערביי אנצווייזן, אז די וויסנשאפטליכע ידיעות פון אונזערע תלמידי חכמים אויס אמאליקע דורות זיינען זעלבסט-פארשטענדליך פון היינטיקן שטאנדפונקט זייער באגרעניצט און ניט גענוגנדיק. ווארום אלע חכמות אנטוויקלען זיך דאך מיט יעדן דור אלץ

---

1 תעודה בישראל, פרק ה׳. זיין שארפע שנאה צו דער חסידישער באוועגונג זאגט לעווינזאן ארויס אויך אין אנדערע שטעלן פון זיין ווערק. זע באזונדערס שער רביעי, פרק א׳, ווו לעווינזאן שפאט-אפ פון די רביים אין דעם זעלביקן נוסח, ווי ער טוט עס אין זיינע אויבן-דערמאנטע סאטירעס.

2 דע, קורא חביב, — פירט לעווינזאן אויס, — כל חכמה וכל מדע שבעולם גדולה או קטנה הכרחית מאוד ונצרכת אל האדם, ע״כ ישתדל אחריהם ללמוד ולדעת אותם, כי אין לך חכמה ודעת שלא תגיע ממנה תועלת לנו... ולא יערערו עליהם כי אם הכסילים אשר הָשָׂם אלוה בינה והפתאים המזוהמים (דארטן, שער שלישי, פרק ט״ז).

* נאך מער צו פארשטארקן.

מער און מער; דערפאר מוז מען בײַ הײנטיקע צײַטן שעפן װיסן פון מאָדערנע אײראָפּעיִשע קװעלן [1], װי דאָס האָבן אויך בשעתּם געטאָן אונזערע גרויסע חכמים.

װי דער בעל „ספר הברית״ און מנשה איליער, פארשטײט אָבער לעװינזאָן זײער גוט, אַז װיסן און בילדונג אַלײן קאָן דעם ייִדישן קיבוץ קײן ישועה ניט ברענגען. עס מוזן אויך ראַדיקאַל געענדערט װערן די אומנאָרמאַלע סאָציאַלע יסודות פון דעם ייִדישן לעבן. דאָ טרעט לעװינזאָן װידער זײער שאַרף אַרויס קעגן די חסידים און זײערע גײסטיקע פירער, אָבער ניט בלויז דערפאַר, װאָס יענע זײַנען קעגן יעדן װיסן, פאַרפירן דאָס פּשוטע פאָלק. עס זאָל זיך, אַשטײגער, ניט הײלן בײַ דאָקטוירים, נאָר בײַ די בעלי שמות והקמיעות, װאָס „באַשװינדלען די מענטשן מיט זײערע ליגנס״ (המתעים את האנשים בכזביהם), — נאָר דער עיקר דערפאַר, װאָס זײ פאַראַליזירן דעם װילן פונם פאָלק, אַנטװיקלען אין זײערע אָנהענגער דעם פאַנטאַסטישן און קרענקלעכן בטחון, טײַטשן אין זײ דעם חשק צו נוצליכער אַרבעט און לערנען זײ זיך צו פאַרלאָזן אויף די רבּיים, באַשר יענע װעלן פאַר אַ גוטן פּדיון אויף זײ משפּיע זײַן כּל טוב אָן מי און פּראַצע [2].

דערװאַכט, מײַנע ברידער, — רופט לעװינזאָן אויס, — דערװאַכט פון אײַער פאַנטאַסטישן דרימל! גענוג צו זיצן מיט פאַרלײגטע הענט און פאַרלאָזן זיך אויף נסים! גענוג צו זײַן לופטמענטשן, לעבן פון שאַכער, פון שײנקען און קלײן-האַנדל! מען דאַרף זיך נעמען צו פּראָדוקטיװער, נוצליכער אַרבעט, צו מלאכות און ערדאַרבעט. מען דאַרף גרינדן ספּעציעלע געװערבע-שולן, בכדי גוט צו לערנען די מלאכה.

װידער שטיצט זיך לעװינזאָן אויף דעם אויטאָריטעט פון די חכמי התּלמוד, װאָס האָבן געלערנט, אַז װער עס לערנט ניט זײַן זון באַצײַטנס אַ נוצליכע מלאכה — „כּאילו מלמדו לסטות״ *. ער ברענגט דערבײַ אַ גאַנץ לאַנגן רײסטער פון באַרימטע תּנאָים און אמוראים, װאָס האָבן זיך פאַרנומען מיט פּשוטע מלאכות און דערפון זיך מפרנס געװען. עס זײַנען געװען צװישן זײ שוסטער, שמידן, האָלץ-העקער, טרעגער,

---

1 תּעודה בישראל, פרק י״ד: וכן היו כּל החכמות והמדעים לעמת זמננו חסרים בימים ההם, ודע שבכל מקום שהזכרנו בספרנו זה שקדמונינו היו מופלגים בחכמות, כּונתנו עד מקום שיד החכמות היתה מגעת בימים ההם. ואע״פ שאין להסתפק בזה, הזכרנוהו בּכל מקום לטעם ידוע, והמשכּיל יבין.

2 דאָרטן, פּרק נ״ו.

* גלײַך װי ער לערנט דעם זון װערן אַ רויבער.

גאַרבער און אאַז״וו 1. „און מיר אונטערשטייען זיך נאָך צו קוקן מיט ביטול אויף בעלי־מלאכות!״ שטיצנדיק זיך אויף דער ביבל און אויף דעם היסטאָריקער יוסף פלאַוויוס, דערווײַזט לעווינזאָן, אַז די ייִדן זײַנען אין אַמאָליקע צײַטן געווען ניט קיין מסחר־פאָלק, נאָר אַ פאָלק פון „עובדי אדמה״. אמת, לעווינזאָן מישט דערבײַ נאָך צוזאַמען צוויי פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס: ערד־אַרבעטער און ערד־באַזיצער, און מיט ציטאַטן אויס דער ביבל, איליאַדע און פאַרשיידענע לאַטײַנישע קוועלן פלייסט ער זיך צו באַווײַזן, אַז אין אַמאָליקע צײַטן זײַנען אפילו מלכים און שרים געווען „עובדי אדמה און רועי צאן״ (ערד־אַרבעטער און שאָף־פיטערער) 2.

נאָך אַ לאַנגער היסטאָרישער עקסקורסיע קומט לעווינזאָן צום אויספיר, אַז: 1) אין די קדמונישע צײַטן זײַנען ייִדן געווען אויסשליס־ליך אַ פאָלק פון ערדאַרבעטער; 2) אַז דער ייִדישער דת איז ניט בלויז ניט קיין קעגנער פון ערדאַרבעט, נאָר האַלט טאַקע די דאָזיקע באַשעפטיקונג פאַר די געוווּנטשנסטע און באַוויליקסטע; 3) די ייִדן זײַנען אויך איצט מסוגל צו ערדאַרבעט גלײַך מיט אַלע אַנדערע אומות; 4) אין קדמונישע צײַטן, ווען די ייִדן האָבן געוווינט אויף אייגענער ערד, זײַנען זיי געווען אינגאַנצן פרעמד פון מסחר. ערשט אין שפּעטערדיקע דורות, ווען זיי זײַנען צעשפּרייט געוואָרן צווישן פאַרשיידענע פעלקער, בפרט אין די פינסטערע צייטן פון מיטלאַלטער, ווען מען האָט די ייִדן אַזוי גערודפט און באַגרעניצט אין מענטשן־רעכט, זײַנען זיי געצוווּנגען געווען זיך צו באַשעפטיקן אויסשליסליך מיט מסחר און געלט־געשעפטן און געוואָרן אַ ספּעציפיש האַנדלס־פאָלק.

„אָבער איצט,—רופט לעווינזאָן אויס מיט פּאַטאָס,—האָבן די שטראַלן פון דער אויפקלערונג פאַרטריבן די פינסטערע שאָטנס פון דעם מיטל־אַלטער. די הומאַנע אידעען זײַנען אַרײַנגעדרונגען אין אַלע שיכטן פונם פאָלק; אָפּגעשוואַכט איז געוואָרן די מאַכט פון קנאת הדת; עס זײַנען איצט אויפגעשטאַנען מלכי חסד ורחמים; אַלע פעלקער אין אייראָפּע פרעדיגן איצט ליבע צו אַלע מענטשן בכלל, אָן נאַציאָנאַלע און רע־ליגיעזע אונטערשיידן; אין אייניקע אייראָפּעיִשע לענדער האָבן ייִדן שוין באַקומען פרײַע רעכט, בפרט אין אונזער מדינה, אין דעם רוסישן קיניג־רײַך, וואָס זינט עס איז געוואָרן אַ זעלבשטענדיק פאָלק, האָט זי ייִדן קיינמאָל קיין שלעכטס ניט געטאָן. מיר האָבן ניט געהערט און ניט געזען אין קיין שום כראָניק און היסטאָרישן ספר, מען זאָל האָבן

1 תעודה בישראל, פרק נ״ד.

2 דאָרטן, פרק נ״ז, נ״ח.

אין דער דאָזיקער מלוכה יידן ווען גערודפט. רויִק זײַנען אונזערע עלטערן געזעסן צוזאַמען מיט די אײַנוווינער פון דעם לאַנד, און, ווען אפילו די רוסן האָבן דערנאָך געפירט מלחמות מיט פּוילן און זײַנען אַרײַנגעדרונגען אין די פּוילישע מדינות, זײַנען מיר רויִק געזעסן און אָן שטערונג געבליבן אויף אונזערע ערטער, בפרט זינט מיר זײַנען איבער־געגאַנגען אונטער דער רוסישער מאַכט, — אַך טוב וחסד נשבעה, געניסן מיר לויטער גענאָד און גוטסקייט״.

האָבנדיק אין זין די „כּללים פון 1804״, דערקלערט לעווינזאָן: „די רוסישע מלוכה וויל רק אונזער גליק און וווילשטאַנד און זי ווענדט אָן איר גאַנצע קראַפט אונזער מצב צו דערהייבן, — זי גיט אונז פיל בירגער־רעכט גלײַך מיט די אײַנגעזעסענע בירגער פונם לאַנד (אזרחי הארץ). פראַנק און פרײַ קאָנען מיר גאָט דינען לויט די באַפעלן פון אונזער דת. אַ ייִד האָט דאָס רעכט זיך צו פאַרנעמען מיט וואָסער מלאכה ער וויל, אים איז דערלויבט צו לערנען אין אַלע מיטל־ און הויכשולן גלײַך מיט די קינדער פון אדל און באַאַמטע, יידן האָבן אויך דאָס רעכט צו בויען אייגענע שולן און געווערבע־אַנשטאַלטן, צו גרינדן פאַבריקן, פלאַנצן ווײַנגערטנער, קויפן פעלדער, זיי באַאַרבעטן און געניסן פון זייערע פּרוכטן״ 1.

מיר האָבן מיט אַ כּיוון געבראַכט די דאָזיקע לאַנגע ציטאַטע, ווײַל זי איז כאַראַקטעריסטיש אין פיל אופנים. זיצנדיק פאַרשפּאַרט אין דעם קליינעם שטיבעלע אין עק קרעמעניץ, לעבט דער ייִדישער השכּלה־קעמפער מיט די הומאַנע אידעען פון די „אויפקלערער״ אוים דעם 18טן יר״ה און האָט, ווי עס שײַנט, קיין שום באַגריף ניט, אַז אין אייראָפּע האָט זיך אָקאָרשט אָנגעפאַנגען די תקופה פון דער רעסטאַווראַציע מיט דעם בלײַענעם ריעזשים פון מעטערניך און דעם רוסישן צאַר. לעווינזאָן איז געווען גוט באַהבנט אין די „כראָניקעס און היסטאָרישע ביכער״ און ער האָט זייער גוט געוווּסט, ווי אוממענטשליך איוואַן דער גרויזאַמער האָט זיך אָפּגערעכנט מיט די פּאָלאָצקער יידן, בעת ער האָט די דאָזיקע שטאָט באַצוווּנגען; ער האָט אויך זייער גוט געוווּסט, אַז די יידן האָבן שוין דערפאַר ניט געקאָנט „רויִק״ זיצן אין די רוסישע מדינות, ווײַל זיי האָבן דאָרט קיין דריסת הרגל ניט געהאַט. ניט אומבאַקאַנט איז אים אויך געווען דער גרויסער פּסק פון דער גאָטספאָרכטיקער קיסרין עליזאַבעטע פּעטראָווונאַ, אַז פון קריסטוסעס פײַנד, ווײַל זי ניט געניסן קיין שום „קאָריסטנאַי פּריבילי״. דאָס מאַכט זיך, ווי עס שײַנט,

1 תעודה בישראל, פרק ס״ה.

לעווינזאָן מיט אַ כּיוון ניט וויסנדיק, און אויף אַזאַ אומדירעקטן, אמת, גאַנץ נאַיִוון אופן, געבן דער רוסישער רעגירונג אַנצוהערן, אַז מען דאַרף זיך פאַרהאַלטן צו די יידן טאָלעראַנט און זיי געבן בירגער־רעכט. לעווינזאָן האָט אויך געוווּסט, אַז די „ליבעראַלע" כּללים פון 1804 זיינען פּאַקטיש געבליבן אויף פּאַפּיר [1]. ער האָט אָבער, ווי זיינע פאָרגענגער די בערלינער משׂכּילים, פעסט געגלויבט אין דער גענאָדזעליקייט פונם „אויפגעקלערטן אַבסאָלוטיזם", און ער איז דערפאַר געווען איבערציינגט, אַז ניט די רעגירונג איז אין דעם שולדיק, נאָר דאָס אָבגעשטאַנענקייט און דער פאַנאַטיזם פון זיינע ברידער. לעווינזאָן ווייס אויך זייער גוט, אַז צווישן די „כּללים פון 1804" געפינען זיך אויך זייער שטרענגע פּונקטן, און דווקא זיי זיינען כּלל ניט געבליבן אויף פּאַפּיר. און טאַקע אויף איינעם פון די וויכטיקסטע, אויף דעם באַפעל אַרויסצוטרייבן אַלע יידן פון די דערפער, וואָס געפינען זיך אויפן שטח פון 50 וויאָרסט ביי דער גרעניץ, האַלט לעווינזאָן פאַר נייטיק זיך אָפּצושטעלן אין זיין „תּעודה בישׂראל".

פאַרוואָס, — פרעגט לעווינזאָן, — איז אַרויס דער באַפעל, מען זאָל פון די פופציק וויאָרסט ביי דער גרעניץ אַרויסטרייבן דווקא נאָר יידן? ניט אויס שׂנאת הדת און ניט אויס שלעכטסקייט איז דאָס געטאָן געוואָרן, נאָר דערפאַר, וואָס ביי אונז, יידן, זיינען דאָ אַזוי פיל לופט־מענטשן, קליינ־הענדלער, שאַכערער און פאַקטוירים. זייערע פאַרדינסטן זיינען צו קליין, זיי זאָלן קאָנען מפרנס זיין זייערע פאַמיליעס בכּשרות, טוען זיי אָפט שווינדלען, האַנדלען אויך מיט קאָנטראַבאַנד, וואָס דאָס איז אַזוי שטרענג פאַרבאָטן לויטן געזעץ פון דער מלוכה. אמת, ניט יידן גופא זיינען אין דעם שולדיק, וואָס אַזאַ גרויסער פּראָצענט צווישן זיי פאַר־נעמט זיך מיט קליינהאַנדל, נאָר די שווערע צושטאַנדן, אין וועלכע מיר האָבן זיך געפונען אין די פריערדיקע פינסטערע דורות. אָבער איצט זיינען שוין די פינסטערע ציַיטן פאַריבער; אַדאַנק די חסדים פון אונ־זערע מלכים ושׂרים קאָנען מיר זיך פאַרנעמען מיט וואָסערע מלאכה אָדער אונטערנעמונג מיר ווילן, מיר קאָנען זיך אויך אָפּגעבן מיט דער אַרבעט, וואָס איז געווען אַזוי באַליבט ביי אונזער פאָלק אין די קדמונישע

---

[1] אַן אויסנאַם איז בלויז איינער פון לעווינזאָנס אָנגעוויזענע פּונקטן: אַז יידן האָבן דאָס רעכט צו גרינדן פאַבריקן. בכדי ניט צו זיין אָפּהענגיק פון אויס־לענדישע פאַבריקאַנטן, איז די רוסישע רעגירונג געווען באַזונדערס פאַראינטערעסירט צו פאַרגרעסערן די צאָל געוואַנט־פאַבריקן. צווישן די רוסישע געוואַנט־פאַבריקאַנטן איז, ווי מיר האָבן שוין אויבן אָנגעוויזן, אין די 20ער יאָרן פונם 19טן יר"ה געווען אַ געוויסע צאָל יידישע.

ציַיטן—מיט ערדארבעט. שטייט־זשע אויף, ליבע ברידער!—רופט לעווינזאָן אוים, — פֿאַרבײַ זײַנען די פינסטערע ציַיטן! עס פֿאַנגט זיך אָן אַ נײַע ליכטיקע תקופֿה... וואַרפֿט אַוועק דעם שאַכער און קליינהאַנדל, לערנט מלאכות, באַרײַכערט זיך מיט וויסן, פֿאַרנעמט זיך מיט ערדאַרבעט, ווי אייערע אבות האָבן אין די קדמונישע ציַיטן געטאָן, וואָרום נאָר זי, די ערדאַרבעט, גיט אמת גליק און פֿרייד דעם מענטשן. דערמיט וועט איר נושא חן זײַן בײַ דער באַפעלקערונג, צווישן וועלכער איר וווינט, און בײַ אונזער האַר, דעם קיסר, וואָס באַצוועקט אײַער גליק און וווילשטאַנד (החפץ מאד באשרכם ובהצלחתכם) [1].

לעווינזאָן האָט זייער גוט געוווּסט, וואָס פֿאַר אַ גרימצאָרן זײַן ווערק וועט אַרויסרופֿן אין די חסידישע קרייזן. בכדי צו גאַראַנטירן אי זיך אי זײַן ווערק פֿאַר רדיפֿות פֿון דעם אויפֿגעבראַכטן צד שכּנגדו, האָט לעווינזאָן געוואָלט אָננעמען דאָס זעלביקע מיטל, מיט וועלכן עס האָט זיך שוין בשעתו באַנוצט מענדעלסזאָן בײַם דרוקן זײַן תורה־איבער־זעצונג מיטן ביאור. בעת מענדעלסזאָן האָט זיך דערוווּסט, אַז דער האַמ־בורגער רב רפֿאל כּהן האָט בדעה אַרויסצוטרעטן קעגן זײַן אויסגאַבע מיטן געווער פֿון „חרם״, האָט ער דורך זײַנע האַמבורגער פֿרײַנד באַוויזן צו פֿועלן בײַם דענעמאַרקער מלך (אונטער וועמענס מאַכט האַמבורג האָט זיך דעמאָלט געפֿונען), ער זאָל זיך אונטערצייכענען אַלס „פּרענומעראַנט״ אויף מענדעלסזאָנס איבערזעצונג. אַפּשיטא, אַז דער רב האָט שוין ניט געוואַגט אַרײַנצוּוואַרפֿן אין חרם אַן אויסגאַבע, וועלכע דער מלך גופֿא האָט באַוויליקט מיט זײַן אונטערשריפֿט [2]. אויך לעווינזאָן, ווען ס'איז אים ענדליך געלונגען צו שליסן מיט דעם אייגנטימער פֿון דער ווילנער דרוקערײַ אַן אָפּמאַך וועגן דרוקן זײַן „תעודה בישראל״, האָט ער אין דעקאַבר 1827 אַוועקגעשיקט אַן אָפּשריפֿט פֿון זײַן ווערק דעם בילדונגס־מיניסטער א. ס. שישקאָוו און דערבײַ צוגעגעבן אַ לאַנגן דערקלערונגס־בריוו, וווּ ער גיט איבער דעם אינהאַלט און די הויפּט־טעזיסן פֿונם ווערק [3]. צום סוף בריוו בעט ער וועגן צוויי זאַכן: 1) יענער זאָל אים דערלויבן צו „באַשיינען זײַן ווערק מיט דעם מיניסטערס נאָמען״, 2) באַשטימען אים, דעם קראַנקן כּחבֿר, אַ געוויסע געלט־שטיצע, בכדי ער זאָל זײַן אימשטאַנד צו שרײַבן זײַנע ווײַטערדיקע ווערק מיטן צוועק „אויסצובעסערן דעם מאָראַלישן צושטאַנד פֿון דער ייִדישער באַפעלקערונג״. שישקאָוו האָט דעם מאַנוסקריפּט איבערגעגעבן דעם משומד זאַנדבערג, וואָס האָט בײַם

---

1 תעודה בישראל, פּרקי נ״ו, ס״ה—ס״ז.

2 זע אונזער ווערק, ב' VII, ערשטער בוך, 59.

3 דעם בריוו האָט פֿאַרעפֿנטליכט י. חעססען, אין „פּערעזשיטאָיע״, I.

קאָמיטעט וועגן ייִדישע ענינים ערפילט די אויפגאַבן פון אַן עקספּערט און זאַכפאַרשטענדיקן. זאַנדבערג האָט אין זײַן שריפטליכער דערקלערונג אַנערקענט לעווינזאָנס ווערק פאַר זייער נוצליך, האָט אָבער דערבײַ ארויסגעזאָגט דעם ווונטש, אַז עס דאַרפן אויסגעמעקט ווערן אַלע שטעלן, ווו עס ווערן געמאַכט אָנפאַלן אויף דער חסידישער באַוועגונג, אויך וואָלט געווען געוווּנטשן, אַז לעווינזאָנס ווערק זאָל זײַן באַשטעטיקט מיט הסכמות פון רוסיש-פּוילישע רבנים. זאַנדבערג האָט אויך געפונען, אַז עס איז ניט צוועקמעסיק, דאָס ווערק זאָל זײַן געווידמעט אַ קריסטליכן באַאַמטן, ווײַל דאָס וועט אָפּשרעקן די ייִדישע לייענער.

אַ גאַנץ יאָר האָט זיך געצויגן דער משא ומתן, שישקאָוו האָט דערווײַל פאַרלאָזט דעם מיניסטער-פּאָסטן, ביז ענדליך ניקאָלאַי דער ערשטער האָט מיט זײַן אונטערשריפט באַשטעטיקט די פון דעם קאָמי-טעט פאַר ייִדישע ענינים אָנגענומענע החלטה, מען זאָל באַשענקען לעווינזאָנען פאַר זײַן העברעיִש ווערק, וואָס באַצוועקט „די מאָראַלישע באַנײַונג פונם ייִדישן פאָלק”, מיט טויזנט רובל. צו דער זעלביקער צײַט איז דער „תעודה בישראל” פון דרוק דערשינען, און אַלס „שוץ-גראַמאָטע” האָט לעווינזאָן דאָרט פאַרעפנטליכט זײַן אונטערטעניקסטן דאַנק פאַר דעם קיסרס מתנה.

און דער שוץ-בריוו האָט געווירקט. דער „תעודה” האָט טאַקע ארויסגערופן אין די חסידישע קרײַזן אַ גוואַלטיקן שטורעם, דעם קיסרס „באַלוינונג” האָט אָבער געמאַכט דאָס אַפּיקורסישע ווערק און זײַן מחבר אומבאַרירבאַר. דורות לאַנג האָט אָבער געגליט אין די חסידישע הערצער דער טיפער צאָרן און האַס צום קרעמעניצער אַפּיקורס, און דער שרײַבער פון די דאָזיקע ציילן געדענקט נאָך פון די קינדער-יאָרן, מיט וואָס פאַר אַ פאַרביסענעם כעס אַלטע חסידים פלעגן דערמאָנען דעם „תעודקע, ימח שמו וזכרו”.

פיל מילדער האָבן זיך פאַרהאַלטן צו לעווינזאָנס ווערק די מתנגדישע קרײַזן. מען דערציילט אַפילו, אַז דער ווילנער רב ר׳ אַבעלע זאָל האָבן דערקלערט פאַר זײַנע מקורבים: דער איינציקער חסרון פון לעווינזאָנס „תעודה” באַשטייט אין דעם, וואָס ניט דער ווילנער גאון האָט אים פאַרפאַסט. דעם הײַנטיקן לייענער איז אָבער שווער זיך פאַר-צושטעלן, וואָס פאַר אַ גוואַלטיקן רושם לעווינזאָנס „תעודה” האָט געמאַכט אויף דעם בעסערן, וויסנסדורשטיקן טייל פון דער יוגנט. פאַר איר איז דאָס דאָזיקע ווערק געווען ממש אַן אַנטפּלעקונג, אַ גײַסטיקע באַפרײַונג. הונדערטער ישיבה-בחורים, וואָס האָבן אומבאַוווּסט געטאַפּט אין דער פינסטער, געבלאָנדזשעט אויף די וועגן פון לעבן, און מאַכטלאָז

געחלומט וועגן דעם נײַעם וואָרט, וואָס זאָל זיי עפענען די אויגן און זיי ווײַזן דעם ריכטיקן וועג, האָבן אין דעם „תעודה" דערזעען דעם דער־לייזער און געטרײַען וועגווייזער, דעם לעבעדיקן קוואַל, וואָס דערפרישט זייערע שמאַכטנדיקע ליפּן. אויף די בוידעמער, אין די פאַרבאָרגנסטע ערטער, אין דער טיפער נאַכט אין די טונקעלע ווינקלען פונם בית־מדרש, ביים לעצטן צאַנקען פונם חלבנעם ליכטל, האָבן קלויזניקעס און ישיבה־בחורים בסוד־סודות מיט שלאָגנדיקע הערצער גיריק געשלונגען די בלעטער פון „תעודה" און מיט פאַרכאַפּטן אָטעם פאַרנומען דעם אויפרוף פון דעם קראַנקן קרעמעניצער משכיל, וואָס האָט גערופן צו וויסן, צו פּראָדוקטיווער אַרבעט און צו ברייטע וועלטן...

„בלויז אײַער בוך, — האָט אין 1834 לעווינזאָנען געשריבן דער יונגער מתתיהו שטראַשון, — האָט מיר געעפנט די אויגן, און איך בין אַן אַנדער מענטש געוואָרן. איך האָב דאָס בוך געלייענט צוויי מאָל און דרײַ מאָל, און אַלץ ניט געקאָנט זיך אָנזעטן. אַ וווּנדערבאַר ליכט האָט מיט אַמאָל פאַרטריבן פאַר מײַנע אויגן די שאָטנס פון פינסטערניש; אַ הייליק פײַער האָבן אין מײַן האַרצן אײַערע ווערטער אָנגעצונדן און דאָס פײַער ווערט שוין מער ניט פאַרלאָשן" 1.

„אין מײַן פריִער יוגנט, — שרײַבט אין 1841 לעווינזאָנען דער געלערנטער שניאור זק״ש, — בעת איך בין געווען ליידיק פון וויסן און האָב געטאַפּט אין דער שטאָק־פינסטערער נאַכט, האָט פאַר מיר פּלוצלינג ווי אַ ליכטיקײַל דײַן „תעודה" אויפגעשײַנט. ער האָט אין מיר דערוועקט דעם דורשט נאָך ליכט און וויסן, ער האָט פאַר מיר אַנט־פּלעקט דעם וועג, איבער וועלכן איך וועל וואַנדערן מײַן לעבן לאַנג" 2.

מיט דער זעלביקער התפּעלות רעדט אויך דער היסטאָריקער ש. י. פין וועגן דעם רושם, וואָס עס האָט אויף אים בשעתו געמאַכט לעווינזאָנס ווערק. „יעדער בלעטל פון „תעודה", — דערציילט ער, — איז פאַר מיר געווען ממש אַן אַנטפּלעקונג".

ניט מיט קיין קלענערן ענטוזיאַזם האָבן באַגעגנט דעם „תעודה" די גאַליציאַנער משכילים. הייס באַגריסט האָט לעווינזאָנען דער בעל „קנאת האמת" יהודה ליב מיזעס. „מיט וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן, —שרײַבט לעווינזאָנען שלמה יהודה ראַפּאָפּאָרט אין 1826, — האָב איך דײַן ווערק געלייענט. אָט אויף אַזאַ בוך האָב איך שוין פון לאַנג געוואַרט און געהאָפט, אַז עס וועט קומען דער וויסנסמאַן, וואָס וועט דערמיט באַ־

---

1 ספר הזכרונות, 49.

2 באר יצחק, 67.

שענקען אונזער פאָלק. דיין ווערק באַזיצט די צוויי מעלות, וואָס דאַרפן באַשיינען יעדער וויכטיק ליטעראַריש ווערק: נוצליכער אינהאַלט און פיינער שיינער סטיל" [1].

דער „תעודה בישראל" האָט אויפגעמונטערט די איבער די פּראָווינצן צעוואָרפענע קליינינקע איינגעשראָקענע גרופּקעלעך משכּילים; ער איז געוואָרן די פאָן, דער סיגנאַל-רוף, וואָס האָט גערופן צו פאַראייניקונג, צו אָרגאַניזירטער טעטיקייט.

„אָן אַ שיעור יידישע יונגע לייט, — שרייבט גאָטלאָבער אין זיינע זכרונות, — האָבן דעמאָלט (נאָך דעם דערשיינען פון „תעודה בישראל") געעפנט די אויגן און האָבן זיך גענומען לערנען לשון קודש און די לאַנד-שפּראַך [2]. זיי האָבן זיך אָנגענומען מיט שטאַרקן מוט און האָבן זיך ניט דערשראָקן פאַר די פאַנאַטיקער, וואָס זיינען זיי געשטאַנען אין וועג. אין יעדער שטאָט האָבן זיי געגרינדעט אגודות, און די איינצלנע

1 ספר הזכרונות, 17. ס'איז דערביי כּדאי אָנצווייזן אויף פאָלגנדיקן פּרט: ווי ס'איז צו זען אויס דער דאַטע פונם בריוו (1826), האָט ראַפּאָפּאָרט זיך באַקענט מיטן „תעודה בישראל" נאָך אין מאַנוסקריפּט. אויס יעקבקע לאַנדאָס בריוו צו לעווינזאָנען (באר יצחק, 12) זען מיר, אַז לעווינזאָן האָט נאָך אין 1822 צוגעשיקט קיין בראָד אַן אָפּשריפט פון זיין ווערק. עס איז כּמעט אויסער ספק, אַז טאַקע אונטער דער השפּעה פון דעם „תעודה בישראל" האָט ראַפּאָפּאָרט פאַרעפנטליכט אין „בכּורי העתים", 1828, אַ לאַנגן ענטפער-בריוו זיינעם אַ גוטן פריינד. אמת, דער דאָזיקער בריוו זאָל כּלומרשט זיין אַן ענטפער אויף זיין פריינדס אַן אָנפראַגע, וואָס איז געשריבן נאָך סוף 1822. עס איז אָבער לייכט זיך משער צו זיין, אַז די דאָזיקע אָנפראַגע איז לא היה ולא נברא. ערשטנס איז שווער צו פאַרשטיין, פאַר-וואָס האָט ראַפּאָפּאָרט פאַרעפנטליכט זיין ענטפער ערשט אין פינף יאָר אַרום. און צווייטנס איז בכלל שווער צו גלויבן, אַז שיר"ס אַ פריינד, וועלכער ווערט געקרוינט מיט אַזעלכע עפּיטעטן, ווי „ידיד נפשי ואיש בריתי, המשכּיל המפואר נ͏ך השכל", זאָל זיך ערשט דאַרפן אָנפרעגן, צי מעג ער דערלויבן זיין ברודער צו לערנען שפּראַך, וויסנשאַפטן, שטודירן מעדיצין, אָדער לערנען וועלכע ס'איז מלאכה. ס'איז גיכער צו גלויבן, אַז די אַלע פראַגן זיינען פּשוט אָפּגעשריבן וואָרט ביי וואָרט פון דעם אריינפיר צו „תעודה בישראל".

2 אַז לעווינזאָנס פּראָפּאַגאַנדע, מען זאָל לערנען די לאַנדשפּראַך, האָט געהאַט אַ געוויסן דערפאָלג (ווייניקסטנס אין לעווינזאָנס אומגעגנט), קאָן עדות זאָגן דער ביי אונז אויפגעהיטער גאָטלאָבערס אַלבאָם פון די דרייסיקער יאָרן פאַריקן יר"ה, וווּ זיינע פריינד און באַקאַנטע האָבן געמאַכט כּלערליי אויפשריפטן. אין דעם דאָזיקן אַלבאָם (שטאַמבוך) איז רוסיש גלייכבאַרעכטיקט מיט דייטש און העברעיש. אויף זעקס דייטשע אויפשריפטן געפינען זיך פיר רוסישע: איינע אין פּראָזע פון הירש גרינבוים — דעם שפּעטער באַוווּסטן רעגירונגס-באַאַמטן פּיאָטראָוו, די איבעריקע דריי אין פערזן (אומבאַהאָלפענע, גראַמאַטיקאַל אומקאָרעקטע). אונטער איין געדיכט איז געחתמעט יעקב וועקסשטיין, די איבעריקע צוויי זיינען געצייכנט בלויז מיט איניציאַלן.

משכילים, וואָס זיינען שוין געווען פון פריער צעשפּרייט דאָ און דאָרטן, האָבן זיי דערביי מיטגעהאָלפן. זיי האָבן זיך אָפּגעטיילט פון דעם חסידישן כּלל און האָבן זיך געווענדעט צו בילדונג און צו וויסן״ [1].

אין בערדיטשעוו האָט דער משכיל ראָטענבערג אָרגאַניזירט אַ פּאַראיין פון „שוחרי אור והשכּלה״ מיטן ציל צו פאַראייניקן די אַלע, וואָס שטרעבן נאָך ליכט און וויסן. אין ווילנע, וווּ די מאַכט פון דעם חסידיזם איז געווען ניט אין פאַרגלייך שוואַכער ווי אין וואָלין, האָבן די אָרטיקע משכּילים באַלד נאָכן דערשיינען פונם „תעודה בישראל״ [2] באַשלאָסן צו גרינדן אַ יאָרבוך, וואָס זאָל אַרום זיך פאַראייניקן אַלע פּראָגרעסיווע עלעמענטן. אין יאָר 1834 איז שוין געווען צוגעגרייט צום דרוק דאָס ערשטע יאָרבוך אונטערן נאָמען „מנחת בכּורים״ [3]. די רעדאַקציע איז באַשטאַנען פון יצחק־אייזיק בן־יעקב, מרדכי־אהרן גינצבורג, חיים קאַצענעלענבויגען און דעם דיכטער אדם הכהן לעבענזאָן. אין דעם פּאָרויסגעשיקטן פּראָספּעקט ווערט אָנגעוויזן, אַז די יאָרביכער פון בערך 12—15 דרוקבויגן וועלן באַשטיין פון פאָלגנדיקע אָפּטיילונגען: 1) שירים און מליצות; 2) עקזעגעטיק; 3) היסטאָרישע אַרטיקלען, רייזע־באַשרייבונגען, חכמת הטבע, לעבנסבאַשרייבונגען; 4) דברי מוסר; 5) קריטיק און רעצענזיעס; 6) וויסנשאַפטליכע בריוו. דערביי ווערט אָנגעוויזן, אַז אַלע אַרטיקלען וועלן זיין געשריבן „על טהרת לשון הקדש צחה ונקיה״ [4].

מיטן כאַראַקטער און ציל פון דער אויסגאַבע באַקענט מ. א. גינצבורגס אַ לייט־אַרטיקל („קול קורא״). דער אַרטיקל הייבט זיך אָן מיט אַ משל: אַ קראַניך־פויגל איז אַמאָל אַ וואַלד פאַרביי געפלויגן, פונוואַנען עס האָט זיך ניט געהערט קיין שום פויגל־געזאַנג. דערשטוינט באַטראַכט דער קראַניך דעם שטומען וואַלד, פּלוצלינג קומט אים אַ סאָלאָוויי אַנטקעגן און דערקלערט אים, אַז אין וואַלד זיינען דווקא יאָ פאַראַנען

1 א. פרידקין, אברהם בער גאָטלאָבער און זיין עפּאָכע, 211.

2 אין 1841 שרייבט ש. י. פין לעווינזאָנען: דער געדאַנק צו גרינדן אַ צייטשריפט באַשעפטיקט אונז שוין ניט איין און ניט צוויי יאָר, נאָר גאַנצע צוועלף יאָר (זע ספר הזכרונות, 61). מ. א. גינזבורג שרייבט אין 1833, אַז עס זיינען שוין פאַרגאַנגען פינף יאָר זינט ער איז צוגעטראָטן אַרויסצוגעבן דעם מאסף „מנחת בכּורים״, (דביר, ב׳ 82).

3 מנחת בכורים, לשנת ה׳ תקצ״ד לב״ע, והיא מנחה חדשה לבני ישראל יושבי ארץ ליטא.

4 צום שלוס פונם פּראָספּעקט ווערט אויך אָנגעוויזן, אַז די צייטשריפט וועט ווערן געדרוקט אין 300 עקזעמפּלאַרן, וואָס וועלן צעשיקט ווערן אין פאַרשיידענע שטעט צו באַשטימטע פּערזענליכקייטן און יענע וועלן שוין די עקזעמפּלאַרן צעטיילן צווישן די אַבאָנענטן.

א סך זינגפויגל, זיי שוויַגן אָבער אלע, ווייל עס איז ניטאָ פאר וועמען צו זינגען: ביי די וואלדאיינוווינער איז דער געשמאק אזוי פארדאָרבן, אז זיי איז פיל אָנגענעמער צו הערן דאָס גרילצן פון א גריל. „דערמיט אָבער, — רופט אוים דער קראַניך, — וואָס די נאכטיגאלן שווייגן, גע־ווינט איר דאָך אליין צו די וואלד־איינוווינער צום גרילצן פון גרילן!"

נאָך דעם משל גייט דער נמשל: עס איז אויסער ספק,—דערקלערט דער פּראָפעסער,—אז אונזער מדינה (ליטא) איז ניט אָרים אין מענטשן פון וויסן, זיי זיינען אָבער גענייטיקט צו באהאלטן זייערע וויסנס־אוצרות, ניט צו באוויַזן זיי פאר דער ליכטיקער שיַין. וואָרום דאָס פאָלק ישראל איז אנדערש פון אלע אנדערע פעלקער. דאָרט זיינען מענטשן פון וויסן דער שטאָלץ פון פאָלק,—ביי אונז מוזן זיי זיך באהאלטן ווי פארברעכער (כגנב במחתרת). זיי מוזן זיך פארשטעלן, אונטער מאסקעס זיך באהאלטן, א גאנצן טאָג זיך פארנעמען מיט זיַיטיקע זאכן און נאָר אונטער דעם מאנטל פון דער טיפער נאכט, ווען קיינער זעט ניט, פארנעמען זיי זיך בסוד מיט וויסנשאפטן און דברי חכמה, — אזוי גרוים איז דער פחד פאר די פאנאטיקער און מורדי אור... פיל פון די וויסנסבאגיריקע איז געוואָרן דערווידער אזא באהעלטעניש־שפּיל, האָבן זיי דאָס לאנד פאר־לאָזן און זיך באזעצט אין דער פרעמד, ווו זיי קאָנען פראנק און פריי זיך פארנעמען מיט וויסנשאפטן. עס זיינען אָבער ביי אונז אויך פאראנען אזוינע, וואָס שטרעבן נאָך וויסן, זיי שטערט אָבער דאָס, וואָס זיי באזיצן ניט קיין אייראָפּעיִשע שפּראַך. ווער־זשע דאַרף פאר זיי זאָרגן, אויב ניט די, וואָס האָבן שוין אָפענע אויגן און האָבן גענאָסן דאָס ליכט פון אויפ־קלערונג? עס געפינען זיך שוין איצט ביי אונז גענוג אויפגעקלערטע, וואָס קאָנען מיט גרוים דערפאָלג אריַינברענגען ליכט אין די געצעלטן פון ישראל, און איצט איז געקומען דער מאָמענט, ווען אלע מענער פון וויסן דאַרפן אָפן ארויסטרעטן פון זייערע פארבאָרגענע ווינקלען, אראָפּ־וואַרפן די מאסקע פון זיך און ארויסטרעטן פאר דער עפנטליכקייט אין זייער אמתער געשטאלט".

גינצבורג האָט אָבער א טעות געהאַט. דער פּאסנדיקער מאָמענט איז נאָך אלץ ניט געקומען. צו שוואַך, צו קליין אין צאָל זיַינען נאָך געווען די פּראָגרעסיווע עלעמענטן, און דאָס יאָרבוך, כאָטש דער גאנצער מאטעריאל איז שוין געווען גרייט, איז געבליבן ניט געדרוקט און איז פארשפּרייט געוואָרן בלויז אין געציילטע אָפּשריפטן [1]. דער ווילנער משכיל

---

1 מיר האָבן זיך באנוצט מיט דער אָפּשריפט, וואָס האָט זיך געפונען אין דער אָפּע־ביבליאָטעק.

און געשיכטס־פאַרשער ש. י. פין דערקלערט דעם דורכפאַל פון דער דאָזיקער ליטעראַרישער אונטערנעמונג מיט פאָלגנדיקע ווערטער: די דאָזיקע מענער פון וויסן... וואָס האָבן דאָס פאַרטראַכט, האָבן אָבער אויס פיל סיבות ניט געהאַט דעם מוט דעם דאָזיקן געדאַנק צו פאַר־ווירקליכן. דאָס ריכטיקע איז — עס איז נאָך ניט געקומען דער שעת הכושר [1].

אָט דאָס ניט־פאַרעפנטליכטע זאַמלבוך [2], וואָס האָט געזאָלט „פאַרשפּרייטן בילדונג בכל תפוצות ישראל״, באַווייַזט ערשט רעכט, ווי שוואַך און אומבאַהאָלפן עס זייַנען נאָך אין דעמאָלטיקן רוסלאַנד געווען די ייִדישע אויפקלערער אויפן געזעלשאַפטליכן און וויסנשאַפטליכן געביט. עס איז אויסער ספק, אַז צווישן די גרינדער פון דעם יאָרבוך זייַנען געווען מענטשן פון באַדייַטנדיק ליטעראַרישער באַגאַבונג. עס זייַנען צווישן זיי אויך געווען מענער פון לערך סאָלידן וויסן, און דאָך זייַנען זיי געווען אומפעיִק צו שאַפן אַ מער־ווייניק אינטערעסאַנטע צייַטשריפט, שוין ניט רײדנדיק פון געזעלשאַפטליכן [3], נאָר אַפילו פון ריין וויסנשאַפטליכן שטאַנדפונקט. אַ דערקלערונג דערויף קאָן מען געפינען טאַקע אין דעם אויבן ציטירטן גינצבורגישן „קול קורא״. מיר באַקומען דאָרט אַ גאַנץ קלאָר בילד, ווי אַזוי די ייִדישע אינטעליגענטן פון די 20ער יאָרן זייַנען געווען אָפּגעזונדערט פון דער פאָלקסמאַסע און זייַנען געווען גענייטיקט

---

1 שפה לנאמנים, 169: אנשי המדע האלה... אם התעוררו לחשוב מחשבות לא מצאו עוד בנפשם להוציא את מחשבותיהם אל הפועל מסבות שונות ויותר כי לא באה עוד שעת הכשר.

2 אַ געוויסער טייל פון דעם ניט פאַרעפנטליכטן מאַטעריאַל איז דערנאָך געווען געדרוקט אין דער זאַמלונג „פרחי צפון״. גינצבורגס „קול קורא״ איז איבער־געדרוקט אין צווייטן טייל „דביר״ (1—5).

3 דערבייַ מוז מען, נאַטירליך, נעמען אין באַטראַכט די דעמאָלטיקע זייער שווערע צענזור־צושטאַנדן. די ייִדישע צענזאָרן זייַנען געווען נאָך גרעסערע מחמירים, ווי די רוסישע. דערויף קלאָגט זיך טאַקע מ. א. גינצבורג אין זייַן אויבן ציטירטן בריוו פון 1833: והאמת אגיד לך כי כביד ידידנו הרב הצענזאָר (וו. טוגענדהאָלד) בבקורתו הקשה מרפה את ידי גם מאת המחברת הזאת (מנחת בכורים) וגם מאת ס׳ „תולדות בני אדם״ אשר יעדתי לחבר, כי אם ישים חוק לי להתאפק מכל דבר הנוגע לענין המדינה, כי עתה לא אוכל לעשות תושיה, וגם בהמבוא פסל דברים אשר לא מצא כל מחמיר בהם שמץ פסול (דביר, II, 81). אייניקע קוריאָזן פון דער ייִדישער צענזור אונטער ניקאָלאַיס ממשלה האָט פאַרן קולטור־היסטאָריקער אויפגעהיט דער „אָריענט״ (1845, 458). אין אייניקע סידור־און מחזור־אויסגאַבן איז אומעטום דאָס וואָרט גוי אָדער גויה פאַרביטן געוואָרן דורכן וואָרט ישמעאל. דאָס זעלביקע מיטן וואָרט יָוָן. אויף אַזאַ אופן איז דער אויסדרוק: הצילני מטיט היון פאַרביטן געוואָרן אויף: הצילני מטיט הישמעאל. און נאָך פיל אַזוינע קוריאָזן.

ניט בלויז צו באַהאַלטן פאַר דעם ברייטן פּובליקום זייער וועלטבאַנעם, נאָר אַפילו דעם פאַקט גופא, אַז זיי זיינען זיך עוסק מיט ספרים חיצונים, ד"ה, אַז זיי קוקן אַרײַן אין אַ בוך פון וועלטליכן אינהאַלט. דאָס אַליין איז שוין געווען אַ גרויס פאַרברעכן, פאַר וועלכן מען האָט גערודפט אָן רחמנות. די אָפּגעזונדערטקייט פון די דאָזיקע אויפקלערער האָט זיך נאָך מער פאַרשאַרפט דורך דעם, וואָס זיי האָבן אויפגענומען די עלעמענטן פון אייראָפּעיִשן וויסן אין דעם לבוש פון ד ײַ ט ש ע ר קולטור. די מענדעלזאָנישע תורה־איבערזעצונג און די ליטעראַטור פון די בעלי „המאספים" האָט זיי געבראַכט אין קאָנטאַקט מיט דער דײַטשער שפּראַך און דײַטשער ליטעראַטור. זיי זײַנען געוואָרן „בערלינער", ד"ה טרעגער פון אַ פרעמדער קולטור, ניט פון דער קולטור פון דעם לאַנד, ווו זיי האָבן געוווינט.

בעת די בעלי „המאספים" האָבן מעכאַניש קאָפּירט די דײַטשע מוסטערן, זײַנען זיי וויניקסטנס געבליבן אין דער ספערע פון דער אַרוּ־מיקער קולטור,—די רוסישע „בערלינער" אָבער, מיט זייער „דײַטשמעריש", מיט זייער קאָפּירן די דײַטשע מוסטערן האָבן שוין מיט זיך פאָרגע־שטעלט גאַנץ מאָדנע פרעמד־געקינסטלטע און באָדנלאָזע געוויקסן. עס דאַרף נאָך דערבײַ אָנגעמערקט ווערן, אַז אונזערע משכילים פון די צוואַנ־ציקער און דרײַסיקער יאָרן האָבן קאָפּירט די דײַטשע מוסטערן ניט פון זייער תקופה, נאָר די פונם 18טן יר"ה, וואָס האָבן נאָך בשעתם געדינט אַלס מוסטער פאַר די „מאספים". דערמיט איז אויך צו דערקלערן, וואָס די פאַר דעם סוף 18טן יר"ה אַזוי כאַראַקטעריסטישע אַמאַלגאַמע פון אויבנאויפיקן ראַציאָנאַליזם און טרוימערישן סענטימענטאַליזם, באַ־מערקט זיך אַזוי בולט אין דער העברעיִשער ליטעראַטור פון די 20ער און 40ער יאָרן, און גיט איר צו אַ גאַנץ אייגנאַרטיקע באַפאַרבונג. די אָפּגעזונדערקייט פון די דעמאָלטיקע משכילים, דער האַס און ביטול, מיט וועלכע די מאַסע האָט זיך פאַרהאַלטן צו זיי, דאָס אַלץ האָט נאָך מער מיטגעהאָלפן, וואָס די דעמאָלטיקע ליטעראַטור האָט געטראָגן אַזאַ סכעמאַטיש־אַבסטראַקטן כאַראַקטער. אָבער טאַקע בלויז מ י ט ג ע ה אָ ל פ ן, וואָרום עס האָבן דערבײַ מיטגעווירקט אויך אַנדערע סיבות, אויף וועלכע מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, בעת מיר האָבן באַהאַנדלט די תקופה פון די „מאספים". פיל פון די משכילים, וואָס האָבן געקעמפט פאַר נײַע לעבנס־פאָרמען, זײַנען נאָך אַליין געווען גאַנץ שטאַרק דורכגעדרונגען מיטן גײַסט פונם אַבסטראַקטן רביניזם און טרוקענער כּכאָלאַסטיק. ווײַל זיי זײַנען ניט געווען ביכולת צו לעבן מיט די אינטערעסן און לעבנספראַגן פונם פאָלק, האָבן זיי זייער גאַנצע ליבע און אויפמערקזאַמקײַט געשאַנ־קען דער ש פּ ר אַ ך. דאָס קולטיווירן די ביבל־שפּראַך איז געוואָרן

א זעלבסטציל, די שפראך פאר זיך אליין, אומאפהענגיק פונם אינהאלט; און ניט זעלטן איז די „שפה הַיָפָה, היחידה השרידה״ * געווארן דער סינאָנים, דער תּוך און מהות פון השכלה בכלל. און אָט די „מענטשן פון פאריקן יאָרהונדערט״, ווי די משכּילים פון די 20ער און 40ער יאָרן הייסן ביי לעוואנדען, וואָס האָבן געלעבט אזא אָפגעזונדערט קולטורעל לעבן, עפּעס ווי אויסער צייט און פארנעם, אָן א קלאָרן באגריף וועגן דער פּאַקטישער לאגע פון דעם לאנד און דער מלוכה, ווו זיי האָבן זייער גאַנץ לעבן פארבראכט, האָבן דערביי געהאלטן פאר זייער הייליקן חוב צו זיין איבערגעגעבענע פּאטריאָטן, וואָס ליבן היים זייער פאטער־לאנד. דער באגריף פון פאטערלאַנד און מלוכה האָט זיך אָבער ביי זיי זוויסטערליש צונויפגעפלאָכטן מיטן באגריף פון „רעגירונגסמאכט״ און „אויפגעקלערטער אבסאָלוטיזם״...

ערשט אין די דרייסיקער יאָרן זיינען די משכּילים געווען אינשטאנד ארויסצושטעלן א מער־וויניק קאָנקרעטע פּראָגראַם, און דאָס — אויסשליסליך אדאנק דעם באשעפער פון „תּעודה בישראל״, יצחק בער לעווינזאָן. דאָס האָט ער ארויסגעשטעלט א פּראָגראַם וועגן רעפאָרם פון דעם רוסישן יידנטום אין פינף פּונקטן, וואָס האָט געגאָלטן אלס אָנערקענטער מאַניפעסט פון די אויפקלערער און פּראָגרעסיסטן אין משך פון ניקאָלאַי דעם ערשטנס רעגירונג. ווייל די דאָזיקע פּראָגראַם האָט א קולטור־היסטאָרישן אינטע־רעס, ברענגען מיר זי מיט אייניקע ניט־באדייטנדיקע קירצונגען:

א) מען זאָל גרינדן גוט איינגעאָרדנטע שולן און דאָרט לערנען מיט די קינדער תּורה, דת, מצוות, מדות טובות און מוסר צוזאמען, אלץ, וואָס עס געהער צו גאָט און צו לייט, צו דער רעגירונג און צום פאָלק, צווישן וועלכן מיר וואוינען, און דאָס אלץ אין ריכטיקן סדר. און דערצו זאָלן זיין צוגעגרייט פאסנדיקע ביכער, וואָס זאָלן באהאנדלען די דאָזיקע פראגן גוט צוגעפּאסט צו דעם פארשטאנד פון די קינדער לויט זייערע יאָרן. אויך די מיידלעך דארף מען באקענען לויט זייערע השגות מיט די יסודות פונם דת, פון מאָראל און מוסר. סיי די יינגלעך, סיי די מיידלעך זאָל מען לערנען דערביי עפּעס א מלאכה אָדער אזוי אָן ארבעט, ווייל דאָס ליידיק ארומגיין און דער שטענדיקער מאנגל אין פּרנסה איז דער אָנפאנג פון אלע פארברעכנס. די מלמדים, ווי אויך די לערערקעס (פאר מיידלעך), דארפן זיין מענטשן פון וויסן, בעלי מדות ומוסר, יראים ושלמים, גוט בקיא אין דעם ענין פון קינדער־דערציִונג... עס איז כּלל ניט נייטיק, אז דאָס גאנצע פאָלק, פון גרויס ביז קליין, זאָלן אלע זיין רבנים, חכמים,

* די שפראך — די שיינע, די איינציק איבערגעבליבענע.

פילאָלאָגן, דאָקטוירים אָדער פילאָזאָפן און משוררים. דערצו זיינען באַרופן בלויז געציילטע מענטשן, און עס איז גאָר שווער זיך פאָרצושטעלן, וואָס פאַר א גוואַלדיקן שאָדן עס קאָן ברענגען דער געדאַנק, אז אַלע דאַרפן זיין געלערנטע. עס איז גענוג פאַרן פשוטן מענטשן מיט באַגרע־ניצטע פעיִקייטן, ער זאָל קענען תנ״ך מיט א פירוש מספּיק, האָבן א וועלכע־ס׳איז ידיעה אין דקדוק, זיין באַקאַנט מיט די נייטיקסטע דינים פון שלחן ערוך, זאָל זיין מער־ווייניק באַהבנט אין דער לאַנד־שפּראַך בכתב ולשון, האָבן א באַגריף אין חכמת החשבון, זאָל זיין אינשטאַנד צו לייענען א מוסר־ספר אויף לשון קודש, אויך אביסל לשון קודש שרייבן. דאָס בנוגע קליינע שטעטלעך. אָבער אין גרויסע שטעט מיט באַדייטנ־דיקע יידישע קבוצים, ווי וואַרשע, ווילנע, אָדעס, בערדיטשעוו, — דאָרט דאַרפן אויסער קינדער־שולן געגרינדעט ווערן אויך העכערע שולן (בתּי מדרש גדולים), וווּ עס זאָלן די בני העליה, ד״ה, יונגע לייט מיט גוטע פעיִקייטן, לערנען תלמוד און פּוסקים אונטער דער השגחה פון גרויסע רבנים, וואָס דאַרפן געוויילט ווערן פון דער גאַנצער מדינה. אויך דאַרפן אין די דאָזיקע שולן געלערנט ווערן, לויט דעם גוסט און חשק פון די תלמידים, אַלערליי וויסנשאַפטן און שפּראַך ביי באַדייטנדיקע געלערנטע און ספּעציאַליסטן, וואָס וועלן דערצו אויסגעוויילט ווערן. און דאָס אַלץ לויטן בעסטן סדר און שטרענגער השגחה...

ב) מען זאָל אויסוויילן א רב הכולל און א גרויסן בית־דין פון וויסנסמענער (חכמי מדע), וואָס זאָל זיצן מיט אים צוזאַמען, און דורך זיי זאָלן אויסגעקליבן ווערן רבנים, מגידים און בעלי־הוראה... אויך זאָלן דערצו אויסגעקליבן ווערן פון דער מדינה בכבודיקע און פאַרשטענדיקע גבירים, זיי זאָלן זיין פּרנסים כוללים און זאָלן אכטונג געבן אין שטאָט־זאַכן (צרכי רבים). אָט די פּרנסים כוללים צוזאַמען מיטן רב הכולל און מיט דער הילף פון נאָך אייניקע חכמים משכילים יודעי לשון וספר, וואָס זיינען בקיא אין געזעלשאַפטליכע פראַגן, דאַרפן השגחה האָבן, מיט דער דערלויבעניש פון דער רעגירונג, איבער אַלץ, וואָס איז נוגע דעם נוצן פון דעם כלל און דעם פּרט. און ס׳איז ממש אָין לשער, וואָס פאַר א טובה דאָס וועט ברענגען די אָרעמע פון פאָלק און די קליינע בעלי־בתים, בפרט אין די קליינע שטעטלעך, ווו די אָרעמע לייט און קליינע בעלי־בתים זיינען, נעבעך, היינט ווי די שטומע שאָף, זיי ציטערן און האָבן פּחד פאַר זייערע מנהיגים און גבירים, וואָס שערן זיי ווי די שאָף, זויגן אויס זייער בלוט ווי די הונגעריקע וועלף און דערלאָזן ניט, זיי זאָלן זיך באַקלאָגן פאַר דער באַרעמהאַרציקער רעגירונג, וואָס איר גאַנצער ציל איז דאָך צו שטיצן דעם אָרעמען און באַשיצן אים פאַר דעם, וואָס באַרויבט אים...

ג) עס זאָלן זײַן מגידים און מוכיחים אין יעדער שטאָט, ווי אין אמאָליקע צײַטן, קלוגע מענטשן, וואָס זײַנען געבענטשט מיט אַ רעדנער־טאַלענט. זיי זאָלן דרשנען אין באַשטימטע טעג, בפרט שבת און יום־טוב, זאָגן מוסר דעם עולם אין פּאַסנדיקע ווערטער, וואָס זאָלן זײַן פול מיט חן און שכל טוב, בכדי זיי זאָלן מאַכן אַ רושם אין די הערצער פון די צוהערער. זיי דאַרפן אויפמערקזאַם מאַכן דאָס פאָלק אויף אַלע שלעכטע מידות, וואָס זײַנען אײַנגעוואָרצלט געוואָרן אין אונזער לעבן בכלל, און אין יעדער שטאָט און קהילה, ווי אויך בײַ יעדן יחיד באַזונדער. די דאָזיקע מגידים און דרשנים זאָלן ניט דרשנען וועגן רמזים און קבלה, נאָר וועקן אין עולם דעם חשק צו אַרבעט און מלאכות, דערקלערן אים, וואָס אויף דעם יחיד איז מוטל הן בנוגע צו גאָט, הן בנוגע צו זיך אַליין, אַזוי אויך צו אייגענע און פרעמדע, צו דער רעגירונג אאַז״וו.

ד) מען זאָל זיך סטאַרען בײַ דער רעגירונג, זי זאָל וויניקסטנס אַ דריטל פון יעדער קהילה באַזאָרגן מיט פעלדער, יענע זאָלן זיי באַאַר־בעטן און זיי זאָלן דערציען בהמות און שאָף, ווי אונזערע אבות האָבן זיך געפירט. אויך דאַרפן אין די דאָזיקע קאָלאָניעס געגרינדעט ווערן שולן, וווּ די קינדער זאָלן לערנען ביז 12 יאָר די לימודים, וואָס זײַנען אָנגעוויזן אין פּונקט א׳.

ה) די רבנים זאָלן שטרענג פאַרזאָגן דער ייִדישער באַפעלקערונג ניט צו דערלויבן זיך קיין שום לוקסוס־זאַכן, ניט צו טראָגן קיין טייערע זײַדענע קליידער, קיין צירונג פון גאָלד און פערל און אויך ניט צו באַנוצן קיין טייערע חפצים אין הויז־בעלי־בתישקייט, וואָס מען קאָן זיך אָן זיי לײַכט באַגיין, ווײַל די דאָזיקע מותרות ברענגען צו שנאה און דערפירן צו אַלערליי פאַרברעכנס. בפרט די ברידער אונזערע, וואָס וועלן זיך פאַרנעמען מיט ערדאַרבעט, זאָלן למען השם אויסמײַדן וועלכן־ס׳איז לוקסוס, זיי דאַרפן פירן אַ פשוט לעבן, זיך קליידן אין ניט טייערע מלבושים, איינפאַך, אָבער ריין.

די דאָזיקע פּראָגראַם, צוזאַמען מיט דעטאַלע דערקלערונגען בנוגע דעם פּראָיעקט וועגן גרינדן ייִדישע שולן און באַשעפטיקן די ייִדן מיט ערדאַרבעט, איז די ערשטע צײַט פאַרשפּרייט געוואָרן אין פילצאָליקע אָפּשריפטן [1], און אין 1839 האָט זי לעווינזאָן פאַרעפנטליכט אין צווייטן טייל פון זײַן „בית יהודה“ [2], וואָס ער האָט לכתחילה פאַרטראַכט אַלס המשך פון זײַן „תעודה בישראל“.

---

1 זע בית יהודה, 1839, 355.

2 דאָ־טן, 348—354.

נאָך איידער דער „תעודה בישראל" איז אין דרוק דערשינען, איז לעווינזאָן צוגעטראָטן צו אַ צווייטן ווערק, וואָס ס'האָט אין דער התחלה געטראָגן דעם נאָמען „מאמר קורות הדת לישורון".

ער האָט געפּרוּווט געבן אין אַ קלאָרער און פּאָפּולערער פאָרם אַ סיסטעמאַטישן היסטאָריש-וויסנשאַפטליכן איבערבליק איבער דער אַנטוויקלונגס-געשיכטע פון דעם יודאַיזם. ווי דער „תעודה בישראל", אַזוי איז אויך אָט דאָס ווערק געווען געשריבן אַלס ענטפער אויף אַ געוויסער צאָל פראַגן, וואָס זיינען אַרויסגעשטעלט אין דער הקדמה: וועגן דעם מהות פון ייִדישן דת, וועגן דעם באַדייט פון תורת משה און פון תלמוד בבלי, ווי פאַרהאַלט זיך דער רעליגיעזער ייִד צו דער קריסטליכער באַפעלקערונג אאז"וו. אין 1828 איז דאָס ווערק שוין געווען פאַרטיק, און לעווינזאָן האָט עס אַוועקגעשיקט קיין ווילנע, און נאָכדעם, ווי עס איז אין 1829 דערהאַלטן געוואָרן אַ דערלויבעניש פון דער צענזור, איז דער מאַנוסקריפּט איבערגעגעבן געוואָרן אין דער זעלביקער דרוקעריי, וואָס האָט אָקערשט אָפּגעדרוקט דעם „תעודה בישראל". חוץ דער אָפיציעלער צענזור האָט אָבער עקזיסטירט נאָך אַ אינוויינקסטע צענזור — דער ווילנער ראַבינאַט. ווי נאָר די רבנים האָבן זיך באַקאַנט מיט די אין אָנהייב פון לעווינזאָנס מאַנוסקריפּט אַרויסגעשטעלטע שאלות, האָבן זיי דאָרט דערזען לויטער אַפּיקורסות. זיי האָבן גלייך אַוועקגעשיקט אַ בריוו צו לעווינזאָנען מיטן באַפעל, ער זאָל זיך ניט דערוועגן צו דרוקן אַזאַ ווערק, ווייל אַזעלכע שאלות קאָנען גרויס שאָדן ברענגען דעם דת. דער דרוקער האָט זיך אויך דערשראָקן, און גלייך דעם מאַנוסקריפּט צוריק אָפּגעשיקט דעם מחבר. איז דעמאָלט לעווינזאָן געפאַלן אויף אַזאַ המצאה: ער האָט זיך געמאַכט פאַר אַ תם און דערקלערט אין זיין ענטפער די רבנים, אַז די דאָזיקע שאלות האָט דאָך ניט ער, דער מחבר, אַרויסגעשטעלט, נאָר מיט זיי האָט זיך געווענדט צו אים אַ גרויסער באַאַמטער, עמנואל ליווען, און אַלס ענטפער אויף די אַלע באַשולדיקונגס-פראַגן, האָט ער זיין ווערק געשריבן, אין וועלכן ער איז מגין * אויפן דת ישראל. דער דאָזיקער עמנואל ליווען איז אָבער לא היה ולא נברא, נאָר ווייל דער דעמאָלטיקער בילדונגס-מיניסטער האָט געהייסן קאַרל ליווען, האָבן די רבנים געמיינט, אַז דאָס האָט ער זיך געווענדעט צום „אוטשאָני יעווריי" לעווינזאָן מיט די דאָזיקע פראַגן. דערפאַר האָבן זיי שוין ניט געוואַגט צו פאַרווערן לעווינזאָנען זיין ווערק צו דרוקן. דער ווילנער דרוקער האָט זיך

---

* שיצן.

אָבער דאָך אָפּגעזאָגט דאָס בוך צו דרוקן (וואַרשײַנליך ניט אָן דער איניציאַטיווע פון די רבנים) [1]. וועגן די ווײַטערדיקע „גלגול־מחילות", וואָס דער מאַנוסקריפּט האָט געהאַט אויסצושטיין, דערציילט לעווינזאָן גופא אין איינעם פון זײַנע בריוו:

„צו יענער צײַט, — שרײַבט לעווינזאָן, — בין איך שווער קראַנק געוואָרן און די קראַנקהייט האָט זיך געצויגן גאַנצע צוויי יאָר. איך בין געווען נאַקעט און בלויז, ממש אָן אַ שטיקל ברויט, אָן וועלכער עס איז הילף, אָן דער מינדסטער האָפענונג. און דערצו נאָך די אַלע אומאָנגענעמליכקייטן און שווערע איבערלעבונגען. גראָד דעמאָלט האָט זיך צו מיר געווענדעט דער באַקאַנטער געלערנטער (און פאַרלעגער) משה לאַנדוי אויס פּראָג [2] מיטן פאָרשלאָג, אַז ער האָט בדעה מײַן ווערק צו דרוקן. עס איז אָבער דערפון גאָרנישט געוואָרן. באַלד נאָכדעם האָט זיך צו מיר געווענדעט מײַן פרײַנד בעריש בלומענפעלד אויס בראָד, איך זאָל אים צושיקן דעם מאַנוסקריפּט און ער וועט אים דרוקן אין גאַליציע. איך האָב קיין קאָפּיע ניט געהאַט, ס'איז אָבער קיין אַנדער ברירה ניט געווען, האָב איך מײַן איינציקן מאַנוסקריפּט אַוועקגעשיקט איבער יענער זײַט גרעניץ. אויך דאָרט איז דער ענין צו נישט געוואָרן. האָט מײַן חיבור אָנגעפאַנגען צו וואַנדערן איבער דער וועלט: פון בראָד קיין אונגאַרן, פון דאָרטן קיין פּראָג, דערנאָך קיין ווין, און סוף־כל־סוף ווידער קיין בראָד צו בלומענפעלדן. מאַכט זיך גראָד אַ שׂרפה אין בלומענפעלדס הויז און עס ברענען אָפּ נאָך אייניקע הײַזער. אַ שטיק צײַט האָט מען גערעכנט, אַז דער מאַנוסקריפּט איז פאַרברענט געוואָרן, ביז מען האָט אים צופעליק געפונען צווישן בלומענפעלדס געראַטעוועטע זאַכן. דערווײַל האָבן מיר מײַנע ווילנער פרײַנד מודיע געווען, אַז עס איז דאָ אַ האָפענונג, מײַן ווערק זאָל געדרוקט ווערן אין ווילנע. נאָך פיל מאַטערנישן איז ענדליך געלונגען (אין 1835) דעם מאַנוסקריפּט איבערצוטראַנספּאָרטירן פ'ן בראָד קיין ווילנע און דאָרט אויפסנײַ אים צו באַזאָרגן מיט אַ צענזור־דערלויבעניש. עס האָט זיך אָבער נאָך געצויגן גאַנצע דרײַ יאָר ביז מײַן ווערק איז ענדליך (אונטערן טיטול „בית יהודה") אין דרוק דערשינען". [3]

ווי אין „תעודה", אַזוי אויך אין „בית יהודה" באַרירט לעווינזאָן מיט גרויס פאָרזיכט די פראַגן, וואָס קאָנען אָפּשרעקן און דערצערנען

---

1 זע אגרות ריב״ל, 1896, 17 (לעווינזאָנ׳ס בריוו צו ד״ר ראובן קאַלישער).

2 איינער פון די רעדאַקטאָרן פון „בכורי העתים".

3 ספר הזכרונו׳ת, 40.

דעם אָרטאָדאָקסישן לייענער [1]. ער ווײַזט אַפילו אָן אין „בית יהודה", אַז „פון שלום וועגן טוען די חכמים ניט זעלטן דעם אמת פאַרשווײַגן". לעווינזאָן פאַרשווײַגט אָבער פּאַקטיש ניט דאָס, וואָס ער האַלט פאַר אמת, און זאָגט ביסלעכווײַז אַרויס זײַנע ראַציאָנאַליסטישע געדאַנקען, ווען אַפילו פאַרשטעלט און צונויפגעפלאָכטן מיט מאמרי חז"ל. ער שטעלט אַוועק דעם דעוויז, אַז „אֵין אמת כי אם בהסכמה עם הדעת" [2], און דאָס, וואָס איז ניט מסכים מיטן דעת, — „לא יפול עליה שום אמת", קאָן קיין אמת ניט זיין. שטיצנדיק זיך אויפן רמב"ם און אויף אַנדערע גדולים, גיט ער דעם לייענער צו פאַרשטיין, אַז מקיים זײַן דאָס געבאָט פון „ואהבת את ד' אלהיך" (דאַרפסט ליב האָבן גאָט) קאָן מען ערשט „אחר ציור שכלי והשגה ברורה והתבונן בדורות" [3], און אַז חכמה איז קודם למעשה [4]. ער ווײַזט אָן, אַז „חכם עדיף מנביא" *, אַז דער בעסטער געזעצגעבער איז דער שכל הישר, און דער „האדם השלם", דער פול-קומענער מענטש איז דער, וואָס איז אַ „חכם כללי" ** און איז בקיא ניט בלויז אין דער תורה, נאָר אויך „בכל החכמות והמדעים" [5].

ווײַל אין דער ביבלישער תקופה איז בײַ די ייִדן דאָס רעליגיעזע לעבן געווען פעסט צונויפגעבונדן מיטן פּאָליטישן, האַלט לעווינזאָן פאַר נייטיק צו געבן אין ערשטן טייל אַן אַלגעמיינעם היסטאָרישן איבערבליק איבער דער תקופה זינט די אָבות ביז דעם חורבן בית שני. דערבײַ איז כדאי אויפמערקזאַם צו מאַכן אויף איין כאַראַקטעריסטיש שטריך: מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אַז לעווינזאָן האָט, ווי די אַנדערע משכילים פון יענעם דור, געהאַלטן עולם ומלואו פון דעם „אויפגעקלערטן אַבסאָלוטיזם" און איז געווען אַנטציקט פון דער לײַטזעליקייט פון די אייראָפּעיִשע „מלכי חסד". דאָך, ווען ער רעדט אין זײַן היסטאָרישן איבערבליק וועגן דער אוראַלטער תקופה פון די אָבות, ווען די ייִדישע שבטים זײַנען

---

1 בלויז זײַן האַס צו די חסידים וויל ער ניט פאַרבאָרגן, און דערקלערט מיט כעס, „אַז יעדער פאַרברעכער און רויבגיריקער (כל מעול רשע ואוהב חמס) הייסט הײַנט חסיד". (בית יהודה 320)

2 עס איז קײן אמת ניט פאַראַנען, וואָס שטימט ניט מיטן וויסן צוזאַמען (דאָרטן, 23).

3 נאָכדעם, ווי מען באַקומט מיט דער הילף פונם פאַרשטאַנד קלאָרע און דײַטליכע באַגריפן (בית יהודה, 116).

4 דאָרטן, 60.

* אַ חכם איז גרעסער פון אַ נביא.

** אַ פּילזײַטיקער חכם.

5 דאָרטן, 68.

נאָך געווען נאָמאַדן און האָבן געלעבט דער עיקר פון ביצוכט, חוץ ער צוויי מאָל מיט גרויס התפעלות איבער, וואָס פאַר אַ גליקליך לעבן יענע האָבן געפירט, באשר זיי האָבן דאָך געלעבט פראַנק און פריי, זיי זיינען ניט געווען אונטערטעניק קיין שום מענטשן, האָבן ניט געוווּסט פון קיין האַר איבער זיך; וועגן שטייערן און אָפּצאָלונגען האָבן זיי קיין באַגריף ניט געהאַט, — פריי פון אַלץ זיינען זיי געווען [1].

נאָכדעם ווי לעווינזאָן גיט דעם לייענער צו פאַרשטיין דעם אונטערשייד צווישן „דת טבעית" און „דת נגלית" (נאַטירליכע רעליגיע און אַנטפּלעקטע רעליגיע), ווייזט ער אָן אויף דעם וויכטיקן קולטור־היסטאָרישן פאַקט, אַז ביי דעם רוב קולטור־פעלקער (עגיפּטער, גריכן וכדומה) זיינען געווען „צוויי תורות": איינע אַ געשריבענע, אין וועלכער עס זיינען פאַרן פשוטן פאָלק קורץ פאַרשריבן די גרונד־געזעצן אָן שום דערקלערונגען, און די צווייטע, די תורה שבעל פה, מיט פירושים און טעמים צו יעדן געזעץ, צוזאַמענגעבונדן מיט אידעען און סברות, וואָס זיינען געווען איבער דער השגה פונם המון. אָט די דאָזיקע צווייטע תורה איז געווען איבערגעגעבן דער ספּעציעלער קאַסטע פּריסטער און יודעי ספר. דאָס האָבן זיי, — דערקלערט לעווינזאָן מיט אַ פרומער מינע, — געוויס נאָכגעטאָן דעם אויסדערוויילטן פאָלק ישראל, וואָס האָט ביים באַרג סיני באַקומען די תורה, ווו די געזעצן זיינען אויך געגעבן בתכלית הקיצור אָן פירושים, וואָרום די תורה איז דאָך געגעבן געוואָרן פאַרן גאַנצן פאָלק, וואָס איז דאָך געווען אַ פאָלק פון פשוטע ערדאַרבעטער, וואָס זיינען געווען פאַרנומען מיט שווערער אַרבעט און האָבן קיין צייט ניט געהאַט זיך פיל אָפּצוגעבן מיט תורה [2]. אַלע דערקלערונגען און פירושים, אויך אַלע מעגליכע ספיקות האָט משה רבינו איבערגעגעבן אַלס תורה שבעל פה די זקנים און חכמי הדור. אָט זיי, דער בית־דין און חכמי הדור, דערקלערן עס די געזעצן און מצוות פון דער תורה לויט די „כְּלָלֵי החכמה", וואָס משה רבינו האָט איבערגעגעבן די זקנים, אָדער „על פי שיקול הדעת" (לויט דעם לאָגישן פאַרשטאַנד), און פּאַסן זיי צו „לפי הזמן והמקום". און ווידער טאַקע שטיצנדיק זיך אויף פיל ציטאַטן פון אָנגענומענע אַווטאָריטעטן, דערקלערט לעווינזאָן זיינע לייענער, אַז אין פאַרשיידענע דורות, יע נאָך די אומשטענדן, האָבן די חכמי הדור פאַרשיידן אויסגעטייטשט געוויסע דינים און מנהגים. אָט ווייסן מיר

---

1 המאושרים האלה חיו חיי אושר והצלחה, חיי דרור וחפשות, לא היו משועבדים לשום אדם, ממסים וארנוניות לא ידעו... ויחיו חיי מנוחה ושאנן ולא שמעו לקול נוגש, לא שלמו לשום אדם מס וארנוניות אבל היו חפשים מכל דבר (דאָרטן, 37, 39).

2 דאָרטן, 57.

דאָך, אַז אין דער געגנט, ווו ר׳ יוסי הגלילי האָט געוווינט, האָט מען געגעסן פלייש פון אַן עוף געקאָכט אין מילך [1], און דאָרט, ווו ר׳ אלעזר האָט געלעבט, פלעגט מען אום שבת האַלץ האַקן און פייער מאַכן, בכדי גרייט צו מאַכן „כלי ברזל למילה". בכלל, ווייזט לעווינזאָן אָן און פרווט דאָס טאַקע באַשטעטיקן דורך פיל ביישפילן, האָבן די סופרים און חכמי המשנה אין פיל דינים מֵקיל געווען. זיי האָבן דערביי, — דערקלערט ער, — ניט עוקר געווען, חס ושלום, אַ לַאו פון דער תורה, נאָר זיי האָבן זיך געפליסט צו געפינען אין דער תורה גופא אַ געוויסן היתר קעגן דעם דאָזיקן לַאו, אָדער דורך וועלכע אַנדערע מיטלען, בכדי די תורה זאָל בלייבן ניט געענדערט (בחזקתה עמדה), און די מעשים זיינען געטאָן געוואָרן „כפי הזמן והמקום" [2].

לעווינזאָן ווערט אויך ניט מיד אויפמערקזאַם צו מאַכן זיינע לייענער דערויף, וואָס פיל מנהגים, דינים, אָנשווינגען און באַגריפן (און צווישן זיי אויך נאַרישע, אָבערגלויבערישע) האָבן יידן אויף זייער לאַנגן היסטאָרישן וועג איבערגענומען ביי אַנדערע פעלקער, צווישן וועלכע זיי האָבן געוווינט [3].

ס׳איז דערביי כדאי אָנצווייזן אויף איין כאַראַקטעריסטישן שטריך, וואָס טיילט אָזוי אָנטשיידן אָפּ לעווינזאָנען ניט בלויז פון אַזוינע משכילים, ווי פראַנק און הערש בער הורוויץ, נאָר אויך פון מיזעס, וואָלפזאָן און אַנדערע. דאָס איז לעווינזאָנס פאַרהאַלטן צום תלמוד. אַלס קראָכמאַלס געטרייער תלמיד, פאַרהאַלט זיך לעווינזאָן מיטן גרעסטן רעספּעקט צום גרויסן קולטור־היסטאָרישן באַדייט פון דעם דאָזיקן מאָנומענטאַלן דענקמאָל פון יידישן שאַפן. ער חזרט מערערע מאָל איבער דעם געדאַנק, אַז „אין לדון מזמן וממקום אחר על זמן הנוכחי ועל מקום הנוכחי" [4], און ווען מען לייענט אַ פאַרפאַסער פון פריערדיקע דורות, דאַרף מען נעמען אין באַטראַכט די צייט און די אומשטאַנדן, ביי וועלכע דער באַטרעפנדיקער פאַרפאַסער האָט געשאַפן [5]. אויף וויפיל עס איז

1 אגב מאַכט זיך לעווינזאָן פאַר אַ תם און ווייזט אָן (דאָרטן, 110—111), אַז אין דעם זאַץ „לא תבשל גְדִי בחלב אמו" האָבן די מפרשים גאָר, במחילה, אַ טעות געהאַט אין פשט: עס האַנדלט זיך דאָרט פּאַקטיש ניט וועגן פלייש פון אַ ציגעלע, נאָר וועגן ציצטיקע און ניט ציצטיקע פרוכטן.

2 בית־יהודה, 130, 113.

3 דאָרטן, 121, 194, 256, 328, 330 אאז״וו.

4 מען באַדאַרף ניט באַאורטיילן אַמאָליקע צייטן אין אַמאָליקע צושטאַנדן פון דעם הייַנטיקן שטאַנדפּונקט, ניט נעמענדיק אין באַטראַכט די דיסטאַנץ פון צייט און אָרט.

5 דאָרטן, 133, 334.

מעגליך געווען בײַ די דעמאָלטיקע צענזור־צושטאַנדן, וואַרפט לעווינזאָן מיט שטאָלץ אָפּ די אָנפאַלן אויף דעם תּלמוד מצד די קריסטליכע טעאָלאָגן, און ווײַזט אָגב מיט בײַסנדיקער איראָניע אָן אויף די ווילדע און קינדיש־נאַיווע פּירושים, וואָס עס האָבן געמאַכט אויף געוויסע פּסוקים פון דער תּורה גרויסע קריסטליכע טעאָלאָגן פון אַמאָליקע צײַטן [1].

צום שלום פון זײַן ווערק שטעלט לעווינזאָן אַרויס, ווי מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, זיין רעפאָרם־פּראָגראַם, אַגיטירט שטאַרק פאַר ערד־אַרבעט און ווערט ניט מיד אָנצוווײַזן, וואָס פאַר אַ גרויס פאַרברעכן ס'איז צו פאַרנעמען זיך מיט קאָנטראַבאַנד [2]. פאַרוואָס שווײַגן דערויף די רבנים? — פרעגט לעווינזאָן. — האָבן דאָך נאָך די חכמי התּלמוד דערקלערט, אַז „המעביר על המכס נקרא גזלן”! וויפל אומגליקן דאָס האָט שוין אונז געבראַכט, וויפיל פיינדשאַפט און שנאה מצד המלכות [3].

נאָך אויף איין פּונקט שטעלט זיך לעווינזאָן אָפּ, און דער דאָזיקער פּונקט איז באַזונדערס אינטערעסאַנט. די פאָרשער פון דער השכּלה־תּקופה ווײַזן אָפּט אָן אויף דער איינזייטיקייט פון דער רעפאָרם־פּראָגראַם, וואָס די השכּלה־טרעגער האָבן אַרויסגעשטעלט: זייער גאַנצע אויפמערק־זאַמקייט האָבן די משׂכּילים געשענקט דער גייסטיקער אָפּגעשטאַנענקייט פון דער יידישער מאַסע. זיי האָבן מיט גרויס ענערגיע אַגיטירט פאַר דער דערציִונגס־רעפאָרם, פאַר באַרייכערן די יוגנט מיט אייראָפּעיִשן וויסן און געלאָזט דערבײַ אינגאַנצן אומבאַרירט די בירגערליכע רעכטלאָזיקייט פון דער יידישער באַפעלקערונג. אין דער דאָזיקער טענה איז געוויס פאַראַן פיל אמת, אָבער ניט דער גאַנצער אמת. און דאָס באַמערקט זיך באַזונדערס בולט ביי דעם באַדייטנדיקסטן השכּלה־קעמפער און פאָנענ־טרעגער, בײַ יצחק־בער לעווינזאָנען. ערשטנס דאַרף מען נעמען אין באַ־טראַכט די צענזור־צושטאַנדן אין דער תּקופה פון ניקאָלאַי דעם ערשטנס רעגירונג; מען דאַרף אויך ניט פאַרגעסן די אַלגעמיינע רעכטלאָזיקייט און אונטערדריקונגס־סיסטעם, וואָס האָט געהערשט אין דער רוסישער צאַרן־מלוכה, ווען דער צאָלרײַכסטער טייל פון דער באַפעלקערונג — דער פויערים־שטאַנד — האָט זיך נאָך געפונען אין קנעכט־צושטאַנד. לעווינזאָן, בעת ער שטעלט אַרויס אין זײַן „בית יהודה” זײַן רעפאָרם־פּראָגראַם,

---

1 בית־יהודה, 273.

2 מען דאַרף דערבײַ נעמען אין באַטראַכט, אַז לעווינזאָן האָט זײַן גאַנץ לעבן פאַרבראַכט לעבן דער עסטרײַכישער גרעניץ, וו די צאָל יידישע פּעקלמאַכערס איז געוויס געווען אַ גאַנץ באַדײַטנדיקע.

3 דאָרטן, 151—152.

רעדט פּאַקטיש אויך וועגן בירגער־רעכט. ער שטעלט זיך אָפּ 1 אויף די „כללים פון 1804", וויַזט אָן אויף די ליבעראַלע פּונקטן, וואָס ווערן דאָרט אַרויסגעשטעלט, אַז „אַלע ייִדישע קינדער האָבן דאָס רעכט צו לערנען, אָן שום אונטערשייד פון אַנדערע קינדער, אין אַלע רוסישע פאָלקסשולן, גימנאַזיעס און אוניווערזיטעטן". און נאָך פיל אַנדערע, — איז לעווינזאָן מוסיף, — „תקונים טובים ומועילים", וואָס באַשיינקען די ייִדן מיט פיל „זכיות המדינה (בירגער־רעכט)". אונטער זיי מיינט געוויס לעווינזאָן די פּונקטן, לויט וועלכע עס ווערט דערלויבט ייִדישע פאַבריקאַנטן, בעלי־מלאכות און סוחרים צייטווייליק זיך צו באַזעצן אויסער דעם תחום, און עס ווערן געגעבן פאַרשיידענע לגאַטעס די ייִדן, וואָס ווילן זיך פאַרנעמען מיט ערדאַרבעט. דאָס פּיקאַנטסטע איז אָבער די הערה, וואָס לעווינזאָן מאַכט דערביַי: אמר המחבר, זאָגט דער פאַרפאַסער: הלוואי וואָלטן אויך אַלע אַנדערע ציוויליזירטע פעלקער (האומות המתוקנות) געגאַנגען אויף דעם וועג פון גערעכטיקייט, אויף וועלכן עס גייט די גוטע רוסישע רעגירונג, און וואָלטן געגעבן די ייִדן בירגער־רעכט גלייַך מיט אַלע קריסטליכע בירגער אָן אונטערשייד. מיך וווּנדערט טאַקע שטאַרק אויף די דאָזיקע ציוויליזירטע פעלקער, וואָס זיי פאַרבאָטן דעם ייִדן צו געניסן די רעכט פונם לאַנד נאָך דערפאַר, וואָס ער איז אַ ייִד".

עס איז שווער צו זאָגן, צי איז דאָס מצד לעווינזאָנען געווען בלויז אַן אָנשטעל און ער האָט געפּרוּווט, ווי ער האָט דאָס שוין געטאָן אין „תעודה בישראל", אויף אַזאַ פאַרשטעלטן אופן אַרויסצושטעלן ביַי די דעמאָלטיקע צענזור־צושטאַנדן די פאָדערונג פון בירגעררעכט, אָדער לעווינזאָן האָט עס געמיינט ערנסט און איז אויף אַזוי וויַיט געווען אָפּגעריסן פון דעם רעאַלן רוסישן לעבן און דער רעכטסלאַגע אין צאַרן־לאַנד, אַז ער האָט געקאָנט ניקאָלאַי דעם ערשטנס רעגירונגס־סיסטעם אַרויסשטעלן אַלס מוסטער פון הומאַניטעט און גערעכטיקייט. אַלס באַוויַיז, אַז די ערשטע השערה איז די ריכטיקערע, וואָלט אפשר געקאָנט דינען אַ צווייטע שטעלע אין דעם זעלביקן „בית יהודה", ווו ער וויַיזט אָן, אַז נאָכדעם, ווי עס זיַינען „געקומען די ימי ההשכלה (אויפקלערונג), האָט מען אויך די ייִדן אָנגעהויבן צו באַהאַנדלען ווי ברידער און מען האָט זיי אין כמה מדינות געגעבן פריַיהייט און בירגער־רעכט. און שוין בערך פופציק יאָר דינען ייִדן אויך אין מיליטער פון די אייראָפּעיִשע מלוכות" 2.

1 בית־יהודה, 364.

2 דאָרטן, 21—22.

גראָד אין דער צייט, ווען לעווינזאָן האָט זיין „בית יהודה״ געשריבן (1827), האָבן אויך אין רוסישן מיליטער ייִדן אָנגעהויבן צו דינען, און וואָס פאַר פאָרמען עס האָט אָנגענומען דאָס דאָזיקע „בירגער־רעכט״, וואָס די ייִדן האָבן באַקומען במתנה פון ניקאָלאַים דעספּאָטישער האַנט, האָט לעווינזאָן אויף אַזוי גוט געוווּסט, אַז שוין אין דריי יאָר אַרום נאָך דעם, ווי דער באַטרעפנדיקער אוקאַז איז אַריין אין לעבן, האָט ער געהאַלטן פאַר נייטיק וועגן דעם אין אַ ספּעציעלן ווערק צו שרייבן.

וועגן דעם אין ווייטערדיקן קאַפּיטל.

# דריטער קאַפּיטל

דער רעקרוטן־אוקאַז פון 1827 און לעווינזאָנס „הפקר־וועלט״. — דער סאָציאַלער באַטייט פון דעם ווערק. — לעווינזאָנס באַציִונגען צו דער רעגירונג. — די משׂכּילים און מתנגדים קעגן די ווילנער דרוקערייען. — לעווינזאָנס אָנטייל אין דעם אוקאַז פון 1836 וועגן ייִדישע דרוקערייען. — די „אַקציזנע ליכט״. — דער פּראָיעקטירטער משׂכּילים־פאַרבאַנד „ציון״. — לעווינזאָנס פּראָפּאַגאַנדע וועגן באַזעצן ייִדן אויף ערד. — לעווינזאָן אַלס אַפּאָלאָגעטיקער. — דער באַטייט פון זיין „אפס דמים״. — לעווינזאָנס אומקען ביי די גרויסע באַאַמטע. — לעווינזאָנס „אחיה שילני״. — דער טרויעריקער דורכפאַל פון ייִדישער קאָלאָניזאַציע. — דער פּראָיעקט וועגן שול־רעפאָרם. — דער בילדונגס־מיניסטער אוּוואַראָוו. — מאַקס ליליענטאַל און זיינע „פּרעדיגטען״. — די שול־רעפאָרם אַלס קאַמפּס־מיטל קעגן ייִדישע „פאַלשע רעליגיעזע באַגריפן״, וואָס שטאַמען פונם תּלמוד. — די פראַגע וועגן דער „שענדליכער טראַכט״. — אוּוואַראָוו אַלס „קעמפער״ פאַר ייִדישער אויפקלערונג. — די התפּעלות פון די משׂכּילים. — ליליענטאַל אַלס עמיסאַר. — די אומצופרידנקייט פון די משׂכּילים. — ליליענטאַלס „מגיד ישועה״ און מ. א. גינצבורגס „מגיד אמת״. — די טרויעריקע אַנטוישונג. — בן־יעקבס מעמאָראַנדום צו לעווינזאָנען.

אין 1827 האָט ניקאָלאַי דער ערשטער אין אַ ספּעציעלן „אוקאַז״ מזכּה געווען די רוסישע ייִדן מיט דעם „בירגער־רעכט״ פון מיליטער־דינסט. די משׂכּילים פון פּראָנקס און הירש־בער הורוויצעס נוסח האָבן אין דעם דערזעען אַן אָנזאָג פון גלייכבאַרעכטיקונג, באַשר ביי גלייכע התחייבותן וועט דאָך די „אויפגעקלערטע און ליטעוליקע״ רעגירונג געווים אויך שענקען גלייכע רעכט. די ייִדישע מאַסע אָבער האָט אין דעם דאָזיקן אוקאַז געזען די שווערסטע גזירה פון די אַלע פּורעניות, וואָס זי האָט געהאַט אויסצושטיין אין משך פון דער פינסטערער תּקופה פון ניקאָלאַי דעם ערשטנס דעספּאָטישער רעגירונג. די „אָבערגלויביקע״ מאַסע האָט דערביי אַרויסגעוויזן אַ פּיל בעסערן היסטאָרישן חוש ווי די משׂכּילים און „אויפגעקלערטע״. אינם גייסט און טעקסט פונם „אוקאַז״, אין דעם אכזריות־אוממענטשליכן אופן, ווי ער איז דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן, איז געווען אַזוי קלאָר און בולט, אַז עס האַנדלט זיך דאָ ניט וועגן „בירגער־רעכט״, נאָר וועגן אַ פעסט־באַשטימטן ציל מיט געוואַלד

צו צווינגען די יִדן, זיי זאָלן וואָס גיכער אָפּוואַרפן זייער „פּאַלשן גלויבן״ און ניט אונטערשיידן זיך מער מיט זייער התנהגות און סדר לעבן פון דער קריסטליכער באַפעלקערונג. לויט דעם „אוקאַז״ פון 1827 האָט מען פון יִדן גענומען כּמעט דאָפּלט אַזוי פיל רעקרוטן ווי פון דער קריסטליכער באַפעלקערונג. אַלס רעקרוטן דערלויבט דער „אוקאַז״ צו נעמען 12-יאָריקע קינדער, און די פון די יִדישע רעקרוטן, „וואָס האַלטן זיך בײַ זייער אַלטער רעליגיע״, האָבן ניט געטאָרט האָבן אַ וועלכע-ס׳איז מגע ומשא מיט דער יִדישער באַפעלקערונג. פאַר אַלע „נעדאָימקעס״,[1] פאַר די ניט צו דער צײַט אויסגעצאָלטע שטײַערן, ווערט די קהילה באַשטראָפט מיט אַ געשטײַגערטער צאָל „רעקרוטן״. וועגן די אוממענטשליכע לײַדן, וואָס די יִדישע קינדער-רעקרוטן (קאַנטאָניסטן) האָבן געהאַט אויסצושטיין, וואָסערע יסורים מען האָט זיי אָנגעטאָן דערפאַר, וואָס זיי האָבן ניט געוואָלט אָננעמען דעם קריסטליכן גלויבן, — וועגן דעם ווייסן מיר ניט בלויז אויס יִדישע מעמואַרן און דערציילונגען, נאָר אויך אויס אָביעקטיווע דאָקומענטאַלע באַשרײַבונגען פון רוסישע מיטצייטלער.[2] אדאַנק דעם רעקרוטן-„אוקאַז״, האָט די דעמאָראַליזירטע יִדישע זעלבסטפאַרוואַלטונג, דאָס „קהל-שטיבל״ מיט זײַנע פירער, די גאַנצע „באַנדע שטאָט-בעלי-בתים״, באַקומען אַ זייער שאַרף געווער אין זייער קאַמף קעגן דער אונטערדריקטער אָרעמער פאָלקס-מאַסע. עס פאַנגט זיך אָן די פינסטערע תּקופה פון „אָדאַוושיקעס״ און „לאָוושיקעס״, וואָס בילדעט איינס פון די שענדליכסטע בלעטער אין דער געשיכטע פון יִדישער זעלבסטפאַרוואַלטונג...

לעווינזאָן איז געלעגן אַ קראַנקער אין זײַן אויבערשטיבל אין עק שטאָט. ער האָט אָבער געהאַט אַן אָפן אויג און וואַכן אויער פאַר אַלץ, וואָס עס קומט פאָר אין די אונטערגעסלעך פון שטאָט, אין די קליינינקע אָרעמע הייזלעך, ווו עס האָט געזיפצט און געליטן די אָרעמע אונטערדריקטע מאַסע.[3] ער, דער שוין זינט יאָרן צום קראַנקן-בעט צוגעבונ-

1 מחמת די געוואַלדיג-שווערע שטײַערן האָבן אין פיל קהילות די נעדאָימקעס דערגרייכט גאַנץ גרויסע סומעס. אַשטייגער, אין פּאָדאָליער גובערניע האָבן די נעדאָימקעס דערגרייכט די באַדײַטנדיקע סומע פון איבער אָנדערטהאַלבן מיליאָן. (זע ש. באַראָוואַי אין זײַן אַרבעט וועגן יִדישע קאָלאָניעס, 1928, 126).

2 ווי, צום בײַשפּיל, הערצען אין זײַנע „בילאָיע אי דומי״, לעסקאָוו אין זײַן דערציילונג „אָווצעביק״.

3 אין זײַן בריוו צו יעקב טוגענדהאָלד פון דעצעמבער 1832 קלאָגט זיך לעווינזאָן: גְלֵאֵתִי לשמוע יום יום אנקת משוללי תקוה ולראות דמעת העשוקים המצפים לקבל ממני איזה עֵזֶר, אך אֵין בידי להושיעם, כי חלי קשה יהלמני זה כמה שנים (תרביץ, V, 203).

דענער חולה, האָט דאָס צוגעזעען — און ניט געקאָנט דאָס געזעענע פאַרשווײַגן. ער איז געווען דער ערשטער צווישן די משכּילים, וואָס איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ קאָמפּאָזיציע פון ריין סאָציאַלן כאַראַקטער, ווו עס ווערט מיט גערעכטן צאָרן און שטאַרקן טעמפּעראַמענט אויפגעדעקט דאָס גרויסע סאָציאַלע אומרעכט, וואָס ווערט באַגאַנגען בנוגע די אָרעמע און שוצלאָזע שיכטן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. מיר האָבן שוין פריִער אָנגעוויזן, מיט וואָס פאַר אַ ביטול לעווינזאָן האָט זיך פאַרהאַלטן צו דער „פאַרדאָרבענער" ייִדישער שפּראַך. ער האָט אָבער זייער גוט באַגריפן (דערויף איז ער דאָך דערצויגן געוואָרן בײַ די גאַליציאַנער משכּילים) דעם גרויסן באַטײַט פון דעם „זשאַרגאָן" אַלס קאַמף־געווער. דערפאַר האָט ער זײַן קאָמפּאָזיציע אין דער פאָלקס־שפּראַך געשריבן, און ווײַל לעווינזאָן האָט פאַרמאָגט אַן אמתן ניצוץ פון אַ באַגאַבטן פּובליציסט, איז ער קעגן זײַן ווילן, גלײַך ווי וואָלפזאָן און אײַכל בשעתּם, געוואָרן איינער פון די בויער און באַגרינדער פון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור.

לעווינזאָנס קאָמפּאָזיציע, „די הפקר־וועלט", איז געשריבן אין פאָרם פון אַ געשפּרעך צווישן אַן אורח, וואָס איז געקומען „פון רײַסן", מיט צוויי וואָלינער, זרח און פײַטל, אָט די צוויי קרעמעניצער תּושבים באַקענען עם דעם פרעמדן אורח מיט דעם, וואָס ס'קומט פאָר אין זייער קהילה. פײַטל באַקלאָגט זיך, ווי בײַ זיי אין דער קהילה זײַנען „פּרנס־חדשים — גנבים, רוצחים, לייגן זיך נאָר, זיי זאָלן רײַך ווערן פון אָרעמע לײַט", וואָס „מען באַגזלט זיי, מען באַראַבעוועט זיי טאָג און נאַכט". און אַז דער אורח פרעגט פאַרחידושט: „נאָך וואָס מאַכט מען אַזעלכע לײַט" פאַר קהל?" ענטפערט פײַטל: „סטײַטש, זיי מאַכן זיך אַליין!". פאַרשטייט ניט דער אורח: „ווי הייסט? מען מוז דאָך זיי באַלטירירן (באַלאָטירן) מיט אַ וויבאָר?" גיט אים פײַטל צו פאַרשטיין: „יאָ, מען באַלטירירט, נאָר ווי אַזוי באַלטירירט מען אָבער? עס איז פאַראַנען עטליכע נגידים אין שטאָט, אַבי זיי זײַנען בלאָט — מהסתּם ניט אומזיסט, מען שטעקט זיי עפּעס אָפּ: דעם—חתימה־געלט, דעם אַ מתּנה, — מען מאַכט סעודות אויף זיי, און מען טיילט זיי נאָך צו האַלבע קערבליך אויך; דער איבעריקער געמיינער עולם מוז שוין בוודאי נאָכזאָגן „אָמן", דער ליגט דאָך גאָר אין דער אדמה בײַ אונז: ער איז כּלל בײַם נגיד אײַן עבד כּנעני, וואָרום נאָר עפּעס — אָט שטעלט מען אים שוין אַרײַן צען זעלנער צו האָדעווען. אָט מאָנט מען פון אים קאַשע־געלט איין קערביל (וואָרום די נגידים זײַנען דאָך איינס מיט קהל), אָט נעמט מען פון אים גאָר זײַן קינד, אַ בן־יחיד, אַוועק פאַר אַ רעקרוט. די מוזן שוין אַלץ טאָן, וואָס דער נגיד אָדער קהל הייסט".

א פאַרציטערטער רופט אויס דער אורח: „עס איז דאָך עפּעס ביי אייך גאָר סדום, רחמנא ליצלן!" גיט נאָך דער צווייטער וואַלינער, זרח, זיינס צו: „אין דער אמת, זינט מען נעמט רעקרוטן, האָט מען נאָך ניט אַוועקגעגעבן קיין עושר׳ס קינד, קיין שום תקיפ׳ס קינד, קיין שום פאַקטערס קינד, קיין שום בית־המדרש־בחור, נאָר אָרימעלייטס קינדער, נעביך, ערליכע בעלי־מלאכות קינדער, וואָס העלפן זייערע עלטערן אַר־בעטן, ערליכע משרתים, ערליכע באַהעלפערס". פאַרשטייט ווידער ניט דער אורח. „יאָ, — פרעגט ער, — וואָס טוט מען אָבער מיט אַ בן יחיד, למשל? דעם קאָן מען דאָך שוין ניט אַוועקגעבן פאַ זאַקאָנו?" — „טאַ, — ענטפערט אים זרח — אַזוי ווי איר טענהט, אַלץ פאַ זאַקאָנו, זענט איר בוודאי זייער גערעכט, ביי אַ דין־תורה, הייסט עס, אָבער מען גיט דווקא אַוועק איין און איינציקע ערליכע קליינע קינדערלעך פאַר צוועלף יאָר, ווייל מיט אַ קינד קאָנען זיי מאַכן אַלע שווינדל". און פייטל איז נאָך מוסיף פון זיין זייט: „איר זאָלט זען, מיין פריינד, ווי מען שלעפּט פיצלעך קינדערלעך, ווי די חזירים, פון דער מוטערס שוים! דאָס רחמנות צעברעכט דאָס האַרץ! חאַטשי אַזוינע קינדערלעך, פי־ציקלעך, וואָס מען ווייסט, אַז די פּריסוטסטווע וועט זיי בוודאי ניט צונעמען, כאַפּן זיי די לאָווטשיקעס אויס, דען זיי ווייסן, אַז די מוטערס וועלן די העמדער פאַרקויפן און זיי אָוועקגעבן, זיי זאָלן אָפּלאָזן זייערע קינדער. ווי קאָן מען עס גאָר אויסהאַלטן, אַז מען זעט קליינע קינדערלעך בעטן, דער פאָטער און מוטער זאָלן זיי בלינד מאַכן, אָדער עפּעס אַן אַנדער מום מאַכן, כדי זיי זאָלן פּטור ווערן פון שרעקן"...[1]. „יאָ, — זאָגט פייטל ווייטער, — דער אָרעמאַן איז

1 דער דאָזיקער מאָטיוו האָט דערנאָך געפונען אַן אָפּקלאַנג אין דעם באַ־וווסטן פאָלקסליד:

טרערן גיסן זיך אין די גאַסן,
אין קינדערשע בלוט קאָן מען זיך וואַשן...
קליינע עופעלעך רייסט מען פון חדר,
מען טוט זיי אָן יאָנישע קליידער.
אונזערע פרנסים, אונזערע רבנים
העלפן נאָך אָפּצוגעבן זיי פאַר יאָנים.
ביי זושע ראַקאָווער זיינען דאָ זיבן בנים —
איז פון זיי ניט איינער אין יאָנים,
נאָר לאה די אַלמנהס איינציקע קינד
איז אַ כפּרה פאַר קהלישע זינד.
עס איז אַ מצוה אָפּצוגעבן פּראָסטאַקעס —
שוסטער, שניידער זיינען דאָך לייזאַקעס,
קרעציקע חייציקלעך פון אַ משפּחה אַ שיינער
טאָר ביי אונז ניט אַוועקגיין ניט איינער.

תמיד דאס כפרה־הינדל; זעט, מײַן פרײַנד, ווי פיל אבמאנסטווע קהל מיט די איבעריקע סיפּאקעס טוען, — מוז דער עולם נאך ארויסגעבן א קווינטאנציע אלע יאר, אז זיי זײַנען ערליך געוועז, און די ארעמע לײַט, וואס מען האט בײַ זיי די הויט אראפּגעצויגן מיט פאלשע נתינות און הערכות, די דאזיקע ארעמע לײַט מוזן זיך נעביך אליין נאך חתמענען אויף דער קווינטאנציע, און אז מען דארף דערויף שווערן מוזן זיי שווערן אויך".

און זרח לייגט דערבײַ צו זײַנס: „אוי! די ראזבויניקעס שפּילן נאך דערצו א פרומע ראלע; פאַרן אלע מאל צו גוטע יידן אויף שבת, לייגן אלץ אין דער יראה ארײַן, און בפרט דער גראשן איז בײַ זיי גרינג, זיי זענען פּונקט ווי די קארטעטשניקעס". און ווען דער אורח באמערקט: „ווי איך זע, איז היא נעביך דא זייער פיל געמיינע לײַט; ארעמע בעלי מלאכות, בעלי בתים, וואס מוזן שטארבן פאר הונגער!" ענטפערט פייטעל: „וואס דען מיינט איר? ווער עס איז נעביך איין ערליכער מאן ליגט אין דער אדמה. וויפיל מיינט איר זײַנען דען גאר אט די וואס בלישצען אין שטאט? דרײַסיג אדער פערציג פארשוין. דאס איז דער פער! דער כלל — ווער עס קאן זײַן עפּיס א מוער אין שטאט, דער לעבט דערפון, דער איבעריגער עולם — הארויוען, רײַסען קריעה, פארדינען נעביך מיט דעם ביטערן שווייס זייער גראשן. וואס העלפט עס, זיי מוזען הארויוען אויף פרעמדע ווײַב און קינדער, זייער גאנץ דאברע־מזל נעביך געט ארײַן אין די פערשמאדערטע נגידים: זיי זויגען זיי אוים טאג און נאכט מיט נתינות, מיט די טאקסעלעך, מיט רעקרוטן־געלד, מיט אקסן־געלד — השי"ת זאל זייער רחמנות פאר זיך נעמען".

און ווײַטער איז פײַטל מוסיף: „אז עס איז נישט געוועזן די רעקרוטן, פלעגט אמאל קהל דאס קדחת האבן אזוי גראב דעם ארעמאן צו בארײַסן. מען האט טאקע פארט מורא געהאט, דער געמיינער עולם פלעגט זיך טאקע אמאל ארויף חאפּן אויף זיי און זיי גוט אפּזידלען, און האבן זיך טאקע אמאל געקלאגט פאר א גובערנאטאר, דער פּחד איז נישט אזוי גרויס געוועזן. היינט, זינד מען נעמט רעקרוטן, ציטערט נעביך דער געמיינער עולם דאס מויל צו עפענען. א כלל, ער איז גאר פארקויפט באם עושר ווי איין עבד כנעני, ווי זאגט איין ערל א שפּריכווארט: אי ביע, אי פּלאקאטי ניע דאיע" 1.

---

1 צו דער רעקרוטן־פראגע קערט זיך לעווינזאן נאך אמאל אום אין זײַן פאמפלעט „תולדות פלוני אלמוני הכזבי", ווו ער שילדערט אין די פינסטערסטע פארבן דעם „ראש החוטפים", דעם הויפט פון די „לאוושיקעס" און פון דעם „קהלס

לעווינזאָן געדענקט אָבער זייער גוט, אַז דער רעקרוטן-אוקאַז איז דאָך אַ געשאַנק פון דעם „מלך חסד״; ער איז אויך ניט מסופק אין דעם, אַז זיינע קעגנער, די „באַנדע שטאָט-בעלי-בתים״, וועלן זיין „הפקר וועלט״ פרוּוון אויסנוצן קעגן אים און געבן אָנצוהערן אין די „הויכע פענסטער״, אַז ער איז אַ „מורד במלכות״. באַוואָרנט זיך לעווינזאָן און לאָזט פייטלען שטעלן די פראַגע: „אַ מער פרעגט אַ קשיא, מיין ליבער ייד, דאַרף מען בעסער, ווי דער קיסר, זאָל מאריך ימים זיין, האָט אַזוי געטראַכט פאַר דעם יושר ביי רעקרוטן נעמען, אַז עס זאָל אַלץ ערליך צו גיין״ 1.

צי האָט ווירקליך לעווינזאָן גערעכנט, אַז ניקאָלאַי האָט מיט זיין אוקאַז פון 1827 „געטראַכט פאַר דעם יושר ביי רעקרוטן נעמען״, אָדער ער האָט עס בלויז לפנים געשריבן, נעמענדיק אין באַטראַכט די דעמאָלטיקע צענזור-צושטאַנדן? עס איז כמעט אויסער ספק, אַז ריכטי-קער איז די ערשטע סברה. לעווינזאָן האָט דאָך, ווי די איבעריקע משכילים פון זיין דור, אין דער רעגירונג געזען זייער איינציקע שטיצע אין זייער קאַמף פאַר השכלה, די איינציקע מאַכט, וואָס קאָן איבערבויען און באַניען דאָס יידישע לעבן. אַלס איבערציינגטער ראַציאָנאַליסט און

שטיבל״. ער באַשרייבט, ווי דער דאָזיקער קהלס-מאַן „פלעגט די פאַמיליע פונם עושר מיילן אויף צוויי קליינע, כדי פטור צו ווערן פון געבן רעקרוטן, און אָרעמע פאַ-מיליעס פלעגט ער צונויפפאָרן און מאַכן פון זיי איינע אַ גרויסע, כדי צו נעמען פון איר וואָס מער רעקרוטן. האָט אַ נגיד עטליכע דערוואַקסענע זין, רעכנט ער אים צו אַ ווילד פרעמדן אָרעמאַן, וואָס האָט נעבעך איין איינציקן זון און דערצו נאָך אַ קליינאָריקן,—דאָס קינד מעג נאָך סך-הכל אַלט זיין 8—9 יאָר, דאָך גיט מען דאָס אָרעמע קליינע קינד אָפּ פאַר דעם עושרס דערוואַקסענע זעקס בנים״. דעם דאָזיקן קהל-מאַנס הויז שילדערט ער אויף אַזאַ אופן: „ביתו פתוח לרוחה, הומה מאדם רב, אנשים ונשים יטף מדלת העם, אשר יזעקו בזעקת שבר ותעל שועתם השמימה. פה ילד מר צורח ופה אשה תפרש כפיה, פה זקנה תתעלף, פה זקן בן שמונים שנה נופל ארצה יתמרמר בבכי. ולאזן זה ראש החוטפים קול בוכים לקול עוגב יחשב; ילך בביתו הנה והנה וישחק או ישרוק אל צפריו, או מסב עם בניו ובני ביתו בשלחן למאכל הצהרים או הערב, לקיים מה שנאמר: „והמלך והמן שבו לשתות והעיר שושן נבוכה!״

1 אויך אין זיין אָקערסט דערמאָנטן פאַמפלעט קעגן „פלוני הכזבי״, בעת לעווינזאָן שילדערט די פינסטערע מעשים פון די קהלס-לייט, האַלט ער פאַר נייטיק דערביי אָנצווייזן: „ופקודות הטובות של הממשלה ירמסו ברגליהם״.

די „הפקר וועלט״ האָט ביי די דעמאָלטיקע צענזור-צושטאַנדן אין דרוק ניט געקאָנט דערשיינען, זי איז בלויז אין אָפּשריפטן פאַרשפּרייט געוואָרן. צום ערשטן איז די „הפקר-וועלט״ געדרוקט אין שלום-עליכמס „די יודישע פאָלקס-ביבליאָטעק״, I, 1888, און דערנאָך אייניקע מאָל איבערגעדרוקט. מיר באַנוצן זיך מיט דער אויסגאַבע פון 1896.

אידעאַליסט איז לעווינזאָן געווען זיכער, אַז עס גענוגט דער רעגירונג צו געבן צו פאַרשטיין, איר דערקלערן דעם אמתן באַטייט פון דעם ייִדנטום און וואָס עס דאַרף געטאָן ווערן, בכדי צו מאַכן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג נוציקע און אויפגעקלערטע בירגער,— וועט דאָס די „ליבטזעליקע רעגירונג" געוויס דורכפירן.

עס איז קלאָר, אַז די משכילים האָבן אויף יעדן טריט און שריט געוויס צוגעזען די פינסטערע אומגערעכטיקייטן און גוואַלד־מעשים, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דעם רעאַלן לעבן אין ניקאָלאַי דעם ערשטנס גרויזאַמע ציַיטן. זיי האָבן אָבער געפּלייסט זיך איַינצורייִדן, אַז ניט דער קיסר און זיַינע מקורבים זיינען אין דעם שולדיק, נאָר די אָרטיקע געלטגיריקע און אומוויסנדיקע קליינע באַאַמטע און טשינאָווניקעס. טיפּיש איז דער הינזיכט זיינען פאָלגנדיקע שורות, וואָס לעווינזאָנס תלמיד און פאַרערער, גאָטלאָבער, שריַיבט זיַינעם אַ באַקאַנטן: „איך ווייס זייער גוט, ווי ליבעפול עס זיינען צו אונז געווענדעט די הערצער פון דעם לייטזעליקן קיסר און זיינע גוטע ראַטגעבער; זיי זאָרגן רק וועגן דער טובה פון די בירגער פונם לאַנד, און אַלץ, וואָס זיי נעמען פאָר, באַצוועקן זיי דערמיט רק דאָס נוציקע און גוטע. נאָר ביי זייער גאַנצער גוטסקייט און אָרנטליכקייט זיַינען זיי דאָך ניט קיין גָעטער, וואָס זאָלן גליַיך בײַם ערשטן בליק שוין קאָנען פעסט באַשטימען, וואָס ס'איז נייטיק און נוציק. דערפאַר באַשטימען זיי אונטער זיך אַלערליי באַאַמטע און רעגירונגסליַיט. יענע ווידער טוען אויך קיין זאַך ניט אָן זייערע מיטהעלפער און אָנגעשטעלטע, און וואָס קלענער און נידעריקער די באַאַמטע זיינען, אַלץ שוואַכער ווערט בײַ זיי דער דראַנג נאָך אמת און גערעכטיקייט. פיל פון זיי טראַכטן גאָר ניט וועגן יושרדיקן ערפילן די געזעצן און באַפעלן, זיי זאָרגן בלויז וועגן זייער אייגענעם נוצן און אייגענע וויגאָדעס" [1].

ניט ווייניק אַנטוישונגען זיינען אָבער דערבײַ דעם פּאַטריאָטיש געשטימטן לעווינזאָנען פאָרגעשטאַנען. אין נאָוועמבער 1832 ווענדעט זיך לעווינזאָן מיט אַ לאַנגן בריוו דירעקט צו ניקאָלאַי דעם ערשטן וועגן רעפאָרמירן דאָס ייִדישע שולוועזן און וועגן דערלײַכטערן די מעגליכקייט פאַר ייִדן צו פאַרנעמען זיך מיט ערדאַרבעט [2]. ער האָט אויך ניט געהאַלטן פאַר מעגליך צו לאָזן אומבאַרירט

---

1 דעם אָריגינאַל־טעקסט זע בײַלאַגע נומ' 7.

2 אין זיַין בריוו צו יעקב טוגענדהאָלד פון ט"ז כסלו תקצ"ג (דעצעמבער 1832) שריַיבט לעווינזאָן: להקיסר האדיר כתבתי אגרת ואקוה לקבל מהר בעזרת השם איזו תשובה, ושם כתבתי לטובת עמי. גם מודיע לאדוני שהרבה בָּתֵּי אבות מאוד קבלו על עצמם לעבוד עבודת אדמה והרבה כבר נתישבו בכפרים ועובדים אדמתם.

די קאָנטאָניסטן־פּראַגע, און ער ווײַזט אָן אויף די אויסערסט שטרענגע און שווערע תּנאים, אונטער וועלכע מען נעמט רעקרוטן בײַ ייִדן. דערויף האָט ניקאָלאַי געענטפערט מיט אַזאַ רעזאָלוציע: „גיט איבער לעווינזאָנען, אַז די רעקרוטשינאַ בײַ ייִדן באַצוועקט אויסצוראָמען די ליידיקגייערס (уничтожить тунеядцев), וואָס ליגן ווי אַ שווערע משא אויף זייערע אייגענע ברידער״ [1].

נאָך מיט אַ יאָר פריער (אין 1831) האָט דער אומדערמידליכער קראַנקער לעווינזאָן דערלאַנגט דעם בילדונגס־מיניסטער קאַרל ליווען אַן אויספאַנגרײַכן, אין דײַטש געשריבענעם מעמאָראַנדום וועגן רעפאָרמירן די ייִדישע דערציִונג און גרינדן ייִדישע שולן. אין 1833 האָט לעווינזאָן זיך געווענדעט צו דער רעגירונג מיט אַ פּראָיעקט, וואָס האָט בײַ די שפּעטערדיקע קולטור־פאָרשער ארויסגערופן געוויסע חילוקי דעות, און אייניקע האָבן אין אים געזען אַן אמת „אומגליק־ברענגענדיקן שריט״ (роковой шаг), וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ „טרויעריקע רעטעניש״ [2]. דאָס איז דער פּראָיעקט, וואָס לעווינזאָן האָט דערלאַנגט דעם מיניסטער פאַר אינעווייניקסטע ענינים בלודאָוון וועגן פאַרמאַכן אַלע ייִדישע דרו־קערײַען און עפענען אויף זייער אָרט בלויז דרײַ נײַע, איינע אין ווילנע און צוויי אין אַנדערע שטעט, ווו עס געפינען זיך ייִדישע צענזאָרן. דער דאָזיקער פּראָיעקט איז ענג פאַרבונדן מיט דעם פאַר דער ייִדישער קולטור־געשיכטע פון 19טן יר״ה אַזוי וויכטיקן אוקאַז פון 1836 וועגן שליסן אַלע ייִדישע דרוקערײַען און אונטערוואַרפן דער שטרענגער ניקאָ־לאַיִשער צענזור אויך אַלע שוין געדרוקטע ייִדישע ספרים. ס׳איז דערפאַר כּדאי זיך אָפּצושטעלן אויף דעם דאָזיקן לעווינזאָנס „אומגליק־ברענגענדיקן שריט״ מער באריכות.

מיר האָבן שוין פריער געזען, וויפיל מאַטערנישן מנשה איליער און יצחק־בער לעווינזאָן האָבן געהאַט אויסצושטיין בײַם דרוקן זייערע ווערק. די פרומע דרוק־באַזיצער, בפרט די חסידישע, האָבן ניט געוואָלט „פאַרשוועכן״ זייערע ווארשטאַטן מיט אַפּיקורסישע ביכער. צו דער זעל־ביקער צײַט איז דער ייִדישער ביכערמאַרק פאַרפלייצט געוואָרן מיט אַ געוואַלטיקער צאָל פון די משׂכּילים אַזוי פאַרהאַסטע חסידישע ספרים

ובעזרת השם אנכי הסיבותי את חדבר חזה כנודע להממשלה היקרה וכעדות המכתבים אשר בידי מגדולי ראשי המדינה ומן המיניסטר, ובאגרת אשר זכיתי לכתוב אל הקיר״ה דברתי הרבה מזה, וזה שלשה שבועות אשר שלחתי המכתב הזה (זע: תרביץ, 1934, V, 204).

1 .С. Л. Цинберг, Исаак Бер Левинзон, 1900, 66

2 פּערעזשיטאָיע, III, 2, 14.

און אגיטאציאנס־שריפטן, וואס ס'האבן אין די טויזנטער עקזעמפלארן געדרוקט די פילצאליקע ווילנער דרוקן. עס וואלט אבער געווען א טעות צו מיינען, אז בלויז די משכילים האבן זיך פארהאלטן מיט גרויס שנאה צו די ווילנער דרוקן און זייער פראדוקציע. ניט ווייניקער פארדרוס האבן זיי ארויסגערופן אויך אין די מתנגדיש־לומדישע קרייזן. פיל רבנים און לומדים האבן מיט גרויס רוגזה אנגעוויזן דערויף, וואס די ווילנער דרוקערייען (סלאוווטער, סעדילקאווער און אנדערע) דערלויבן זיך ביים איבערדרוקן די ווערק פון אנגעזעענע אווטאריטעטן, ווי, למשל, די שו״ת פון דעם רדב״ז (ר' דוד בן זמרה) און פון בצלאל אשכנזי, ארויסצוווארפן גאנצע סימנים און פאראגראפן. זיי פלעגן דערפאר ווארענען, אז מען טאר זיך ניט באנוצן מיט די „ספרי ראשונים״ פון די ווילנער דרוקערייען, ביז מען פארגלייכט זיי ניט מיט פריערדיקע אויסגאבן [1]. א גרויסע פארביטערונג האט ארויסגערופן אין די ליטווישע לומדישע קרייזן, וואס די סלאוווטער דרוקער, די באקאנטע ברידער שפירא, האבן זיך אפגעזאגט צו דרוקן אין זייער תלמוד־אויסגאבע (1817—1822) דעם ווילנער גאונס הגהות אויף ש״ס. די דאזיקע אומצופרידנקייט האט אפילו סוף כל סוף געבראכט צו א גרויסן קאנפליקט, וואס האט בשעתו אויפגערודערט די גאנצע רבנישע וועלט. בעת די סלאוווטער דרוקער האבן אין אנפאנג 30ער יארן געמאכט פארבערייטונגען צוצוטרעטן צו א נייער תלמוד־אויסגאבע, זיינען זיי געוואר געווארן, אז דער ווילנער דרוקער ראם וויל ווערן זייער „משיג גבול״ און אויך איבערדרוקן גאנץ תלמוד בבלי. דאס האט ארויסגערופן אן עקשנותדיקן קאמף צווישן די סלאוווטער און ווילנער דרוקער, אין וועלכן עס האבן פון ביידע צדדים אנטיילגענומען איבער הונדערט רבנים [2]. עס איז קלאר, אז דער דאזיקער קאנפליקט איז פאקטיש געווען א דירעקטער פועל יוצא פון דער לאנגיאריקער אומצופרידנקייט, וואס ס'האט געהערשט אין די לומדיש־מתנגדישע קרייזן צו די חסידישע ווילנער דרוקער. עס איז אויסער ספק, אז ביידע צדדים האבן, ווי בשעת דעם רעליגיעזן קאמף אין סוף 18טן יר״ה, זיך ניט באנוגנט בלויז מיט דין־תורות און התראות, נאר פלעגן אויך ניט זעלטן מיט זייערע טענות זיך ווענדן צו „נאטשאלסטווא״. דערמיט איז ווארשיינליך צו דערקלערן, וואס אין 1827 האט דער קיסר ניקאלאי זיך פלוצלינג פאראינטערעסירט מיט די יידישע דרוקערייען און

1 זע קרית ספר, XI, 100—101.

2 וועגן דעם דאזיקן קאמף זע: מגיד־שטיינשניידער, עיר ווילנא, 21—26.

געפאָדערט פון דעם בילדונגס־מיניסטעריום אין משך פון צוויי טעג אים צושטעלן ידיעות וועגן דער צאָל פון ייִדישע דרוקערייען, מיט דער אָנווייזונג, לויט וועמעס דערלויבעניש זיי זיינען געגרינדעט געוואָרן. דאָס מיניסטעריום האָט צונויפגעשטעלט די נייטיקע ידיעות אויפן גרונט פון די „זאַפּיסקעס", וואָס עס האָבן מיט עטליכע יאָר פריִער דערלאַנגט צוויי משומדים: דער אויבן שוין דערמאָנטער זאַנדבערג [1] און פּאָדעללאַ. אין די דאָזיקע צוויי מעלדונגען זיינען אויסגערעכנט בערך צוואַנציק ייִדישע דרוקערייען. זאַנדבערג ווייזט דערביי אָן, אַז די ייִדישע דרוקערייען מאַכן גאַנץ גוטע געשעפטן; אייניקע פון זיי דרוקן יערליך ביכער אויף אַ סכום פון הונדערט טויזנט רובל, אַנדערע פאַר צען טויזנט רובל. אַנדערע ווידער, איז זאַנדבערג מוסיף, בעת זיי האָבן צייטווייליק קיין אַרבעט ניט, טראַכטן זיי צו אַליין, אָדער זיי ווענדן זיך צו אַנדערע מחברים, זיי זאָלן געבן דרוקן וואָסערע־ס׳איז ווערק, זאָל זיין אפילו נאַרישע און משונה־ווילדע, אַבי עס זאָל אין זיי זיין הלצה, באַהאַלטענער שפּאָט און ביטול בנוגע אַנדערע אמונות. אַזוינע ביכער דערוועקן ביי דער יוגנט שנאה צום קריסטליכן פאָטערלאַנד און אומטריַיקייט צו דער רעגירונג" [2].

אויס אַ סעקרעט־מעלדונג פון דעם בילדונגס־מיניסטער אוּוואַראָוו ווערן מיר געוואָר, אַז אין אָנפאַנג 1828 איז פאַרבאָטן געוואָרן די אין 1826 דערשינענע אָסטראָער אויסגאַבע פון „שבחי עץ חיים" און עס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אַ רייסטער פון נאָך 50 ייִדישע ווערק, וואָס דאַרפן פאַרבאָטן ווערן. און גלייך נאָכדעם (אין מאַרט 1828) איז דערשינען אַ קייזערליכער באַפעל צו קאָנפיסקירן אַלע שעדליכע ייִדישע ביכער [3]. אין 1831 האָט דער משכיל וואָלף טוגענדהאָלד, וואָס איז געווען ייִדישער צענזאָר אין ווילנע, דערלאַנגט אַ מעלדונג דעם בילדונגס־מיניסטער, אַז ביי די ייִדן אין רוסלאַנד צירקולירן פיל חסידישע ביכער, וואָס זיינען געדרוקט אָן דער צענזור־דערלויבעניש. ער טרעט דערביי אַרויס מיט אַ גאַנצן באַשולדיקונגס־אַקט קעגן די וואָלינער און פּאָדאָליער דרוקערייען. „אין די דאָזיקע דרוקערייען, — דערקלערט טוגענדהאָלד, — איז נאָך קיין איין נוצליך בוך ניט געדרוקט געוואָרן. דאָס זיינען אמתע נעסטן פון קאַבאַליסטישע און מיסטישע ווערק. דערפאַר זיינען די ייִדן, וואָס וווינען אין די דאָזיקע גובערניעס, אָפּגעשטאַ־

---

1 С. Боровой, Нариси з історії еврейскоі кнігі на україні, II (1926)

2 זע י. העסען, יעווּרעיסקאַיאַ סטאַרינאַ, 1909, II, 251—255.

3 זע „וואָסכאָד", 1903, VI, 136.

נען אין זייער גײַסטיקער אַנטוויקלונג אויף גאַנצע יאָרהונדערטער פון זייערע גלויבנסברידער, וואָס וווינען אין אַנדערע מדינות" [1].

אין 1833, דערציילט לעווינזאָן, האָט זיך צו אים געווענדעט דער קיעווער פּראָפעסאָר סאַוויצקי מיט דער אָנפראַגע, צי איז דאָס אמת, אַז אין די ייִדישע דרוקערײַען דרוקן זיך פיל ייִדישע ביכער אָן דער צענזור־דערלויבעניש און צווישן זיי אַ סך שעדליכע. [2] אויפן ערשטן קוק שײַנט עס ווייניק באַגרײַפליך, אוים וואָס פאַר אַ סיבה אַ רוסישער פּראָפעסאָר האָט זיך פּלוצלינג פאַראינטערעסירט מיט ייִדישע דרוקערײַען. קלאָרער ווערט דער ענין, בעת מען באַקענט זיך מיט בלודאָווס סעקרעטן בריוו פון דעם 19טן יאַנואַר 1834, וואָס ער האָט געשיקט אוּוואַראָוון. דאָרט ווערט דערציילט, אַז סאַוויצקי, צוזאַמען מיט צוויי ייִדן, מעקעל און בערענשטיין, האָבן פאָרגעלייגט דעם מיניסטער פאַר אינערליכע ענינים אַ פּראָיעקט, ווי אַזוי צו באַקעמפן די פאַרשפּרייטונג פון שעדליכע חסידישע ביכער: אויפן שטרענגסטן אופן איבערקוקן דורך ספּעציעלע קאָמיסאַרן אַלע ביכער, וואָס געפינען זיך בײַ די ייִדן אין די הענט און זײַנען ביז איצט געדרוקט געוואָרן אין רוסלאַנד און פּוילן; אַרויס־טיילן פון זיי די ניט־חסידישע ביכער, און אַלע איבעריקע אָן אויסנאַם קאָנפיסקירן און שטרענג באַשטראָפן די, וואָס וועלן זיך דערלויבן באַהאַלטן בײַ זיך אַזעלכע ביכער. פאַרמאַכן אַלע ייִדישע דרוקן און דערלויבן צו עפענען ניט מער ווי דרײַ דרוקן, און אַרויסגעבן דערויף געוויסע אונטערנעמער אַ פּריווילעגיע אויף 15 יאָר. [3]

די צוויי ייִדן האָבן מיט זייער פּראָיעקט פּשוט געמיינט „ביזנעס": זיי האָבן געהאָפט, אַז די פּריווילעגיע אויף די נײַע דרײַ דרוקערײַען וועלן זיי ביידע באַקומען און מאַכן אַלס מאָנאָפּאָליסטן אַ גאַנץ גוט געשעפט. [4] לְיָתֵר תּוֹקף, זייער פּראָיעקט זאָל מער אויסנעמען בײַ דער „נאַטשאַלסטוואָ", האָבן זיי צוגעצויגן דעם געלערנטן פּראָפעסאָר, וואָר־שײַנליך אויך ניט „שלא על מנת לקבל פּרס"... *

אַדאַנק די דאָזיקע פּראָיעקטן, האָבן זיך צווישן דער ייִדישער אינטעליגענץ פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז אינגיכן וועלן אַלע חסידישע אויסגאַבן פאַרבאָטן ווערן. „ווי שטייט עס — פרעגט יוסף פּערל אין

1 זע ש. בארשטאי, ציט. ארבעט, 9—10, אין „וואָסכאָד", 1903, VI, 131—132.

2 שרשי לבנון, 295.

3 „וואָסכאָד", 1903, VI, 131.

4 זע ייִדיש־רוסישע ענציקלאָפּעדיע, XV, 799.

* אָן געצאָלט.

זײַן בריוו פון 1833 בײַ לעווינזאָנען — מיט דעם אוקאַז וועגן הספרים של חסידים אשר כפי הנשמע יבערו מן העולם?״ 1 דעמאָלט איז אויך לעווינזאָן ארויסגעטראָטן. „נאָכדעם, — דערציילט לעווינזאָן אין זײַן בריוו צו אײנעם פון די רבנים, וואָס מען האָט אין 1836 באַפולמעכטיקט צו צענזורירן די געדרוקטע ייִדישע ספרים 2, — ווי איך האָב באַקומען די אָנפראַגע פון סאַוויצקין, האָב איך פחד געקראָגן, אַז עס קאָן דערפון חלילה ארויסקומען אַ גרויסער שאָדן פאַר אַלע ייִדישע דרוקערײַען און ייִדישע ספרים (קלקול עצום לכל הדפוסים העברים וספרים העברים). איך האָב דערפאַר דעם 20טן יולי 1833 צוגעשטעלט דעם מיניסטער בלודאָוו אַ פּראָיעקט, עס זאָלן זײַן ניט מער ווי דרײַ ייִדישע דרוקערײַען, איינע אין ווילנע און נאָך צוויי אין אַזעלכע ערטער, וווּ עס איז פאַראַן אַ צענזור. אויך האָב איך דעם מיניסטער צוגעשיקט אַ גרויסע רשימה פון אַלטע און נײַע ספרים מיט דער אָנווײַזונג, וועלכע זײַנען ראוי און נייטיק, מען זאָל זיי איבערדרוקן: הן ספרי תפילות, הן פירושים אויף תנ״ך און תלמוד און אויך ספרי הפוסקים פון די ראשונים און אחרונים, ספרי החכמות והדקדוק און ספרי מדות און מוסר, אויך נייטיקע און נוצליכע לערן־ביכער פאַר קינדער, און די ביכער, וואָס ס׳לייענען גערן די אָרעמע מאַסע און די פרויען. דאָס אַלץ האָב איך מיט אַלע פּרטים דערקלערט, האָב אָנגעוויזן אויף די גרויסע מעלות פון די דאָזיקע ספרים, זייער גרויסן ווערט און מאָראַלישן באַטײַט און חשיבות פון זייערע פאַרפאַסערס... מײַן כוונה איז אויסשליסליך געווען די טובה פון אונזערע ייִדישע ברידער און דעם וווילשטאַנד פון אונזער רעגירונג. עס איז אָבער לאַנג וועגן דעם צו ריידן און ניט דאָ איז דער אָרט. גאָט איז מײַן עדות, אַז זינט איך בין אַ רייפער מענטש געוואָרן, האָב איך אַלע מײַנע כוחות אָפּגעגעבן נוצן צו ברענגען אונזערע ברידער אין רוסלאַנד. מײַן איינציקער ציל איז צו דערהייבן דעם כבוד פון אונזער פאָלק, פון אונזער הייליקער תורה און פון די ווערק פון אונזערע חכמים, באַשיצן פאַר יעדן שאָדן, און אָפּווענדן פון אונז און פון אונזערע חכמים ז״ל אַלע פאַלשע באַשולדיקונגען״.

עס איז אויסער ספק, אַז אין רייסטער פון נוצליכע און צום איבערדרוקן געווונטשענע ספרים, וואָס לעווינזאָן האָט צוגעשטעלט דעם

---

1 באר יצחק, 41.

2 שרשי לבנון, 1842, 295. מער באריכות וועגן דעם דאָזיקן בריוו און לעווינזאָנס תרעומות אויף די רבנים־צענזאָרן, וואָס האָבן אויס אומוויסן פיל ספרים פאַרדאָרבן דורך זייער אומגעלומפּערטער צענזור — זע אונזער אַרבעט אין „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ״, 1910 „Исаак Бер Левинзон и его время“.

מיניסטער, האָט זיך ניט געפונען קיין איין ווערק פון דער אים אַזוי פאַרהאַסטער חסידישער ליטעראַטור. דערפאַר אָבער האָבן זיך דאָרט געפונען אין אַ באַדײַטנדיקער צאָל אַזוינע ביכער, וואָס לעווינזאָן האָט זיך שטאַרק געשראָקן פאַר זייער גורל, און מיט אַלע כּוחות זיך געפלייסט זיי צו באַשיצן. לעווינזאָן האָט דאָך זייער גוט געוווּסט, מיט וואָסער ביטול אַ געוויסער סאָרט משׂכּילים, ווי, אַשטײַגער, הירש בער הורוויץ און דער גאַליציאַנער יהודה ליב מיזעס, פאַרהאַלטן זיך צו די פּוסקים און אַפילו צום תּלמוד. עס איז אים אויך געווען באַקאַנט אַן אַנדער קאַטעגאָריע „אויפגעקלערטע", וועגן וועלכע ער רעדט מיט אַזאַ פאַרבי־טערונג אין זײַן „בית יהודה" 1 ווי וועגן מענטשן „בני בלי שם חסרי מדע", וואָס רעכענען זיך פאַר משׂכּילים דערפאַר, וואָס זיי האָבן גענאַשט אויפן שפּיץ מעסער אייניקע דײַטשע און פראַנצויזישע פּראָזן, האַלטן זיך פאַר גאַנצע פילאָזאָפן, שפּאָטן אָפּ פון דעם יידישן דת, דערקלערן אים פאַר לויטער אָבערגלויבן און מאַכן זיך גרוים מיט זייערע נידערטרעכטיקע מעשׂים (מעשׂיהם המקולקלים והמתועבים).

מען דאַרף דערבײַ אויך נעמען אין באַטראַכט, אַז אין 1827, אין איין צײַט מיט דעם רעקרוטן־אוקאַז, איז דערשינען אַן אַנדער אוקאַז, וואָס האָט געהאַט אַ געוויסן עקאָנאָמישן און אויך קולטורעלן באַטײַט פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. דאָס איז די רעפאָרם פון „אָטקופּן", בנוגע דעם רעכט פון ספּירט־פאַרקויף אין לאַנד. די דאָזיקע רעפאָרם האָט געשאַפן בײַ יידן אַ נײַע, האַלב־פּריווילעגירטע קאַטעגאָריע, די אַזוי גערופענע „אָטקופּשטשיקעס" און „אַקציזניקעס" (אַרענדאַטאָרן פון בראַנפן־פאַרקויף און די בײַ זיי אָנגעשטעלטע). בײַ גאַנץ גינסטיקע מאַטע־ריעלע באַדינגונגען, אין שטענדיקער קרבֿות מיט נאַטשאַלסטווע, האָבן די אַקציזניקעס פאַרנומען אין דער קהילה אַ גאַנץ אומאָפּהענגיקע לאַגע. זיי האָבן אַראָפּגעוואָרפן די אַלט־פרענקישע טראַכט און געטראָגן אייראָ־פּעיִשע קליידונג, מער־ווייניק די לאַנד־שפּראַך באַהערשט און זיך דער־לויבט עובֿר צו זײַן אויף געוויסע רעליגיעזע מנהגים 2.

1 דאָרטן, 320—321. וועגן די אויפן שפּיץ מעסער־„אויפגעקלערטע" און וועגן דער „השׂכּלה המזויפה" דערמאָנט לעווינזאָן אָפט אין זײַנע בריוו.

2 די דאָזיקע התנהגות פון די „אַקציזניקעס" האָט געפונען אַ געהעריקן אָפּקלאַנג אין דעם פאָלקס־שאַפן. באַקאַנט איז דאָס פאָלקסליד וועגן די „אַקציזנע לײַט":

די אַקציזנע לײַט<br>
זײַנען, זײַנען זייער פאַרשײַט,<br>
גאָלן די בערדעלעך<br>
אין פאָרן אויף פערדעלעך,<br>
גייען אין די גאָסן<br>
אין פּרעסן אויסגעוואַשן (זע מאַרעק—גינזבורגס זאַמעלבוך, 54).

אויך די דאָזיקע האַלב-געבילדעטע, די פון דער קולטור גאַנץ אויבנאויפנדיק-באַלעקטע משכּילים פלעגן קומען צו „נאַטשאַלסטוועס״ מיט זייערע „אויפקלערונגס״-פּראָיעקטן, שוין ניט ריידנדיק וועגן אַזעלכע „זאַכפאַרשטענדיקע״, ווי די משומדים זאַנדבערג און פאַדעללאַ, וואָס זיי פלעגן באַזאָרגן דאָס בילדונגס-מיניסטעריום מיט די נייטיקע ידיעות וועגן יידישע ענינים...

מיר האָבן שוין פריִער אָנגעוויזן, אַז ביי לעווינזאָנען איז דער חסידיזם געווען פאַרהאַסט ניט אַזוי פאַר זיין „אָבערגלויבן״ און שנאה צו וועלטליכן וויסן, ווי דער עיקר דערפאַר, וואָס ער האָט פאַראַליזירט דעם ווילן פון פאָלק, דערווייטערט עס פון פּראָדוקטיווער אַרבעט און געשטאַרקט אין אים דעם בלינדן בטחון אין דער הילף פונם צדיק, וואָס איז משפיע „חיי, בני ומזוני״ (געזונט, קינדער און פּרנסה). און דאָס דערווייטערן זיך פון פּראָדוקטיווער אַרבעט איז טאַקע, לויט לעווינזאָנס פעסטער איבערצייגונג, די הויפּט-סיבה, וואָס די רעגירונג און די אַרומיקע באַפעלקערונג קוקט מיט אַזאַ חשד אויף די יידן און קאָן זיי ניט אָנערקענען אַלס נוצליכע בירגער. באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש איז אין דער הינזיכט לעווינזאָנס זייער אינטערעסאַנטער, שוין אויבן ציטירטער בריוו פון דעצעמבער 1832 צום משכּיל יעקב טוגענדהאָלד, וואָס איז געווען צענזאָר פון יידישע ספרים אין וואַרשע [1]. גראָד דעמאָלט איז אונטערגעגאַנגען דער „בכּורי העתּים״; דער „כּרם חמד״ איז נאָך ניט דערשינען,—מעלדעט לעווינזאָן טוגענדהאָלדן וועגן אַ נייעם יערליכן זאַמלבוך „ציון״ [2].

דער ערשטער באַנד איז ביי אים כמעט שוין פאַרטיק צום דרוק. ער ווייזט אָבער דערביי אָן, אַז עס האַנדלט זיך דאָ וועגן עפּעס מער, ווי גרינדן אַ וויסנשאַפטליכע צייטשריפט. איך מעלד אייך, — שרייבט לעווינזאָן, — אַז עס האַנדלט זיך דאָ וועגן גרינדן אַ משכּילים-פאַרבאַנד (חברת משכּילים), וואָס שטעלט זיך די אויפגאַבע צו שטיצן די „אנשי החכמה ודורשיה״ און פאַרשפּרייטן וואָס מער וויסן. „ביז וואַנען וועלן מיר צוזען, ווי די כּת החסידים זיינען ענג פאַרבונדן איינס מיטן אַנדערן מיט אַ פעסטן פאַרבאַנד (בקשר אמיץ), זיי העלפן אויס

---

1 דעם בריוו האָט צום ערשטן פאַרעפנטליכט ד. וויינריב אין „תּרביץ״, V, (1934), 199—207.

2 יעדע זאַמלונג האָט געזאָלט באַשטיין פון פינף דרוק-בויגן. אויסער העברעישע אַרבעטן האָבן דאָרטן אויך טיילווייז געזאָלט געדרוקט ווערן אַרטיקלען אויף אַנדערע שפּראַכן (רובה יהיה לשון קודש ומעט ממנה לשון אשכנזית, רוסיא ופולאניה).

איינער דעם אַנדערן און דערגרייכן אַדאַנק דעם זייער נאַרישן צוועק, צו וועלכן זיי שטרעבן, און זיי זײַנען עס פֿון אויבן (וידם על העליונה). און אנשי שלומינו (ד"ה, די משכּילים),—זיי זײַנען שוואַך און אָרעם. און שולדיק אין דעם איז טאַקע נאָר דער פּירוד הלבבות, וואָס מיר קאָנען זיך ניט צונויפרײדן און האַלטן ניט פעסט צוזאַמען. מיר דאַרפֿן אָבער אין אונזער פאַרבאַנד אַרײַננעמען מענטשן, וואָס זײַנען ניט בלויז אוהבי החכמה, נאָר אויך מאָראַליש ריינע מענטשן, בעלי יושר וצדק. די מיטגלידער פון דעם דאָזיקן ווערטפולן פאַרבאַנד דאַרפן העלפן איינער דעם אַנדערן און זאָרגן לטובת הכּלל, בכדי צו געפינען חן און לייטזעליקייט בײַ אַנדערע אין די אויגן, בפרט אין די אויגן פון אונזער קיסר מיט זײַנע שרים און אין די אויגן פון דעם פאָלק, צווישן וועלכע מיר וווינען. וואָרום זיי אַלע ווילן דאָך גערן גוטס טאָן אונזער פאָלק און ווינטשן אים גליק. רק די נאַרישע חסידים,—זיי זײַנען עס גורם מיט זייערע שלעכטע און פאַלשע מעשים (במעשיהם הרעים והנכתּלים) די שנאת המדינה. וואָרום גאָט ווייס און יעדער פאַרשטענדיקער צווישן אונז ווייס, ווי זייער מיר ווינטשן דערוועגן דעם קיסרס ליבע און די ליבע פונם לאַנד, און אַז מיר זײַנען מיטן גאַנצן האַרצן גרייט געטרײַ צו דינען דעם קיסר און ווינטשן גליק אים און אַלע, וואָס האַלטן מיט אים. די רעגי־רונג וואָלט געוויס אויך אונז געצאָלט מיט חסד און ליבע, ווען ניט די דאָזיקע טפּשים צווישן די חסידים, וואָס טוען אונז (דאָס ייִדישע פאָלק) אַזוי דערווײַטערן מיט זייערע נאַרישקייטן (בהמון סכלותם).

„איר דאַרפט וויסן, — ווײַזט לעווינזאָן אָן, — אַז אויך די באַ־ווּסטע הויפּטפירער פון די גאַליציאַנער השכּלה (גם ראשי החכמים שבגליציע המפורסמים) שטיצן אונז מיט, און אויב צווישן די מאָראַליש ריינע משכּילים וועט זײַן אמתע ליבע און ברודערשאַפט, — גוואַלטיק גרויס וועט זײַן די הילף, וואָס דאָס פאָלק ישראל וועט דורך דעם באַקומען". אָבער, — חזרט דערבײַ לעווינזאָן איבער, — מען דאַרף דערבײַ זייער און זייער מדקדק זײַן, מען זאָל אין דעם פאַרבאַנד ניט אַרײַננעמען יעדערן, וואָס זעט בלויז אויס ווי אַ משכּיל (הנראה למשכּיל), וואָרום עס זײַנען פאַראַן אַזוינע, וואָס זיינען טאַקע זייער געניט אין שפּראַך און אין וויסנשאַפטן, און דאָך זיינען זיי טויזנט מאָל ערגער פון איינעם מכּת החסידים, וואָס קען אפילו ניט לייענען אויף פּשוט מאַמע־לשון.

דעם דאָזיקן „משכּילים־פאַרבאַנד" האָט לעווינזאָן פּראָיעקטירט אַלס געהיימען אָרדען, וואָס זײַנע ציִלן האָבן באַדאַרפט בלײַבן פאַרבאָרגן ניט בלויז פאַר די, וואָס האָבן זיך אונטערגעצייכנט אויף דער יאָרזאַמ־לונג „ציון", נאָר אפילו פאַר אַ טייל פון זײַנע מיטאַרבעטער. „אך בני

עליה המעטים ידעו את תכליתה״,—שרייבט לעווינזאָן, — בלויז די ווייניק אויסדערוויילטע דאַרפן וויסן וועגן איר ענדציל.

פון דער יאָרזאַמלונג „ציון״ [1], ווי אויך פון דעם משכּילים־פאַרבאַנד איז גאָרנישט געוואָרן. דערפאַר אָבער האָט לעווינזאָן מיט אומדערמידלעכן פלייס געשטרעבט צו פאַרווירקלעכן דעם אַנדערן פונקט, וואָס ווערט באַרירט אין זיין בריוו צו טוגענדהאָלדן און פאַרנעמט אַזאַ וויכטיקן פּלאַץ אין זיין אויבן ציטירטן רעפאָרם־פּראָגראַם,—צו באַשעפטיקן אַ באַדייטנדיקן טייל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג מיט ערדאַרבעט. ער האָט, ווי מיר וויסן, געשריבן וועגן דעם אין זיין בריוו צו ניקאָלאַיען סוף 1832, און אין אייניקע חדשים אַרום האָט ער צעשיקט אַגיטאַציאָנס־בריוו אין פיל ייִדישע קהילות, מען זאָל זיך נעמען צו ערדאַרבעט און גרינדן ייִדישע קאָלאָניעס. אַדאַנק זיין אַגיטאַציע אין זיין אייגענער געבורטשטאָט, האָבן אין 1834 צוויי־און־פופציק קרעמעניצער ייִדישע פאַמיליעס אָנגענומען דעם באַשלוס צו בעטן ביי דער רעגירונג, זי זאָל זיי אויסטיילערד צו באַאַרבעטן אין כערסאָנער גובערניע. מיט צופרידנקייט דערציילט לעווינזאָן אין „בית יהודה״ [2], ווי די דאָזיקע פאַמיליעס האָבן אים, לעווינזאָנען, באַפולמעכטיקט, ער זאָל זיך אין זייער נאָמען ווענדן צו די באַטרעפנדיקע אינסטאַנצן, און ווי אַזוי די רעגירונג האָט איינגעוויליקט צו דערלויבן די אַלע פאַמיליעס, זיי זאָלן אין כערסאָנער גובערניע גרינדן אַ קאָלאָניע [3].

לעווינזאָן ווייזט דערביי אָן, אַז ער האָט וועגן דעם דאָזיקן ענין דערהאַלטן פון דעם סטאַטס־סעקרעטאַר לאַנגינאָוו אַן אייגנהענטיקן בריוו, וואָס „איז ביי אים ליבער פון די טייערסטע זאַכן״ (היקר בעיני מכּל חמדה). וועגן לעווינזאָנס חשיבות ביי „נאַטשאַלסטוואָ״ האָבן צירקולירט גאַנצע לעגענדן. לעווינזאָנס תּלמיד און פאַרערער, דער באַוווסטער השכּלה־טוער א. ב. גאָטלאָבער, דערציילט אַלס עד־ראיה וועגן אַן אייגנהענטיקן בריוו, וואָס ניקאָלאַי זאָל האָבן געשיקט לעווינזאָנען [4]. לעווינזאָן גופא פלעגט אויך אוים ריין סטראַטעגישע טעמים, בכדי די קעגנער

1 ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן איז אויך לעווינזאָנס אַ שפּעטערדיקער (1843) פּראָיעקט אַרויסצוגעבן צוזאַמען מיט ערטערן און אייניקע אַנדערע גאַליציאַנער משכּילים אַ חודש־זשורנאַל (זע ספר הזכרונות, 70).

2 בית־יהודה, 353.

3 די אַלע ביי לעווינזאָנען דערמאָנטע דאָקומענטן זיינען פאַרעפנטלעכט אין „העבר״, 1918, I, 185—190. עס איז אָבער אַ גרויסער ספק, צי איז דער ענין ווירקלעך פאַרווירקלעכט געוואָרן (זע וועגן דעם באַראָכאָוס ציטירט ווערק, 133).

4 זע ספר הזכרונות, 4—143.

זאלן מורא האבן קעגן אים ארויסצוטרעטן, אפט אונטערשטרייכן זיין חשיבות ביי אנגעזעענע באאמטע און שררות. אמת, ניט אלץ איז טאקע געווען בלויז לעגענדע. מיר האבן שוין געזעען, ווי אין 1828 איז לעווינזאן לויט דעם „אלערהעכסטן באפעל" באשאנקען געווארן מיט טויזנט רובל פאר זיין ווערק, וואס דערוועקט „די מאראלישע באנייונג פונם יידישן פאלק". עס איז אויך אויסער ספק, אז לעווינזאן האט דערוועקט גרויס אינטערעס ביי געבילדעטע רוסישע אנגעזעענע באאמטע, וואס האבן געוווסט בלויז פון יידישע פאקטארן, הענדלער און ווילדע פאנאטיקער, און פלוצלינג דערוויסן זיי זיך, אז אין א פארווארפענעם שטעטל, אין אן ארימער באלופע וווינט א ייד, וואס שרייבט און רעדט געלויפיק דייטש און לאטיין און באזיצט ברייטע און פילזייטיקע ידיעות אין די פארשיידענע בראנשן פון הומאניטארן וויסן. ווען פון די אנגעזעענע באאמטע עס איז אויסגעקומען פארבייצופארן קרעמעניץ, פלעגט ער מיט אינטערעס באזוכן לעווינזאנען, זען מיט אייגענע אויגן די דאזיקע אויסטערלישע דערשיינונג. דער גראף דימיטרי טאלסטאי, דער שפעטער אזוי טרויעריק באקאנטער מיניסטער, האט אפילו געהאלטן פאר נייטיק אויפצוצייכענען דאס בילד פון דעם קראנקן „אוטשאני יעווריי", וואס וווינט אין קרעמעניץ ביי אזוינע קלאגעדיק-ארימע צושטאנדן, און האט דערנאך פרעזענטירט דאס דאזיקע בילד דער גרויספירשטין מאריא ניקאלאיעווגא [1]

לעווינזאן שטרייכט אבער ניט אומזיסט אונטער אין זיין אויבן ציטירטן בריוו, אז זיין „איינציקער ציל איז צו דערהייבן דעם כבוד פון אונזער פאלק, פון אונזער הייליקער תורה און פון די ווערק פון אונזערע חכמים, באשיצן פאר יעדן שאדן און אפוועגדן פון אונזערע חכמים אלע פאלשע באשולדיקונגען" (זע אויבן, ז' 84). דאס האט ער ווירקליך לויט זיינע כוחות און זיינע מעגליכקייטן מקיים געווען, און דורך דעם טאקע האט ער געמוזט דערוועקן חשד און געוויסע אומצופרידנקייט ביי ניקאלאיען און זיינע מיטהעלפער.

מיר האבן שוין אויבן אנגעוויזן, ווי אפילו אזא ליבעראלער מאן, ווי א. טשארטאריסקי, איז געווען פעסט איבערצייגט, אז „עס קאן גאר ניט געמאלט זיין פאר וועלכן-ס'איז אייראפעישן פאלק קיין שום אנדער קולטור און בילדונג, ווי נאר אין גייסט פון קריסטליכער מאראל", און אז צו „אמתער בילדונג" קאנען יידן דערגרייכן ערשט דעמאלט, ווען „זיי וועלן אויפנעמען די מאראל פון דער קריסטליכער רעליגיע". אין דעם מאניפעסט פון 24טן דעקאבער 18'7 בנוגע די ענינים פון דעם

1 אגרות ריב"ל, 8; ספר הזכרונות, 144.

בילדונגס־מיניסטעריום ווערט באזונדער אונטערגעשטראכן, אז דער יסוד פון אמתער בילדונג דארף זיין קריסטליכע פרומקייט (христианское благочестие). דער מיניסטער בלודאָוו איז געווען פעסט איבערצייגט, אז דער יידישער גלויבן, וואס שטיצט זיך דערהויפט אויף דער „ווילד־נארישער״ (нелепое) לערע פונם תלמוד, איז לויט זיין גייסט דערווידער דער קריסטליכער געזעלשאפט און דערפאר איז ער שטענדיק מער־ווייניק שעדליך. די דאזיקע ארויסגעזאגטע מיינונג האט באקומען ניקאלאי דעם ערשטנס „אלערהעכסטע״ הסכמה 1. ניקאלאי האט בכלל געקוקט אויף אמונה־פראגן פון ריין פאליציייִשן שטאנדפונקט. זיין אידעאל איז דאך געווען צו מאכן פון דעם גאנצן ריזיקן רוסלאנד איין גרויסע קאזארמע, וווּ אלע איינוווינער זאלן זיין אויסדרעסירטע אווטאמאטן: זייער גאנץ לעבן, אלע זייערע געדאנקען, פאדערונגען און פארלאנגען דארפן זיין שטרענג רעגלאמענטירט, פעסט באשטימט לויט דעם באפעל און דיקטירונג פון „נאטשאלסטווא״, פון דער מלוכה־מאכט. אויך דער גלויבן דארף זיין א „קאזיאָנע״, דארף דינען דעם ניוועלירונגס־פרינציפ, אלע זאלן גלויבן לויט איין נוסח, אויף איינעם און דעם זעלביקן שטייגער, ווי די מלוכה־מאכט באפעלט. די יידישע באפעלקערונג מיט איר גלויבן, מיט איר גאנצן לעבנס־שטייגער און אויסערן אויסזען האט זיך אבער געפונען אין שרייענדיקער סתירה מיט ניקאלאיס ניוועלירונגס־סיסטעם. ער האט אין דעם געזען א חוצפה, „ווידערשפעניקייט״, און איז געווען פעסט איבער־צייגט, אז שולדיק אין דעם זיינען דער יידישער „פאלשער גלויבן״ (лжеучение) מיט דעם „ווילדנארישן״ תלמוד.

לעווינזאָן האט זיך אבער געשטעלט די אויפגאבע — „אפּווענדן פון אונזערע חכמים אלע פאלשע באשולדיקונגען״. ער האט איינגעפעסט געגלויבט אין דער איבערצייגנדיקער מאכט פון אפּאלאגעטיק. אין דער זעלביקער צייט, ווען לעווינזאָן האט אגיטירט צווישן די קרעמעניצער יידן צו גרינדן א קאלאניע אין כערסאָן, איז אין אן אנדערער וואלינער קהילה (אין זאסלאוו) א גרויס אומגליק געשען: אויפגעלעבט האט דארט דאס מיטלאלטערליכע בלוטיקע געשפענסט — עלילת דם. פיל אנגעזעענע קהילה־מיטגלידער האט מען אין תפיסה איינגעזעצט און די גאנצע קהילה האט אין גרויס שרעק געלעבט. האט מען זיך אין דער גרויסער נויט געווענדעט צו לעווינזאָנען, ער זאל ביי דער רעגירונג זיך משתדל זיין פאר די אומשולדיקע ארעסטירטע און פארפאסן א ספּעציעל ווערק, וווּ ער זאל קלאר דערווייזן, אז די בלוט־באשולדיקונג האט קיין שום יסוד

1 זע בארָאָוואָיס ציטירטע ארבעט, 7.

ניט. לעווינזאָן האָט געטריי ערפילט דעם דאָזיקן פאָרשלאַג. ער האָט אוועקגעלייגט אַלע זיינע אַנדערע ליטעראַרישע אַרבעטן, מיט אומדער־מידליכן פליים געזאַמלט די צו דער דאָזיקער פראַגע נייטיקע היסטאָרישע דאָקומענטן און דעקרעטן, און אין 1834 איז שוין געווען פאַרטיק זיין פאַרטיידיקונגס־שריפט „אפס דמים". דאָס ווערק איז געשריבן אין דער אַלטמאָדישער פאָרם פון אַ וויכוח צווישן דעם פּאַטריאַרך פון דער פראַ־וואָסלאַווער קירך אין ירושלים כּמיאָס און דעם אָרטיקן רב הכולל מיימון. אין היינעם באַוווסטער „דיספּוטאַציאָן" באַגעגענען דער קאַטוילי־שער קאַפּוצינער און דער יידישער רב איינער דעם אַנדערן מיט אימה־דיקע קללות און זידלערייען; אַ גאַנץ אַנדערער גייסט הערשט ביי לעווינזאָנס דיספּוטאַנטן. פריידליך און געלאַסן גייט צו דער וויכוח; מיט רעספּעקט פאַרהאַלט זיך דער פּאַטריאַרך צו דער פרעמדער אמונה; ניט אויס שנאה און נקמה־געפיל ברענגט ער ראיות, וואָס דאַרפן באַשטע־טיקן די עלילת דם, נאָר ווייל ער וויל דעם אמת זיך דערוויסן. און ווען זיין אָפּאָנענט דערווייזט אים מיט אייזערנע ראיות, ווי פאַלש און אומ־באַגרינדעט ס׳איז די דאָזיקע בלוט־באַשולדיקונג, דאַנקט ער האַרציק, און דער פּאַטריאַרך און דער רב נעמען זיך צום שלום אַרום ווי אכתע ברידער.

דער „אפס דמים" איז אין 1837 אין דרוק דערשינען. אין דריי יאָר אַרום, ווען אַ נייער „עלילת דם" אין וויטן דמשק האָט אויפ־גערודערט דאָס גאַנצע יידנטום, האָט לויט מאָנטעפיאָרעס איניציאַטיווע זיין סעקרעטאַר ד"ר לעווי איבערגעזעצט לעווינזאָנס ווערק אויף ענגליש. די איבערזעצונג האָט געמאַכט אַ רושם אין דער געלערנטער וועלט, און דאָס ווערק איז אָנערקענט געוואָרן אַלס „אַ גוט געווער, געשאַרפט און געשליפן פון אַ געטרייער און געניטער האַנט". דער „אפס דמים" האָט אויך גלייך נאָך זיין דערשיינען אין העברעיש געזאַלט געדרוקט ווערן אין פּוילישער און רוסישער איבערזעצונג. די לעצטערע האָט געזאָלט באַזאָרגן יוסף ראַבינאָוויטש [1], דער צוקינפטיקער רעדאַקטאָר פון דער ערשטער רוסיש־יידישער צייטשריפט „ראַזסוויעט". דאָס איז אָבער ניט פאַרווירקליכט געוואָרן אַט אויס וואָסערע סיבות: לעווינזאָן, ווי נאָר ער האָט זיין „אפס דמים" פאַרענדיקט, האָט ער גלייך אַוועקגעשיקט אַ ספּע־ציעלע אָפּשריפט פונם ווערק צו די הויכגעשטעלטע באַאַמטע, בכדי אויך זיי און דער „מלך חסד", וואָס „שטרעבט דאָך רק צום ריינעם אמת", זאָלן זיך איבערצייגן, אַז די בלוטיקע באַשולדיקונג האָט קיין שום יסוד

1 זע „באר יצחק", 106. ערשט אין קאַרגע פּופּציק יאָר אַרום (1883) איז דערשינען דער „אפס דמים" אין דער רוסישער איבערזעצונג פון י. סאַרקין.

ניט און איז ניט מער ווי א בלבול. די רעזולטאטן זיינען אָבער געווען פאר לעווינזאָנען גאנץ אומדערוואַרטעטע. מיר האָבן שוין פריער אָנגע־וויזן, אין וואָס פאר א שווערער מאטעריעלער נויט דער קראנקער לעווינזאָן האָט געלעבט. אפילו פאר זיין „אפס דמים", וואָס איז דאָך ביי אים באַשטעלט געוואָרן „לטובת הכלל", האָט ער פון די קהילות קיין שום שטיצע ניט באַקומען, ניט געקוקט דערויף, וואָס דאָס זאַמלען פאַרן ווערק דעם נייטיקן מאטעריאל און דאָס אָפּשרייבן די פאַרשיידענע היסטאָרישע דאָקומענטן זיינען געווען פאַרבונדן מיט געוויסע הוצאות. הילפלאָז און פאַרלאָזן האָט לעווינזאָן אין 1836, נאָך איידער זיין „אפס דמים" איז אין דרוק דערשינען, זיך געווענדעט אַהין, פונוואַנען ער האָט שוין איינמאָל (אין 1828) באַקומען מאטעריעלע שטיצע — צו דער רעגירונג. מיט זיין ביטשריפט האָט ער זיך געווענדעט צום דעמאָלטיקן מיניסטער פאַר אינערליכע ענינים — צו בלודאָוו, וועמען עס זיינען ערשט ניט לאַנג איבערגעגעבן געוואָרן אַלע דאָקומענטן בנוגע לעווינזאָנס אַגיטאַציע פאַר באַשעפטיקן יידן מיט ערדאַרבעט 1. בלודאָוו האָט אָבער ניט געהאַלטן פאַר נייטיק צו זיין א מליץ פאַר דעם קראנקן יידישן געלערנטן און זיין ביטשריפט אונטערצושטיצן. די מאָטיוון דער־קלערט בלודאָוו גופא אין זיין אָפיציעלן שרייבן צום בילדונגס־מיניסטער אוּוואַראָוון. ער מאַכט דאָרט אוּוואַראָוון באַזונדערס אויפמערקזאַם אויף לעווינזאָנס לעצט ווערק „אפס דמים": „צי קאָנען דען ניט געפינען, בפרט די פאַרשטייער פון דער פּראַוואָסלאַוונער קירך, פאַר אומאָנ־שטענדיק און ממש פאַרפירעריש (Соблазнительный) אזא געשפּרעך צווישן א רב און דעם פּאַטריאַרך פון ירושלים, ווו דער ערשטער פליייסט זיך צו דערווייזן, אז אין תלמוד איז קיין זאַך ניט פאַראַנען, וואָס זאָל זיך געפינען אין סתירה מיט דעם קריסטליכן גלויבן. דאָס איז נאָך באַ־זונדערס ניט דערלאָזבאַר, ווייל די דאָזיקע (לעווינזאָנס) מיינונג איז דאָך לחלוטין פאַלש און האָט ניט קיין שום יסוד" 2.

אוּוואַראָוו האָט מסכים געווען מיט בלודאָווס אויספיר, און לעווינ־זאָנס ביטשריפט מכוח מאטעריעלער שטיצע איז צום קיסר ניט דערגאַנגען. מיר האָבן שוין אויבן אָנגעוויזן, ווי די הויכע באַאַמטע און פאַרשטייער פון גרויסן אדל האָבן געהאַלטן פאַר א דבר ידוע, אז דער תלמוד איז א „ליגן־בוך", פול מיט לויטער נאַרישקייטן און אָבערגלויבן. א געוויסער סאָרט משכילים פון הירש־בער הורוויצעס שניט האָבן די רוסישע שררות נאָך מער גע־שטאַרקט אין דעם דאָזיקן געדאַנק. לעווינזאָן מיט זיין רעספּעקטפולן

1 בית יהודה, 353.

2 זע: י. העססען, פערעזשיטאָיע, III, 16.

פארהאלטן זיך צום תּלמוד, ווי צו א העכסט-וויכטיקן קולטור-היסטארישן דענקמאל, האט זיך ממש דיסקרעדיטירט אין די אויגן פון די בלודאווס און אוווראווס. זיי האבן אנגעפאנגען צו קוקן מיט חשד אויף דעם דאזיקן אייגנארטיקן „אויפקלערער". און דער אביעקטיווער געשיכטס-פארשער מוז נאכזאגן לעווינזאנען דעם שבח, אז ער האט געהאט דעם מאראלישן מוט זיך ניט צו דערשרעקן פאר דעם חשד און אומווילן פון די שררות, וואס זיינען געווען דער איינציקער מקור, פון וועלכן דער נויטבאדערפטיקער און קראנקער שריפטשטעלער האט געקאנט האפן אויף מאטעריעלער שטיצע. ער האט דאך אזוי איינזעעסט געגלויבט אין דער איבערציינגנדיקער און אויפקלערערישער קראפט פון לאגישע סברות, וואס שטיצן זיך אויפן שכל הישר און אויף היסטארישע פאקטן.

גראד אין יענער צייט האט א געוויסער משומד אוים וויטעבסק, אשר טיעמקין, פארפאסט אן אנטי-תּלמודישן פאמפלעט „דרך סלולה". אויף דעם דאזיקן ווערק האט מען אויפמערקזאם געמאכט ניקאלאיען און אויף זיין באפעל איז טיעמקינס פאמפלעט אין דרוק דערשינען (אין 1835) צוזאמען מיט א רוסישער איבערזעצונג [1]. לעווינזאן האט ניט געוואלט נעמען אין באטראכט די „אלערהעכסטע" הסכמה און האט פארפאסט א ספּעציעלע קעגנשריפט „ימין-צדקי", וווּ ער דערווייזט מיט גרויס בקיאות, ווי אלע באשולדיקונגען מצד דעם מחבר פון „דרך סלולה", וואס באצוועקט כלומרשט צו „דערלייכטן די אויגן פון זיינע ברידער", זיינען פול און פול מיט עם-הארצות, רמאות און געפעלשטע ציטאטן. באזונדערס כאראקטעריסטיש איז אין דער הינזיכט לעווינזאנס א צווייטע אפּאלאגע-טישע שריפט „אחיה שילני החוזה".

אין 1839 האט אן ענגלישער מיסיאנער מאקאלא פארעפנטליכט א ווערק „נתיבות עולם", וואס האט געזאלט דערווייזן, אז דער תּלמוד, ווי אויך אנדערע העברעיִשע רעליגיעזע און עטישע שריפטן זיינען איבער-פולט מיט ווילדן אבערגלויבן און פרעדיגן שנאה צו אלע אנדערע אמונות, בפרט צו דער קריסטליכער. דאס מיסיאנערישע בוך איז איבערגעזעצט געווארן אויף עטליכע שפראכן און האט געפונען א גאנץ באדייטנדיקע פארשפרייטונג. אלס ענטפער אויף דעם „נתיבות עולם" האט לעווינזאן פארטראכט א קאפיטאל ווערק אין פיר טיילן „זרובבל", וווּ ער האט זיך פארגענומען צו געבן א היסטאריש-קריטישע אפּשאצונג דעם תּלמוד און דורכדעם צו דערווייזן, ווי אומבאגרינדעט און פאלש עס זיינען די אנפאלן אויף דער יידישער רעליגיע און עטיק מצד די אלע טיעמקינס און מא-

---

1 זע אי. אָרשאנסקים ווערק Русское законодательство о евреях, 22—23.

קאַלאַס. גאָר איידער ער איז צוגעטראָטן צו דעם דאָזיקן וויסנשאַפט־ליכן ווערק, וואָס ער האָט געשריבן אין משך פון גאַנצע צוועלף יאָר, האָט ער פאַרפאַסט די אויבן־דערמאָנטע פּאָלעמישע שריפט „אחיה שלוני החוזה". דאָס דאָזיקע ווערק איז געשריבן אין אַזאַ קריגערישן טאָן, אַז עס האָט בשום אופן ניט געקאָנט געדרוקט ווערן אינם צאַרישן רוסלאַנד און עס האָט טאַקע די וועלט דערזען ערשט נאָך לעווינזאָנס טויט אין אויסלאַנד (לייפּציג, 1863).

„אחיה שלוני" איז פאַקטיש ניט קיין אַפּאָלאָגעטישע שריפט, נאָר אַ באַשולדיקונגס־אַקט, אַן אַרויסרוף דער קריסטליכער געזעלשאַפט, וואָס רעדט מיט אַזאַ גדלות און ביטול וועגן דער מאָראַלישער דעמאָראַליזאַ־ציע און ווילדן אָבערגלויבן פון דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע גלויבט אין דעם „ליגנערישן און מענטשנפיינדליכן" תלמוד.

ווי דער „אפס דמים", איז אויך דער „אחיה שילוני" געשריבן אין פאָרם פון אַ „וכוח" צווישן דעם לוטעראַנער דאָן אַלפאָנזאָ און דעם יידישן געלערנטן צדקיהו מזרחי אויס דער שטאָט ישרים, וואָס אונטער זיין נאָמען רעדט דער פאַרפאַסער גופא [1].

די קריסטליכע פעלקער, — טענהט מזרחי, — באַרימען זיך אַזוי מיט זייער טאָלעראַנץ און דאָך באַשטעלן זיי מיסיאָנערן צו אַגיטירן צווישן יידן, זיי זאָלן אָננעמען דעם קריסטליכן גלויבן. די דאָזיקע מיסיאָנערן באַגיסן מיט שפּאָט און שאַנד אונזער אמונה און מיר זיינען געצוווּנגען צו שווייגן און ווען איר רופט אונז אַפילו אַרויס אויף אַ וויכוח, לאָזט איר אונז צום וואָרט ניט קומען. איר צווינגט אונז רק איינערע טענות אויסצוהערן, איר ווילט אונז מיט צוואַנג איבערציינגן, ניט מיטן וואָרט, נאָר מיט דער מאַכט פונם פויסט, ווייל איר זייט די הערשער פונם לאַנד און מיר זיינען גרים. צי קאָן דען אַ קנעכט מיט זיין האַר דיספּוטירן? איר לעסטערט אונזער גלויבן, איר טראַכט אויס אויף אונז פאַלשע בלבולים און מען פאַרשליסט אונז דאָס מויל, און מען צווינגט אונז צו שווייגן [2]. איר שטאָלצירט אַזוי מיט איער גלויבן, באשר זיין יסוד איז דאָך מענטשנליבע. מיר, יידן, ווייסן זייער גוט, וואָס אייער מענטשנליבע באַטייט. וועגן דעם שרייט דאָס אומשולדיקע פאַרגאָסענע בלוט פון גאַנצע דורות, פון אונזערע אין די טויזנטער אויף טויט פאַר־מוטשעטע אומגליקליכע ברידער און שוועסטער, וועגן דעם דערציילט יעדער בלאַט פון אונזער געשיכטע, יעדער שטיין פון אייער לאַנד. און

1 ישרים מאַכט בגימטריא קרעמעניץ, אחיה שילני החוזה מאַכט בגימטריא יצחק דוב לעווינזאָהן, און צדקיהו מזרחי — יצחק בער.

2 אחיה שילני, 7—11.

אפילו ביי היינטיקן טאָג, ווען די בלוטיקע שווערד געוועלטיקט שוין ניט ווי פריער, פילן מיר דאָך נאָך זייער גוט אייער ליבע: דאָ רויבט מען ביי אונז צו די בירגער-רעכט, דאָרט פאַרטרייבט מען אונז פון לאַנד און ערגעץ אַנדערש ווידער איז מען אונז מבזה, און מען פאַרביטערט אונז דאָס לעבן אויף וואָס פאַר אַן אופן עס איז נאָר מעגליך [1].

אַנוויינדיק, אַז די קריסטן זיינען עובר אויף דעם גרונדזאַץ פון תורת משה און פון דעם קריסטליכן גלויבן צוזאַמען — „ואהבת לרעך כמוך“, פרעגט מזרחי: וואָס וועלן זיי ענטפערן דעמאָלט, ווען עס וועט קומען דער יום-הדין, זייער דערלייזער וועט (ווי זיי גלויבן) ווידער זיך באַווייזן און פירן דעם גרויסן וועלט-משפט? שווער וועט זיין פאַר אייך, קריסטן, דער יום-הדין. וואָרום פרעגן וועט אייך אייער דערלייזער: אויב איר גלויבט אין מיר און אין מיינע געזעצן, פאַר וואָס זשע האָט איר ניט מקיים געווען דעם וויכטיקסטן פון מיינע גרונד-באַפעלן: ליבט יעדן מענטשן ווי אייך גופא, אפילו אייער פיינד“! און ווי באַלד איר זייט עובר אויף דעם גרונדזאַץ פון מיין לערע, צעשטערט איר דאָך מיין גאַנצן בנין. און אויב איר גופא זייט ניט מקיים מיינע געבאָטן, פאַר וואָס רודפט איר די, וואָס גלויבן ניט אין מיר? [2]. „איר, — רופט מזרחי אויס, — פאָדערט פון אונז, מיר זאָלן דעם קריסטליכן גלויבן אָננעמען — און איר גופא זייט דאָך קיין קריסטן ניט!“ און ער ווייזט אָן, ווי די קריסטן טרעטן מיט די פיס קריסטוסעס עטישע לערע וועגן ליבע און גערעכטיקייט [3]. וואָלט איך, — פירט מזרחי אויס, — געוועלט אויסרעכענען די אַלע עטישע געבאָטן פון אייער עוואַנגעליום, וואָס איר זייט ניט מקיים און טוט רק דעם היפך, וואָלט איך באַדאַרפט אַ ספּעציעל דיק בוך אָנשרייבן. איר, וואָס באַשולדיקט יידן אין געלט-גיר, זייט איר גופא דען מקיים די ווערטער פון עוואַנגעליום: ווער עס איז להוט נאָך געלט, דער איז גאָטס פיינד“? אפילו אייערע גייסט-ליכע וועלן דאָך קיין מת ניט מקבר זיין, ביז מען באַצאָלט זיי ניט פאָראויס, מעגן דעם געשטאָרבענעמס אייגענע זיין ווי אָרעם און נויטבאַ-דערפטיק. איר, קריסטן, מאַכט אייך אַזוי גרויס און רעדט מיט אַזאַ ביטול וועגן יידישן „אָבערגלויבן“ און יידישע „ווילדע מנהגים“. אייך קריסטן פאַסט כלל ניט אָפּצולאַכן פון פרעמדע „אָבערגלויבנס“, בעת די יסודות פון אייער אמונה זיינען אַזוי ענג פאַרבונדן מיט פאַנטאַסטישע ניסים און לעגענדעס, וואָס איר האָט איבערגענומען ביי די קדמונישע

1 אחיה שילני, 13.

2 דאָרטן, 14.

3 דאָרטן, 53—54.

געצנדינערישע פעלקער [1], בײַ אײַער אמונה, וואָס איז געבויט אויף גאָלע ניסים און לעגענדעס, וועלכע געפינען זיך אין פולער סתירה מיט די לאָגישע סברות, איז דאָס גלײַכסטע בכלל זיך ניט אַרײַנצולאָזן אין חקירות וועגן רעליגיעזע פראַגן [2]. אײַערע מיסיאָנערן קלאָגן זיך אַזוי אויף דער אכזריות פון אונזערע רבנים, וואָס האָבן פיל חומרות אויסגעטראַכט, און דאָס פאָלק זיפצעט, נעבעך, אונטער דעם שווערן יאָך. ווי קאָן זיך אָבער, — פרעגט מזרחי, — פאַרגלײַכן די אכזריות פון אונזערע רבנים מיט די בלוטיקע מעשים פון די קאַטוילישע גײַסטליכע?" [3].

עס געניגט איבערצולייענען די פּאַטעטישע בלעטער אין „אחיה שילני", ווו לעווינזאָן שילדערט מיט סענטימענטאַלער התפּעלות די מאָראַלישע שיינקייט פון דעם יידישן פּאַטריאַרכאַלן לעבן און די ריינקייט פון יידישער עטיק און פאַמיליען־לעבן [4], בכדי צו באַקומען אַ קלאָרן באַגריף, וואָס פאַר אַ גרויסע דיסטאַנץ עס טיילט אָפּ לעווינזאָנען פון אַזוינע אויפקלערער, ווי מיזעס, הערש בער הורוויץ און נאָך אַזוינע ווי זיי...

ניקאָלאַיס מיניסטאָרן און באַאַמטע האָבן דאָס ניט געוואָלט מוחל זײַן לעווינזאָנען און געהאַלטן פאַר ניט צוועקמעסיק צו שטיצן אַזאַ פאַרדעכטיקן אויפקלערער, וואָס לויבט אַזוי דעם „ליגנערישן תלמוד". מען האָט אויך דערפאַר געהאַלטן פאַר ניט פּאַסיק צו רעקאָמענדירן זײַנע ווערק פאַר די נײַ־געגרינדעטע יידישע שולן. לעווינזאָנס בקשות וועגן מאַטעריעלער הילף, וואָס ער האָט דערלאַנגט דער רעגירונג, זײַנען געבליבן אָן אַן ענטפער, און בלויז קאַרגע צוויי יאָר פאַר זײַן טויט, ווען אויף דעם רוסישן טראָן איז שוין געזעסן אַלעקסאַנדער דער צווייטער, און עס האָט זיך אָנגעפאַנגען די „תקופה פון גרויסע רעפאָרמען", האָט די רעגירונג אָפּגעקויפט בײַ לעווינזאָנען פאַר דרײַ טויזנט רובל אַ געוויסן סכום עקזעמפּלאַרן פון זײַנע „תעודה בישראל" און „בית יהודה", וועלכע זײַנען דאָס מאָל אָנערקענט געוואָרן פאַר נוצליכע לערנביכער אין די יידישע שולן.

לעווינזאָן האָט בלי־ספק געוווּסט, ווי די הויכע באַאַמטע פאַרהאַלטן זיך צו דער יידישער אמונה בכלל און צום תלמוד בפרט, ער האָט אָבער אַזוי אײַזנפעסט געגלויבט אין דעם גוטן ווילן פון דער „לייטזעליגער" רעגירונג, וואָס שטרעבט רק צום אמת, — איז ער געווען פעסט איבער־

1 אחיה שילני, 97, 105.

2 דאָרטן, 11.

3 דאָרטן 107—108.

4 דאָרטן 116—128. לעווינזאָן האַלט דערבײַ פאַר נייטיק אונטערצושטרײַכן, אַז דאָס יידנטום האָט צו פאַרדאַנקען זײַן מאָראַלישע קראַפט און זיטן־ריינקייט דעם תלמוד, דעם „מורה הגדול ליהודים" (123).

צייגט, אַז עס וועט אים געלינגען איבערצייגן די „אמת־ליבענדיקע" רעגירונג מיט זיינע לאָגישע באַווייזן. די רעאַלעווירקליכקייט, דאָס לעבן אין צאַרישן רוסלאַנד, איבער וועלכן עס האָט מיט אַזאַ גרויזאַמער דעספּאָטישער עקשנות געוועלטיקט ניקאָלאַיִם שפּיצרוטן־רעזשים, האָט אָבער אָן רחמנות צעשטערט די אוטאָפּישע האָפענונגען פון דעם קרעמע־ניצער נאַיִוון אויפקלערער.

מיר האָבן שוין פריִער אָנגעוויזן, אַז לעווינזאָן האָט זיך אין 1836 געווענדעט מיט אַ מעמאָראַנדום צו ניקאָלאַיען „וועגן די נויטבאַדערפע־נישן פון אונזערע ברידער". דאָס איז געווען באַלד נאָך דעם אוקאַז פון 1835, וואָס אַנטהאַלט געוויסע הנחות פאַר יִדישע קאָלאָניסטן און ערדאַרבעט. אין זיין אויבן ציטירטן בריוו (זע ז' 88) דערציילט לעווינ־זאָן, אַז ער איז „מיט גאָטס הילף" דעם 22טן דעצעמבער 1836 באַערט געוואָרן מיט אַ גנעדיקן ענטפער, וואָס דערלויבט אים צו האָפן, אַז דער קיסר וועט באַלד קומען צו הילף דעם יִדישן פאָלק. מיט גרויס צופרידנ־קייט מעלדעט לעווינזאָן, אַז אַלע דאָקומענטן בנוגע זיין אַגיטאַציע וועגן באַזעצן יִדן אין קאָלאָניעס זיינען איבערגעגעבן געוואָרן דעם מיניסטער בלודאָוו (זע אויבן ז' 92). ער האָט געהאָפט, אַז דערפון וועט אַרויס־קומען ניט קיין קליינע ישועה. ער האָט אָבער קיין שום באַגריף ניט געהאַט, אַז צו דער זעלביקער צייט האָט בלודאָוו צוזאַמען מיט דעם באַוווּסטן זשאַנדאַרמען־שעף בעקענדאָרף זיך משתּדל געווען צו אַנולירן דעם אוקאַז פון 1835, לויט וועלכן עס ווערט יִדן דערלויבט זיך צו באַזעצן אין סיביר אויף פרייער נאָך ניט באַאַרבעטער ערד, בכדי זיי צו קאָלאָ־ניזירן. בלודאָוו האָט דאָס מאָטיווירט דערמיט, וואָס באַשר די יִדן „קאָנען זיך דאָך בידוע ניט באַרימען מיט זייער מאָראַל", קאָנען זיי נאָך אין סיביר „רויִנירן און דעמאָראַליזירן די דאָרטיקע איינוווינער" [1]. דער אויבן דערמאָנטער פּראָיעקט, אויף וועלכן לעווינזאָן האָט אַזוי פיל ענער־גיע געפּטרט צו באַזעצן עטליכע צענדליק קרעמעניצער פאַמיליעס אויף בערסאָנער ערד, איז דערשטיקט געוואָרן אין די ביוראָקראַטישע קאַנצע־לאַריעס. פיל טראַגישער האָט זיך פאַרענדיקט אַ צווייטער פּרוּוו צו גרינדן אַ יִדישע קאָלאָניע, וואָס ס'האָט אונטערגענומען לעווינזאָנס אַ פריינד און פאַרערער אויס דובנאָ. די דאָזיקע צען־יאָריקע טרויעריקע קאָלאָניע־געשיכטע, וועלכע שפּיגלט אַזוי בולט אָפּ דעם שווינדלדיקן תּהום פון מענטשליכער רעכטלאָזיקייט און ווילדער פּאָליציייִשער ביוראָקראַטישער

1 זע: ח. ניקיטין, זיין רוסישע אַרבעט וועגן יידן ערדאַרבעטער, 209, 217.

רשעות, האָט מיט יאָרן שפּעטער באַשריבן מיכאל קולישער אין זײַן „קטאָ ווינאָוואַט״ (ווער איז שולדיק) [1]. ניט קיין גרעסערן דערפֿאָלג האָבן אויך געהאַט די אַלע קאָלאָניזאַציאָנס־פּראָיעקטן, מיט וועלכע עס האָבן זיך געווענדעט צו דער רעגירונג די אויפֿגעקלערטע פֿאָרשטייער פֿון דער ייִדישער בורזשואַזיע. אין די שפּעטערע יאָרן האָט די האַלב־אַסימילירטע ייִדישע בורזשואַזיע אין איר קאַמף פֿאַר בירגער־רעכט געפּרוּווט זיך אָפּטיילן פֿון דער „אָבערגלויבישער״ און ניט גענוג נוצן־ברענגענדיקער ייִדישער מאַסע, און געפֿאָדערט גלײַכבאַרעכטיקונג רק פֿאַר די „אויסגעוויילטע״, וואָס ברענגען נוצן דער מלוכה. אין דער פֿריִער־דיקער תּקופֿה האָט נאָך אָבער די יונגע, בערך קליינצאָליקע ייִדישע בורזשואַזיע צו שטאַרק זיך געפֿילט צונויפֿגעבונדן מיט דעם קאָלעקטיוו, מיט „כּלל ישׂראל״, — האָבן זיי אין זייער שטרעבן צו גלײַכבאַרעכטיקונג קודם־כּל זיך געפֿלייסט אָפּצוּוואַרפֿן די באַשולדיקונג, אַז די ייִדן זיינען לײדיקגייער און פּאַראַזיטן און פֿאַרנעמען זיך ניט מיט פּראָדוקטיווער אַרבעט. נאָך אויף דער גרעניץ פֿונם 19טן יו״ה האָט נאָטקין, ניעוואַ־כאָוויטשעס פֿרײַנד און מיטקעמפֿער, פֿאָרגעלייגט דער רעגירונג צו גרינדן אין די דרום־רוסישע סטעפּעס ייִדישע קאָלאָניעס, ייִדן זאָלן זיך פֿאַרנע־מען מיט ערדאַרבעט און שאָפֿן־צוכט, אויך זאָל מען גרינדן ייִדישע געוואַנט־ און געוועב־פֿאַבריקן, און אויף אַזאַ אופֿן צוציען די ייִדן צו פּראָ־דוקטיווער אַרבעט. אין 1820 האָט דער סוחר הילל מאַרקעוויץ דערלאַנגט דעם פֿינאַנץ־מיניסטער אַ מעמאָראַנדום, ווי אַזוי צוציִען די ייִדישע באַפֿעלקערונג צו אינדוסטריִעלער אַרבעט [2]. אין 1840 האָבן דרײַ אויפֿ־געקלערטע ייִדישע סוחרים זיך געווענדעט צו דער רעגירונג מיט דער בקשה זיי צוּ̈דערלויבן קויפֿן 5000 דעסיאַטין ערד אין בעסאַראַביע און דאָרט באַזעצן אַ געוויסע צאָל ייִדישע פֿאַמיליעס, יענע זאָלן די ערד באַאַר־בעטן [3]. די אַלע פֿאָרשלאָגן זײַנען אָבער דערטרונקען געוואָרן אינם תּהום פֿון די ביוראָקראַטישע קאַנצעלאַריעס. אויך האָט לעווינזאָן געהאַט די מעגליכקייט זיך צו איבערצײַגן, ווי ווייט די דורך דער רעגירונג אין כער־סאָנער גובערניע געגרינדעטע ייִדישע קאָלאָניעס זיינען פֿון דער אידיליע, וואָס זיין פֿריינד יוסף פּערל האָט געשילדערט אין זיין „בוחן צדיק״. דערויף זאָגט עדות דער מעמאָראַנדום, וואָס לעווינזאָנס פֿאַרעַרער און נאָכפֿאָלגער, בנימן מאַנדעלשטאַם, האָט אין 1846 דערלאַנגט משה מאָנ־

1 יעווריעסקאַיאַ ביבליאָטעקאַ, IV, 217—243.

2 י. העססען „איסטאָריאַ יעווריעסקאַוואָ נאַראָדאַ״, 1927, II, 8.

3 ש. באָראָכאָוו, ציט. אַרבעט וועגן ערד־קאָלאָניזאַציע, 187—189.

טעפיארען, [1] ווו ער גיט אזא טרויעריק בילד פון די נגישות און צרות, וואס די יידישע קאלאניסטן האבן אויסצושטיין [1].

ניט ווייניקער אנטוישונגען זיינען לעווינזאנען פארגעשטאנען ביי דער פארווירקליכונג פון דעם צווייטן הויפט-פונקט פון זיין רעפארם-פראגראם: גרינדן יידישע מוסטער-לער- און האנטווערק-שולן. אין סוף 30ער יארן האט לעווינזאן מיט באפרידיקונג צוגעזען, ווי זיין פלאן וועגן רעפארמירן די קינדער-דערציונג באקומט אויסזיכטן אינגיכן רעאליזירט צו ווערן. אין 1838 האט דער פאדאליער גובערנאטאר, אונטער דער השפעה פון לעווינזאנס מעמאראנדום [2], אין זיין אלעראונטערטעניקסטן באריכט אנגעוויזן אויף דער נייטיקייט צו רעפארמירן דאס שול-וועזן ביי יידן. אין דעם זעלביקן יאר האט זיך פאראינטערעסירט מיט דער פראגע וועגן יידישע שולן אויך דער דעמאלטיקער בילדונגס-מיניסטער סערגיי אווואראוו. דאס איז געווען א באגאבטער מאן פון ברייט-אייראפעישער בילדונג, נאר דערביי א פרינציפלאזער קאריעריסט מיט א גוואלטיקער אמביציע און זעלבסטפארליבטקייט. דער דאזיקער אייראפעער, וואס האט אין זיין לעבן קיין איין רוסישן דיכטער ניט געלייענט און האט זיך פארהאלטן מיט ביטול צו דער רוסישער ליטעראטור, אליין אן אטעיסט, וואס האט ניט געגלויבט ניט אין גאט, ניט אין טייוול, — ווי נאר ער האט פארנומען אין 1833 דעם פאסטן פון בילדונגס-מיניסטער, האט ער, בכדי נושא חן צו זיין ביי ניקאלאיען, דערקלערט: „אונזער חוב באשטייט דער עיקר אין דעם, אז די פאלקסבילדונג זאל דורכגעפירט ווערן אין דעם פאראייניקטן גייסט פון פראוואסלאוויע, סאמאדערזשאוויע און נאראדנאסט' (פאלקסטום)". די מעמאראנדומס, וואס עס האבן דערלאנגט אין בילדונגס-מיניסטעריום לעווינזאן און זיינע ווילנער נאכפאלגער, דער כלל-טוער ניסן ראזענטאל און דער דיכטער שלמה זאלקינד, האבן דער-וועקט אין אווואראוון דעם אינטערעס צו דער פראגע וועגן „אויסבעסערן" די יידן און מאכן פון זיי „נוצליכע בירגער" דורך דערציונגס-רעפארם. אין 1838 האט ער, פארבייפארנדיק ווילנע, איינגעלאדן צו זיך די פארשטייער פון דער דארטיקער יידישער אינטעליגענץ, ניסן ראזענטאל און הירש קאצענעלענבויגען, און געפירט מיט זיי א לענגערן שמועס וועגן דער שול-רעפארם ביי יידן [3]. אין דעם זעלביקן יאר, בעת אוווארא‌וו האט באזוכט ריגע, האט אים די ארטיקע יידישע קהילה דערלאנגט א בקשה וועגן דערלויבן צו עפענען א צווייקלאסיקע קינדער-שול מיט

1 חזון למועד, 58—59.

2 זע ש. י. פין, שכה לנאמנים, 170.

3 זע ש. גינזבורג אין „מינוװשעיע", 126.

א פּראָגראַם, וואָס איז זייער ענליך צו דעם פּראָגראַם פון דער בערלינער „חנוך נערים״ [1]. ווײַל ריגע, ווי אויך אַנדערע שטעט אין קורלאַנד, האָבן זיך געפונען אונטער דער שטאַרקער השפּעה פון דער דײַטשער קולטור, איז קיין חידוש ניט, וואָס איבער די פאָרשטייער פון דער ריגער קהילה האָט געהערשט דער גײַסט פון דער „בערלינער השכלה״. לויט דעם צוגעשטעלטן פּראָגראַם האָט אין דער שול חומש געזאָלט געלערנט ווערן „לויט מענדעלסאָנס דײַטשער איבערזעצונג״, און די ייִדישע אמונה דאַרף געלערנט ווערן אויפן יסוד פון די כּתבי הקודש „אינם ריינעם גײַסט פון די נביאים״. דאָס איז געווען אַן אָנווינק, אַז די רעליגיעזע פראַגן וועלן דערקלערט ווערן אויסשליסליך לויט דער ביבל, ניט נעמענדיק אין באַטראַכט דעם תּלמוד און זיינע מפרשים. אויך איז געווען אַרויסגעשטעלט אַ פּונקט, אַז דער הויפּטלערער דאַרף זײַן אַן אויסלענדישער (ד״ה אַ דײַטשער) ייִד, „וואָס איז אויפגעצויגן אין גײַסט פון דער ריינער אויפקלערונג״. אַוואָראַוו, וואָס האָט, ווי אַלע רוסישע הויכע באַאַמטע, געזען אינם תּלמוד דעם קוואַל פון ייִדישן „אָבערגלויבן״ און האָט אויך געהאַט די מעגליכקייט אין משך פון די יאָרן, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין אויסלאַנד, זיך צו באַקענען מיט געוויסע פאָרשטייער פון די „פראַנצויזן און דײַטשן פון מאָזאַישן גלויבן״, — האָט גערן אײַנגעוויליקט אויף דער ביטע פון דער ריגער קהילה. אין 1839 איז שוין געווען באַשטימט דער אוסטאַוו פון דער ריגער שול, ווי אויך איר דירעקטאָר — אַ יונגער דאָקטאָר דער פילאָזאָפיע אויס מינכען, מאַקס ליליענטאַל, וועלכן עס האָט רעקאָמענדירט דער באַוווּסטער רעדאַקטאָר פון דער „אַלגעמיינער צײַטונג דעס יודענטומס״ לודוויג פיליפּזאָן. נאָך וויכטיקער איז בײַ אַוואָראַוון געווען דער פאַקט, וואָס דער יונגער אויסלענדישער דאָקטאָר האָט געבראַכט מיט זיך רעקאָמענ־דיר־בריוו פונם בײַערישן קיניג צו מאַקסימיליאַן ליכטענבערגסקי און צו אַנדערע הויכגעשטעלטע שררות.

ליליענטאַל איז געווען אַ פעיִקער און ענערגישער מענטש, און אים איז געלונגען אין אַ קורצער צייט [2] צו ברענגען די נייע שול אין אַזאַ בליענדיקן צושטאַנד, אַז שוין אין אייניקע מאָנאַטן אַרום מעלדעט מיט התפּעלות אַוואָראַוון דער פּראָפעסאָר אויס דאָרפּאַט ראָזבערג, וואָס האָט רעוויזירט די שול אין יולי 1840, אַז „דער דערפאָלג האָט איבער־געשטיגן די גלענצנדיקסטע דערוואַרטונגען״. אַוואָראַוו האָט זיך פאַר־

---

1 זע אונזער ווערק, ב׳ VII, ערשטער בוך, ז׳ 53.

2 די שול האָט מען געעפנט דעם 15טן יאַנואַר 1840.

אינטערעסירט מיט דעם אויסלענדישן ענערגישן לערער און האט, ווי עס שיינט, מיט אים פארבונדן פערזענליכע אונטערהאנדלונגען וועגן דער פארטראכטער שול-רעפארם. וועגן דעם זאגט עדות פאלגנדיקער פאקט. ליליענטאל האט זיך ניט באגניגט בלויז מיט דער דירעקטאר-שטעלע אין דער ניי-געגרינדעטער שול, ער איז אויך געווען פרעדיגער אין דער ריגער קהילה, און שוין אין סעפטעמבער 1840 טרעט ליליענטאל צו צום דרוקן א זאמלונג פון זיינע „פרעדיגטען אין דער סינאגאגא צו ריגא" מיט דער ווידמונג „זיינער האהען עקסעלענץ סערגיום אווואראוו". אין א ספעציעלער ווענדונג צו „זיינער עקסעלענץ" לויבט ליליענטאל אין טאג ארײַן די „גרענצלאזע טיילנאמע", מיט וועלכער דער מיניסטער „באמיט זיך די יידישע באפעלקערונג דורך שולע אונד אונטעררינכט איינער בעסערן צוקונפט צו נעהערן". און ליליענטאל פארזיכערט דערביי, אז „דאס גאנצע יודענטום דער ציוויליזירטען וועלט ערקענט עס צו וועלכעם איניגען דאנקע עס איהנען פערפליכטעט איסט". די פרעדיגן גופא, א טייל העכסט פאטריאטישע, די איבעריקע — רעליגיעז-עטישע, זיינען ווייניק אינטערעסאנט. דאס איז טיפישע פאטעטיש-פראזעאלאגישע קאנצליי-שיינרעדנעריי פון מיטלמעסיקן ניוואָ. א געוויסן אינטערעס שטעלט אָבער פאר דאס פארויסגעשיקטע „פארוואָרט", ווייל אויס אים ווערט קלאר, ווי אזוי ליליענטאל, וואס האט געשפילט אזא אקטיווע ראָלע אין די ערשטע יאָרן פון דער שול-רעפארם, האט זיך פארהאלטן צום רוסיש-פוילישן יידנטום און צו זיין קולטור.

נאך דעם ווי ליליענטאל ווייזט אָן, וואס פאר גרויסע פארטשריטן עס האבן געמאכט אויפן געביט פון אויפקלערונג די יידן אין מערב-אייראפע, שטעלט ער זיך אָפּ אויף דעם קולטור-צושטאנד פון די יידן אין רוסלאנד. „דא — דערקלערט ליליענטאל — שטייט דער ייד נאך אויף דער טיף-נידעריקער שטופע, אויף וועלכער דער אומשטערבליכער מענדעלזאָן האט אים נאך בשעתו געטראָפן. אין פאליטישן לעבן פאר-אכטעט אָדער באמיטליידעט, אין רעליגיעזן — פארווילדעט, שטעלט ער נאך פולשטענדיק פאר דאס טרויעריקע, שרעקנדערפולנדיקע בילד, וואס דערמאנט אונז אין די רוינען פונם מיטלאלטער". ליליענטאל האלט פאר נייטיק דערביי אָנצוווייזן, אז דאס אלץ איז ניט קיין פועל-יוצא פון „בייזן ווילן", נאר פון די שרעקליכע רדיפות, וואס דאס יידנטום האט געהאט אויסצושטיין אין די פריערדיקע פינצטערע דורות. „ווא זאלטען זי דא זיטע אונד לעבענסווייזע לערנען ?" — פרעגט פאטעטיש ליליענטאל, און ער ענטפערט דערביי: ניין, יעדעס געפיל האט אין אים (דעם יידן) געמוזט אָפּשטארבן, יעדער פונק אין אים אויסלעשן, ער האט, ליידער,

געמוזט דאס ווערן, וואס ער איז געוואָרן. ליליענטאל איז פעסט איבערצייגט, אז דאס רוסיש-פוילישע יידנטום איז ניט נאָר גייסטיק אפגע-שטאנען, נאָר אויך זיטליך און מאָראליש. יעדער געפיל איז דאָך אין דעם רוסיש-פוילישן יידן אפגעשטאָרבן, יעדער פונק פארלאָשן. דער ייד דאַרף אָבער ניט „הינטער דער צייט צוריק בלייבן", זיינע „גייסטיקע און מאָראלישע געברעכן" מוזן געהיילט ווערן. „ער מוז פיר די נייע צייט ערשט ערצאָגען ווערדען! אָבער ווער זאָל די דאָזיקע דערציִונג באזאָרגן?" — פרעגט ליליענטאל. דער קראנקער, ענטפערט ער, קאָן זיך גופא ניט היילן, דער געפאנגענער איז ניט אינשטאנד זיך גופא פון די קייטן צו באפרייען. טאָ ווער זאָל העלפן, ווער זאָל זיין דער דער-ציִער? „אָ — רופט ליליענטאל פאטעטיש אויס — „דיעזע ערציהונג איסט די אויפגאבע דער פאָן גאָט איינגעזעצטען הערשער אונד פירסטן!". קיין שום אנדערע רעגירונג, פארזיכערט ליליענטאל, האָט ניט אזוי ערנסט און מיט אזא ענערגיע זיך פארגענומען דאָס יידנטום צו רעגענערירן (באנייען) און צו אָרגאניזירן, ווי דאָס טוט „רוסלאנדס גרויסער מאָנארך" און זיינע מיניסטאָרן. און ער ווייזט דערביי מיט גרויס באפרידיקונג אָן, אז „די עררייכטעטען אונד נאָך צו עררייכטענדען שולען זינד אָדער ווער-דען אונטער שטרענגע אויפזיכט דער אַלערהעכסטען בעהערדען גע-שטעלט", און וועלן אדאנק דעם ניט זיין אונטערוואָרפן די קאפריזן און רעליגיעזע שטימונגען פון די פארשיידענע קהילה-פאָרשטייער. די יידישע נייגעגרינדעטע שולן, — שטרייכט ליליענטאל אונטער, — מוזן זיין אונ-טערגעאָרדנט „דעם איינעם ערהאבענעם פלאַנע איינער רעליגיעזען אונד זיטליכען אויפקלערונג", וואָס „די קראָנע", ד״ה דער קיסר ניקאָלאַי און זיינע מיטהעלפער האָבן פארטראכט. און מיט פרייד ווייזט ליליענטאל אָן, אז „אין דעם גאנצן רייך זיינען איינגעאָרדנט קאָמיטעטן", וואָס דאַרפן „באראטן און באשפרעכן" די „פארבעסערונג דעם קולטוס דער יודען, די העבונג אירעם פאָליטישען לעבענס, די מעגליכקייט איינעם בעסערן אונטערריכטס".

באלד טאקע, דעם 19טן דעצעמבער 1840, איז אויף ניקאָלאס בא-פעל געגרינדעט געוואָרן א ספעציעלער קאָמיטעט, וואָס האָט געזאָלט באטראכטן, מיט וואָסערע מיטלען גרינדליך צו רעפאָרמירן דעם לעבנס-שטייגער פון די יידן, בכדי זיי וואָס בעסער צוצופאסן צו „די ווונטשן און אויסזיכטן פון דער רעגירונג" און באשעפטיקן זיי מיט נוצליכער ארבעט. דער פאָרזיצער פון דעם קאָמיטעט, דער מיניסטער קיסעלעוו, האָט צעשיקט אַלע קאָמיטעט-מיטגלידער א ספעציעלן מעמאָראנדום, וואָס האָט זייער אויסגענומען ביי ניקאָלאַיען, און טאקע אויפן סמך פון דעם

דאָזיקן מעמאָראַנדום האָט ער זײַן הסכּמה געגעבן דעם קאָמיטעט צו גרינדן. ווײַל דער דאָזיקער מעמאָראַנדום „וועגן אײַנאָרדנען דאָס ייִדישע פאָלק" דערקלערט אַמבעסטן די פאַרבאָרגענע צילן, וואָס האָבן באַוויגן ניקאָלאַיען און זײַנע מיטהעלפער אַרויסצוטרעטן אין דער אויסטער־לישער ראָלע פון בילדונגס־באַזאָרגער און קעמפער פאַר ייִדישער „אויפֿ־קלערונג", — איז כּדאַי זיך אָפּצושטעלן אויף זיינע גרונדטעזיסן.

אינם מעמאָראַנדום ווערט אָנגעוויזן, אַז אַלע מיטלען, וואָס די רעגירונג האָט ביז איצט פֿאַרגענומען בנוגע די ייִדן, זײַנען געבליבן אָן דערפֿאָלג, און די ייִדן בלײַבן נאָך אַלץ ווי פֿריִער אין אַזאַ צושטאַנד, וואָס איז שעדליך פאַר דער מלוכה־אָרדענונג. „מען מוז דערפֿאַר אויס־פֿאָרשן די גרונד־סיבות, פֿאַרוואָס ייִדן דערווײַטערן זיך מיט אַזאַ עקשנות פֿונם אַלגעמיינעם לעבנסשטייגער, און אויפֿן גרונד פֿון דער דאָזיקער אויספֿאָרשונג שאַפֿן אַ סיסטעם, ווי אַזוי גרינדליך איבערצואַנדערשן (פּרעאָבראַזאָוואַט) דאָס דאָזיקע פֿאָלק אין הסכּם מיט די ווונטשן פֿון דער רעגירונג". די גרונד־סיבה פֿון דער „עקשנותדיקער דערווײַטערונג" ווײַל דער פֿאַרפֿאַסער פֿונם מעמאָראַנדום זעען ניט אין דער בירגערליכער רעכטלאָזיקייט פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג, נאָר דער עיקר אין אירע „פֿאַלשע רעליגיעזע באַגריפֿן" (רעליגיאָזניִע זאַבלושדעניא).

אינם מעמאָראַנדום ווערט באַזונדערס אונטערגעשטראָכן, אַז „די אָפּגעזונדערטקייט פֿון די ייִדן און זייער מאָראַלישע דעמאָראַליזירטקייט איז כּלל ניט קיין טייל־ווײַזער אָדער צופֿעליקער חסרון פֿון זייער כאַראַק־טער, רק עס האָט זיך אײַנגעבירגערט אין דעם פֿאָלק דורך דער שולד פֿון די אומגעלומפּערטע לערעס פֿון דעם תּלמוד". דער פֿאַרפֿאַסער פֿונם מעמאָראַנדום איז, ווי עס שײַנט, געווען גוט באַקאַנט מיט די „זאַפּיס־קעס", וואָס עס האָבן גאַנץ אָפֿט דערלאַנגט דער רעגירונג די השכּלה־טרעגער, ווו זיי פֿלעגן זיך באַקלאָגן אויף דעם שלעכטן דערציִונגס־סדר בײַ די ייִדן, וואָס נייטיקט זיך אין אַ ראַדיקאַלער רעפֿאָרם. „יעדעס ייִנגעלע, — ווערט אין מעמאָראַנדום אָנגעוויזן, — ווי נאָר עס ווערט פֿיר יאָר אַלט, ווערט עס איבערגעגעבן אין די הענט פֿון מלמדים, וואָס זײַנען פֿאַרזונקען אין דעם טיפֿסטן אומוויסן און אָבערגלויבן. אָט אונטער דער השפּעה פֿון די דאָזיקע פֿאַנאַטיקער באַקומען די קינדער די אַלע שעדליכע און צעשטערנדיקע באַגריפֿן פֿון אומטאָלעראַנץ צו אַנדערע פֿעלקער". דערפֿאַר קומט דער פֿאַרפֿאַסער פֿונם מעמאָראַנדום צום אויס־פֿיר, אַז בנוגע דער ייִדן־פֿראַגע איז דאָס ראַדיקאַלסטע און בעסטע מיטל „די מאָראַליש־רעליגיעזע דערציִונג פֿון ייִדישן פֿאָלק".

אין הסכם מיט דעם דאָזיקן מעמאָראַנדום זיינען, לויט דעם „אַלערהעכסטן באַפעל״, דעם קאָמיטעט פאָרגעלייגט געוואָרן צו באַטראַכטן זיבן פונקטן, וואָס פון זיי זיינען די וויכטיקסטע: 1) ווירקן דורך ניי־געגרינדעטע שולן אויף דער מאָראַלישער אויסבילדונג פון דער ייִדישער יוגנט אינם גייסט, וואָס דאַרף זיין אין פולן קעגנזאַץ צו דער ביז איצט געוועלטיקנדיקער תּלמודישער לערע. 2) מאַכן אַ סוף צו דער זעלבסטפאַרוואַלטונג פון קהל און אונטערוואַרפן די ייִדישע באַפעלקערונג דער אַלגעמיינער פאַרוואַלטונג. 3) באַשטימען גובערנסקע קרייז־ראַבינער, וואָס זאָלן באַקומען פון דער רעגירונג געהאַלט און מיט זייער אויטאָריטעט דורכפירן די פאָדערונגען פון דער רעגירונג. 4) פאַרבאָטן די ייִדן זיך צו קליידן אין אַ באַזונדערער ייִדישער טראַכט. 5) מאַכן פאַר די ייִדן צוטריטלעך די באַשעפטיקונג מיט ערד.

עס איז לייכט איינצוזעען, אַז כמעט אַלע דאָ אויסגערעכנטע פונקטן פלעגן די משכּילים גופא, ווען אַפילו אין אַ ביסל אַן אַנדערן נוסח, שטענדיק אַרויסשטעלן אין זייערע מעמאָראַנדומס. די פונקטן דריי און פינף געפינען זיך אין דעם אויבנגעבראַכטן לעווינזאָנס פּראָגראַם. פאַר דעם פונקט פיר האָבן הויציק געקעמפט פיל פון די משכּילים. מיר האָבן שוין געזען, ווי נאָך אין יאָר 1810, ווען דער פירסט דאָלגאָרוקי האָט געפרעגט דעם יונגן הירש־בער הורוויץ: וואָס אים פעלט, ער זאָל זיך פילן גליקלעך? האָט יענער קודם־כּל אָנגעוויזן, אַז ער וואָלט געוואָלט, „מע זאָל אונז פאַרבאָטן צו טראָגן אונזער שענדליכע טראַכט״. דער שוין פריער דערמאָנטער משכּיל בנימין מאַנדעלשטאַם ווייזט אָן אין זיין מעמאָראַנדום, וואָס ער האָט איבערגעגעבן ליליענטאַלן, צווישן די גרונד־סיבות פון דער טרויעריקער ייִדישער לאַגע, אויף דער ספּעציעלער טראַכט, וואָס זונדערט די ייִדן אָפּ פון דער איבעריקער באַפעלקערונג. דער באַוווּסטער משכּיל מרדכי אהרן גינצבורג שרייבט אַ ספּעציעלן אַרטיקל „על הבגדים״ [1], אויך דער היסטאָריקער ש. י. פין איז פעסט איבערצייגט, אַז די הויפּט־סיבה פון דער שנאה און אָפּגעזונדערקייט, וואָס הערשט צווישן ייִדן און דער קריסטליכער באַפעלקערונג, איז דער אונטערשייד אין קליידונג (הבדל הבגדים). ער געפינט דערפאַר, אַז „איידער די רעגירונג מאַכט וועלכע שריט פון אונזער טובה וועגן, דאַרפן מיר זי אויפמערקזאַם מאַכן, זי זאָל קודם כּל אַרויסלאָזן אַ באַפעל, די דאָזיקע שטערונג צו באַזייטיקן״ [2] און טאַקע אין דריי יאָר אַרום, אין

1 זע „לקט אמרים״. 90—92.

2 זע פינס בריוו צו שטערנען (פון 1840), געדרוקט אין פרדס, III, 152.

1843, האָט אַ גרופּע ווילנער משכּילים און רייכע סוחרים דערלאַנגט דעם געהילף פון בילדונגס-מיניסטעריום שירינסקי-שיכמאַטאָוון אַ ביטשריפט, וווּ זיי פּלייסן זיך צו דערווייזן, אַז מיט דער קליידער-רעפאָרם איז פאַרבונדן „דאָס גליק פון גאַנצן פאָלק“ (счастье целому народу), ווייל די אַלט-פרענקישע הלבשה איז די גרעסטע בילדונגס-מניעה, און אַלע מיטלען, וואָס ווערן פאָרגענומען, בכדי אויסצובילדן דאָס ייִדישע פאָלק, קאָנען בלייבן פרוכטלאָז כּל זמן דער ייִד וועט ניט זיין געקליידעט גלייך מיט אַלע געבילדעטע מיטבירגער [1].

אויך די וואָלינער משכּילים האָבן ניט געוואָלט בלייבן הינטערשטעליק און איינער פון זייערע באַדייטנדיקסטע פאָרשטייער, גאָטלאָבער, האָט דערלאַנגט אַ מעמאָראַנדום בנוגע דער הלבשה-רעפאָרם [2], און ווען אין 1845 איז אַרוים דער באַפעל, אַז אין פינף יאָר אַרום (אין 1850) „וועט שטרענג זיין פאַרבאָטן צו טראָגן די איצט-געברויכליכע ייִדישע הלבשה“, האָט אַ גרופּע וואָלינער משכּילים מיט גאָטלאָבערן בראש געמאַכט אַ שריפטליכן אָפּמאַך, לויט וועלכן זיי זיינען זיך מתחייב ניט צו וואַרטן די גאַנצע פינף יאָר, נאָר טאַקע באַלד אין אַ באַשטימטן טאָג וועלן זיי אַלע אָן אויסנאַם אַראָפּוואַרפן די אַלטפרענקישע מלבושים און אָנטאָן אייראָפּעיִשע קליידער. דער דאָזיקער טאָג וועט ביי זיי זיין „לששון ולשמחה“ און זיי וועלן דאַנקען און לויבן דעם קיסר פאַר זיין חסד, וואָס ער האָט מיט אונז געטאָן [3].

אין ביידע מעמאָראַנדומס באַמערקט זיך איין און דער זעלביקער כאַראַקטעריסטישער שטריך. אי די ווילנער, אי די וואָלינער משכּילים האָבן זייערע אייגענע ווונטשן אידענטיפיצירט מיט די פאַרלאַנגען פון דעם גאַנצן פאָלק. ווייל די רייכע סוחרים, וואָס האָבן געפירט ברייטע געשעפטן מיט דער אויסנוועלט און די „היינטוועלטיקע“ אויפקלערער האָבן זיך געשעמט צו טראָגן די אַלטפרענקישע מלבושים, וואָס האָבן זיי אָפּגעטיילט פון דער אייראָפּעיִשער וועלט, האָבן זיי אויפריכטיק

1 פערעזשיטאָיע, I. דאָקומענטן און מיטטיילונגען, 11 — 14. צווישן די געחתמעטע אונטערן מעמאָראַנדום געפינען זיך די נעמען פון די באַקאַנטע משכּילים: שלמה זאַלקינד, מרדכי אהרן גינצבורג, מתתיהו שטראַשון, אייזיק בן יעקב.

2 דעם אַנטוואורף פון דעם דאָזיקן מעמאָראַנדום האָבן מיר געפונען אין גאָטלאָבערס אַרכיוו. זע ביילאַגן נומ' 3.

3 זע ביילאַגן נומ' 3. צו דער זעלבער צייט (צען טעג אין אלול 1845) האָט אויך גאָטלאָבער פאַרפאַסט זיין סאַטיריש ליד „די גזירה דייטשן“. פון דעם דאָזיקן לאַנגן ליד זיינען אויפגעהיט בלויז די ערשטע 7 סטראָפן, וואָס גאָטלאָבער ציטירט אין זיינעם אַן אַרטיקל אין „המליץ“ (1869, נומ' 19, ז' 224).

געגלויבט, אז אין דער קליידונג־רעפארם באשטייט „דאס גליק פון דעם גאנצן פאלק״. ערשט נאך פיל אנטוישונגען האט מיט א סך יארן שפע־טער דער אקארשט דערמאנטער גאטלאבער פארשטאנען דעם ביטערן אמת, וואס ער האט ארויסגעזאגט אין א פריוואט־בריוו: לאמיר זיך ניט נארן און מיינען, אז מיר זיינען דאס פאלק. מיר זיינען די אפגעזונדערטע, די אויסנאמען [1]...

פארווירקליכן אין לעבן דעם ערשטן פון די אויבן אנגעמערקטע פונקטן: דורך נייגעגרינדעטע שולן באפרייען די יידישע יוגנט פון דעם תלמודס „פארדארבערישער השפעה״ (тлетворное влияние) און מאראליש אויפדערציִען דעם יונגן דור „אין הסכם מיט די ווונטשן פון דער רעגי־רונג״ — די אויפגאבע איז ארויפגעלעגט געווארן אויפן בילדונגס־מיניסטער אווואראוו. דער פיפיקער הויפמאן אווואראוו האט זייער גוט געזווסט, אוים וואסערע מאטיוון ניקאלאי האט באוויליקט ארויסצוטרעטן אין דער ראלע פון אן „אויפקלערער״ און זארגער פאר יידישער בילדונג. איז שוין טאקע אין יאנוואר 1841 ביים בילדונגס־מיניסטער געווען גרייט א מע־מאראנדום וועגן דער רעפארם פון דער יידישער דערציִונג. עס ווערט דארט אנגעוויזן, ווי „די בעסערע צווישן יידן״ פארשטייען שוין אליין גאנץ גוט, „אז דער תלמוד האט מאראליש פארדארבן און פארדארבט עד היום (развращал и развращает) זייערע ברידער און, „אז רעפאר־מירן דאס שול־וועזן ביי יידן באדייט אויך רייניקן זייערע רעליגיעזע באגריפן״. „די לערע פון די ניי־געגרינדעטע שולן — ווערט ווייטער אנגעוויזן — דארף ביסלעכווייז פארטיליקן אין די יידן דעם פאנאטיזם און אפגעזונדערטקייט, און זיי באהעפטן צו די אלגעמיינע יסודות פון בירגערשאפט (гражданственности)״. די עקשנותדיקע אנהענגער פון יידישן אבערגלויבן און פאנאטיזם, ווייזט אווואראוו אן, קריגן פחד און פארזיכערן, אז דאס פירט צו שמד. „א געוויסער אמת, פירט אווואראוו אוים מיט א פארפרומטער מינע, שטעקט טאקע אין דעם, ווייל די רעליגיע כונם צלם — צי איז זי דען ניט דער ריינסטער סימבאל פון אלוועלטליכער בירגערליכקייט?״ בכדי אבער די יידן ניט אפצושרעקן, ווערט ווייטער אינם מעמאראנדום אנגעוויזן, דארף דערווייל די אנטי־תלמודיסטישע טענדענץ פון די נייע שולן בלייבן בסוד.

גלייך נאך דעם האט אווואראוו ארויסגערופן פון ריגע ליליענטאלן און אים אלס געניטן פעדאגאג באאויפטראגט אויסצוארבעטן א סיסטע־מאטישן פלאן פאר די יידישע שולן, און אויך זיך צונויפשרייבן מיט

1 זע רשומות, ב׳, 421: למה נעשה שקר בנפשנו לומר שאנחנו העם. הן יוצאים מן הכלל אנו.

די ייִדישע פּעדאַגאָגן אין דײַטשלאַנד, ווער פון זיי איז געזאָגנען צו פאַרנעמען אַ לערער־שטעלע אין די נייע שולן.

די ידיעה, אַז די רעגירונג האָט אָנגענומען דעם פעסטן באַשלוס דורכצופירן אין אַ קורצער צייט די ייִדישע שול־רעפאָרם, האָט געמאַכט אַ גוואַלטיקן רושם אין די משכּילים־קרײַזן. שוואַך און קליין אין צאָל, ארומגערינגלט פון אַ פײַנדליכער סביבה, וואָס האָט געזעען אין זיי די אפּיקורסים און צוימענברעכער, און דערפאַר זיי גערודפט אָן רחמנות [1], האָבן זיי פּלוצלינג דערזעען אַזאַ שטאַרקן, אַלמעכטיקן מיטהעלפער, וואָס וויל ביד חזקה פאַרווירקליכן זייער שענסטן אידעאַל. איבערפולט זײַנען געוואָרן זייערע הערצער מיט פּאַטריאָטישער דאַנקבאַרקייט צו דער „לייטזעליגער" און „אויפגעקלערטער" רעגירונג.

בכדי אָבער אָביעקטיוו אָפּצושאַצן דעם הורא־פּאַטריאָטיזם פון די השׂכּלה־טרעגער, מוז מען נעמען אין באַטראַכט די אויסטערלישע ווידער־אַנאַנדן, וואָס ס'האָבן זיך באַוויזן אויפן געביט פון פאָלקסבילדונג אונטער ניקאָלאַיס רעזשים. די זעלביקע רעגירונג, וואָס האָט פאַרשפּאַרט די טירן פון די בילדונגס־אַנשטאַלטן פאַר די ברייטע שיכטן פון פאָלק און האָט אַרויסגעשטעלט אַלס דעוויז, אַז „געבן עלעמענטאַר־בילדונג (обучать грамоте) דעם גאַנצן פאָלק אָדער אַ צו גרויסן טייל פון פאָלק קאָן ברענגען מער שאָדן ווי נוצן" [2], האָט מיט גוואַלט געשלעפּט די ייִדישע קינדער אין די שולן. דער זעלביקער אוואַראָוו, וואָס האָט אַלס ניקאָלאַיס אונטערטעניקער דינער געזעען אין בילדונג אַ גרויסע דעמאָראַ־

---

1 זייער פיל צרות, — דערציילט גאָטלאָבער אין זײַנע זכרונות, — האָבן גע־האָט אויסצושטיין די קעמפער פאַר ליכט פון דעם צאָרן פון די פינסטערע לײַט, וואָס האָט געברענט ווי אַ העליש פײַער. אַלץ, וואָס זיי האָבן געקאָנט טאָן, כּדי צו פּײַניקן זיי און צו מאַכן צו נישט זייערע האָפענונגען און זייערע באַמיִונגען — האָבן זיי געטאָן: זיי האָבן זיי אַרויסגעטריבן פון שטאָט, צוגענומען בײַ זיי די חיונה, מחרים געווען, געמאַכט זיי צו שאַנד און צו שפּאָט, אָנגעצונדן דאָס פײַער פון מחלוקת צווישן איידעמס און זייערע שווערן, וואָס זײַנען געווען פינסטערע מענטשן אָן קײַן שום וויסן; האָבן דערציילט פאַר זיי, אַז זייערע איידעמס האָבן זיך אויסגעטאָן פון ייִדישקייט און זיך איבערגעגעבן צו הפקרות; האָבן דערציילט ליגנס די יונגע פרויען, אַז זייערע מאַנען האָבן אויפגעהערט גלויבן אין גאָט און באַלד וועלן זיי זיך שמדן. און אַזוי אַרום האָבן זיי אויסגעגראָבן אַ תּהום צווישן זיי און זייערע פרויען, און זיי געצוווּנגען צו געבן גט, בכדי מען זאָל זיי אַרויסטרייבן פון דעם שווערס הויז און זיי זאָלן ניט האָבן וואָס צו עסן, און במילא וועלן זיי זיך אַרויסשלאָגן פון קאָפּ די בילדונג מיט דער השׂכּלה. אַ סך מענטשן האָבן די דאָזיקע לײַט דער־שלאָגן אויף אייביק, ווײַל זיי האָבן ניט געקענט בײַשטיין קעגן זיי (א. פרידקין, גאָטלאָבער און זײַן עפּאָכע, 85).

2 ציטירט בײַ ש. גינזבורג, מיגוואָשעיע, 1923, 101.

ליזירנדיקע געפאַר פאַרן רוסישן פאָלק, און האָט דערקלערט: „ווען עס וועט מיר געלינגען רוסלאַנד אָפּצושטופּן ריקווערטס אויף 50 יאָר, וועל איך וויסן, אַז איך האָב מײַן חוב ערפילט״, — איז בנוגע צו ייִדן געוואָרן אַ קולטור־טרעגער און געווען זיכער, אַז מיט הילף פון בילדונג וועט אים געלינגען די ייִדן צו באַפרײַען פון זייער „פאַנאַטיזם און אָפּגעזונדערטקייט״ און זיי „דערנעענטערן צו די גרונד־יסודות פון אַלגעמיינע בירגער־באַגריפן״ (общее начало гражданственности). און מיט רעכט חידושט זיך אַ רוסישער פאָרשער (א. בעלעצקי): „פאַר די ייִדן, וואָס זיינען געווען פאַררעכנט פאַר שעדליכע בירגער, איז געשאַפן געוואָרן אַ גוואַלטיקע פּריווילעגיע, און מען האָט זיי בנוגע שולבילדונג געשטעלט אין גינסטיקערע באַדינגונגען, ווי צענער מיליאָנען אַנדערע רוסישע אונטערטאַנער, וואָס זײַנען ניט אָנערקענט געוואָרן פאַר שעדליכע״.

איז דערפאַר גאַנץ באַגרײַפליך, וואָס די משכּילים, וועלכע האָבן נאָך פון דער „בערלינער השכּלה״ באַקומען בירושה דעם פעסטן גלויבן אין די וווילטעטיקייטן פון דעם „אויפגעקלערטן אַבסאָלוטיזם״, — האָבן אין ניקאָלאַיען דערזעען דעם „גנעדיקן הערשער״ און לײַטזעליקן באַשיצער פון בילדונג און אויפקלערונג. „פון דעם טיפן זומפּ, — שרײַבט דער אויבן שוין דערמאָנטער ווילנער משכּיל בנימין מאַנדעלשטאַם, — אין וועלכן אונזער פאָלק איז אַזוי שרעקליך פאַרזונקען, קאָן אונז אַרויס־העלפן נאָר דער קיסר מיט זײַנע גענאָדן״ [1].

די משכּילים האָבן אָבער דערבײַ נאָך אַלץ גרויס פּחד געהאַט, טאָמער וועלן די אָרטאָדאָקסן שטיין זיי אין וועג און וועלן אָננעמען מיטלען אויף פאַרבאָרגענע אומוועגן צו צעשטערן דעם פּלאַן פון דער שול־רעפאָרם. שרײַבן די ווילנער משכּילים זייערע מיטקעמפער קיין דובנאָ: „עס געפינט זיך דאָך צווישן אײַך [2] דער באַוווּסטער מאַן, וואָס טראַכט שטענדיק וועגן דעם נוצן פון זײַן פאָלק, יצחק בער לעווינזאָן. בעט זשע בײַ אים, ער זאָל אין אַזאַ מאָמענט ניט שטיין פון ווייטן און זאָל וואָס גיכער אַרויסטרעטן מיט זיין וואָגיקן וואָרט. מיר זײַנען זיכער, אַז ער וועט בלי־ספק זיך ווענדן צו דער רעגירונג און בעטן פאַר זיין פאָלק, מען זאָל פאַרבעסערן אונזער לאַגע. אפשר וועט אונז גאָט באַגנעדיקן, און דעמאָלט וועלן מיר און אונזערע קינדער שולדיק זײַן דעם טיפסטן דאַנק דעם דאָזיקן טײַערן מאַן, און זײַן נאָמען און זיינע מעשׂים וועלן פאַרצייכנט ווערן אויף די דורות אויף די בלעטער פון אונזער געשיכטע״ [3].

---

1 חזון למועד, II, 18.

2 בסך־הכּל פערציק ווערסט טיילן אָפּ דובנאָ פון קרעמעניץ.

3 ספר הזכרונות, 56.

און די דובנער משכּילים, בעת זיי שיקן איבער דעם דאָזיקן בריוו לעווינזאָנען, זיינען זיי פון זייער צד מוסיף: „מיר האַלטן פאַר איבעריק אייך צו בעטן, איר זאָלט זיך מזרז זיין אין דער דאָזיקער וויכטיקער אָנגעלעגנהייט. מיר ווייסן זייער גוט, אַז איר גופא וועט ניט רוען, ביז איר וועט ניט פאַרווירקליכן אין לעבן די גרויסע אידעען, וואָס איר האָט אַרויסגעזאָגט אין אײַערע טייערע ווערק, און וואָס טאַקע זיי האָבן עס דערוועקט בײַ די גרויסע שרים דעם ווילן אונז צו געדענקען צום גוטן, ווי מיר ווייסן דאָס טאַקע פון זייערע רייד, וואָס שטיצן זיך אויף אײַערע טעזיסן און אויספירן" [1].

זיי האָבן אָבער אין דעם פּרט געלעבט אין טעות, די משכּילים. לעווינזאָן איז טאַקע געווען אַנטציקט פון אוואַראָוו, אין וועלכן ער האָט געזען דעם „אומאייגנוציקן העלפער", וואָס האָט באַשלאָסן דורך ליכט פון אויפקלערונג די שטאָק־פינסטערניש צו פאַרטרײַבן, וואָס הערשט אויף דער ייִדישער גאַס. ער האָט אים אַפילו אין ספּעציעלע לויב־לידער באַזונגען [2]. גאַנץ אַנדערש האָט זיך אָבער פאַרהאַלטן אוואַראָוו צו לעווינזאָנען. מיר ווייסן שוין, מיט וואָס פאַר אַ חשד ניקאָלאַי און זײַנע מיניסטאָרן האָבן זיך פאַרהאַלטן צו לעווינזאָנען דער־פאַר, וואָס יענער האָט אַזוי ענערגיש געקעמפט פאַר דעם „ליגנערישן בוך", דעם תּלמוד. עס איז דערפאַר באַגרײַפליך, אַז דער דאָזיקער חשד האָט זיך געמוזט נאָך מער פאַרשאַרפן בעת דער פאַרגענומענער שול־רעפאָרם, וואָס איז דאָך פאַרטראַכט געוואָרן מיט אַ באַשטימטן צוועק צו באַפרײַען די ייִדישע יוגנט פון דעם תּלמודס „פאַרדאַרבערישער השפּעה". עס איז דערפאַר אויסער ספק, אַז דאָס קאַלטע פאַרהאַלטן זיך צו לעווינ־זאָנען מצד דעם בילדונגס־מיניסטער איז געווען איינע פון די הויפּט־סיבות (וועגן די איבעריקע וועט דערמאָנט ווערן ווײַטער), וואָס ליליענ־טאַל האָט אויסגעמיטן צו באַגעגענען זיך מיט דעם קרעמעניצער השׂכּלה־קעמפער. עס דאַרף דערפאַר ניט חידושן, וואָס בעת ליליענטאַל האָט

---

1 ספר הזכרונ׳ות, 56: בודאי יחרש ולא ישקוט להביא אל הפועל כל מחשבותיו עלינו בכל חבוריו היקרים, אשר המה עוררו את רוח השרים להזכירנו לטוב, כנראה מכל דבריהם הנוסדים על מאמרי כבודו.

2 באַקאַנט איז זײַן דענקליד:

עַל שֶׁמֶשׁ הַחָכְמָה סַךְ עָב נוֹרָא
וַיֵּצֵא אֵל, ויקם מוֹשִׁיעַ וָרָב,
כִּמְעַט נָשְׁבָה רוּחוֹ וְהָיְתָה אוֹרָה
וַיִּקְרָא הָעָם: עֲבַר־עָב, עֲבַר־עָב!..

געהאלטן פאר נייטיק צו פארן מיט א ספעציעלן באזוך צו די גייסטיקע פירער פון די ארטאדאקסן און חסידים, איציקל וואלאזשינער און מענדעלע לובאוויטשער,—האט ער, אין פולער סתירה מיט זיינע בריוו־ליכע פילצאליקע הבטחות, דאך ניט געפונען קיין צייט זיך צו באקענען מיטן אנערקענטן פירער פון די רוסישע משכילים [1]...

די משכילים האבן זיך אבער ניט פארלאזט בלויז אויף דעם קראנקן לעווינזאנען. און ניט אלע משכילים זיינען אויך געווען איינשטי־מיק מיט לעווינזאנען, אז מען דארף קעמפן בלויז מיטן געווער פון איבערציַיגונג, מיט דער איינציקער מאכט פונם ווארט. „אונזער איינציקע האפענונג, — שרייבט דער אויבן ציטירטער בנימין מאנדעלשטאם, — וואס איז אונז געבליבן — דער קיסר זאל אונז געבן וועגפירער, באשאנ־קענע מיט דער פולער מאכט צו פירן אונזערע בלינדע און טויבע ב י ד ח ז ק ה (געשפרייזט ביי מאנדעלשטאם) איבערן וועג פון לעבן״ [2]. און ביי זיין ערשטער באגעגעניש מיט ליליענטאלן דערקלערט מאנדעלשטאם, אז נאר מיט דער הילף פון א צוים און קאנטשיק קאן געלינגען צו פירן די ארטאדאקסישע מאסע אין דער געוואונטשטער ריכטונג, ווייל נאר מיט דער רוט קאן מען טיפשים צווינגען, זיי זאלן גיין אויפן ריכ־טיקן וועג (ואם יֵש רַק שבט לְגֵו כסילים, כי אז ייטיבו את דרכם ויישירו לֶכֶת)...

עס ליגט אויסער אונזער אויפגאבע באריכות זיך אפצושטעלן אויף דער אייגנארטיקער שול־עפאפעע, צו באשרייבן די צוליב דער פארטראכטער שול־רעפארם געגרינדעטע קאמיטעטן, ליליענטאלס רייזעס איבער דעם תחום, און ווי אזוי די שול־רעפארם איז דורכגעפירט געווארן [3]. מיר וועלן בלויז בארירן די דעטאליען, וואס האבן געפונען אן אפקלאנג אין דער ליטעראטור, און כאראקטעריזירן די שטרעמונגען און טענדענצן פון דער דעמאלטיקער יידישער אינטעליגענץ.

ווען ליליענטאל איז אלס אוואראוס באפולמעכטיקטער געקומען צו פארן אין די באדייטנדיקע יידישע קהילות, האבן אים די ארטיקע

1 וועגן די באציונגען צווישן ליליענטאלן און לעווינזאנען און צווישן ליליענ־טאלן און די רוסישע משכילים האבן מיר געשריבן באריכות אין אונזער ארבעט „לעווינזאן און זיין צייט״ (יעווריעיסקאיא סטארינא, 1910).

2 חזון למועד, II, 17.

3 זע וועגן דעם: מ. מארגאליסעס ארבעט אין „יעווריעיסקאיא ביבליאטעקא״, I, פ. מארעקס „אטשערקי פא איסטאריאי פראסוועשטשעניא״, 1909; ש. גינצבורגס ארבעט אין „מינוושעיע״, 1923, 89—157, און אויך אין „קאזיאננאיע יעווריעיסקיע אוטשילישטשא״, I, 1920.

משכּילים באַגעגנט מיט גוואַלטיקער התפּעלות [1]. מען האָט אים געקריינט מיטן טיטול „מלאך אלהים“ און געזעען אין אים דעם באַפרײַער און דערלייזער. „ער איז, — דערציילט מיט אַנטציקונג וועגן ליליענטאַלן בנימן מאַנדעלשטאַם, — בײַ מיר אין די אויגן געווען כּמעט ווי אַ נײַער משה, וואָס גאָט האָט אים אויסדערוויילט צו העלפן דורך אים זײַן פאָלק!“ [2]. באַלד הויבט זיך אָבער אָן די אַנטוישונג, און דער זעלביקער מאַנדעלשטאַם שרײַבט שוין אין אַ גאַנץ קורצער צײַט אַרום: „פיל פון די משכּילים זײַנען בּרוגז אויף דעם דאָקטאָר ליליענטאַל דערפאַר, וואָס ער האַלט זיך פון דער ווײַטן פון די, וואָס קעמפן פאַר וויסן; ער פירט אונטערהאַנדלונגען רק מיט די אָרטאָדאָקסן און חסידים און שפּילט אויך אַליין דעם שטאַרק פרומען, וואָס מוז דאַוונען צוויי מאָל אין טאָג בּצבּור. די אויפגעקלערטע רעכענען אים דערפאַר פאַר אַ צבֿועק און פאַרהאַלטן זיך מיט אומטרויען צו אַלץ, וואָס ער זאָגט!“ [3]. די סיבות פון דער אַנטוישונג און אומצופרידנקייט, וואָס ליליענטאַל האָט מיט זײַן טאַקטיק אַרויסגערופן אין דעם לאַגער פון די פּראָגרעסיסטן, זײַנען גאַנץ באַגרײַפ־ליכע. דער ענטוזיאַזם, וואָס די ידיעה וועגן דער מצד דער רעגירונג פאַרטראַכטער שול־רעפאָרם האָט אַרויסגערופן אינם לאַגער פון די משכּילים, איז געווען פאַרבונדן ניט בלויז מיט ריין אידעאַלע מאָטיוון. די עקאָנאָמישע לאַגע פון אַ באַדײַטנדיקן טייל משכּילים איז געווען אַ גאַנץ קלאָגעדיקע. די צו זיי פײַנדליכע סביבה האָט נאָך מער פאַר־שווערט זייער מאַטעריעלע לאַגע, און עס איז באַקאַנט דער לעבנסוועג פון פיל השׂכּלה־טרעגער, וואָס זײַנען ממש אויסגעגאַנגען פון הונגער [4]. די ידיעה וועגן די ייִדישע רעגירונגס־שולן, וואָס וועלן באַלד געגרינדעט ווערן אין ייִדישן תּחום, האָט דערוועקט בײַ פיל משכּילים די האָפענונג צו באַקומען דאָרט אַ לערער־שטעלע און אויף אַזאַ אופן באַפרײַט צו ווערן פון דאגת פּרנסה [5]. לעווינזאָן האָט באַקומען אין די הויפנס בריוו פון די משכּילים מיט איינער און דערזעלביקער בקשה: ער זאָל זײַן אַ מליץ

---

1 זייער כאַראַקטעריסטיש איז אין דער הינזיכט אַ אין גאָטלאָבערס ארכיוו אויפגעהיטע אָפּשריפט פון אַ דאָקומענט, וואָס שטאַמט אויס די משכּילישע קרײַזן. זע בײַלאַגען נומ׳ 4.

2 חזון למועד, II. 20.

3 דאָרטן. זע אויך דאָרטן, 36, 37.

4 עס גענוגט צו דערמאָנען די טרויעריקע געשיכטע, וואָס גאָטלאָבער דער־ציילט אין זײַנע זכרונות וועגן דעם טראַגישן לעבן פון דעם דובנער משכּיל (מנשה איליערס אַ תּלמיד) וואָלף אַדעלסאָן.

5 אַ שאַרפן אָפּקלאַנג געפינט אויך די דאָזיקע האָפענונג אין דעם אָקערשט דערמאָנטן דאָקומענט, וואָס שטאַמט פון די משכּילישע קרײַזן.

ביי ליליענטאלן און ביי דער רעגירונג און זיי רעקאמענדירן אלס פאסנ־דיקע קאנדידאטן אויף די פרייע לערער־שטעלעס. „איך בעט נאך אמאל, — שרייבט דער באוווסטער פארשער יעקב רייפמאן צו לעווינזאנען, — איר זאלט מיך דערמאנען צו גוטן ביי ליליענטאלן. איך וועל באלד שרייבן באריכות און וועל אויך דערביי צולייגן א בריוו צו ליליענטאלן״ [1]. „מיר האט דערציילט אייער שוועסטערס זון, — שרייבט יעקב אייכענבוים לעווינזאנען, — אז איר האט אים געמעלדעט, אז אייך וועט אינגיכן באזוכן ליליענטאל. אונז איז באקאנט, ווי חשוב ער איז ביי די שרי המדינה און אז די רעגירונג רעכנט זיך זייער מיט אים אין אלע פראגן בנוגע דער לאגע פון אונזער פאלק. לכן בעט איך אייך זייער, איר זאלט מיך דערמאנען ביי אים צו גוטן, בכדי ער זאל געדענקען מיין נאמען, און ווען אונזער קיסר וועט מיט גאטס הילף ערפילן זיין ווילן און עס וועלן געגרינדעט ווערן יידישע שולן אין גאנצן לאנד, זאל ער זיך אין מיר דערמאנען און מיר געבן א לערער־שטעלע. מיר איז נאך ביז איצט ניט געלונגען צו דערשלאגן זיך צו א געזיכערטן פרנסה־קוואל... איך בין קיין מאל ניט זיכער, מיט וואס איך וועל מארגנדיקן טאג דער־נערן מיין פאמיליע... און מיך האט גאט געבענטשט מיט זעקס טעכטער און איין זון...״ [2]. מיט דער זעלביקער ביטע ווענדעט זיך צו לעווינזאנען גאטלאבער [3], וואס האט זיך דערנאך געווענדעט דירעקט צו ליליענטאלן, נאכדעם ווי ער האט זיך מיט אים באקאנט, בעת יענער האט באזוכט מאהילעוו, וואס ביים דניעסטער [4]. דירעקט צו ליליענטאלן האבן זיך געווענדעט וועגן לערער־שטעלעס צבי גרינבוים (דער שפעטערדיקער וולאַ־דימיר פיאדאראוו) [5] און פיל אנדערע משכילים.

כאראקטעריסטיש איז אויך אין דעם פרט דער „קול קורא״, וואס די ווילנער משכילים האבן דעמאלט ארויסגעלאזט און א באזונדערע אפשריפט ספעציעל צוגעשיקט לעווינזאנען [6]. צווישן די אין פיר פונקטן אויסגערעכנטע נייטיקע ראדיקאלע רעפארמען פיגורירט איינער אונטערן קעפל „חסרון פרנסה בכלל ולהמשכילים בפרט״. „די משכילים, — ווערט דארט אנגעוויזן, — די, וואס האבן מיט מסירות־נפש געקלאפט אין די טירן פון וויסן, זיי גייען געבויגן אונטערן יאך פון נאראנים, וואס

1 ילקוט ריב״ל, 96.

2 באר יצחק, 93.

3 דער בריוו איז נאך ניט פארעפנטליכט.

4 הבוקר אור 1879, 919.

5 יעווריעיסקאיא סטארינא, 1910, 415.

6 ספר הזכרונות, 53—55.

רודפן זיי אָן רחמנות. זייער נידעריק איז די לאַגע פון משכּילים, זיי לעבן אין גרויס נויט און דחקות. אויסער דעם גרויסן מיטלײַד, וואָס יעדער פאַרשטענדיקער שפּירט בעת ער זעעט, ווי די דאָזיקע איידעלע מענטשן זײַנען אַזוי דערנידעריקט און האָבן ניט פון וואָס צו לעבן, ווירקט עס נאָך אָפּשרעקנדיק אויפן פּשוטן פאָלק און מען פאַרלירט דעם מינדסטן חשק צו פאָרשן נאָך וויסן און בילדונג, וואָרום צו וואָס, טראַכט יעדער, טעג זיך פאַרנעמען מיט וויסנשאַפטן, בעת מען זעעט דאָך, אַז מען וועט זיך דורכדעם ניט נאָר דערווערבן שנאה און רדיפות מצד די נאַראָנים, נאָר מען וועט אויך בײַ קיינעם קיין שטיצע ניט באַקומען און מוזן זײַן נע־ונד צוליב דעם שטיקל ברויט.

און גראָד אין דער הינזיכט האָט ליליענטאַל אַמשווערסטן אַנטוישט די האָפענונגען פון די משכּילים. די רעגירונג האָט דאָך אין דער התחלה טאַקע לויט ליליענטאַלס פאָרשלאָג בדעה געהאַט פון אויסלאַנד אײַנצולאָדן לערער פאַר די נײַ־געגרינדעטע שולן. אין אוואַראָווס נאָמען האָט ליליענטאַל געפירט וועגן דעם בריוולעכע אונטערהאַנדלונגען מיט פיל ייִדישע געלערנטע אין דײַטשלאַנד [1]. העכער 200 מאַן האָבן שוין אין אויסלאַנד מיט אומגעדולד געוואַרט, ווען וועלן ענדליך די נײַע שולן געעפנט ווערן. און די אויסלענדישע ייִדישע צײַטונגען האָבן שוין אַפילו געמאַכט פאָרווורפן ליליענטאַלן, פאַר וואָס ער ציט אַזוי לאַנג מיט דער אײַנלאַדונג. עס איז קלאָר, אַז בײַ די באַדינגונגען האָט ער אַמווייניקסטן געקאָנט נעמען אין באַטראַכט די דאָרטיקע משכּילים אַלס לערער־קאַנדידאַטן. דערצו האָבן נאָך מיטגעווירקט צוויי ריין פּערזענליכע מאָטיוון. ראשית האָט דער דיפּלאָמירטער דאָקטאָר אויס בייערן זיך פאַרהאַלטן מיט אַ געוויסן ביטול צו די „אָסט־יודען" און צו זייערע אויפגעקלערטע. „די שמוציקע, בערדיקע ייִדן, וואָס זײַנען קוים באַרירט פון דעם אויפקלערונגס־ליכט", אַזוי אַטעסטירט ליליענטאַל די רוסישע משכּילים אין זײַנעם אַ בריוו צו אַ באַאַמטן פונם בילדונגס־מיניסטעריום [2]. אויסער דעם, איז דער יונגער 26־יאָריקער ליליענטאַל געוועזן פאַרשיכּורט פון דער וויכטיקער ראָלע, וואָס איז אַזוי אומדערוואַרטעט אויסגעפאַלן אויף זײַן גורל: אַרומפאָרן איבער דעם תּחום אַלס עמיסאַר און באַפולמעכטיקטער פון דעם בילדונגס־מיניסטער. ער האָט געוואָלט אַליין, אָן וועלכע מיטהעלפער פאַרבינדן זײַן נאָמען מיט דער בילדונגס־רעפאָרם פונם רוסישן

1 וועגן ליליענטאַלס אונטערהאַנדלונגען מיט גייגערן ווייסן מיר פון גייגערס ענטפער (זע זײַנע „נאַכגעלאַסענע שריפטען", V).

2 צטירט בײַ י. העססען אין „פּערעזשיטאָיע", III, 22.

ייִדנטום. ער, דער פרעמדער, וואָס איז געווען אַזוי קנאַפּ באַקאַנט מיט די אָרטיקע צושטענדן און מיטן לעבנסשטייגער פון דעם רוסיש־פּוילישן ייִדנטום, האָט געפירט שפּילן דעם דיפּלאָמאַט, וואָס פאַרשטייט מיט זײַן קונציקן שפּיל צו נאַרן ביידע פייַנדליכע צדדים. ער האָט אָבער זייער ווייניק געפּאַסט צו דער דיפּלאָמאַטן־ראָלע, און זײַן דאָפּל־שפּיל האָט בלויז געבראַכט דערצו, וואָס ביידע צדדים האָבן זיך צו אים פאַר־האַלטן מיט גרויס פאַרדאַכט.

מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, ווי אַנטוישט פיל פון די ווילנער משכּילים זײַנען געווען פון ליליענטאַלס אויפפירונג. דאָס זעלביקע האָט זיך אויך איבערגעחזרט אין געוויסע משכּילים־קרײַזן אין דעם דרום־מערב־קאַנט. בעת ליליענטאַל האָט אויף זײַן צווייטער רײַזע איבערן תּחום באַזוכט אָדעס, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין הויז פון דעם אָנגעזעענעם משכּיל משה פרידבערג. לעווינזאָנס אַ הייסער פאַרערער, האָט פריד־בערג ניט געוואָלט באַהאַלטן זײַן פאַרדרוס, וואָס ליליענטאַל האַלט ניט פאַר נייטיק צו באַזוכן לעווינזאָנען און אויסהערן זיין מיינונג וועגן דער שול־רעפאָרם. „עס איז ניטאָ, — דערקלערט פרידבערג זײַן גאַסט, — קיין אַנדערער, וואָס זאָל אַזוי גוט וויסן די נויטבאַדערפענישן פון אונ־זער פאָלק, ווי לעווינזאָן. מיר פאַרמאָגן נאָך ניט אַזאַ געניטן אַרצט, וואָס זאָל אַזוי ווי ער וויסן און פאַרשטיין, אין וואָס באַשטייען די קראַנקהייטן פון דעם פאָלק ישׂראל און מיט וואָס מען קאָן זיי היילן, און אויב אין דער קאָמיסיע (וואָס האָט באַדאַרפט באַטראַכטן די שול־רעפאָרם) נייטיקט מען זיך אין דער עצה פון אַ געניטן אַרצט, איז אַמנייטיקסטן אַהין אײַנצולאַדן לעווינזאָנען. וואָרום, ווען מען וועט אײַנלאַדן פון אַ פרעמדן לאַנד אפילו דעם געניטסטן דאָקטאָר [1], נאָר ווי באַלד יענער איז ניט באַקאַנט מיט די באַדינגונגען פון אונזער לאַנד און ער וועט וועלן היילן אויף זײַן באַראָט, ווי ער איז געוווינט געוואָרן אין זײַן מדינה — איז שטאַרק צו באַפירכטן, אַז ער וועט ניט נאָר קיין הילף ניט ברענגען, נאָר נאָך פאַרערגערן די לאַגע. דערפאַר איז דאָס גלײַכסטע טאַקע צו האַלטן זיך אָן עצה מיטן אָרטיקן אַרצט, וואָס ווייס גוט די אָרטיקע צושטענדן, דעם כאַראַקטער און לעבנסשטייגער פון די אײַנוווינער. ער וועט אַמבעסטן פאַרשטיין, וואָס עס קאָן שאַטן, און מיט וואָס מען קאָן הילף ברענגען [2].

די אומצופרידנקייט אין משכּילישן לאַגער האָט זיך נאָך מער געשטאַרקט, ווען ליליענטאַל האָט סוף זומער 1842 אין ווילנע פאַר־

1 אַ אָנהערעניש אויף דאָקטאָר ליליענטאַל.

2 באר יצחק, 101.

עפנטליכט זײַן אויפרוף־מאניפעסט „מגיד ישועה" 1, וואס איז געשריבן אין דעם טיפּיש־פּאטעטישן סטיל פון א דײַטשן פּרעדיגער. בנימין מאנדעלשטאם שיקט די דאזיקע בראשור זײַנעם א פרײַנד און שרײַבט דערבײַ מיט ביטערן סארקאזם: באקען זיך מיט די אלע „ישועות ונחמות", מיט וועלכע ליליענטאל טוט אונז טרייסטן. און דארט, בײַ די דײַטשע יידן, הערט זיך אין אלע צײַטונגען א קול רנה וישועה, אלע דערציילן זיי וועגן דאקטארס גרויסקייט און זײַנע וואונדערליכע מעשים, וואס ער זאל האבן פולבראכט אונז לטובה. דארט פרייען זיך שוין די יידן מיט אונזער גליק, און מיר וייסן פון גארנישט. מיר זײַנען נאך אלץ ניט געהאלפן געווארן" 2. מיט פאררדרוס דערמאנט מאנדעלשטאם ליליענטאלס דערציילונג, ווי ער האט זיך געקלאגט פאר אוווראוון און פאר אנדערע גרויסע באאמטע אויף דעם קבלת פנים, וואס ער האט באקומען פון די מינסקער יידן, און מאכט זיך גרויס דערמיט, וואס ער איז זיך ניט נוקם אין זיי דערפאר. „דאס פאלק, — רופט מאנדעלשטאם אויס, — לעבט אין דחקות און נויט, איז געדריקט און אומגליקליך, און גאט האט אונז צוגעשיקט דעם דאקטאר, וואס האט קיין בעסערס ניט געפונען, ווי צו קלאגן זיך אויף אונז פאר די הויכע באאמטע און זיי דערמאנען, אז מיר זײַנען אן „עם קשה עורף"! 3. באזונדערס האט אים אויפגעבראכט ליליענטאלס ידיעה, אז עס וועט צונויפגערופן ווערן א ספּעציעלע רבנים־קאמיסיע, וואס וועט באטראכטן די שול־רעפארם בײַ יידן אין רוסלאנד. ליליענטאל, — ווײַזט מאנדעלשטאם אן, — דערקלערט מיט אזא גדלות: „איך וועל אײַך גרויסע זאכן דערציילן, וועגן באלדיקע ישועות, וואס אונזערע אבות האבן ניט געזעען און אונזערע זיידעס האבן וועגן זיי ניט געהערט"! 4. אט דאס זײַנען די ישועות? מיט וואס קאנען אונז די רבנים העלפן? אט די דאזיקע שטומע באקן (פסילים אלמים), וואס זײַנען ליידיק פון וועלכן ס׳איז וויסן? אפשר וועלן זיי אונז מזכה זײַן

1 איבערגעדרוקט אין לעטעריסעס „מכתבי קדם" 1863, און אין גאטלאבערס „הבוקר אור", 1879, 912—918. ליליענטאל האט געשריבן זײַן בראשור אין דײַטש, און א איבערזעצט אויף העברעיש האט דער יונגער ש. י. פין, וואס האט צום סוף פון דער איבערזעצונג אײַנגעפלאכטן לזכרון זײַן אנאגראם (שמעו מדברי ואל יוסף פנות).

2 חזון למועד, II, 38.

3 דארטן, 41.

4 כי גדולות אספר לכם וישועות מקרוב באו אשר אבותינו לא ראו וזקנינו לא שמעו.

מיט א זיבעטן סדר צו די ששה סדרים משנה, אָדער מיט א פינפטער ציצה צו די אַרבע כנפות? [1]

נאָך שאַרפער איז קעגן ליליענטאַלן אַרויסגעטראָטן דער באַוווסטער משכּיל מרדכי אהרן גינצבורג. אויף ליליענטאַלס „מגיד ישועה" האָט גינצבורג גלייך אָפּגעענטפערט מיט א פּאַמפלעט „מגיד אמת", וואָס איז דערשינען אין לייפּציג אונטער דעם פּסעוודאָנים יונה בן אמיתי.

דער „מגיד אמת" פאַנגט גלייך אָן מיט א ווענדונג צו די רוסישע ייִדן: הערט, איר רוסישע בירגער! די דייטשן—זיי מאַכן זיך גרויס און וואַרפן אונז פאָר, וואָס „צווישן די הונדערטער טויזנט רוסישע ייִדן האָט זיך קיין איינער ניט געפונען, אויף וועלכן די רעגירונג זאָל זיך קאָנען פאַרלאָזן, ביז עס האָט זיך באַוויזן א דייטשער דאָקטאָר פון א ווייטן לאַנד, און אים האָט די רעגירונג באַפולמעכטיקט צו פאַרווירקליכן איר ווילן". די דאָזיקע אונז דערנידעריקנדיקע באַהויפּטונג, פאַרזיכערט גינצבורג, איז אָבער ניט ריכטיק. ער ווייזט אָן, אַז אין ווילנע געפינען זיך שוין פיל געבילדעטע מענער, „וואָס שיקן זייערע קינדער אין די גימנאַזיעס און אוניווערזיטעטן". ווי מאַנדעלשטאַם [2], פאַרזיכערט אויך גינצבורג, אַז צווישן די רוסישע משכּילים געפינט זיך א מער פּאַסיקער קאַנדידאַט, ווי ליליענטאַל, וואָס וואָלט געקאָנט זיין א פאַרמיטלער צווישן דער רעגירונג און דעם ייִדישן פאָלק, און דער דאָזיקער קאַנדידאַט איז דער דירעקטאָר פון דער אָדעסער ייִדישער מוסטער-שול בצלאל שטערן [3]. גינצבורג קאָן

---

1 דאָרסן, 40. אויך ניסן ראָזענטאַל האָט זיך אַנטשיידן אַרויסגעזאָגט קעגן דער רבנים-קאָמיסיע אין זיין מעמאָראַנדום, וואָס ער האָט דערלאַנגט אוואַראָוון (זע „קאַזיאָנניע יעווריעסקיע אוטשילישטשאַ", 114).

2 חזון למועד, II, 42: אחת היא עוד תקותנו על הד״ר שטערן מאדעסא אאז״ו... וועגן דעם גרויסן רעספּעקט, מיט וועלכן די ווילנער משכּילים האָבן זיך פאַרהאַלטן צו שטערנען, זע די צו אים אדרעסירטע בריוו פון ש. י. פין (הפּרדס, III, 149—156).

3 שטערן איז אָבער פאַקטיש אויך ניט געווען קיין רוסישער ייִד, נאָר פון די גאַליציאַנער משכּילים (זע אונזער ווערק ב׳ VII, צווייטער בוך). כאָטש ער האָט שוין לענגערע יאָרן געלעבט אין אָדעס און איז געווען „אוטשאָני יעווריעי" ביים פירסט וואָראָנצאָוו, האָט ער זיך געהאַלטן פאַרן „דייטש" און מיט א געוויסן ביטול געקוקט אויף די רוסיש-פּוילישע ייִדן מיט זייער „זשאַרגאָן" און „פאַנאַטיזם". כאַראַקטעריסטיש איז אין דער הינזיכט זיין מעמאָראַנדום, וואָס ער האָט דערלאַנגט וואָראָנצאָוון מכּוח די קורלענדער קאָלאָניסטן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין כערסאָנער גובערניע. ער בעט, אַז מען זאָל יעדן קורלענדער קאָלאָניסט אַרויסגעבן שטיצע ניט 600 רובל ווי די פּויליש-רוסישע ייִדן, נאָר 800 רובל, ווייל די קורלענדער ייִדן צייכענען זיך אויס פון זייערע רוסיש-פּוילישע גלויבנס-ברידער מיט זייער העכערער קולטור און וויניקער אָבערגלויבן. אין הסכּם דערמיט בעט אויך שטערן, מען זאָל די קורלענדער

ניט מוחל זײַן ליליענטאַלן, וואָס יענער האָט אין ווילנע בײַ זײַן צווייטן באַזוך אַליץ זיך געחברט מיט די גבירים און אָרטאָדאָקסן, און מיט ביטול זיך פאַרהאַלטן צו די משכּילים, וואָס „פאַרמאָגן בלויז וויסן, אָבער ניט די זעקלעך מיט גאָלד [1].

גינצבורג האָט זיך אָבער ניט געוואָלט באַגניגן מיט דעם פאַמפלעט אַליין. ער מאַכט דעם אָנשטעל פון אַ זײַטיקן מענטשן, און שרײַבט אַ רעצענזיע [2] אויף דעם „מגיד אמת" פון דעם אים כלומרשט אומבאַקאַנטן יונה בן אמיתי, ווו ער רעכנט זיך ווידער אַמאָל אָפּ מיט ליליענטאַלן. מיט איראָניע דערציילט ער וועגן דער התפּעלות און יראת־הכּבוד, מיט וועלכע די משכּילים האָבן געוואַרט אויף דעם „דאָקטאָר פילאָזאָפיע" ליליענטאַל, און ווי גרויס איז געווען זייער אַנטוישונג בעת זיי האָבן אין דעם דאָזיקן דיפּלאָמירטן דאָקטאָר דערזעען דעם פולן היפּך פון דעם, „וואָס די מלכּת שבא האָט געזעען אין שלמה המלך". און נאָך אַמאָל קערט זיך גינצבורג אום צו דער פאַר אים באַזונדערס אָנגעווייטיקטער פראַגע: וועגן דעם שטאָלצן פאַרהאַלטן פון די דייטשע יידן צום רוסישן יידנטום און צו זײַנע געלערנטע. „כּחומר ביד היוצר — קלאָגט זיך גינצבורג, — ווי ליים אין דעם טעפּערס האַנט, אַזוי זײַנען מיר אין די הענט פון אונזערע דײַטשע געלערנטע ברידער. זיי רעדאַקטירן צײַטשריפטן אין אַ גאַנץ גרויסער צאָל, און ווער עס האַלט אַ פּען אין דער האַנט און קאָן שרײַבן אַ קאָרעספּאָנדענץ אין אַ צײַטונג, דער האַלט זיך פאַר אַן אַלמעכטיקן ריכטער, וואָס קאָן משפּטן די גאַנצע וועלט. איך קלאָג מיך, חלילה, ניט אויף די צײַטשריפטן בכלל, זיי ברענגען געוויס אַ גרויסן נוצן אונזער פאָלק, — זיי דאַרפן זיך אָבער געוויס רעכענען דערמיט, אַז אויך „לָנו פֶּה להשיב" — אויך מיר זײַנען ניט קיין שטומע און קענען אַן ענטפער געבן. ווען די דאָזיקע געלערנטע וועלן ווײַטער זײַן מער פאָרזיכטיק, ווײַל זיי וועלן וויסן, אַז פאַר זייערע ווערטער וועלן זיי דאַרפן אָפּגעבן דין וחשבון" [3]. און נאָך אַמאָל שטרײַכט גינצבורג אונטער

קאָלאָניסטן אַרויסטיילן בעסערע און באַקוועמערע ערד־טיילן, וואָס זאָלן זײַן אָפּגעזונדערט פון די איבעריקע ייִדישע קאָלאָניסטן, בכדי אויסצומײַדן די אַלע אומאָנגענעמליכקייטן און סכסוכים, וואָס קאָנען אַרויסקימען מחמת דעם פאַנאַטיזם און גאַנץ אַנדערן וועלטבאַנעם פון די פּוילישע ייִדן, וואָס האָבן זיך דאָרט נאָך פריער באַזעצט (זע ש. באָראָוואָי, יעווריסקאַ־אַ זעמלעדעלטשעסקאַיאַ קאָלאָניזאַציע, 158—159).

1 מער באַריכות וועגן גינצבורגס „מגיד אמת", זע אונזער אויבן ציטירטע אַרבעט וועגן לעווינזאָנען אין „יעווריסקאַי סטאַרינאַ" 1910.

2 המוריה, 1878, 38—48.

3 דאָרטן, 43.

דעם פאַר אים אַזוי ווירכטיקן אויספיר: די רעגירונג האָט ניט נייטיק צו רופן פון אַ ווייטן לאַנד מענטשן פון וויסן, זי דאַרף נאָר אַ רוף טאָן צו די געלערנטע פון איר לאַנד, און זיי וועלן גלייך זיך פאַרזאַמלען (אין המלכות צריכה לבקש אנשי דעת בארץ רחוקה, כי אם תשרוק לְחַכְמֵי אַרְצָה ותקבצם) 1.

אָביעקטיוו באַטראַכט, האָט ליליענטאַל ניט פאַרדינט די אַלע אָנפאַלן מצד די „אויפקלערער". ער איז כּלל ניט געווען אַזוי אומגערעכט דערמיט, וואָס ער האָט זיך געחבֿרט מיט די אָרטאָדאָקסן און חסידים, ווייל ער האָט געזען, אַז זיי זיינען ניט אין פאַרגלייך מערכטיקער, אין צאָל און אין איינפלוס, ווי די משכּילים און אַז אָן זייער הסכּמה וועט זייער שווער זיין דורכצופירן די שול-רעפאָרם. און ווען ער האָט ביי די אָרטאָדאָקסן קיין שום דערפאָלג ניט געהאַט, איז דאָס ניט בלויז, ווייל ליליענטאַל איז געווען אַ צו-אומגעניטער דיפּלאָמאַט און אַ ניט-גענוגנדיק באַדייטנדיקע פּערזענליכקייט, נאָר דער עיקר דערפאַר, וואָס ניקאָלאַי און זיינע מיטהעלפער האָבן דאָך מיט דער שול-רעפאָרם פּאָקטיש באַצוועקט ניט קיין אויפקלערונג, נאָר מאַכן פון יידן פאַר דער רעגירונג „נוצליכע בירגער" דורך שמד און אַסימילאַציע. מען מוז אויך מודה זיין, אַז ליליענטאַל איז דאָך געווען ווייטזיכטיקער פון די אַלע משכּילים, וואָס זיינען אויף אים מיט אַזאַ גרימצאָרן אָנגעפאַלן. באַקאַנט איז די דערקלערונג, מיט וועלכער די מינסקער אָרטאָדאָקסן האָבן באַגעגנט ליליענטאַלן: „כּל זמן די מלוכה וועט די יידן ניט געבן קיין פולע בירגער-רעכט, וועט בילדונג פאַר זיי זיין נאָר אַן אומגליק". דאָס האָבן

4 אויך דער רייכער קולטור-קעמפער ניסן ראָזענטאַל האָט אין זיין מעמאָראַנדום, וואָס ער האָט דערלאַנגט אוּוואַראָוון, זיך אַנטשיידן אַרויסגעזאָגט קעגן איינלאָדן לערער פון דייטשלאַנד. ער האָט דאָס, אגב, געטאָן אויף אַ גאַנץ קונציקן אופן. גראָד דעמאָלט האָט אין דייטשלאַנד זיך ווידער פאַרשטאַרקט דער קאַמף פאַר רעליגיעזער רעפאָרם און בראש פון די רעפאָרמיסטן זיינען געשטאַנען אַזוינע ראַדיקאַלע פריידענקער ווי אברהם גייגער און שמואל האָלדהיים. ווייזט ראָזענטאַל אוּוואַראָוון אָן, אַז מען דאַרף מורא האָבן, די אויסלענדישע לערער זאָלן מיט זיך צו אונז ניט פאַרטראָגן די אַנשטעקנדיקע קראַנקהייט פון ראַציאָנאַליזם, וואָס זיין פּראָפּאַגאַנדע האָט זיך איצט אַזוי געשטאַרקט אין מערבֿ-אייראָפּע. דאָס האָט געווירקט, און אוּוואַראָוו האָט אָפּגעוואָרפן דעם פּלאַן פון אימפּאָרטירן אויסלענדישע לערער. כאַראַקטעריסטיש פאַר די באַציִונגען צווישן דעם רובֿ ווילנער משכּילים צו ליליענטאַלן איז אויך פאָלגנדיקער פאַקט: ש. י. פין האָט אין צווייטן טייל „פּרחי צפון", וואָס איז דערשינען אָנפאַנג 1844, פאַרעפנטליכט אַן אַרטיקל, אין וועלכן ער באַוווּנדערט אין געהייבענעם מליצה-סטיל אוּוואַראָווס לייטזעליקייט צו יידן. ער שטרייכט דערביי באַזונדערס אונטער די ראָלע, וואָס ביי דער פּראָיעקטירטער שול-רעפאָרם עס האָט געשפּילט ניסן ראָזענטאַל, מיט וועלכן אוּוואַראָוו האָט געפירט לאַנגע געשפּרעכן. ער דערמאָנט אָבער ניט מיט קיין איינציקן וואָרט דעם עמיסאַר ליליענטאַל.

דווקא די משכּילים, וואָס זײַנען געווען אַזוי אומצופרידן מיט ליליענטאַלן, ווי, אַשטייגער, מ. א. גינצבורג, ניט געוואָלט און ניט געקאָנט באַגרײַפן. אָפּגעריסן פונם רעאַלן לעבן, ווייניק באַקאַנט מיט די סאָציאַלע צושטענדן פונם לאַנד, איז פאַר זיי געבליבן אומבאַקאַנט דער טרויעריקער אמת, אַז אין ניקאָלאַיס רוסלאַנד מיטן אַלטפרענקישן „פּאַנשטשינאַ"־סדר האָט דער רעכטלאָזער ייִד ניט בײַ וואָס אויס צונוצן אייראָפּעיִשע בילדונג. זיי האָבן נאַיִוו געגלויבט, אַז אויפקלערונג און אייראָפּעיִשע קליידונג וועלן שוין במילא ברענגען די גאַנצע ישועה. ליליענטאַל האָט אָבער איינגעזען, אַז די מינסקער אָרטאָדאָקסן זײַנען גערעכט, און דערפאַר האָט ער אין זײַנע געשפּרעכן מיט אוּוואַראָוון, בעת יענער האָט זיך געקלאָגט אויף דעם „ווילדן פאַנאַטיזם און מאָראַלישער פאַרדאָרבנקייט" פון די ייִדן, יעדעס מאָל אָנגעוויזן, אַז דאָס בעסטע מיטל דאָס אַלץ צו באַזײַטיקן איז — פולשטענדיקע עמאַנציפּאַציע. מיר ווייסן וועגן דעם דאָזיקן אינטערעסאַנטן פּונקט ניט בלויז אויס ליליענטאַלס זכרונות, וואָס ער האָט פאַרעפנטליכט מיט פיל יאָרן שפּעטער (אין 1855) אין דער „אַלגעמיינער צײַטונג דעס יודענטומס", נאָר אויך אויס דאָקומענטן, וואָס זײַנען אויפגעהיט אין אַרכיוו פונם בילדונגס־מיניסטעריום. אין איינעם פון זײַנע מעמאָראַנדומס, וואָס ער האָט דערלאַנגט דער רעגירונג אין 1842 נאָך זײַן רײַזע איבערן תחום, ווײַזט ליליענטאַל אָן, אַז בכדי די נײַ־געגרינדעטע שולן זאָלןווירקליך זייער ציל דערגרייכן, איז נייטיק קודם כּל צו באַפרײַען די ייִדן פון זייער רעכטלאָזער לאַגע. דאָס פאַרשפּאַרן די ייִדן אין ענגן „תחום" און די פּילצאָליקע אַנדערע באַגרעניצונגען האָבן געבראַכט דאָס ייִדישע פאָלק צו גוואַלטיקער פאַראָרימונג און דער איינציקער אויסוועג איז — געבן ייִדן פולבאַרעכטיקונג, אויסטיילן זיי ערד צו קאָלאָניזאַציע, גרינדן פאַבריקן פאַר ייִדישע אַרבעטער און געבן די ייִדן אַ פרײַען צוטריט אין די אוניווערזיטעטן [1]. אויך אין זײַן „מגיד

1 קאַזיאָניע יעווריעיסקיִא אוטשילישטשאַ, 1920, 111—112. ס'איז אינטערעסאַנט, וואָס אַן אַנדער דײַטשער ייִד, געוועזענער שוחט אין זיימאַרן און אין רוסלאַנד, נאָכדעם, ווי ער האָט אָנגענומען דעם קריסטליכן גלויבן — פּראָפעסאָר אין דער אַקאַדעמיע פאַר גײַסטליכע, איז אין זײַן מעמאָראַנדום, וואָס ער האָט דערלאַנגט צו דער זעלביקער צײַט, געקומען צו די זעלביקע אויספירן. ניט דעם באַליידיקטער, — שרײַבט ער, — נאָר דער באַליידיקער דאַרף דער ערשטער אויסשטרעקן די האַנט פון פרידן. גיט דעם ייִדן אַ פאָטערלאַנד און ער וועט אויפהערן טרוימען וועגן פּאַלעסטינע. פאַרגלײַכט אים אין זײַנע רעכט מיט די קריסטן, וועט ער ווערן אַ גוטער בירגער. נאָר אויפן באָדן פון פולשטענדיקער גלײַכבאַרעכטיקונג צווישן ייִדן און קריסטן אין גײַסט פון קריסטליכער ליבע איז מעגליך די (ייִדישע) אַסימילאַציע (דאָרטן, 80—81).

ישועה״ ווײַזט ער אָן, ווי ער האָט געהאַלטן פאַר וויכטיק איבערצוגעבן אוװאַראָװן די גערעכטע טענות פון די אָרטאָדאָקסן: פאַר אונז איז בעסער, אונזערע קינדער זאָלן אויסוואַקסן אָן בילדונג, וואָרום דעמאָלט וועלן זיי זיך ניט שעמען צו פאַרנעמען זיך מיט די נידעריקע קבצנישע פרנסות, ווי פאַקטאָרײַ וכדומה; אָבער וואָס וועט זײַן, אַז זיי וועלן באַקומען בילדונג און קיין נײַע פרנסה־קוואַלן וועט מען פאַר זיי ניט עפענען? מיט די פריערדיקע פרנסות, אויף וועלכע זיי וועלן קוקן מיט האַס און פאַראַכטונג, וועלן זיי שוין האַלטן פאַר אוממעגליך זיך צו פאַרנעמען, וועלן זיי קיין אַנדער אויסוועג ניט געפינען, ווי צו פאַרלאָזן די אמונה פון זייערע אבות.

ווי עס שײַנט, האָט דער פיפיקער אוװאַראָװ געגעבן ליליענטאַלן וועלכע־ס׳איז הבטחות; דערמיט איז צו דערקלערן, וואָס אין אייניקע טעג נאָך דעם, ווי ניקאָלאַי האָט געחתמעט דעם באַפעל וועגן דער שול־רעפאָרם און וועגן גרינדן די ראַבינער־קאָמיסיע, שרײַבט ליליענטאַל אין זײַן בריוו צו איינעם פון די אָנגעזעענע ווילנער משכילים פון יענער צײַט, צבי הירש קאַצענעלענבויגען: און אויב איר וועט זאָגן: דער דאָזיקער אוקאַז וועט אונז דאָך ניט געבן קיין ברויט און קיין קליידונג, וואָס נוצט אונז חכמה און וויסן, אַז ס׳איז ניטאָ קיין שטיקל ברויט און קיין קלייד אויפן לײַב? אַזוי זײַט וויסן און פאַרשטייט, אַז דער דאָזיקער אוקאַז איז בלויז דער ערשטער, און נאָך פאַר סוף יאָר וועלן דערשײַנען דרײַ אָדער פיר אַנדערע, און פון זיי וועט איר ערשט זעען, אַז די רעגירונג מיינט גוט מיט די ייִדן און די קומענדיקע טעג וועלן זיין פיל בעסער פון די פריערדיקע, ווען מיר זײַנען געווען צו שפּאָט און צו געלעכטער [1]. אויך אין זײַן „מגיד ישועה״ ווײַזט ער אָן, אַז מען דאַרף האָבן אויף דעקרעטן בנוגע פאַרבעסערן די מאַטעריעלע לאַגע פון ייִדן [2]. און דערפאַר איז אפילו אויף אים (ווי מיר וועלן ווײַטער זעען) אָנגעפאַלן מרדכי אהרן גינצבורג: סטײַטש, ליליענטאַל וויל אונז ווי קליינע קינדער מיט נים און נאַשערײַען אײַנריידן, מיר זאָלן חשק באַקומען צו דער שול־רעפאָרם...

ניט אַלע משכילים זיינען אָבער געווען איינשטימיק מיט גינצבורגן. קודם־כל דאַרף מען בײַ די משכילים אונטערשיידן צווישן משכילים־

1 אַ קאָפּיע פון דעם דאָזיקן אינטערעסאַנטן בריוו האָבן מיר געפונען אין גאָטלאָבערס אַרכיוו, און האָבן אים אין רוסישער איבערזעצונג פאַרעפנטליכט אין „פּערעזשיטאָיע״, III, 380—382. ווײַל דער אָריגינאַל איז נאָך עד־היום ניט געדרוקט, ברענגען מיר אים אין בײַלאַגע נומ׳ 5.

2 ובתתנו חנוך טוב לבנינו — כי רק בזה תעתר הממשלה הרוממה לפתוח לנו פתחי פרנסה חדשים.

ליטעראַטן און משכּילים רײַכע סוחרים און געשעפֿטס-לײַט. אויס מאָטיוון, אויף וועלכע מיר האָבן שוין פֿריִער אָנגעוויזן (זע אויבן ז' 98) האָבן די רײַכע אויפֿגעקלערטע סוחרים זייער געוווּנטשן, אַז די ייִדישע מאַסע זאָל זיך ניט נאָר באַפֿרײַען פֿון פֿאַנאַטיזם און אָבערגלויבן, נאָר זאָל וואָס גיכער איבערגיין צו פּראָדוקטיווער אַרבעט און ווערן „נוצליכע מיטבירגער". און מען מוז מודה זײַן, אַז זיי האָבן אין זייערע מעמאָראַנדומס, וואָס זיי פֿלעגן דערלאַנגען דער רעגירונג, צײַטנווײַז אַפֿילו אַוועקגעוואָרפֿן דעם סקאַרבאָווע קנעכטיש-אונטערטעניקן סטיל און זיך דערלויבט צו ריידן מיט אַן אָפֿענער, מוטיקער שפּראַך. טיפּיש איז אין דער הינזיכט דער מעמאָראַנדום, וועלכן דער צו זײַנער צײַט באַוווּסטער געשעפֿטס-מאַן און כּלל-טוער ליטמאַן פֿייגין האָט אין 1833 דערלאַנגט ניקאָלאַיען. ער האַלט פֿאַר איבעריק צו ריידן וועגן די „חסדים", וואָס דאָס ייִדישע פֿאָלק געניסט אין דעם רוסישן לאַנד. ער רעדט אָפֿענע דבורים, און ווײַזט אָן, „ווי שרעקליך דערנידעריקט דאָס ייִדישע פֿאָלק איז דורך די מיטלען, וואָס די רעגירונג האָט קעגן אים אָנגענומען". „דאָס ווייגעשריי פֿונם ייִדישן פֿאָלק איבער זײַן אומגליקליכער לאַגע — אַזוי פֿאַנגט זיך אָן דער מעמאָראַנדום — הערט זיך איבער דער גאַנצער וועלט. מיט פֿולן רעכט האָט עס געוואַרט אויף פֿאַרבעסערונג פֿון זײַן לאַגע; צום סוף ווערט זי פֿון שעה צו שעה אַלץ אומדערטרעגליכער; מען האָט בײַ אים אַוועקגענומען ניט בלויז אַלע בירגער-רעכט, נאָר אַפֿילו אַלע לעבנסקוואַלן [1].

אויך דער אויבן-דערמאָנטער כּלל-טוער ניסן ראָזענטאַל, וואָס האָט אין 1841 געגרינדעט אין ווילנע די ערשטע ייִדישע מוסטער-שול, און אַלס אַוואַראָוס אַ פּערזענליך באַקאַנטער פֿיל אָנטייל גענומען אין דער שול-רעפֿאָרם [2], האָט געהאַלטן פֿאַר נייטיק צו דערלאַנגען אוואַראָוון אַ ספּעציעלן מעמאָראַנדום, ווו ער ווײַזט אָן, אַז מען דאַרף קודם-כּל אָננעמען מיטלען קעגן דער ייִדישער מאָומדיקער פּאַראַמעטקייט; און צו דעם צוועק דאַרף מען גרינדן ערד-קאָלאָניעס און פֿאַבריקן. ראָזענטאַל האָט אַפֿילו אויסגעאַרבעט דערצו אַ ספּעציעלן „פּלאַן וועגן ערדאַרבעט און וועגן פֿאַבריקן און טעכנישע אַנשטאַלטן" [3].

---

1 פֿייגינס מעמאָראַנדום האָט פֿאַרעפֿנטליכט י. העסען אין „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ", 1911, 394—402.

2 זע וועגן דעם: גינצבורגס „מגיד אמת"; ש. י. פֿין, שפה לנאמנים, 164 און אונזער אַרבעט וועגן יצחק בער לעווינזאָנען, „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ", 1910, 524—526.

3 קאַזיאָניע יעווריעיסקיע אוטשילישטשאַ, 114—115.

אויף ראָזענטאַלס מעמאָראַנדום האָט אוואַראָוו מיט זײַן האַנט אויפגעשריבן פאָלגנדיקע באַמערקונג: „ראָזענטאַלס מיינונג איז אַ פּועל־יוצא פון ייִדישער צוגעשפּיצטקייט (жидовская тонкость), וואָס וויל אויספאָרשן דער רעגירונגס פאַרבאָרגענעם מיין, בכדי דאָס באַצײַטנס אויסצונוצן און וויסן, ווי אַזוי אים צו־צופּאַסן צו זייערע צוועקן. ראָזענטאַל איז ניט אינשטאַנד תּופס צו זײַן דעם גאַנצן ענין. ניט מיט ערדאַרבעט און פאַבריקן וועט געלייזט ווערן די ייִדן־פראַגע; איר עיקר ליגט פיל העכער" 1.

ראָזענטאַל און די איבעריקע משׂכּילים האָבן טאַקע ניט „תּופס געווען דעם גאַנצן ענין". זיי האָבן ביי זייער גאַנצער „ייִדישער צוגע־שפּיצטקייט" נאַיִוו געמיינט, אַז עס האַנדלט זיך וועגן „אויפקלערן" און אויסבילדן די ייִדישע יוגנט, בעת דער בילדונגס־מיניסטער איז אויסן געווען צו ערפילן די באַשטעלונג פון זײַן דעספּאָטישן האַר, וואָס האָט געשטרעבט דערצו, אַז „אַלע יוָנים זאָלן האָבן איין פּנים", און אַלע זײַנע אונטערטעניקע אָן אויסנאַם זאָלן לעבן און דענקען רק לויט זײַן „אַלער־העכסטן" ווילן. דערפאַר האָבן די שולן באַדאַרפט אויסוואָרצלען דעם „פאַנאַטיזם און דעם שעדליכן אָבערגלויבן, וואָס וואָרצלט אין דער לערע פונם תּלמוד", און ביסלעכווייז איבערצייגן דעם נייעם ייִדישן דור אין דעם אמת פון דער צלם־אמונה, וואָס איז דאָך כּידוע „דער ריינסטער סימבאָל פון אַלוועלטליכער בירגערשאַפט"...

ליליענטאַל האָט ענדליך פאַרשטאַנען, אין וואָס עס באַשטייט דער אמתער ציל פון דער שול־רעפאָרם (ס׳אַ סברה, אַז מען האָט אים גופא פאַרגעלייגט אָנצונעמען דעם קריסטליכן גלויבן), און ער איז אין 1844 בסוד אַנטלאָפן פון רוסלאַנד 2. און לעווינזאָנס ליבלינג־געדאַנק — רעפאָרמירן די דערציִונג פון דער ייִדישער יוגנט, איז אויך מגולגל גע־וואָרן אין אַזאַ אומגעלומפּערטער קאַריקאַטור, ווי דער אַנדערער גרונד־יסוד פון לעווינזאָנס פּראָגראַם — געבן דער ייִדישער באַפעלקערונג די מיגליכקייט צו פאַרנעמען זיך מיט פּראָדוקטיווער אַרבעט. אויפן אָרט פון געווערקשאַפט־קורסן, וואָס ס׳האָבן געזאָלט, לויט דעם צוערשט פאַר־טראַכטן פּלאַן, בילדן דעם יסוד פון די ייִדישע שולן, האָט די רעגירונג דער עיקר געזאָרגט, מען זאָל אין די שולן וואָס מער קעמפן קעגן דער

1 קאַזיאָנניאַ יעווריעיסקיאַ אוטשילישטשאַ, 114.

2 אין זײַן משך אַרטיקלען, וואָס ליליענטאַל האָט דערנאָך פאַרעפנטליכט אין „אַלגעמיינע צײַטונג דעס יודענטומס", שטרײַכט ער טאַקע אונטער, אַז ניקאָלײַס פּאָליטיק בנוגע ייִדן איז אויסן איין באַשטימטן ציל: אַלע ייִדן זאָלן אָננעמען פּראַ־וואָסלאַוויע (1848, נומ׳ 15).

„פֿאַרדאַרבנדיקער" השפּעה פֿון דעם תּלמוד. בנימין מאַנדעלשטאַמס ייִנגערער ברודער, לעאָן מאַנדעלשטאַם [1], וואָס אים האָט אוואַראָוו נאָך ליליענטאַלס אָפּפֿאָרן באַפֿולמעכטיקט צו פֿאַרווירקליכן אין לעבן די שול־רעפֿאָרם, — האָט געדרוקט איין קאַטעכיזיס נאָכן אַנדערן. מיט די דאָזיקע לערנביכער האָט עס די רעגירונג געהאָפֿט צו פֿאַרדרענגען דעם תּלמוד און זײַן שעדליכע ווירקונג. די קאַטעכיזיסן, אויף וועלכע מען האָט געפּטרט אַזוי פֿיל געלט פֿון דעם ייִדישן ליכטשטײַער, האָבן אין די פֿיל טויזנטער געפֿוילט אין די סקלאַדן און געוועקט דעם גערעכטן צאָרן און אומצופֿרידנקייט אין דער ייִדישער מאַסע...

אומזיסט האָט לעווינזאָן אין אַ ספּעציעלן בריוו צו אוואַראָוון אָנגעוויזן, אַז עס וואָלט פֿיל גלײַכער געווען „מער געוויכט אויף דער פּאָזיטיווער אייראָפּעיִשער אויסבילדונג צו לייגן", איידער צופֿירן אַ קאַמף קעגן דעם תּלמוד [2]. אוואַראָוו האָט דאָך שוין פֿון לאַנג מיט חשד געקוקט אויף דעם מאָדנעם „אויפֿקלערער", וואָס פֿאַרטיידיקט אַזאַ „שעדליך" בוך, ווי דעם תּלמוד. אומזיסט האָט אויך לעווינזאָן אָנגעוויזן, אַז ניט „בכפיה ובחזקה", ניט מיט צוואַנג דאַרף מען פֿירן דאָס פֿאָלק אויפֿן נײַעם וועג, נאָר „באהבה ובמתינות רב" [3]. און ער האָט צוגעזען, וואָס פֿון זײַן ליבלינגס־אידעאַל איז געוואָרן. אין 1856 האָט דער באַוווּסטער ווילנער משׂכּיל און ביבליאָגראַף בן־יעקב צוגעשיקט לעווינזאָנען אַ גאַנץ לאַנגן מעמאָראַנדום [4], אין וועלכן ער גיט אַ מאָוימדיק בילד פֿון דער ווילנער ראַבינער־שול מיטן טרויעריקן אויספֿיר: „כּי בית מנוגע הוא ומשחתו בו מראשיתו, ולא זו הדרך ישכון אור החכמה וההשׂכּלה בקרב עם ישׂראל בארצנו" (עס איז אַ פֿאַרעיפּושט הויז, פֿאַרדאָרבן פֿון דעם אָנהייב אָן. נישט אויף דעם וועג קאָן רוען דאָס ליכט פֿון חכמה און השׂכּלה איבערן פֿאָלק ישׂראל אין אונזער לאַנד). און ער בעט לעווינזאָנען, ער זאָל זיך ווענדן צו דער רעגירונג און איר דערציילן דעם גאַנצן אמת, ווי עס האַלט מיט דער אַנשטאַלט, וואָס האָט געזאָלט געבן דעם פֿאָלק געבילדעטע גײַסטיקע פֿירער.

לעווינזאָן איז שוין געווען צו אַלט און פֿיזיש און גײַסטיק געבראָכן אויף ווייטער צו פֿירן דעם קאַמף. דער אַלטער אידעאַליסט איז אָבער

1 דער ערשטער ייִד, וואָס האָט באַקומען העכערע בילדונג אין אַ רוסישער הויכשול.

2 דעם בריוו האָט ש. גינזבורג פֿאַרעפֿנטליכט אין פּערעזשיטאָיע, I, 2טע אָפּטיילונג, 35.

3 מיט ליבע און מיט גרויס געדולד (ספר הזכרונות, 119).

4 פֿאַרעפֿנטליכט אין „הכּרם", 1887, 42—62.

אין אים נאָך אַלץ ניט געשטאָרבן. די אַלע טרויעריקע דערפאַרונגען האָבן אין אים נאָך אַלץ ניט אויסגעלאָשן דעם גלויבן אין דער פּראָגרעסיווער מאַכט פון דעם „אויפגעקלערטן אַבסאָלוטיזם". איר דאַרפט ניט פאַרגעסן, — שרייבט לעווינזאָן זיינע פאַרערער אין 1857, — אַז די יידישע שולן זיינען געגרינדעט געוואָרן בעת עס זיינען אין לאַנד גרויסע שטערונגען געווען (אַ אָנהערעניש אויף ניקאָלאַיס דעספּאָטיש־פּאָליציייִשן רעזשים). אָבער זעט, ווי איצט שטייט בראש פון דער מלוכה דער מאַן, אויף וועלכן עס רוט דער גייסט פון חכמה און וויסן, דאָס איז אונזער מלך אַלכּסנדר דער צווייטער, וואָס גייט פאַרן פאָלק „באבוקת ההשכלה", מיטן ליכט־פאַקעל פון אויפקלערונג [1].

לעווינזאָן האָט אויף זיין קראַנקן־בעט קיין באַגריף נאָך ניט געהאַט וועגן די נייע קרעפטן, וואָס יוירען אין לאַנד. ער האָט ניט געוווּסט און ניט פאַרשטאַנען, אַז עס פאַנגט זיך אָן אַ נייע תקופה...

---

1 ספר הזכרונות, 119.

# פערטער קאפיטל

די „אבות ההשכלה“ אין גאליציע און אין דער ליטע. — נייזצגער אלס השכלה-צענטער. — אברהם יצחק לאנדא און זיין „ספר הקונדס“. — די ווילנער משכילים. — צבי הירש קאצענעלענבויגען און מרדכי אהרן גינצבורג. — פון „צפנת פענח“ צו „גלות ארץ החדשה“. — גינצבורגס „אביעזר“. — יעקב אייכענבוים און זיין שאפן. — אד"ם הכהן לעבענזאן. — לעבענזאן אלס מדקדק און השכלה-קעמפער. — זיין אלעגארישע דראמע „אמת ואמונה“. — לעבענזאן אלס געלעגנהייטס-דיכטער. — די שפראך אלס זעלבסטצוועק. — דער באדייט פון לעבענזאנס „שירי שפת קודש“. — דאס טויט-פראבלעם אין לעבענזאנס שאפן. — זיינע פאעמען „הדעת והמות“, „החמלה“ און „המתאונן“. — קלמן שולמאן אלס גינצבורגס נאכפאלגער. — מיכל לעבענזאן און זיין טראגיש לעבן. — דער באדייט פון זיינע „שירי בת ציון“ און „כנור בת ציון“. — מרדכי האכמאנס ציון-ליד. — אברהם מאפו, דער ראמאנטישער דיכטער פון „אהבת ציון“. — דער באדייט פונם ערשטן העברעישן ראמאן.

דער באוווסטער פובליציסט פון דער שפעטערער השכלה-תקופה, משה ליב ליליענבלום, פירט דורך אין זיין ארטיקל „אבות ההשכלה העברית בליטא ובגליציע“ [1] א פאראלעל צווישן די גרונדלייגער פון דער גאליציאנער השכלה און די השכלה-פירער אין ליטע. די ערשטע, געפינט ליליענבלום, האבן געשטעלט זיך פאר א ציל, יעדער אויף זיין אופן, צו ווירקן אויפן פאלק, געבן אים אן ענטפער אויף די פאדערונגען פון דער נייער צייט. מיזעם און ערטער האבן געשטרעבט צו באפרייען דאס פאלק פון די שעדליכע באגריפן און פארשטעלונגען, וואס עס האט באקומען בירושה פון די פריערדיקע פינסטערע צייטן. דאס אייגענע האט אויך געטאן שלמה יהודה ראפאפארט אלס פובליציסט, און אלס געלערנטער געשאפן ביי אונז די קריטישע געשיכטע-פארשונג. דער טיפער קראכמאל האט אויף זיך גענומען די אחריותפולע אויפגאבע צו ווערן א „מורה נבוכי הזמן“, צו באקענען זיי מיט דעם גאנג פון דער געשיכטע, מיטן גייסט פון אונזער פארגאנגענהייט, בכדי קלערער צו פארשטיין די געגנווארט און בעסער צו באגרייפן די אויפגאבן פונם נאציאנאלן באוווסט-

1 אחיאסף, X, 354—360.

זיין. אויף דעם דרך איז אויך געגאנגען זייער תּלמיד דער ווּאָלינער יצחק בער לעווינזאָן. פון גאנץ אנדערן שניט, וויַזט אָן ליליענבלום, זיינען געוועזן די השכּלה־פירער פון ליטע. זיי האָבן געשאפן א „השכּלה מליצית", א „פלאכע, אויבערפלעכליכע השכּלה (שטחית), וואָס שוועבט איבער רוים און צייט, און דערפאר אויך אויסער דעם לעבן און אויסער דער וויסנשאפט, וואָרום ראשית הדעת — דער אָנפאנג פון וויסן איז — דעת חיינו, וויסן און באגרייפן דאָס לעבן, סיי דאָס לעבן פון היינט, סיי דאָס לעבן פון די פארגאנגענע דורות, אויף ווי וווייט דאָס דאָזיקע לעבן איז נאָך פארבונדן מיט אונזער געגנוואַרט".

א געוויסער אמת שטעקט אין דער דאָזיקער צו שטרענגער כאראַקטעריסטיק. „די ווירקונג פון דער ליטעראטור פון איין לאנד אויף דער ליטעראטור פון א צווייטן, — שרייבט ג. וו. פּלעכאנאָוו, — איז גלייך פּראָפּאָרציאָנעל צו דער ענליכקייט פון די געזעלשאפטליכע פארהעלטענישן פון די דאָזיקע לענדער". דער דאָזיקער אין גרונד מער־וויניק ריכטיקער טעזיס נייטיקט זיך דאָך אין געוויסע קאָרעקטיוון. די ווירקונג פון איין ליטעראטור אויף דער צווייטער שפּירט זיך דעמאָלט אמשטארקסטן, ווען דאָס לאנד פון דער לעצטער געפינט זיך אויף א נ י ד ע ר י ק ע ר ע ר ווירטשאפטליכער שטופע און דארף זיך ערשט דערוועדבן ד י געזעלשאפטליכע פארהעלטענישן, אין וועלכע עס געפינט זיך דאָס ערשטע לאנד, וועמענס ליטעראטור עס דינט אלס מוסטער. די השפּעה, וואָס א ליטעראטור פון א געוויסן לאנד האָט אויף אנדערע ליטעראטורן, נעמט בײַ די לעצטע אָן גאנץ אייגנארטיקע פאָרמען, אין הסכּם מיט דער דאָרטיקער סביבה און די ספּעציפיש דאָרטיקע צושטענדן...

אינם ערשטן קאפּיטל, בעת מיר האָבן באשריבן דעם טראגישן גורל פון דעם ווילנער גאונס יינגסטן תּלמיד, מנשה איליער, האָבן מיר אָנגעוויזן, ווי אזוי אין אָנפאנג 19טן יר״ה האָט זיך אין ליטע אין די יידישע לומדישע קרײַזן געשטארקט די רעאקציאָנערע שטרעמונג. מיר האָבן געזעען, אוים וואָסערע סיבּות די „חכמות חיצוניות" זיינען ווידער דערקלערט געוואָרן פאר לויטער אפּיקורסות. די דאָזיקע רעאקציאָנערע טענדענצן זיינען אָבער ניט געוועזן אינשטאנד אויף לאנג אָפּצוטיילן דעם יידישן קיבוץ אין ליטע פון דער אידעיִשער אויסן־וועלט. די אידעען פון דער „בערלינער השכּלה" האָבן דאָך ביסלעכוויַיז אריינגעדרונגען אין די קרייזן פון דער למדנישער יוגנט, טיילווייז דירעקט, אדאנק די געשעפטליכע פארבינדונגען מיט פּרייסן, און טיילווייז אומדירעקט דורך די קיבוצים, וואָס האָבן זיך געפונען אויף דער גרעניץ פון קורלאנד, ווו די דייטשע קולטור איז געוועזן די הערשנדיקע. באזונדערס טיפּיש איז אין

דער הינזיכט דאָס שטעטל נייזאַגער, וואָס האָט דעמאָלט נאָך געהערט צו ווילנער גובערניע. „כאָטש פּיזיש, — שרייבט לעאָן מאַנדעלשטאַם, אַ געבוירענער אין זאַגער, אין זיין זעלבסטביאָגראַפיע [1] — האָט מיין געבורטס־שטעטל געהערט צו ווילנער גובערניע, נאָר גייסטיק האָט עס זיך אויסגעצייכנט מיט זיין קורלענדער בילדונג, און איך בין דערפאַר געוווינט זיך צו רעכענען פאַר אַ קורלענדער".

„זאַגער, — דערציילט מיט התפעלות א. ש. זאַקס אין זיין באַשרײַבונג פון די ערשטע יוגנט־יאָרן פון דעם ביבליאָגראַף אברהם־זלמן פריידוס [2], — איז געווען די וויגעלע פון דער השכלה... דאָס קליין־שטעטל זאַגער איז געווען אַן עיר של חכמים וסופרים. זי איז געווען דער צענטער פון תורה און חכמה. די גרעסטע פירער און טאָן־געבער אין דעם ייִדישן גייסטיקן לעבן זיינען געווען אָדער אַליין זאַגערער אָדער האָבן געקראָגן זייער השפעה אין זאַגער. ...אַ שטעטל, ניט ווײַט פון פּרײַסיש־דייטשער גרעניץ, איבערהויפּט פון גינשפּערק (קיניגסבערג), און גאַנץ נאָענט צו די קורלענדער און ליפלענדער „מקומות", אַשטייגער, לעפּאַי (ליבוי), לעטאַווע (מיטוי) און ריגע, איז זאַגער געווען דער מיטלפּונקט, דער האַנדלס־צענ־טער, וווּהין מען פלעגט אַרײַנפירן „אויסלענדישע סחורה" און פונוואַנען מען פלעגט עקספּאָרטירן אין די „מקומות", אין די גרעסערע פּאַרקויפס־פּלעצער. די „לייפּציגער טיכער, וואָס זיינען באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ מין סגולה אין די ליטווישע און קורלענדער שטעט און שטעטליך, און יעדע בכבודיקע מחותנתטע האָט אַ „לייפּציגער טוך" געמוזט שענקען אַלס דרשה־געשאַנק צו איר זונס כלה, איר צוקינפטיקער שנור, גלײַך נאָר ווי עס איז אָפּגעשטעלט געוואָרן די חופּה, — אָט די „לייפּציגער טיכער" זײַנען געקומען אין גרויסע פּעק אין זאַגער. דאָ זײַנען זיי אויס־געפּאַקט און פונאַנדערגעשיקט געוואָרן. ניט ווייניק האָט מען געבראַכט פון לייפּציג און פון גינשפּערק „טריפה" סחורות; מען האָט, הייסט עס, אַרײַנגעשמוגלט, אום ניט צו באַצאָלן שטײַערן (פּאָשלינע). די זאַגערער יונגע ווײַבלעך זײַנען געווען גרויסע אשת חיילס, בריות און, ווי עס ווײַזט אויס, ניט קיין מיאוסע; פלעגן זיי גאַנץ אָפט פאָרן אַליין אין פּרײַסן נאָך „וואַרע" (סחורה) און שליסן באַקאַנטשאַפטן מיט די גרעניץ־באַאַמטע, וואָס האָבן געקוקט צווישן די פינגער, פאַרשטייט זיך, מיט דער הילף פון כאַבאַר, אויף די יונגע שיינע קאָנטראַבאַנדיסטקעס... בײַ זיכערע נסיעות פלעגן די פרויען מיטנעמען זייערע מענער, יונגעלײַטלעך, וואָס

---

1 פאַרעפנטליכט אין ערשטן באַנד „פעריעזשיטאָיע".

2 אין דעם פריידוס־דענקבוך, 1929.

פלעגן זיצן ווער אויף ש״ס און פוסקים, ווער אויף השכלה־ספרים און לערנען. די יונגעלייט פלעגן אויך שמוגלען, אָבער ניט קיין סחורות, נאָר די בערלינער השכלה־געדאַנקען פון משה מענדעלסזאָן און זיינע תּלמידים, ווי אויך דייטש־פילאָזאָפישע און סתם ביכער״.

עס איז נאַטירליך שטאַרק איבערטריבן, ווען א. ש. זאַקס פּאַרזי־בערט אויס קליינשטעטלדיקן פּאַטריאָטיזם, אַז אין זיין שטעטל זאַגער „איז זי, די השכלה, געבאָרן געוואָרן און דאָ האָט זי געקראָגן די לעבנס־קראַפט, דורך וועלכע זי האָט אויסגעשפּרייט אירע פליגלען איבער גאַנץ רוסלאַנד״. דאָך איז אויסער ספק, אַז די „חכמי זאַגער״ האָבן געהאַט אַ באַדייטנדיקע השפּעה אויף דער השכלה־באַוועגונג אין ליטע. זיי, די זאַגערער, וואָס האָבן זיך גערעכנט פאַר „קורלענדער״, האָבן ניט ווייניק מיטגעהאָלפן, די „בערלינער השכלה״ זאָל אַריינדרינגען אין „ירושלים דליטא״, אין דער אַלטער לומדישער ווילנע. דאָ, ביי גאַנץ אַנדערע סאָציאַלע צושטענדן, האָט אָבער די בערלינער השכלה אָנגענומען גאַנץ אייגנאַרטיקע פאָרמען. דאָרט, אין פּרייסן, איז די השכלה־באַוועגונג, ווי מיר האָבן וועגן דעם באריכות געשריבן אין דעם זיבעטן באַנד, געווען אַ שפּראָצלינג פון אַ גאַנצן קאָמפּלעקס גייסטיקע און סאָציאַלע פאַקטאָרן; דאָרט, אין דער פּרייסישער רעזידענצשטאָט, האָבן די טרעגער און קעמפער פון דער השכלה־באַוועגונג זיך געפונען אין אַ געוויסן קאָנטאַקט מיט די פּאָרטשריטליכע עלעמענטן פון דער דאָרטיקער פראַנצויזישער קאָלאָניע און פון דער דייטשער אינטע־ליגענץ. דאָ, אָבער, אין דער רעזידענץ פון ליטע, זיינען די השכלה־טרעגער געווען אַרומגערינגלט פון דער קאָמפּאַקטער אָרטאָדאָקסישער מאַסע, אָפּגעטיילט און אָפּגעזונדערט פון דער גייסטיקער אויסנוועלט. אין גאַליציע האָבן זיך ווייניקסטנס די השכלה־טרעגער געפונען אין נאָענ־טער פאַרבינדונג מיט דער אָרטיקער דייטשער באַאַמטן־גרופּע, וואָס האָט אין דעם פּוילישן גאַליציע געזען אין די דייטשע אויפקלערער די איינציקע טרעגער פון זייער אייגענער דייטשער קולטור. גאַנץ אַנדערש איז אָבער געווען אין ליטע. ביי אַלע טרעגער פון השכלה אין ליטע איז מענדעלסזאָנס דייטשע תורה־איבערזעצונג געווען די איינציקע בריק, וואָס האָט זיי געפירט צו אייראָפּעיִשער, ד״ה צו דער דייטשער קולטור [1]. „ניט קיין רוסן, נאָר דייטשן זיינען זיי געווען״, וויזט אָן דער אַלטער גאָטלאָבער [2]. אָבער אויך די פרעמדע דייטשע קולטור, מיט וועלכער די

1 ס׳איז כדאי אָנצומערקן, אַז נאָך אין סוף 40־ער יאָרן האָבן די ווילנער משכּילים, מיט אָדם הכהן לעבענזאָן און בן־יעקב בראש, אויפסניי געגומען איבערדרוקן די ביבל אין דייטשער איבערזעצונג מיט אַ נייעם ביאור (17 בענד, 1848—1853).

2 הבוקר אור, 1879, VII.

ליטווישע משׂכּילים האָבן זיך באַקאַנט, איז ניט געווען קיין לעבעדיקע געוויקס, ווי דאָס איז געווען בײַ די באַשעפער פון דער בערלינער השׂכּלה, נאָר אַ קאָנסערווירטע, אַן אַרכיוו־פּראָדוקט פון דעם פאַרגאַנגענעם 18טן יר"ה. און אָט די פרעמדע קולטור האָט זעלבסטפאַרשטענדליך ניט געקאָנט דינען אַלס פאַרבינדונגס־רינג מיט דער אויסערער וועלט; נאָך אויף דער שוועל פון דער נײַער תקופה, אין 1856, קלאָגט זיך בן־יעקב אין זײַן אויבן דערמאָנטן מעמאָראַנדום, וואָס ער האָט געשיקט לעווינזאָנען: „מיר זײַנען דאָך, ווי שטומע", און קאָנען זיך אפילו מיט די רוסישע באַאַמטע ניט צונויפריידן [1].

אָט די אָפּגעזונדערטקייט האָט נאַטירליך נאָך מער געשטאַרקט דאָס געפיל פון מוט־און מאַכטלאָזיקייט בײַ די קליינע ווילנער משׂכּילים־קרײַזן, נאָך מער פאַרגרעסערט אין זיי די מורא פאַר דער קאָמפּאַקטער אָרטאָדאָקסישער סביבה, פאַר דעם צאָרן פון די רבנים און דעם „קהל־שטיבל". ס'איז כּדאי פון קולטור־היסטאָרישן שטאַנדפּונקט אָנצווײַזן אויף פאָלגנדיקן כאַראַקטעריסטישן שטריך: דאָרט, אין גאַליציע, האָבן די משׂכּילים אין זייער קאַמף קעגן חסידות געשאַפן אַזוינע מײַסטער־ווערק, ווי „מגלה טמירין" און „גלגול נפש", און דער שטורמישער יהודה מיזעס איז מיט זײַן אַנטי־רבּנישן „קנאת האמת" אַרויסגעטראָטן. צו דער זעלביקער צייט האָט אין ווילנער ליטעראַרישער וועלט אָט וואָס פּאַסירט: דער רב פון פּאָדקאָמען (לעבן בראָד) ר' חיים לאַנדאַ האָט חתונה געמאַכט זײַן טאָכטער קיין ווילנע פאַר אַ גביר און אַ גרויסן למדן ר' לֵיבֶּלי ר' בערס. בײַ זיי איז אויסגעוואַקסן אַ טאָכטער און ר' ליבלי האָט גענומען פאַר אַ איידעם זײַן פרוים אַ יִינגערן ברודער, אברהם יצחק לאַנדאַ. דער דאָזיקער בן הרב איז געווען אַ גוטער לערנער, נאָר שוין אָנגעשמעקט מיט די אידעען פון דער גאַליציאַנער השׂכּלה און דערצו נאָך אַ וויצלינג און ווערטלזאָגער. דעם יונגן איידעם האָבן, ווי עס שײַנט, דערעסן די טויט־ערנסטע, פאַרפרומטע יראֵי־שָׁמַיִם־פּנימער פון דעם ווילנער שול־הויף. עס האָט זיך אים פאַרוואָלט זיי אַ ציפּ טאָן בײַ די בערד, דער־מאָנען זיי, וואָס פאַר אַ וווּנדער־שיינע זאַך עס עקזיסטירט אויף דער וועלט — דאָס געזונטע פרייליכע געלעכטער... דעם איידעמס קונדסישע שטיק זײַנען שטאַרק ניט אָנגעשטאַנען דעם פרומען מתנגדיש־טרוקענעם למדן ר' ליבלי. ער האָט ניט געקוקט דערויף, וואָס דאָס יונגע פּאָר פאָלק האָט געלעבט גוט צווישן זיך; ער האָט מיט גוואַלד געצוווּנגען

---

1 הכּרם, 1887.

לאנדען, ער זאָל גטן זײַן טאָכטער, און זי באַלד דערנאָך חתונה געמאַכט פאַר דעם שטאָק־פרומען למדן חיים־נחמן פרנס [1]. אברהם־יצחק לאַנדאָ איז געווען שטאַרק אויפגעבראַכט אויף זײַן געוועזענעם שווער, וואָס האָט אים צעשיידט מיט זײַן געליבטער פרוי, — האָט ער געוועלט אויסגיסן זײַן צאָרן און זײַן ביטול־געפיל צו די טרוקענע פאַרמרה־שחורהטע לומדים מיט זייער „שטאַט", מיט זייער גדלות און תקיפות, און ער האָט זײַן מיט וויץ און לעבנסלוסט שפּרודלענדיקן „ספר הקונדס" [2] פאַרפאַסט. לאַנדאָ איז בלי ספק געווען אַ ליטעראַריש באַגאַבטער מאַן. זײַן ווערק איז געשריבן אין דעם פּאַראָדיע־סטיל פון קלונימוס בר קלונימוסעס „מסכת פורים" [3]. דער „ספר הקונדס" איז אָבער געשריבן ניט אינם תלמודישן נוסח, נאָר אין דעם פּוסקים־סטיל פונם „שלחן ערוך". דאָס ווערק איז אײַנגעטיילט אין סימנים, און יעדער סימן אין סעיפים, וואָס דערקלערן און באַשטימען, ווי אַזוי עס דאַרף זיך נוהג זײַן אַן אמתער קונדס. דאָס דאָזיקע אין קונציק־פּאַראָדישן סטיל געשריבענע ווערק וואַקסט טריט בײַ טריט אויס אין אַ קאָלאָריטפולע סאַטירע איבער דעם קליינליכן, קאַמיש־אַלטפרענקישן לעבנס־שטייגער, ווו מענטשן האָבן פון יוגנט און פון יוגנט־פרייד ניט געטאָרט וויסן; זעקס־יאָריקע קינדער האָבן באַדאַרפט רק ערנסט טראַכטן וועגן גאָט דינען און מצוות מקיים זײַן, און אַ באַגאַבטער מענטש מיט געזונטע חושים און מיט פרייד אין די בלוטן האָט געמוזט ווערן דער „ווײַסער חברהניק", דער קונדס, אויף וועלכן די „פּני", די פאַרפרומטע ר׳ לייבעלעך ר׳ בערס, קוקן, ווי אויף אַן „אויסוואָרף", וואָס פאַרשוועכט מיט זײַנע „אויסגעלאַסענע" געגנג די אָנשטענדיקע משפּחה...

אין 1824 האָט לאַנדאָ באַקומען די צענזור־דערלויבעניש און טאַקע באַלד זײַן „קונדס" אין ווילנע אָפּגעדרוקט. די קהל־פירער מיט דער גאַנצער באַנדע שטאָט־בעלי־בתים זײַנען אָבער באַלד געוואָר־געוואָרן וועגן דעם „אויסגעלאַסענעם" היכל, זיי האָבן עס גלײַך קאָנפיסקירט, נאָך איידער עס איז פון דרוקערײַ אַרויס, און די גאַנצע אויסגאַבע פאַרברענט. און דאָס איז אויף אַזאַ גרינדליכן אופן געטאָן געוואָרן, אַז בלויז בײַם אַלטן ווילנער תושב הלל מגיד־שטיינשניידער האָט זיך געפונען אַן אָפּשריפט פונם קאָנפיסקירטן „קונדס", און זײַן זון, פּראָפ. דוד מגיד,

---

1 וועגן חיים־נחמן פרנס זע: מגיד־שטיינשניידערס „עיר ווילנא", 187. פרנס איז געווען דער האָרט־פירער פון די ווילנער אָרטאָדאָקסן, וואָס זײַנען אַרויסגעטראָטן קעגן ליליענטאַלן און קעגן דער שול־רעפאָרם.

2 דער פולער טיטל: ספר הקונדס, בו יסופר מעשה הקונדס ותחבולותיו ופעולותיו וכל עשיותיו מראשית השנה עד אחרית השנה.

3 זע אונזער ווערק, II, 299.

האָט זי פאַרעפנטליכט מיט אַ רוסישער איבערזעצונג און מיט אייניקע ביאָגראַפישע פּרטים וועגן דעם מחבר אין „יעווריעסקאַיאַ סטאַרינאַ״ (1913, 493—521) 1. ערשט גאָר אין דער לעצטער צײַט איז דעם פאַרשער פּ. קאָן געלונגען צו געפינען איין איינציקן געדרוקטן עקזעמפּלאַר פון „ספר הקונדס״ אין דער ווילנער אוניווערזיטעט-ביבליאָטעק 2.

עס דאַרף דערפאַר ניט חידושן, וואָס דער קאַמפּפלוסט, דער לעבנסנערוו פון דער בערלינער און גאַליציאַנער השכלה, איז כמעט ווי אָפּגעשטאָרבן בײַ די ליטווישע השכלה-טרעגער. מיר האָבן שוין אויבן (ז׳ 58) אָנגעוויזן, ווי אַזוי די ווילנער משכּילים, אויפגעמונטערט דורך לעווינזאָנס „תעודה בישראל״, האָבן באַשלאָסן זיך צו אָרגאַניזירן אַרום אַן אייגענער צײַטשריפט; עס האָט אָבער געדויערט גאַנצע צוועלף יאָר ביז זיי האָבן ענדליך זיך אָנגענומען מיט מוט און אין 1841 אַרויסגעטראָטן פאַר דער עפנטליכקייט מיט דעם אַנעמישן, בלוט-און טעמפּעראַמענטלאָזן „פּרחי צפון״. קיין איין צײַט-פראַגע ווערט דאָרט ניט באַרירט, טאַקע ווי ליליענבלום שרײַבט: „אויסער צײַט און אָרט״. אמת, אין צווייטן (וואָס איז אויך געווען דער לעצטער) באַנד „פּרחי צפון״, וואָס איז דערשינען אין 1844, ווען די רעגירונג האָט געשטעלט אויף דער טאָג-אָרדענונג די שול-רעפאָרם, איז דערשינען אַ. קויפמאַנס אַ גרויסער אַרטיקל וועגן דער דערציִונגס-פראַגע. כאַראַקטעריסטיש איז אָבער פאָלגנדיקער פּרט: דער יונגער פּראָפעסאָר שטעלט זיך אויך אָפּ אויף פרויען-דערציִונג. פּראָיעקטירט ער אָט וואָס: גרינדן אין פאַרשיידענע שטעט ספּעציעלע לערנאַנשטאַלטן מיט אַ זעקס-יעריקער פּראָגראַם פאַר מיידלעך, וואָס דאַרפן דאָרט באַקומען אַ שטרענגע מאָראַלישע דערציִונג. לערער און דערציער דאַרפן זײַן אויסשליסליך פרויען. אין גאַנצן משך פון די לערן-און דערציִונגס-יאָרן דאַרף די מיידלעך זײַן שטרענג פאַרבאָטן זיך צו זען מיט מאַנסבילן, בפרט

1 ווי עס שײַנט, האָט דערנאָך דער פּראָפעסאָר גופא פאַרשפּרייט זײַן ווערק אין אָפּשריפטן אין זײַן געבורטס-שטאָט און אין קרעמעניצער געגנט, וואָרום יצחק בער לעווינזאָנען איז דער „קונדס״ געווען באַקאַנט, און אין זײַן דאָפּל-פּאַמפלעט „אותו ואת בנו״ און „תולדות מנחם הכזבי״ טוט זײַן „העלד״, אין וועלכן ס׳איז געווען אַ ניצוץ פון כלעסטאַקאָוון, זיך באַרימען, אַז ער איז דער פּראָפעסאָר פון דעם „ספר הקונדס״. אברהם-יצחק לאַנדאָ האָט זיך דערנאָך צוריק אומגעקערט קיין גאַליציע און זיך באַזעצט אין בראָד. אין 1841, ווען אַ גרופּע בראָדער משכּילים האָבן באַשלאָסן אָראָפּצוּוואַרפן פון זיך דאָס טראַדיציאָנעלע שטרײַמל, און אָנטאָן שבת אַ קאַפּעלוש אויפן קאָפּ, האָט זיי אין דעם מיטגעהאָלפן דער בעל „ספר הקונדס״ (זע גאָטלאָבער, המליץ, 1869, נומ׳ 19, ז׳ 224.

2 זע קרית-ספר, VIII, 129—133.

צו ריידן מיט זיי (געשפּריזט פון אונז י. צ.). אפילו די עלטערן דאַרף זײַן פאַרבאָטן איבערצוטרעטן די שוועל פון דער אַנשטאַלט אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש פון די אויפזעערינס".

ס'איז אויך אינטערעסאַנט, וואָס דער רעדאַקטאָר פון „פּרחי צפון", ש. י. פין, בעת ער שטעלט אַרויס אין זײַן אויבן ציטירטן בריוו (ז' 116) צו ב. שטערנען זײַן רעפאָרם־פּראָגראַם, פּאַראַפראַזירט ער פּאַקטיש די פּונקטן פון לעווינזאָנס פּראָגראַם, וואָס באַהאַנדלען די דערציִונגס־פּראָבלעם און דעם רבנים־און מגידים־אינסטיטוט; ער באַרירט אָבער ניט מיט קיין וואָרט די פּונקטן, וואָס באַרירן בײַ לעווינזאָנען די פראַגע וועגן באַשעפטיקן די ייִדישע מאַסע מיט פּראָדוקטיווער אַרבעט.

דאָס אייגענע חזרט זיך אויך איבער בײַ דעם צווייטן פאָרשטייער פון די ווילנער משכּילים — בײַ מרדכי אהרן גינצבורג אין זײַן „מגיד אמת". מיר האָבן שוין אויבן ציטירט די שטעלע פון „מגיד ישועה", ווו ליליענטאַל שטרײַכט אונטער, אַז ווי נאָר די ייִדישע באַפעלקערונג וועט פרײַנדליך אויפנעמען די פון דער רעגירונג געפּלאַנטע שול־רע־פאָרם, דאַרף מען האָבן אויף באַלדיקע דעקרעטן וועגן פאַרבעסערן די מאַטעריעלע ייִדישע לאַגע (לפתוח פתחי פּרנסה חדשים). דאָס ברענגט גינצבורגן אַרײַן אין גרויס גרימצאָרן. „ליליענטאַל, — טענהט ער, — פּרוּווט אונז אײַנריידן צו ערפילן דעם ווילן פון דער רעגירונג פּונקט אויף אַזאַ אופן, ווי דאָס טוט דער פאָטער מיטן קליינעם ייִנגעלע: „גיי, מײַן קינד, אין חדר אַרײַן, וועל איך דיר געבן ניס און צוקערקעס". ער זאָגט אונז צו, אַז דער קיסר וועט אונז באַשענקען מיט נײַע פּרנסה־קוואַלן. צי זײַנען דען בײַ אונז ניט פאַראַנען פאַרשטענדיקע מענטשן (אנשי לבב) אין די טויזנטער און די צענער טויזנטער, וואָס שטרעבן נאָך וויסן ניט צוליב דעם נוצן, וואָס דאָס קאָן ברענגען, נאָר ווײַל דאָס וויסן גופא איז בײַ זיי טײַער? בײַ אים איז די גאַנצע ייִדישע עֵדָה פאַררעכנט פאַר לויטער קינדער (היה היו לו כָּל עדת ישראל כילדים) [1].

די ליטווישע משכּילים, אָט די קעמפער, אָדער ריכטיקער — טרוימער וועגן נײַע לעבנספאָרמען, זײַנען נאָך פּאַקטיש אַליין געווען אין אַ געניגנדיקער מאָס דורכגעדרונגען מיטן גײַסט פונם טרוקענעם ראַבּיניזם און איבערגעשפּיצטער קאַזואיסטיק. אויך פאַר זיי זײַנען גע־בליבן פרעמד און ניט פאַרשטענדליך די רעאַלע אינטערעסן און באַדער־פעניש פונם פאָלק. בעת לעווינזאָן האָט געהאַלטן פאַר נייטיק אונטער־צושטרײַכן, אַז העברעיִש הייסט לשון קודש ניט דערפאַר, וואָס די

1 מגיד אמת, 13.

שפּראַך גופא אין הייליק, — געהייליקט איז זי ערשט געוואָרן דורך דעם אינהאַלט, דורך די אומשטערבליכע ווערק, וואָס זײַנען אין איר געשאַפן געוואָרן [1], — איז בײַ די משכּילים אין ליטע די ביבל־שפּראַך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין קולט. די שפּראַך פאַר זיך אַליין, אָפּגעטיילט פון וועלכן עס אוז אינהאַלט, איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן אַלס העכסטער אידעאַל; איר, דער „שפה היפה, השרידה היחידה", האָט מען די באַגײַסטערטע לויבלידער געזונגען און גאַנץ אָפט איז זי בײַ זיי פאַרוואַנדלט געוואָרן אינם תּוך און אינהאַלט פון דער גאַנצער השכּלה. אויף זיך האָבן זיי געקוקט, ווי אויף כּהנים, וואָס זייער אויפגאַבע איז צו דינען דעם דאָזיקן „הייליקטום".

איינער פון די אָנערקענטע פאָנען־טרעגער פון דער השכּלה אין ליטע איז געווען צבי הירש קאַצענעלענבויגען (געבאָרן אין 1797, געשטאָרבן 1868). מיט אים האָט ליליענטאַל געהאַלטן פאַר נייטיק צו קאָרעספּאָנדירן וועגן דער שול־רעפאָרם; ער איז אין משך פון פיל יאָרן געווען אינספּעקטאָר פון דער ווילנער ראַבינער־שול [2]. ווי אָרעם זעט אָבער אויס זײַן ליטעראַרישע ירושה. ער האָט געשריבן שירים מכּל המינים: לויבלידער, עלעגיעס און סתּם לידער. איר קאָנט אין זיי געפינען פּקחות, מליצה, אַלץ אין דער וועלט, עס פעלט בלויז איין קלייניקייט — פּאָעזיע. ער האָט אויך געשריבן הערות, פּירושים און דערקלערונגען צו פאַרשיידענע שטעלן אין דער ביבל [3] און דערמיט פאַרענדיקט זיך זײַן ליטעראַרישע טעטיקייט.

באַדײַטנדיק פּראָדוקטיווער פון קאַצענעלענבאָגענען איז געווען דער שוין אויבן אָפט ציטירטער מרדכי אהרן גינצבורג. גינצבורג איז געבוירן סוף 1795 אין סאַלאַנט, וואָס געפינט זיך גאַנץ נאָענט פון נײַ־זאַגער. זײַן פאָטער, יהודה אשר, איז שוין געווען אַביסל אָנגעשמעקט מיט השכּלה, עס זײַנען אַפילו פון אים געבליבן אין כּתב־יד אַרטיקלען וועגן דקדוק און מאַטעמאַטיק, און זײַן טויט (1823) האָבן באַקלאָגט אין ספּעציעלע עלעגיעס די ווילנער משכּילים מרדכי נאַטאַנזאָן און ניסן ראָזענטאַל [4]. אַדאַנק זײַן פאָטער האָט דער יונגער מרדכי אהרן שוין אין די קינדער־יאָרן פיל זיך אָפּגעגעבן מיט דער ביבל און דער העברעיִשער שפּראַך. די היסטאָרישע ווערק „צמח דוד", „שארית ישראל" און אַנדערע,

---

1 זע אויבן ז' 48.

2 וועגן זײַן טעטיקייט אַלס אינספּעקטאָר, זע בן־יעקבס אויבנדערמאָנטן מעמאָראַנדום צו לעווינזאָנען אין „הפּרם" (1887).

3 נחל עדנים אין 1821 און נתיבות עולם אין 1822 (איבערגעדרוקט אין 1858).

4 די דאָזיקע לידער זײַנען פאַרעפנטליכט אין גינצבורגס „גלות ארץ חדשה".

וואָס גינצבורג האָט באַקומען צו לייענען נאָך גאָר אין די יונגע יאָרן, האָבן אין אים דערוועקט דעם אינטערעס צו געשיכטע; ער האָט אויך גרינדליך שטודירט די דײַטשע שפּראַך, נאָר זײַן איינציקע ליבע איז געבליבן אויף זײַן גאַנץ לעבן די ביבל־שפּראַך.

אין דער פאָררעדע צו זײַן ערשטן ווערק „גלות ארץ החדשה" (ווילנא 1823) ווײַזט גינצבורג אָן, אַז ער באַצוועקט מיט דעם דאָזיקן ווערק אַ דאָפּלטן ציל: „באַקענען אי מיט געשיכטליכע געשעענישן, אי מיט דער שיינקייט פון דער העברעיִשער שפּראַך, דאָס איינציקע שיינדל, וואָס איז אונז געבליבן פון דער אַמאָליקער פּראַכט". נאָר דווקא דאָס דאָזיקע ערשטלינג־ווערק באַווײַזט אַמבולטסטן, אַז דער עיקר איז טאַקע בײַ גינצבורגן געווען דער צווייטער ציל — באַווײַזן די שיינקייט פון דער העברעיִשער שפּראַך. אויפן שער־בלאַט פון „גלות ארץ החדשה" ווערט אָנגעוויזן, אַז דאָס איז באַאַרבעט לויט קאַמפּעס „ענטדעקונג פאָן אַמעריקאַ". דאָס איז אָבער ניט ריכטיק: ניט קאַמפּע איז זײַן וועגפירער, נאָר דער אַלטער חייקיל הורוויץ פון אומאַן. גינצבורגס „גלות ארץ החדשה" איז פּאַקטיש אַ העברעיִשע באַאַרבעטונג פון דעם אונז שוין גוט באַקאַנטן „צפנת פענח" [1]. אַפילו הורוויצעס שלוסוואָרט, ווו ער ווײַזט אָן אויף דעם נוצן, וואָס מיר, אייראָפּעער, געניסן פון אַמעריקע, געפינען מיר ווידער בײַ גינצבורגן, ווען אַפילו אין אַביסל געקירצטער פאָרם. גינצבורגן פאַרדריסט נאָר, און ער ווײַזט דאָס טאַקע אָן אין דער פאָררעדע, פאַר וואָס „מיר באַקענען זיך מיט אַזוינע אינטערעסאַנטע געשעענישן אין די שמוציקע קליידער (בהבגדים הצואים), אין וועלכע עס האָט זיי אָנגעקליידט דער וואָלינער דרוקער (ד״ה, די ייִדישע אויסגאַבע „צפנת פענח"), בעת מיר באַזיצן די פּראַכט־קליידונג, וואָס איז אונז פון אונזערע אבות בירושה געבליבן".

די דאָזיקע „פּראַכט־קליידונג", ד״ה, די העברעיִשע אויסגאַבע פון קאַמפּעס ווערק, איז אָבער געווען פאַרבונדן מיט זייער גרויסע הוצאות, וואָס האָבן דעם מחבר ממש בדלות געשטעלט. בכדי צו דעקן די חובות, האָט דערפאַר גינצבורג באַשלאָסן גלײַך אַרויסצוגעבן דאָס זעלביקע ווערק אויך אין ייִדיש [2]. ער וויל אָבער דאָך ניט אָנקליידן אַזוינע אינטערעסאַנטע באַשרײַבונגען אין „שמוציקע בגדים", ווי דאָס האָט געטאָן חייקיל הורוויץ. דאָס ווײַזט ער טאַקע גלייך אָן אין דער פאָררעדע: דיזע

1 זע אונזער ווערק, באַנד VII, צווייטער בוך, 267 — 275.

2 דערויף ווײַזט טאַקע אָן אין זײַן הסכמה אין „גלות ארץ החדשה" דער רב ר׳ אברהם אבלי: ולמען היות שכר לפעולתו העתיקו גם ללשון אשכנזי הנהוג בבני עמנו, למען יתענגו בו גם ההדיוטים והנשים.

איבערזעצונג דער ענטדעקונג פאן (אמעריקא) האב איך פאן מיינע העברעיִשע איבערזעצונג אויף איינען ריינען גרינגען אידיש־טייטש איבערגישריבען, אהן דעם מישמאש פאן לשון קודשע, פוילישע, רוסישע, טערקישע ווערטער, וואס מאן זאנסט אין דער אידישן שפראך צוזאמען מישט. איך האף דאס דיא וואס קענען קיין גיברויך מאכין פאן דיא שיינע עברעיִשע איבערזעצונג ווירדען געוויס דיזעס בוך קויפין, און ווירדין דארין מעהר באלעהרונג, נוטצען און פארגניגן געפינדין אלז אין דיא אבגעשמעקטע ליגינהאפטע היסטאריעס פאן טויזענד און איין נאכט".

און גינצבורג האט טאקע געהאלטן ווארט און געשריבן זיין איבערזעצונג ניט אין דער זאפטיקער פאלקס־שפראך, אין וועלכער דער „צפנת פענח" איז געשריבן, נאר אין א קורלענדער דייטשמעריש" [1].

אין די פארעדעס פון כמעט אלע זיינע געשיכטליכע ווערק [2], ווי אויך אין די אריינפירן צו זיין בריוושטעלער „קרית ספר" (ווילנע, 1835) און זאמלונג „דביר" (ווילנע, 1844) האלט גינצבורג פאר נייטיק אונטערצושטרייכן, אז „זמני לא אקמץ לטובת השפה העבריה," — ער וועט קיין צייט און מי ניט קארגן פאר דער העברעיִשער שפראך. און ווייל דער עיקר איז געווען די שפראך, ניט דער אינהאלט, איז ער דערפאר כלל ניט געווען קיין איבערקלייבער בעתן זוכן מאטעריאל פאר זיינע פילצאליקע איבערזעצונגען. עס איז דאך ניט אזוי וויכטיק, צי מען איבערזעצט א קונסט־ווערק, צי א בלאסע דערציילונג פון דעם פילשרייבער טשאקע („ליל שמורים"),—דער עיקר איז דאך די שפראך, „היחידה השרידה". גינצבורג האט אבער זיין געליבטער באצאלט פיל מער, ווי ער גופא האט גערעכנט. ניט בלויז מיט „מי און צייט", נאר אויך מיט א באדייטנדיקן טייל פון זיין ליטעראַרישן טאלענט. שוין איז 1828 ווייזט ער אן אין זיינעם א בריוו [3], אז ער שרייבט זיין זעלבסטביאגראפיע („אביעזר") און עטליכע דרוק־בויגן זיינען שוין ביי אים פארטיק. און דאך אין משך פון די ווייטערדיקע 18 יאר, וואס ס'איז אים נאך באשערט געווען צו לעבן, האט ער ניט באוויזן צו פארענדיקן זיין איינציק ווערק, מיט וועלכן ער,

---

1 א גרעסערן אויסצוג פון גינצבורגס „דיא ענטדעקונג פאן אמעריקא" (ווילנא, 1824), וואס איז איצט א יקר המציאות, גיט זלמן רייזען אין זיין „פון מענדעלסאן ביז מענדעלע", 225—232.

2 פאפולערע קאמפילאציעס אדער איבערזעצונגען. די באדייטנדערע פון זיי: 1) תולדות בני אדם (1835, א איבערזעצ־נג פון פעליטצעס אלגעמיינע געשיכטע) 2) מלאכות פילון היהודי (איבערזעצט פון דער דייטשער איבערזעצונג), 3) עתותי רוסיא (א קורצע באשרייבונג פון רוסלאנדס געשיכטע, 1839), 4) הצרפתים ברוסיא (דער פראנצויזישער קריג פון 1812) 5) ימי הדור (אייראפעס נייערע געשיכטע).

3 דביר, II, 72.

ביי זיין שאַרפֿן באָבאַכטונגס־אויג און שילדערונגס־קראַפֿט, וואָלט זיך געקאָנט שאַפֿן אַ דויערנדיקן מאָנומענט אין דער ניי־העברעישער ליטע־ראַטור. זיין „אביעזר" איז געבליבן אַ שְבֵרי כֵּלִי, אַ פֿראַגמענט, און דאָך איז עס דאָס איינציקע ווערק פֿון אַלע גינצבורגס פּילצאָליקע געשריפֿטן, וואָס דערוועקט אַן אינטערעס ביי דעם קולטור־היסטאָריקער. עס מוז אָבער דערביי אָנערקענט ווערן, אַז דער אין זיין צייט אַזוי באַרימטער שריפֿטשטעלער האָט טאַקע גרויסע פֿאַרדינסטן פֿאַר דער העברעישער ליטעראַטור אַלס רעפֿאָרמאַטאָר פֿון דעם העברעישן סטיל, און איינער פֿון די באַדייטנדיקסטע באַשעפֿער פֿון דער מאָדערנער ניי־העברעישער פּראָזע. גינצבורג איז געווען אַן אַנטשיידענער קעגנער פֿון דעם אויפֿגעבלאָזענעם מליצה־סטיל, וואָס איז איבערפֿולט מיט פּסוקים און שברי פּסוקים; ווי מענדל לעפֿין, אַזוי באַנוצט זיך אויך גינצבורג מיט דעם וואָרט־אוצר, וואָס איז אָנגעזאַמלט אין דער משנה און מדרשים; ער שרייבט אין אַ לייכטן, פֿליסיקן, ווען אַפֿילו ניט באַזונדערס בילדער־און פֿאַרבן־רייכן סטיל.

דער ארי־שבחבורה, דער באַדייטנדיקסטער אין דעם ווילנער משכּילים־קרייז פֿון יענער צייט איז געווען אַברהם דוב בער מיכאַליש־קער, מער באַקאַנט אונטער דעם נאָמען אד״ם הכּהן לעבענזאָן, — דער ערשטער באַדייטנדיקער דיכטער, וואָס דאָס רוסישע יידנטום האָט געגעבן דער ניי־העברעישער ליטעראַטור. אמת, אין איין צייט מיט לעבענזאָנען האָט געלעבט אַן אַנדער דיכטער, וואָס איז נאָך פֿאַר אים אַרויסגעטראָטן מיט אַ לידער־זאַמלונג. יענער איז אָבער געווען בלויז אַן אָנזאָג פֿון אַ שעפֿערישן דיכטער, אַן אָנזאָג, וואָס איז ניט פֿאַרווירקליכט געוואָרן. יעקב אייכענבוים האָט דער דאָזיקער דיכטער געהייסן. געבאָרן אין 1796 אין אַ קליין גאַליציאַנער שטעטעלע (קריסטיאַנפּאָל), האָט ער שוין קינדווייז אַרויסגעוויזן פֿענאָמענאַלע פֿעיִקייטן. צו צוויי יאָר האָט ער שוין פֿריי געלייענט תּפֿילות פֿונם סידור, צו פֿיר יאָר האָט ער שוין געקענט גאַנץ חומש. די אומגעלומפּערטע דערציִונג האָט אָבער ניט דערלויבט, די דאָזיקע אויסערגעוויינליכע פֿעיִקייטן זאָלן זיך קאָנען נאָר־מאַל אַנטוויקלען. צו אַכט יאָר איז דער קליינער עילוי צו מזל אַ חתן געוואָרן, און זיין פֿאָטער האָט אים איבערגעגעבן אויף דערציִונג דעם צוקינפֿטיקן שווער, אַן אַרענדאַר אין אַ דאָרף, ניט ווייט פֿונם וואָלינער שטעטל אָרכאָוו. נאָך דער חתונה האָט דאָס יונגע בעל־הביתל עפּעס ביי אַ דורכגערייזטן מקובל זיך באַקענט מיט די ערשטע יסודות פֿון מאַטע־מאַטיק. אין דעם יונגן אייכענבוים האָט זיך דערוועקט דער דורשט נאָך וועלטליכן וויסן, און דאָס האָט געבראַכט צו אַ קאָנפֿליקט מיט זיין



יעקב אייכענבוים

געמאָלט פון עטינגערן ע״פ זכּרון

פרומ משפחה, פארפרומטע און עם-הארצישע דארפס-יידן. נאך לאנגע סכסוכים איז אייכענבוים זיך צעגאנגען מיט זיין פרוי, און עס פאנגען זיך פאר אים אן די נע-ונד יארן. אין 1815 געפינט ער זיך שוין אין זאמאשטש, ווו ער האט דאס צווייטע מאל חתונה. דארט באקענט זיך אייכענבוים דורך די ארטיקע משכילים מיט דער „בערלינער השכלה"; ער לערנט פלייסיק די דייטשע שפראך, נאר מיט באזונדערער ליבע גיט ער זיך אפ מיט מאטעמאטיק. שוין אין 1819 איז ביי אים פארטיק א העברעישע איבערזעצונג פון אויקלידעסעס „עלעמענטן". אויס געלט-מאנגל [1] בלייבט אבער די איבערזעצונג אין מאנוסקריפט. אן אמתע סענסאציע האט ארויסגערופן דער וויכוח, וואס אייכענבוים האט געהאט מיט דעם פראנצויזישן געלערנטן מאטעמאטיקער פראנקער, מכוח א טעות, וואס אייכענבוים האט אויפגעוויזן אין איינעם פון יענעמס חשבונות. דער וויכוח האט זיך פארענדיקט מיט דעם נצחון פון דעם יידישן אווטאדידאקט. אייכענבוים האט אויך איבערזעצט פראנקערס לערנבוך פאר מאטעמאטיק אויף העברעיש, נאר אויך די איבערזעצונג איז געבליבן אין מאנוסקריפט [2].

דער דאזיקער גרינדליכער תלמודיסט און אויסגעצייכנטער מאטע-מאטיקער איז אבער אויך געווען באשאנקען מיט א ניצוץ פון אן אמתן דיכטער. אין 1833, בעת ער האט געלעבט אין מאהילעוו, האט ער געשיקט זיין פריינד בנימין הירש וואלפזאן אלס געשאנק א זייער געלונ-גענע פאעמע „ארבע עתות השנה" [3], אין וועלכער שיינע נאטור-שיל-דערונגען ווערן הארמאניש צונויפגעפלאכטן מיט דער ליבע-געשיכטע

---

1 מיר האבן שוין אויבן (ז' 112) ציטירט אייכענבוימס בריוו צו לעווינזאנען, ווו ער באקלאגט זיך אויף זיין שווערער מאטעריעלער לאגע און ווי שווער עס קומט אים אן מפרנס צו זיין די פרוי מיט די זיבן קינדער. אין 1844 האט זיך זיין לאגע געבעסערט, נאך דעם ווי ער האט באקומען א לערער-שטעלע אין דער ניי-געגרינדעטער שול אין קישינעוו. פון 1850 ביז זיין טויט (1861) איז אייכענבוים געווען אינספעקטאר אין דער זשיטאמירער ראבינער-שול.

2 אין 1857 האט אייכענבוים פארעפנטליכט א לערנבוך (לויט דעם מוסטער פון א פראנצויזישן ווערק) פאר מאטעמאטיק „חכמת השעורים". דער מאנוסקריפט פון אייכענבוימס א צווייטן לערנבוך „תכונת המספרים" געפינט זיך אין אונזער רשית.

3 די פאעמע האט אייכענבוים צוגעשיקט זיין פריינד מיט אזא צושריפט:

קח נא, אָחִי, שירי זה שמרהו
אות אהבה הוא ביני ובינך.
עת כי נִסְתַּר איש מרעהו
הוא יזכירך אז את שם אוהבך אייכענבוים

(די צושריפט ברענגען מיר פון א מאנוסקריפט).

פון צוויי יונגע הערצער, און די ווינטער־אקאָרדן גיסן זיך צוזאמען מיט די עלעגישע טענער פון דער טראגיש־פארענדיקטער ליבע. אייכענבוימס שילער־איבערזעצונגען באווייזן, אז ער וואָלט אויך געקאָנט פיל לייסטן אלס עפישער דיכטער; אים, דעם תלמודיסט און מאטעמאטיקער, איז אָבער געפעלן בלויז דאָס חריפישע, דאָס שארף־שכלדיקע; אין פאָעזיע האָט ער פאקטיש געזעען בלויז שפיל און לייכטן צייט־פארוויי̆ל. אפילו אויף ד ע ם געביט אינטערעסירט אים אויך קודם־כל דער איינפאל, די המצאה. ער שרייבט, א שטייגער, אין 1819 (תקע״ט) א תחינה מיט גאָלע לפ״קן, ד״ה, יעדער פערז באטרעפט בגימטריא: תקע״ט [1], און אין צוויי יאָר ארום, ווען עס דערשיינט בלאָכס „שבילי עולם״, שרייבט אייכענבוים א לויבליד אויך פון לויטער לפ״קן, און דאָס מאָל באטרעפט שוין יעדער פערז בגימטריא: תקפ״א [2].

די געטין פון געזאנג איז אָבער א זייער איפערזיכטיקע געטין. זי פאָדערט פון אירע פאָנען־טרעגער, זיי זאָלן איר דינען מיטן גרעסטן ערנסט. און ווער עס פארהאַלט זיך צו איר קונסט בלויז ווי צו א לייכט־זיניקן שפיל — צו דעם קערט זי דעם רוקן, ער מעג זיין ווי באגאבט, זיין שאפן בלייבט טויט, ניט באשיינט פון דער געטינס אָפגלאַנץ און לעבנס־פראכט.

א באזונדער אָרט פארנעמט אין אייכענבוימס שאפן זיין באוווסטע פאָעמע „הקרב״ (די שלאכט) [3].

די שאָך־שפיל (שוך־צוביל, ווי עס הייסט אין אלט־ייִדיש) איז שוין זינט טיפן מיטלעלטער געוועזן זייער באליבט ביי די ייִדן. די דאָזיקע שפיל געפינט אַן אָפקלאַנג אין פיל ייִדישע לעגענדעס און לידער. אויך אייכענבוים איז געוועזן א היציקער שאָך־שפּילער; ער איז אין דער שאָך־שפיל געוועזן אזוי פארליבט, אז ער האָט זי אין א ספּעציעלער פאָעמע באזונגען. ער פירט צונויף ביים שאָך־ברעט צוויי קונציקע שפּי־לער און דערציילט, ווי אזוי די שלאכט־שפּיל איז צוגעגאנגען. עס איז ממש צו באוואונדערן, מיט וואָס פאר א מייסטערשאפט דער דיכטער גיט איבער אין דער ביבל־שפּראך אין פּליסיקע זעקס־צייליקע סטראָפעס אלע דעטאַליען פון דער קאמף־שלאכט. יעדע שאָך־פיגור ווערט פארוואנדלט

---

1 קול זמרה, 99—100.

2 קול זמרה 50—53.

3 צום ערשטן דערשינען אין 1840, אין 1847 האָט יוסף ראבינאָוויץ (דער שפּעטערדיקער ארויסגעבער פון „ראזסוועט״) איבערגעזעצט אייכענבוימס פאָעמע אין רוסיש און זי ארויסגעגעבן צוזאמען מיטן אָריגינאל.

אין אַ טאַפּפּערן קריגער, וואָס פירט אַן עקשנותדיקן קאַמף אויף לעבן און טויט. און יעדער קריגער קעמפט אויף זײַן אייגענעם שטייגער, אַזוי ווי ער דאַרף קעמפן לויט די כּללים פון דעם אויסטערלישן שאָך־שפּיל. אָבער אויך אין דעם מײַסטער־ווערק איז סוף־כּל־סוף מער קונץ־שטיק ווי אמתע קונסט [1]. פון אַ גאַנץ אַנדערן שניט איז געווען אד"ם הכּהן לעבענזאָן.

אַ טרויעריקע קינדהייט האָט פאַרבראַכט דער צוקינפטיקער דיכטער אין זײַן געבורט־שטאָט ווילנא [2]. דער פאָטער זײַנער, חיים, איז געווען אַ גרויסער קבצן; לעבענזאָן איז נאָך אַ קליין קינד געווען, ווען זײַן מוטער איז געשטאָרבן, און ער האָט זיך אויפגעצויגן אינם הויז פון זײַן זיידן יונה דאָמיאַנסקי. צו זיבן יאָר האָט מען דעם קליינעם אברהם בער שוין אַרײַנגעגעבן אין אַ ישיבה, און דאָרט האָט ער געלערנט דעם „שעור" גלײַך מיט דערוואַקסענע בחורים. צו עלף יאָר האָט ער שוין געשמט אין דער למדנישער ווילנע אַלס „עילוי" און אויסגעצייכנטער שווימער איבערן ים התּלמוד. דער זיידע זײַנער האָט דעם קליינעם עילוי אַוועק־געשיקט לערנען אין דער מיכיילישקער גרויסער ישיבה. דאָרט, אין מיכיילישאָק, האָט מען מיט אים באַלד געטאָן אַ שידוך און צו דרייצן יאָר אים חתונה געמאַכט. גאַנצע אַכט יאָר האָט ער געגעסן קעסט בײַם שווער אין הויז, און די קעסט־יאָרן זיינען אויך געווען פאַר אים לערן־יאָרן. דאָס וויסנסבאַגיריקע מיכיילישקער בעל־הביתל האָט זיך ניט געוואָלט באַגניגן בלויז מיט דער תּלמודישער ליטעראַטור. ער פאַרטיפט זיך אין די מיטל־אַלטערליכע חקירה־ספרים, פאַרנעמט זיך אַ שטיקל צײַט אויך מיט קבלה, זי באַפרידיקט אָבער ניט זײַן שאַרפן און ניכטערנעם פאַרשער־געדאַנק. אים אימפּאָנירט פיל מער דער חריפיש־לאָגישער באַ־שעפער פונם „מורה נבוכים", און ער ווערט אויף זײַן גאַנץ לעבן מיימוניס ענטוזיאַסטישער פאַרערער [3], ער באַקענט זיך אויך מיט דער „בערלינער

---

1 די גרויסע פּאָעמע אין פיר געזאַנגען „הקוסם", וואָס אײכענבוים האָט פון דײַטש באַאַרבעט אין לעצטן יאָר פון זײַן לעבן (פאַרעפנטליכט אינם ערשטן יאָר־גאַנג „המליץ" און דערנאָך באַזונדער געדרוקט) האָט אַ גאַנץ קנאַפּן באַדײַט.

2 לעבענזאָנס געבורטסיאָר איז ניט פעסטגעשטעלט. אייניקע ביאָגראַפן גיבן אָן דאָס יאָר 1787, אַנדערע דאָס יאָר 1794. קלמן שולמאַן פאַרזיכערט, אַז לעבענזאָן האָט געלעבט העכער הונדערט יאָר. דאָס איז אָבער געוויס אַ גוזמא. ער איז געשטאָרבן אין 1878 קרוב צו נײַנציק יאָר.

3 בעת לעבענזאָן דערמאָנט דעם רמב"ם, באַגלייט ער זײַן נאָמען מיט אַזוינע פּאַטעטישע שורות: „למי כל חמדת ישראל? למי ישאו תודה כל זרע יעקב? הוא אשר בקע צור התורה במַטה חכמת האלהים אשר בידו, ויזובו מים חיים, חיי רוח לכל עדת בני ישראל? — הלא זה ארוננו המורה, מורנו מורה הנבוכים בדרך

השכלה". ער ווערט אַן איבערצײַגטער ראַציאָנאַליסט און פאַרנעמט אין דער הינזיכט, ווי מיר וועלן ווײַטער זען, אַ פיל ראַדיקאַלערע פּאָזיציע, ווי זײַנע מיטצײַטלער און מיטקעמפער צבי הירש קאַצענעלענבויגען און מרדכי אהרן גינצבורג, וואָס האָבן פאַקטיש געהערט צום מער רעכטן פליגל פון דער השכלה־באַוועגונג [1]. לעבענזאָן פרווט אויך שטודירן די דייטשע שפּראַך, דאָס קומט אים אָבער שווער אָן, און אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז ער ניט אימשטאַנד געווען צו לייענען אָן פרעמדער הילף די דײַטשע קלאַסיקער [2]. זײַן איינציקע קולטור־שפּראַך איז געווען און געבליבן די העברעיִשע שפּראַך. די לעצטע האָט ער אָבער באַהערשט, ווי זייער ווייניקע אין זײַן צײַט. ער איז אָבער ניט בלויז געווען איר גרויסער מײַסטער — די ביבל־שפּראַך איז געווען זײַן איינציקע ליבע, און די ליבע האָט געגרעניצט מיט פאַרגעטערונג, מיט אמתער מסירת נפש. זײַן אידעאַל איז געווען נפתלי הערץ ווײַזל; ער באַזינגט אים מיט גרויס פּאַטאָס אין אַ ספּעציעלן ליד [3], אָבער ניט בלויז דערפאַר, וואָס ער האָט אים געהאַלטן פאַר אַ גרויסן דיכטער אַלס פאַרפאַסער פון „שירי תפארת". אים ברענגט דער עיקר אין אנט־

ביד החזקה ובמורה הגדול, אשר עשה זה משה בן מיימון לעיני כל חכמי ישראל, אשר שלחו ד׳ תחת משה בן עמרם ומי יודע — אם לא זה משה האיש המיימוני, מה היה לו לרת משה איש האלהים בדור הזה? מצד האמונה ומצד התבונה (קינת סופרים, 56—57).

1 כאַראַקטעריסטיש איז פאַר מרדכי אהרן גינצבורג פאָלגנדיקער פּרט: אין זײַן אויבן ציטירטן אַרטיקל קעגן ליליענטאַלן ווענדעט ער זיך צו די דײַטשע ראַבינער: צו אײַך ווענד איך מיך, מײַנע הערן דאָקטוירים. אויב די רעגירונג אָדער די קהילות וועלן אײַך אײַנלאַדן צו אונדז, בעטן מיר אײַך טאָקע זיך ניט אָפּצוזאָגן, איר וועט בײַ אונדז זײַן זייער אָנגעלייגט, וואָרום איר וועט בלי ספק קאָנען פיל נוצן ברענגען. איר דאַרפט אָבער פאָרויס וויסן, וווהין און מיט וועלכער אויפגאַבע איר קומט אַהער. קומט איר צו אונדז אַלס פּרעדיגער און לערער, וועט איר געסינען אויפמערקזאַמע צוהערער, וואָס וועלן גערן פאַרנעמען אײַערע דרשות אויף רײַנער דײַטשער שפּראַך, און פלײַסיקע תלמידים, וואָס וועלן מיט גרויס חשק לערנען בײַ אײַך די וועלטליכע וויסנשאַפטן, וואָס זײַנען אונדז אַזוי נייטיק. אויב איר האָט אָבער בדעה צו ווערן בײַ אונדז רבנים, איז מײַן איינציקע עצה — איר זאָלט מיטברענגען תּ־רה, תּורה און תּורה... ווען אפילו אַריסטו אַליין זאָל פונם קבר אויפשטיין, וועט ער אויך ניט זוכה זײַן צו פאַרנעמען אַ רבנות־שטעלע בײַם הייליקן פאָלק. מיר וועלן אים טאָקע אויפנעמען מיט גרויס יראת הכבוד, ווי ער גאַרדינט, אָבער פאַר אַ רב וועלן מיר אים ניט מאַכן" (המוריה, 43—45).

2 דערויף ווײַזט אָן אַזאַ באַגלויבטער עדות, ווי לעבענזאָנס תלמיד און פאַרערער, דער דיכטער י. ל. גאָרדאָן (יעווריעיסקאַיאַ ביבליאָטעקאַ, VII, 164). זע אויך „חזון למועד", II, 81.

3 חלום ערב (שירי שבת קודש, I, 201—205).

ציקונג ווייזלס גרויסע ליבע צו דער העברעיִשער שפּראַך, די איבער־געבנקייט, מיט וועלכער יענער האָט געפּאָרשט דעם וואָרט־שאַץ און די כּללים פון דער ביבל־שפּראַך און קאָמענטירט די ביבל־ביכער [1], איז טאַקע לעבענזאָן געגאַנגען אין ווייזלס דרכים; ער האָט מיט גרויס ליבע געפּאָרשט אַלע אייגנאַרטן און פיינסטע ניואַנסן פון דער ביבל־שפּראַך [2], און די נייע ביבל־אויסגאַבע מיט דער דייטשער איבערזעצונג, וואָס ער האָט באַזאָרגט צוזאַמען מיט בן־יעקב (1848—1853), האָט ער באַגלייט מיט „תורת האדם", אַ נייעם ביאור אויף אַ טייל פון די נביאים־ביכער. די לעצטע שורות, וואָס ער האָט אין זיין לעבן געשריבן, זיינען געווען אַ פּירוש אויף אַ פּסוק אין תהילים. אמת, לעבענזאָנען האָבן געפעלט די דערצו נייטיקע וויסנשאַפטליכע ידיעות אויפן געביט פון שפּראַכפאָרשונג און עקזעגעטיק, אויך האָט ער ניט באַזעסן די נייטיקע בקיאות אין די אַנדערע סעמיטישע שפּראַכן. די גרויסע ליבע צו דער ביבל־שפּראַך און דער אינטויִטיווער חוש פון אַ דיכטער האָבן דאָך אָפט מיטגעהאָלפן, אַז לעבענזאָן זאָל מאַכן גאַנץ ווערטפולע באַמערקונ־גען בנוגע דעם בוי און אייגנאַרט פון דער העברעיִשער שפּראַך און איר וואָרט־שאַץ.

לעבענזאָן, דער איבערגעגעבנסטער ריטער פון דער ביבל־שפּראַך, האָט זיך אָבער פאַרהאַלטן גאַנץ קאַלט צום תלמוד, און מיט אַ באַשטימטער שנאה צו דער שפּעטערדיקער רבנישער ליטעראַטור. אפילו אין זיין תפילה־ליד „קול בְּאַשַּׁת בַּת יהודה", וואָס איז געשריבן אין דעם גאָטספאָרכטיק־פרומען סטיל פון די מיטלאַלטערליכע סליחות, קלאָגט זיך דער דיכטער פאַר גאָט: דו האָסט אונז, גאָט, פאַרלאָזן און פאַרשפּאַרט אונז אין דער פינסטערניש. פון פיל ליידן און נויט האָבן מיר פאַרגעסן וואָס רעכט איז, און אונזערע וועגווייזער בלאָנדזשען ווי בלינדע; קיינער פון זיי באַגרייפט ניט די באַדערפענישן פונם פאָלק, קיינער פון זיי פאַרשטייט ניט, ווי דאָס פאָלק צו שיצן; אויפן אָרט פון אמתן שוץ טוען זיי אַלץ נייע צוימען בויען און דעם אמתן בראָך באַמערקן זיי ניט" [3]. ער שלידערט צאָרנדיקע סטראָפן אין די פאַרפינסטערטע „מורדי

---

1 אַךְ הוּא לִשְׂפַת עֵבֶר אמר: הִגָּלִי!
נִיגַל בָּהּ תַּעֲלוּמוֹת עוֹד לֹא נוֹדָעוּ
וַיָּשַׁר בָּהּ שִׁירָיו עַד רוּם גְּנָעוֹ
וַיִּזַל שֵׁם בֵּית אָבִיו וּשְׁמוֹ נַפְתָּלִי.

2 מחקרי לשון, 1849.

3 שירי שפת קודש, I, 1861, 155—156.

אור״ [1], אין די „בוזי התורה״ [2] און אין די „בוזי חכמה״ [3], וואס פאר־פאלגן אן רחמנות די פארשער פון וויסן, און יעדער טיפוש און נאר הייסט ביי זיי רב (כי בפתיות שם רב קראו). ער קאן ניט מוחל זיין, וואס דעם נאמען „בערלינער״ מאכן די פרומאקעס צו שאנד און צו שפאט (נתנו שם בֶּרְלִינִי לחרפות נצח, נתנו בו כל דפי מבלי כל חֵקֶר), און ער איז פעסט און זיכער, אז — הן עוד שם בֶּרְלִינִי לְפְאֵר „יֵהָפֵךְ״ (דער נאמען „בערלינער״ וועט נאך א שיינדלינג ווערן). אויך אין זיין בריוו, וואס ער האט דערלאנגט משה מאנטעפיארען, בעת יענער האט אין 1846 באזוכט ווילנע, ווייזט ער אן, אז איינע פון די „ארבעה אבות נזיקין״, פון די פיר הויפט־סיבות, וואס פאראורזאכן די שווערע לאגע, אין וועלכער עס געפינט זיך דאס רוסישע יידנטום, — איז די, וואס די פירער און רבנים פארשטייען ניט די נויטן און באדערפענישן פונם פאלק. זיי וויסן רק „צו פארגרעסערן אן א צאל די מנהגים און אסורים, אנצו־זאמלען גאנצע בערג נייע חומרות, וואס רויִנירן דאס פאלק. און די דאזיקע חומרות, טענהט לעבענזאן, האבן קיין שום יסוד ניט אין דער תורה שבכתב, ניט אין דער מסורה פון קדמונישע צייטן, רק זיי זיינען גענומען פון אוים דער פרעמד אימפארטירטע נארישע אבערגלויבנס, אדער פון ווילדע מנהגים, וואס אלטע פרויען און אומוויסנדיקע מענטשן האבן אויסגעטראכט [4].

באזונדערס כאראקטעריסטיש איז אין דער הינזיכט לעבענזאנס אלעגארישע דראמע „אמת ואמונה״ [5]. מיר האבן שוין אין פאריקן קאפיטל אנגעוויזן, ווי אין 1842, בעת די ארטאדאקסן האבן געקעמפט קעגן די נייע שולן און קעגן אווואראווס עמיסאר ליליענטאל, זיינען די משכילים געווען באזונדערס אויפגעבראכט ביי דער ידיעה, אז עס ווערט צונויפגערופן א ספעציעלע רבנים־קאמיסיע, וואס וועט באטראכטן די שול־רעפארם. די משכילים האבן אין דעם געזעען א גרויסע געפאר פאר דער גאנצער אונטערנעמונג. דער ספֵּדן לעבענזאן האט דאן זיין גאנצן צארן אויסגעגאסן אין זיין אומפאנגרייכער אלעגארישער דראמע, וואס ער האט פארענדיקט אין משך פון אייניקע חדשים.

1 שירי שפת קודש, II, 1856, 69—70.

2 דארטן, 150—153.

3 דארטן, 154—161.

4 יתר שירי אדם, 70.

5 וועגן דעם קאמף, וואס איז אנטשטאנען ארום דעם דאזיקן ווערק פון רייןעסטעטישן שטאנדפונקט, וועט זיין די רייד אינם פאלגנדיקן באנד.

דער „אמת ואמונה" איז געשריבן לויט דעם מוסטער פון משה־חיים לוצאַטוס „לישרים תהלה". דער סטיל איז אָבער אַ גאַנץ אַנדערער. אין לוצאַטוס ווערק הערן זיך צאַרטע פילאָזאָפיש־הומאַניסטישע טענער; לעבענזאָנס „אמת ואמונה" איז אָבער אַ קעמפעריש ווערק, וואָס אָטעמט מיט האַס און צאָרן. אין דעם אונטערקעפּל ווערט אונטערגעשטראָכן: „לטהר האמונה מכל דבר שקר, ולהקדישה קדש אך לאמת" — מען דאַרף ריי ניקן די אמונה פון פאַלשקייט און ווידמען זי אויסשליסליך דעם אמת. אין לעבענזאָנס ווערק ווערט בכלל ניט דערמאָנט די געאָפענבאַרטע, די דורך געטליכע התגלות דערוואָרבענע אמונה. די אמונה פון לעבענזאָנס אַלעגאָרישער דראַמע איז אַ פּרימיטיוו מענטשליכע, די נאַיִווע טאָכטער פונם המון און פון פּתָיות — אָט די אומוויסנדיקע, אָבערגלויבישע דומהייט, וואָס לאָזט זיך פאַרפירן פון יעדן שווינדלער. די אומגעלומפּערטסטע באָבע־מעשיות זײַנען בײַ איר אַ באַגלויבטע תורה, זי שאָקלט תמימותדיק צו מיטן קאָפּ און חזרט אַלץ אײַן און דעם זעלבן זמר: כּן הוא (אַזוי איז עס).

די צענטראַלע פיגור אינם גאַנצן ווערק איז צבעון — דער שווינדלער און טאַרטיוף, וואָס איז שוין כּלל ניט קיין אַבסטראַקטע אַלעגאָריע — ער איז דער פּראָטאָטיפּ פון דעם פאַלשן נידערטרעכטיקן פרומאַק, וואָס ווערט געשילדערט אין די פאַרשיידנסטע וואַריאַציעס אין דער שפּעטערדיקער טענדענציעזער בעלעטריסטיק פון דער השכּלה־ליטעראַטור. לעבענזאָן זאַמלט צונויף אין דער דאָזיקער נעגאַטיווער פיגור אַלע טיפּישע שטריכן פון די בײַ די משׂכּילים אַזוי פאַרהאַסטע פאַרשווינען פונם אַלטן לעבנשטייגער. צבעון איז אַ מקובל, אַ בעל־מופת, האָט צו טאָן מיט די ספירות, מיט שדים און כּלערליי בעל־שמישע סגולות; לויפט אַלע מאָל אין מקוה אַריין און אין דער זעלביקער צײַט איז ער אַ טאַרטיוף, מאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער זיצט גאַנצע נעכט איבער דער הייליקער תורה און טוט דערבײַ די נידערטרעכטיקסטע מעשׂים, און איז אויפן בזהדיקן אופן עובר אויפן זיבנטן געבאָט. און ווען דורך זיין און מְרַמָּה'ס * איניציאַטיוו דערשיינט דער שקר אין דער אמונה'ס מלבושים, דערקלערט זיך פאַר דעם משנה למלך אמת, פאַרבינדט זיך מיט דער אמונה און ווערט דעם המונס אײדעם, — דעמאָלט פאַנגען זיך אָן שווערע צײַטן פאַרן המון...

צבעון מיט שֶקֶרן ווערן ניט מיד צו שאַפן אַלץ נײַע רעליגיעזע געזעצן, זיי שרײַבן אָן אַ צאָל ספרים מיט אַלץ נײַע גזרות און חומרות,

---

* מרמז — באַטרוג.

וואָס האָבן קיין שום זין און גרונד ניט, זײַנען לויטער נאַרישקייטן און אומגעלומפּערטער אָבערגלויבן. מענטשן זיינען פּשוט ניט אימשטאַנד די אַלע חומרות איבערצוטראָגן און ווערן רוינירט אונטער זייער שווערער לאַסט [1].

לעבענזאָן האָט אָבער דעם מוט ניט געהאַט זײַן קאַמפּסווערק צו פאַרעפנטליכן. ער האָט געדענקט דעם טרויעריקן גורל פון מנשה איליערס ווערק און פון אברהם יצחק לאַנדאַס „ספר הקונדס”. דערצו איז אויך לעבענזאָנס מאַטעריעלע לאַגע שטאַרק אָפּהענגיק געווען פון די „בעלי=היכולת”, פון די גבירים און קהלס=פירער. נאָכדעם, ווי ער איז אַראָפּ פון קעסט, האָט ער זיך גענומען האַנדלען, האָט באַלד אָבער זײַן געלט אָנגעוואָרן; דעמאָלט האָט ער זיך מיט זײַן פאַמיליע באַזעצט אין ווילנע און גענומען זיך צו מלמדות. נאָך צעניאָריקן קנעלן האָבן זיך בײַ אים באַוויזן די שווינדזוכט=סימפּטאָמען; האָט ער געמוזט זוכן אַ נײַעם פּרנסה=מעמד, און איז געוואָרן אַ סרסור — אַ פאַרמיטלער בײַ הלוואות, אַ לופט=פּרנסה, וואָס איז פאַרבונדן מיט פיל פּיזור הנפש און דערנידערונגען. איז לײַכט באַגרײַפליך, אַז דער טרסור, וואָס מוז זײַן אַ נכנע פאַר די געלט=זעק, האָט מורא געהאַט אַרויסצוטרעטן פאַר דער עפנטליכקייט מיט זײַן קאַמף=שריפט.

אמת, אין פינף יאָר אַרום איז לעבענזאָן אַזוי אויפגעבראַכט געוואָרן קעגן די „חַשְׁבָּנִים” (פינסטערלינגע) [2], אַז ער האָט עפנטליך דערקלערט וועגן זײַן באַשלוס איינגיכן צו פאַרעפנטליכן זײַן „אמת ואמונה”. דאָס איז געווען באַלד נאָך מרדכי אהרן גינצבורגס טויט (סוף 1846). לעבענזאָן, ווי אויך די איבעריקע ווילנער משכילים, האָבן אין גינצבורגס טויט געזען אַ געוואַלטיקע אבידה פאַר דער העברעיִשער שפּראַך... „שפת קדשנו, — קלאָגט זיך לעבענזאָן, — הן היא היתה כאלמנה”, פאַראיינזאַמט און פאַרלאָזן איז געבליבן די הייליקע שפּראַך, „אין לה גואל עוד” — אָן אַ באַשיצער איז זי פאַרבליבן. דער פרומער שטאָט=

---

1 אמת ואמונה, 89:

חֲדָשִׁים הֵם לַבְּקָרִים לְדָת חֹק אַךְ רֶגַע
וּסְפָרִים הַרְבֵּה אֵין קֵץ, כִּתְבֵי דַת אֵין חֵקֶר...
כָּל יָד נֶאֶסְרָה מִבְּלִי יוּכְלוּ בַקֵּשׁ טֶרֶף
גַּם צַעֲדֵיהֶם צָרוּ מֵרֹב גֶּדֶר וּגְדֵרֹת...
כֻּלָּם אַךְ תַּעְתּוּעִים הֲבָלִים הַבְלֵי הֶבֶל
מַהֲתַלּוֹת וָלַהַג — אוֹ, אַךְ מִסְפֵּד וָאֵבֶל.

2 קינת סופרים, 25.

מגיד האָט אָבער אין גינצבורגן געזעען בלויז דעם אפּיקורס, האָט ער דערפֿאַר, אײַנשטימיק מיט די איבעריקע אָרטאָדאָקסן, געהאַלטן פֿאַר ניט פּאַסיק צו מאַכן וועגן אים אַ ספּעציעלן הספּד, און זיך באַגנוגנט בלויז דערמיט, וואָס צום סוף פֿון זײַן גאַנץ לאַנגער דרשה, האָט ער אַגב אורחא דערמאָנט, אַז „מרדכי אהרן גינצבורג איז אויך געשטאָרבן". דאָס האָט שרעקליך אויפֿגעבראַכט דעם ווילנער משכּילים־קרײַז. זיי האָבן באַשלאָסן מאַכן אַ מנין פֿאַר זיך, און דעם נעכסטן שבת האָט מען געמאַכט אַ גרויסן הספּד נאָך דעם פֿאַרשטאָרבענעם שריפֿטשטעלער, און טאַקע לעבענזאָן איז געוועזן דער רעדנער. זײַן הספּד האָט שטאַרק אויסגענומען בײַם עולם און מען האָט אים באַלד אָפּגעדרוקט אין אַ באַזונ־דערן קונטרס 1.

לעבענזאָן האָט אָבער נאָך אַלץ ניט געוואָלט מוחל זײַן, וואָס זײַן פֿאַרשטאָרבענער פֿרײַנד „לא נספּד כּהלכה". ער וויל זיך אָפּרעכענען מיט די „צבועים" און „מורדי אור"; דערקלערט ער צום שלום פֿון זײַן „קינת סופרים" (71—72), אַז ער טרעט צו צום דרוקן זײַן דראַמע.

דאָך האָט די מורא פֿאַר די „בעלי היכולת" גובר געווען. גראָד צו יענער צײַט האָט מען לעבענזאָנען באַשטימט פֿאַר אַן אָבער־לערער פֿון העברעיִש און אַראַמיש אין דער ווילנער ראַבינער־שול, האָט ער זײַן קאַמף־פּיעסע געלאָזט אין כּתב־יד ליגן, און ערשט אין צוואַנציק יאָר אַרום, ווען לעבענזאָן האָט אַלס אַכציק־יאָריקער זקן פֿאַרלאָזן די לערער־שטעלע און געלעבט די לעצטע יאָרן זײַנע אָן דאגת פּרנסה, האָט ענדליך זײַן „אמת ואמונה" די וועלט דערזעען (1867).

און טאַקע ניט דער אַזוי שפּעט דערשינענער „אמת ואמונה" האָט לעבענזאָנס נאָמען באַרימט געמאַכט אין די משכּילישע קרײַזן, נאָר זײַנע „שירי שפת קודש". ווי ווייזל בשעתו, האָט אויך לעבענזאָן ביז די עלטערע יאָרן פֿאַרעפֿנטליכט בלויז „געלעגנהייט"־לידער. דער עיקר איז דאָך געווען די שפּראַך, „השפה היפה השרידה היחידה"; דער אינ־האַלט איז אַ נעבנזאַך, די הויפּטזאַך איז די הייליקע שפּראַך. איר דאַרף מען דינען געטרײַ, מיט מסירת נפש, און ווער עס שרײַבט העבּ־רעיִש, איז אַ „כּהן לאלהים", — דער פּריסטער, וואָס באַדינט די הייליקייט...

---

1 קינת סופרים, ווילנא, 1847.

עס איז כאַראַקטעריסטיש, מיט וואָס פאַר אַ תמימות אדם הכהן מעלדעט דעם לייענער:

אֶל שֻׁלְחַן אֱלֹהִים יָשַׁבְתִּי שֶׁבֶת
וּבְיָדִי עֵט סוֹפֵר לוֹ אֲנַהֲלָה
וּשְׂפָתוֹ בְּקֹדֶשׁ יָדִי כּוֹתֶבֶת
וּשְׂפַת תּוֹרָתוֹ וּשְׂפַת עַמּוֹ סֶלָה

דער טיש, בײַ וועלכן ער האַלט „די שריפטשטעלערישע פען אין דער האַנט", איז שוין דערמיט אַ „געטליכער שלחן", ווײַל ער שרײַבט אויף דער הייליקער שפּראַך, אויף דער שפּראַך פון גאָטס תּורה און גאָטס פאָלק. וועגן וואָס ער שרײַבט, איז קיין נפקא מינה ניט, דער לשון איז דער עיקר. דעביוטירט טאַקע לעבענזאָן אין דער העברעיִשער ליטע־ראַטור מיט אַ „קאַרמען־ליד" צו דער חתונה פונם גראַף טישקעוויטש [1]. אין דרײַ יאָר אַרום איז אַלעקסאַנדער דער ערשטער געשטאָרבן. ברעכט אויס דער ייִדישער דיכטער מיט אַ „קול בכי" און שרײַבט אַ גאַנץ גרויסע עלעגיע, נאָר ווייל רוסלאַנד איז ניט געבליבן אָן אַ קיסר, און נאָך אַלעקסאַנדערן איז ניקאָלאַי צו מזל אַרויף אויפן טראָן, פאַרענדיקט לעבענזאָן די עלעגיע מיט אַ פרייליכן „מזמור שיר". אין אַ יאָר אַרום איז ניקאָלאַיס קרוינונג פאָרגעקומען, זינגט ווידער לעבענזאָן אַ „מזמור שיר"; דערנאָך ווערט בײַ ניקאָלאַיען אַ זון געבאָרן — איז ווידער אַ שמחה, און דער ייִדישער דיכטער זינגט אַ פּאַטריאָטיש לויב־געזאַנג; און ווען דער טראָנפאָלגער ווערט פולמינדיק, זאָגט אָן דער דיכטער דער גאַנצער וועלט די פריידיקע בשורה:

שמעו זאת כָּל העמים
הַאֲזינו כל יושבי חָלֶד!

און לעבענזאָן דרוקט איבער אין זײַן לידער־זאַמלונג „שירי שפת קודש" [2] ניט בלויז די אַלע פילצאָליקע פּאַטריאָטישע לידער זײַנע, נאָר אפילו די „אַבְנֵי בָּכוּת" — די געגראַמטע מצבה־אויפשריפטן מיט די געוואַלדיקע תהילות ותשבחות, וואָס ווילנער בעלי בתים פלעגן באַשטעלן פאַר אַ געוויסן געצאָלט בײַם „בעל לשון" לעבענזאָן פאַר זייערע פאַר־שטאָרבענע קרובים. אַלץ איז בײַ לעבענזאָנען געווען חשוב און וויכטיק, ווײַל אַלץ איז דאָך געשריבן געוואָרן בײַם „שלחן אלהים", פאַרפאַסט אין דער הייליקער שפּראַך. איר, דער ביבל־שפּראַך, וואָס ווערט בײַ לעבענ־

1 שיר חביבים, ווילנע, 1822.

2 דער ערשטער טייל איז דערשינען אין 1842, דער צווייטער אין 1856.

זאָגען געקריינט מיט די בײַנעמען „גְנַת בֵּית אלהים", „בחירת אלהי ישראל ויקרת נביאיו", „גברת הלשונות", — איז געווידמעט דער „שירי שבת קודש". אויף העכער צוויי דרוק-זייטן גיסט אוים דער דיכטער זיין הייסע ליבע און יראת-הכבוד-געפיל פאַר זיין „האָרין". „דו — רופט ער אוים מיט התפעלות — ווייסט דאָך מיין האַרץ, דו ווייסט, אַז פון אַלע פריידן אין דער וועלט, פון אַלע מענטשליכע באַגערן און פאַרלאַנגען, האָב איך אויסדערוויילט רק דיך אַליין. נאָך דיר טו איך בייַנקען אַלע מיינע טעג, צו דיר לעכצט מיין נשמה; דיינע ליבהאָבער זיינען אויך מיר ליב, און פעסט געבונדן איז מיין האַרץ אָן די, וואָס פאַרשן און גלוסטן נאָך דיר" [1].

און דאָך — האָט לעבענזאָן רעכט, ווען ער ברענגט אַלס מאָטאָ צו זיין „שירי שבת קודש" אַ מימרא אויסן ילקוט, וואָס דאַרף אָנזאָגן, אַז די דאָזיקע זאַמלונג שטעלט מיט זיך פאָר אַ „שירה חדשה" אין דער נײַ-העברעיִשער ליטעראַטור. וואָרום — דער געוועזענער ישיבה-בחור, דער משכיל און שטרענגער מדקדק לעבענזאָן, איז בײַ זיין גאַנצער אַלט-פרענקישער תמימות און געוויסער דאָזע פון בית-מדרש-בטלנות — דאָך געווען אַן אמתער דיכטער מיט אַ שאַרף אויסגעפרעגטער אינדיווידואַליטעט, מיט זיין אייגענעם סטיל, מיט זיין אייגענעם וועלט-באַנעם.

ס'איז שוין אין פאָריקן באַנד אָנגעוויזן געוואָרן [2], ווי אַזוי די ראַציאָנאַליסטישע אידעען פונם 18טן יר"ה, וואָס האָבן פיל מיטגעהאָלפן דער פערזענליכקיים צו באַפרײַען זיך פון דער אוים דעם אַלטן לעבנס-שטייגער בירושה געבליבענער גײַסטיקער קנעכטשאַפט, האָבן צו דער זעלביקער צײַט אויך שטאַרק אונטערגעגראָבן דעם רעליגיעזן וועלט-באַנעם מיט זיין פעסטן גלויבן אין שָׂכָר ועונש און אין השארת הנפש. דאָס האָט זיך קודם כל געפונען אין אַ געוויסער סתירה מיט דער אָפּ-טימיסטישער וועלט-אָנשויונג פון די „אויפקלערער". דער מענטש איז דאָך געבאָרן גליק צו געניסן אויף דער בעסטער פון אַלע וועלטן, וואָס ווערט דאָך רעגירט דורך דער „פאָראויס-באַשטימטער האַרמאָניע" — און דעם מענטשנס לעבן איז אַזוי קורץ, פול מיט צער און לײַדן, שוין לויערט אויף אים דער טויט, און — ווי אַ שאָטן פאַרשווינדט דער מענטש, צעפאַלט אין אַש און שטויב... דערפאַר טאַקע האָט מען אין דער „אויפקלערער"-תקופה אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייט געשענקט דעם טויט-פּראָבלעם, און מיט אַזאַ פײַנליכן אינטערעס זיך באַשעפטיקט מיט

---

1 שירי שפת קודש, I, 9.

2 ערשטער בוך, 29.

דער פראגע וועגן אומשטערבליכקייט פון דער מענטשליכער נשמה. אין דעם איז אויך געלעגן די הויפט־ליבה פון דעם קאָלאָסאַלן דערפאָלג, וואָס מענדעלזאָנס „פעדאָן" האָט בשעתו געהאַט.

דאָס טויט־פּראָבלעם איז אויך געוואָרן דער צענטראַל־פּונקט פון לעבענזאָנס דיכטערישן שאַפן. די ראַציאָנאַליסטישע אידעען האָבן אינם דיכטער צעשטערט דעם אַלטן תמימותדיקן גלויבן. דער סקעפּטיש־קריטישער געדאַנק האָט בײַ אים שטאַרק אונטערגעגראָבן די יסודות פונם טראַדיציאָנעלן רעליגיעזן בנין. דרינגענדיק און שמאַרצפול האָט אינם דיכטער געעגבערט „דאָס קוואַלפולע אוראַלטע רעטזעל", וועגן וועלכן היינע רעדט אין זײַן באַוווּסטן געדיכט מיט אַזאַ ביטערן סאַרקאַזם: „וואָס בעדויטעט דער מענטש? וואָהין איסט ער געקאָממען? וואָ געהט ער הין?". לעבענזאָנס דיכטעריש געוויסן לאָזט ניט רוען די אַלטע אָנגעווייטאָגטע פראַגע, וואָס פאַרנעמט אַזאַ צענטראַלן אָרט אין דער העברעיִשער ליטעראַטור [1]: צו וואָס לעבט דער מענטש? אין וואָס באַשטייט דאָס ציל? מיט וואָס קאָנען באַרעכטיקט ווערן דעם מענטשנס גרויסער צער, זײַנע אומענדליכע לײַדן? ווי איז צו דערקלערן, ווי אין צו באַגרײַפן דאָס טראַגישע רעטעניש פון דער וועלט? ווי קאָן מען פאַרענטפערן דעם גרויסן פלאָנטער, די טיפע סתירה: דער באַשעפער — אַן אל מלא רחמים, און אײַנגעטונקט אין רשעות און אין פאַרדאָרבנקייט איז די וועלט?

טראַגישע פערזענליכע איבערלעבונגען האָבן נאָך שמאַרציקער פאַרשאַרפט די דאָזיקע פּראָבלעמען. זיבן קינדער זײַנען בײַם דיכטער געשטאָרבן. אין זײַן עלעגישן געדיכט „מספד מר" שילדערט ער אין שטאַרקע סטראָפן, ווי פאַר זײַנע אויגן האָבן צוויי זיינע הייסגעליבטע קינדער, אַ פיר־יאָריק מיידעלע און אַ ייִנגעלע פון זעקס יאָר, זיך געראַנגלט מיטן טויט; און ניט פאַרגעסן קאָן דער דיכטער אָט די קינדערשע לײַדנפולע אויגן מיט דער שטומער פראַגע: פאַר וואָס? און פול מיט ווייטאָג שרײַט אויס דער דיכטער: „אזעק: על מה זה? אמרו! ומדוע?" [2]. אַ זון אַ דיכטער האָט לעבענזאָן געהאַט, אַ צאַרטע שיינע בלום, וואָס האָט געזאָלט ווערן דער שטאָלץ און גלאַנץ פון דער נײַ־העברעיִשער פּאָעזיע, און אָט די דאָזיקע שענסטע האָפענונג האָט יאָרן־לאַנג געוועלקט, געצאַנקט און פאַר זײַנע אויגן דעם לעצטן אָטעם אויסגעהויכט. טיף דערשיטערט יאָמערט דער אומגליקליכער פאָטער:

---

1 זע אונזער ווערק, ערשטער באַנד.

2 שירי שפת קודש, I, 231 (איך שרײַ: פאַרוואָס קומט דאָס! ענטפערט: פאַרוואָס?).

אַךְ בִּכְיִי יִתֹּם עֵת חַיַּי יִתָּמוּ
וִיגוֹנִי יִדֹּם עֵת יָמַי יִדָּמוּ
וּבְנִי זֶה אֶשְׁכַּח כִּי תֵבֵל אֶשְׁכָּחָה [1]

און האָפענונגסלאָז שלײַדערט ער זײַנע יאוש־פולע פראַגן:

מִקְּנֵי צִפּוֹרַי הָהּ מִי הִבְרִיחַ?
מִבֵּיתִי מִזְּמוֹרַי מִי זֶה הִשְׁכִּיחַ?
מִי נִפֵּץ כִּנּוֹרִי וַיִּקְרָא נֶהִי! [2]

אַט די פּערזענליכע איבערלעבונגען האָבן נאָך מער פאַרשאַרפט דאָס טויט־פּראָבלעם אין לעבנזאָנס דיכטערישן שאַפן. אַפילו אין זײַנע נאַטור־שילדערונגען, ווען ער באַזינגט דעם פרילינג [3], זעט ער צווישן די בלומען־בליטן די פאַרוועלקטע בלעטער, און אין דעם פרילינגס־געזאַנג הערט ער די יאָמער־געשרייען פון אונטערגאַנג. און דאָס פרילינגס־ליד פאַרענדיקט מיטן טרויעריקן אַקאָרד:

אַף נִחַנוּ עַל חֶלְדֵּנוּ
נִחַנוּ יַלְדֵי עַצֶּבֶת
אֵיךְ נִרְאֶה אֶת מְתֵינוּ
וּבַל נִרְאֶה הַמָּוֶת [4].

אַפילו דער זומער־אָוונט וואַרפט אָן אַ שרעק אויפן דיכטער. אים שרעקן די שאָטנס פון דער נאַכט, וואָס לויערט שוין בײַם זונען־אונטערגאַנג:

עוֹד שׁוּלֵי שַׂלְמָתָהּ    נִרְאִים אֵלֵינוּ,
וַיֵּרֶא וַיָּקָם    חוֹשֶׁךְ מֵאֹרֶב
נֵעוֹר חִישׁ לָצֵאת    כִּזְאֵבֵי הָעֶרֶב
מִתַּחְתִּית אֲבַדּוֹן    מֵעֵמֶק שַׁחַת...

---

1 שירי שפת קודש, II, 200: מײַן געוויין וועט זיך ענדיקן צוזאַמען מיט מײַן לעבן, געשטילט וועט ווערן מײַן טרויער, ווען מײַנע טעג וועלן ענדן. און מײַן זון וועל איך פאַרגעסן, ערשט ווען איך וועל אין דער וועלט פאַרגעסן.

2 דאָרטן, 193: פון מײַן נעסט מײַנע פייגעלע ווער האָט פאַרטריבן? מײַן געזאַנג אויס מײַן הויז ווער האָט פאַריאָגט? ווער האָט מײַן האַרפע צעשמעטערט און וואָך געמאַכט דעם יאָמער?

3 דאָרטן, I, 23—29.

4 אויך מיר אויף אונזער וועלט, מיר קינדער פון טרויער: מיר זעען דאָך אונזערע טויטע, און באַמערקן ניט דעם טויט.

די פינסטערניש איז ביים דיכטער דער סימבאָל פון שרעקן און אומקום:

זֶה חשֶׁךְ לֹא הוד לו   לא חֵן לֹא יוֹפִי
בַּלָּהוֹת כֻּלּוֹ   אַךְ מָשְׁחַת וָדֹפִי.

זי איז אינם דיכטערס באַוווסטזיין דער אורקוואַל פון דעם כאַאָס און ניט-זיין — „הוא ראש כל תוהו" 1.

ער זינגט דערפאַר א לויב-געזאַנג דעם „יום הארוך", דעם לענגסטן טאָג אין יאָר, ווייל יענער פאַרטרייבט אמווייטסטן די פינסטערע שאָטנס פון דער נאַכט 2.

און שרעקליכע חלומות ברענגען די שאָטנס פון דער נאַכט. אָט חלומט דער דיכטער, ווי ער שטייט ענג צוגעשפּאַרט צו א ברייטן טויער, און ער זעט, ווי עס יאָגן דורך אים מיט גרויס געשווינדקייט געדיכטע מענטשן-מחנות. און דער מענטשן-שטראָם האָט ניט קיין אָנהויב און ניט קיין ענד. קוקט ער דורך יענער זייט טויער, פונוואַנען דער מענטשן-שטראָם פליסט — באַפאַלט אים א גרויל — שָׁמָּה אָיִן כֹּל, הוי אַךְ דָּמִי, אַךְ תוהו! 3 וואַרפט ער זיך צו דער אַנדערער זייט — „גם שמה אין כל" — אויך דאָרט איז ליידיק און פוסט, „אַך קברות צלמות", לויטער קברים פון פינסטערניש. באַשטירצט פון שרעק שרייט אויף דער דיכטער: ווער זייט איר, קינדער פון ניט-זיין? איר טויער-וואַנדערער? וואָס באַדייט די טויט-פינסטערניש פון ביידע טויער-זייטן? „המעשים תחת השמש" * — קלינגט דער ענטפער. וואָס איז פון דער זייט טויער? „כל אשר יהיה" (אַלץ וואָס וועט זיין); און וואָס פון יענער — „כל אשר היה" (אַלץ וואָס געווען), און וואָס באַדייט דער טויער? „ההוה עת יהיה" (דער מאָמענט פון זיין). די ווייטערדיקע פראַגן שטאַרבן אָפּ אויף זיינע ליפּן, וואָרום די טויער-וואַנדערער טוען זייער לויף ניט פאַרהאַלטן —

הן נרדפים נחנו על צווארנו 4.

א שרעק באַפאַלט דעם דיכטער, א טיפער טרויער פאַרקלעמט זיין האַרץ, און ער דערוואַכט פון זיין שווערן טרוים. „חלום עובר" הייסט

---

1 שירי שפת קודש, 11—16.

2 דאָרטן, 30—34.

3 דאָ־ס איז גאָרנישט פאַראַנען, בלויז שווייגן און כאַאָס.

* די געשעענישן אונטער דער זון.

4 מען טרייבט אונז אַלץ ווייטער, מיר טאָרן ניט שטיין.

דאָס דאָזיקע ליד [1] — אַ שנעל פאַרגייענדיקער טרוים איז דאָס גאַנצע לעבן. און האַרט בײַם „חלום עובר" לויערט דער טויט, און דער „חלום עובר" גופא איז פול מיט שרעקן פאַרן טויט, פול מיטן באַוווּסטזיין, אַז דער טויט לויערט אויף יעדן טריט. אָט דעם טויט-באַוווּסטזיין ווידמעט דער דיכטער איינע פון זײַנע וויכטיקסטע שאַפונגען — זײַן גרויסע פּאָעמע „הדעת והמות" (דאָס וויסן און דער טויט) [2].

לעבענזאָן איז דאָך אַ ראַציאָנאַליסט געווען, און גלײַך מיט אַנדערע משׂכּילים האָט ער געקעמפט פאַר וויסן. דאָס וויסן (הדעת) איז דאָך דאָס געטלעכע ליכט, וואָס באַשײַנט דאָס מענטשלעכע לעבן. פאַנגט זיך טאַקע אָן די פּאָעמע מיט שטאָלצע אַקאָרדן, ווי אין דעם אומענדלעכן אוניווערזום איז בלויז דער מענטש באַשאָנקען מיט דער וווּנדערבאַרער גאָב פון וויסן.

אַךְ הוּא הָאֶחָד בַּיְצוּרִים כֻּלָּמוֹ
הַיּוֹדֵעַ אוֹתָם וּבִלְתּוֹ אָיִן!

בלויז ער דענקט און געדענקט

יָחוּשׁ וַיִּשָּׁאֵר גַּם יִזְכּוֹר לָדַעַת
חוֹשֵׁב וּמַשְׂכִּיל אֶל כָּל לוֹ מַשְׁמַעַת.

אַלץ האָט אויסגעפאָרשט דער מענטש, ער האָט אפילו אײַנגע-דרונגען אינם סוד פון אייביקייט (הוא ידע גם את סוד הנצח). ער האָט אָבער צו טייער באַצאָלט פאַר דאָס וויסן, דער מענטש. ער איז דאָך דער איינער אינם גאַנצן אוניווערזום, וואָס נעמט אַרום מיט זײַן געדאַנק אויך דעם טויט, „דעם קוואַל פון יעדער פּלאָג".

אֶת הַמָּוֶת הָרַע וּמְקוֹר כָּל נֶגַע
כִּי גַם אוֹתוֹ יִקַּח — הֵן הוּא יוֹדֵעַ.

הה, דאָס פאַרשאָלטענע וויסן! — רופט אויס דער דיכטער, — דאָס וויסן פון דעם, וואָס איז, אַז ער וועט אין ניט-זײַן פאַרוואַנדלען (לדעת בהיותו כי גם לא יהי)...

אין מעכטיקע פּאָעטישע סטראָפן שילדערט דער דיכטער, ווי דאָס וויסן וועגן דער אומפאַרמיידלעכקייט פונם טויט פאַרסמט דעם קוואַל פונם לעבן. ניט דער טויט גופא, נאָר שוין דאָס וויסן וועגן זײַן עקסי-

1 שירי שפת קודש, 58—61.

2 דאָרטן, II, 9—31.

סטענץ טוט טויטן, וואָרום דער טויט עקזיסטירט ניט פאַר די, וואָס ווייסן ניט פון אים:

יום יום יָמוּת — כִּי הַתְּמוּתָה נוֹדַעַת!
לֹא יָמוּת בַּמָּוֶת, כִּי אִם בַּחַיִּים!
לֹא יָמוּת בַּמָּוֶת, כִּי אִם בַּדַּעַת...
יֵדַע כִּי דַעַת מוֹתוֹ הוּא מוֹתֵהוּ
כִּי אֵין מָוֶת לַאֲשֶׁר לֹא יְדָעֵנוּ
כָּל חַי זוּלַת לֹא יֵדַע קִצֵּהוּ.

און עס איז ממש צו באַוואונדערן, ווי דער זעלביקער דיכטער, וואָס האָט פאַרפאַסט אַזוי פיל נישטיקע הורא־פּאַטריאָטישע לידער און געלעגנהייטס־געדיכטע, שאַפט אַזוינע פּראַכטפולע סטראָפן:

כִּי מַה זֶה הַמָּוֶת? — אַךְ תּוֹם הַחַיִּים
כָּל רִגְעֵי חַיָּיו יִרְאֶה כִּי יָסוּפוּ,
עַל כֵּן כָּל רֶגַע מוֹתוֹ לָעֵינַיִם
כִּי חַיָּיו וּרְגָעָיו יַחְדָו יָעוּפוּ
וּבְרֵאשִׁיתוֹ אַחֲרִיתוֹ יֵדַע גֶּבֶר
וּבְחַיָּיו — מוֹתוֹ, וּבְבֵיתוֹ — הַקֶּבֶר.

ניט אָבער בלויז אין דעם אַליין באַשטייט די טראַגיק פונם מענטשנס לעבן. דער דיכטער לייקנט פּאַקטיש אין דעם גרונד־דעוויז פון די אויפקלערער, אַז דער מענטש איז צו גליק געבאָרן. אַלץ איז דאָך לויטער מיראַזש און באַטרוג. דאָס איינציק רעאַלע איז בלויז דער טויט. ניט רעאַל איז אַפילו דאָס, מיט וואָס דער מענטש טוט אַזוי שטאָלצירן — דאָס וויסן.

דעם דיכטער האָבן, ווי עס שיינט, זיינע פריינד, וואָס זיינען געווען בעסער פון אים באַהבנט אין דער דייטשער שפּראַך, באַקענט מיט קאַנטס קריטישער פילאָזאָפיע, מיט איר אויספיר, אַז דער מענטש איז ניט אימשטאַנד מיט דער הילף פונם בלויזן שכל צו דערקענען דעם אמתן מהות פון דעם, וואָס געפינט זיך אויסער אים, ווייל אַלע באַגריפן, וואָס דער מענטש באַקומט פון דער אויסנוועלט, ווערן דאָך קודם כל אויסגעפאָרמט דורך דעם מענטשנס אויפנעמונגס־אַפּאַראַט, זיינען אַ געוויסער פּועל יוצא פון די ספּעציפישע פאָרמען, וואָס דעם מענטשנס שכל האָט לויט זיין עצם נאַך. דער דאָזיקער אידעענגאַנג איז געווען אַמבעסטן

צוגעפּאַסט צו דעם דיכטערס שטימונג. דער דיכטער זעט — אַלץ איז לויטער באַטרוג. „הכּל הבל“, אַזוי הייסט איינס פון זײַנע מיזאַנטראָפּישע לידער [1]. „שוא, — רופט אויס דער דיכטער, — זע, כּי אך שקר חיי החיים (לויטער באַטרוג איז דאָס גאַנצע לעבן). בן אָדם שורה, זע דו מענטש, — אַלץ איז בלויז אַ חלום! „התעו אָדם רק התעוהו“, — אָפּגענאַרט האָט מען דעם מענטשן, כּלם רמוני“ — מיט דעם רעזיומירט זײַן לעבנסוועג דער גוסס אין דעם ליד „הגוע“ [2]. און ער פאַרענדיקט מיטן סקעפּטישן פּערז: עתה הן רוחי תּעל לראות מה שם ממעל — איצט וועט מײַן גײַסט זיך אין דער הייך דערהייבן, זעען, וואָס דאָרטן טוט זיך!...

אין אַ ספּעציעלן געדיכט „חלום חזיון לילה“ [8] שילדערט דער דיכטער די פּילפאַרביקע וועלט פון פּראַכט און שיינקייט אַלס בלויזן מיראַזש, אַלס באַטרוג־געשפּענסט פון דעם מענטשנס שפּירונגען און געפילן; זי אָבער, די אומפּאַסבאַרע זון אומבאַגרײַפליכע „בת אל אלהים“ — די באַשאַפונג (הבריאה), זי איז דאָך אַ גאָרער פראַגע־צייכן:

אֵין יוֹפִי אֵין חֵשֶׁק אַף אֵין כָּל נוֹעַם
אֵין עָרֵב אֵין עוֹנֶג אַף אֵין טוּב טַעַם
אֵין שֵׁמַע אֵין מַרְאֶה אֵין מַחְמַד עָיִן;
אֵין דַּמּוּת וּדְמוּת אֵין חֵקֶר וָשֵׂכֶל
כִּי אֵין גַּם מִשְׂגֶּה וּפְתַיּוּת וָסֶכֶל
אֵין חִידָה וָסוֹד אַף כָּל רַעְיוֹן אָיִן.

ער, דער ראַציאָנאַליסט, לייקנט אין דעם גרונד־גלויבן פון די „אויפקלערער“, אַז דער שכל, דעם מענטשנס שכל הישר, איז דער רעגירער פון דער וועלט [4]. „בינה ודעת — גם בם מגרעת“, דעם מענטשנס וויסן באַשטייט פּאַקטיש בלויז אין דעם, וואָס מען איבערצײַגט זיך, אַז מען קאָן ניט באַגרײַפן ניט דעם באַשאַף, ניט דעם באַשעפער. אַלס אָנהענגער פון מיימוני, ווייסט ער דאָך, אַז די גאָטהייט קאָן מען נאָר

1 שירי שפת קודש, II, 41—51.

2 דאָרטן, II, 58—61.

3 דאָרטן, I, 62—68.

4 אפילו אין זײַן קריגערישן „אמת ואמונה“ שטרײַכט דער דיכטער אונטער די באַגרענעצטקײַט פונם שכל, און אַז ניט שטענדיק קאָן מען זיך אויף אים פאַרלאָזן, ווי אויף דעם ריכטיקן וועגפירער (דאָרטן, 86—98).

באקליידן מיט נעגאטיווע אטריבוטן 1, מיט דעם, וואס ער איז נישט, ער גופא איז אבער אומבאגרייפליך און אומפאסבאר... „כִּי דֵעַ הָאֵל מִמֶּנּוּ גָבֹהַּ — ניט באגרייפן קען דער מענטש, וואס איבער אים איז פאראן. מיר וויסן בלויז, אז אלץ איז איין איינהייט, „אַךְ מה האחד? אִישִׁים הַנְּבָאו!״ * (I, 68) און דער דיכטער קומט אין זיין ליד: „מהלל אֵל (דער גאט-לויבער) 2 צום אויספיר: מיין גייסט האט אלץ געזוכט און לײדיק צוריקגעקומען. פאר דעם גאט, וואס פארבארגט זיך, טוט זיך אויך מיין נשמה פארבארגן. ווען לויבן הייסט פארשוועכן, איז דאס בעסטע שווייגן״...

אינם „אמת ואמונה״ קעמפט דער משכיל לעבענזאן פארן „אמת״, וואס באלייכט די גאנצע וועלט און איז דער איינציקער באגלויבטער וועג-פירער; אבער אינם ליד „מבקש אמת״ (I, 131—132) שטייט דער „אמת-זוכער״ פול מיט יאוש און ספקות: ווער זעט דען דעם אמת, זיין געזיכט איז דאך אונטער א שלייער באהאלטן! גם אני מי אני? הה, מי רִמָּנִי!.. מאכטלאז איז דער פארשטאנד אונז צו אנטפלעקן דעם סוד פון פאטער-גאט (קצרה יד הדעת שם בגבוה לעשות לנו הה! גם אב ואלוה). און איבער אלע עקן פונם אוניווערזום הערט זיך בלויז איין אויסגעשריי: „אי אב לנו, אַן יוצר אֱלֹהַּ? 3 און ווייל דער פארשטאנד איז ניט אימשטאנד אן ענטפער צו געבן, קומט די אמונה און טוט דעם פארשטאנדס ארט פארנעמען (תשלח האמונה ותכהן תחתנה) 4. דער דיכטער געפינט אבער, אז אויך די אמונה קאן קיין באפרידיקנדיקן ענטפער ניט געבן, די אמונה פארזיכערט, אז גאט איז א „אל רחום וחנון״, „איז ער טאקע א ליטזעליקער דערבארמדיקער פאטער״? דער דאזיקער פראגע ווידמעט

---

1 זע אונזער ווערק, I, 205.

* אָבער וואָס איז די איינהייט — דערגייט איר מענטשן!

2 שירי שפת קודש, II, 6—7.

3 דארטן, 15 (ווער איז אונזער פאטער, ווו איז דער, וואס האט דאס אלץ בעשאפן).

4 כאראקטעריסטיש איז דערביי פאלגנדיקע שטעלע אין „הדעת והמות״;

כי לו עין האדם היתה צופיה
תכלית דעת שַׁדַּי חָכְמַת עושהו,
אז גם מבלי דָת יָדַע תּוּשִׁיָּה (וואלט דעם מענטשנס אויג געקאנט אריינדרינגען אין די טיפענישן פון גאטס וויסן און דעם באשעפערס חכמה, וואלט דער מענטש אויך אן דעם דת א זכרע שטיצע געפינען).

דער דיכטער א גרויסע פּאָעמע פון גאַנצע הונדערט זעקספּערזיקע סטראָפן „החמלה״ 1.

די „חמלה״ (בּאַרעמהאַרציקייט) האָט איבער דער וועלט געוואַנדערט, און צעבּראָכן, פול מיט יאוש האָט זי זיך פון דעם וואַנדער אומגעקערט. אין גאַנצע פיר קאַפּיטלעך גיט זי איבּער די אַלע שרעקן, וואָס זי האָט אויף דער וועלט געזעען. אינם ערשטן קאַפּיטל דערציילט זי וועגן דעם רויב און בּלוט-פאַרגיסן, וואָס הערשט צווישן די אַלע בּאַשעפעניש, וואָס לויערן אין די וועלדער, גריבּלען אין דער ערד, פליען אין דער לופט און ווידמען זיך אין געוויסער. איבּעראַל האָט זי געזעען רק, ווי „בֵּ׳ן שְׁנֵי טורפים חַלָלִים יצעקו״ *. אינם צווייטן קאַפּיטל ווערט געשילדערט דאָס אומרעכט און אכזריות, וואָס מענטשן בּאַגייען בּנוגע גאָטס בּאַשעפענישן. אינם דריטן קאַפּיטל ווערט אין שטאַרקע סטראָפן בּלויזגעשטעלט דאָס גרויסע סאָציאַלע אומרעכט, וואָס הערשט אין דער מענטשליכער געזעלשאַפט, ווי מענטשן פאַרקויפן זייערע אייגענע בּרידער, ווי בּהמות און שאָף:

הַכִּבְהֵמוֹת שָׂדַי יִמָּכֵר שָׁם גֶּבֶר?
אִם כַּכֶּבֶשׂ יֻצַּג עַל שׁוּק וָשַׁעַר?
הַיְבֻקַּר כַּבָּקָר אִם יֶשׁ בּוֹ שֶׁבֶר?
הַיָעֳמַד שָׁם עָרוֹם כְּחַיָּתוֹ יָעַר —

ווי אײַנגעטונקט אין בּלוט און רשעות איז די וועלט. דער אומפאַנגרײַכסטער קאַפּיטל איז דער פערטער. דאָרט קערט זיך דער דיכטער אום צו זײַן אָנגעווייטיקטער טעמע: וועגן דער טראַגיק פון דעם מענטשנס לעבן, וועגן דעם שרעקן פון דעם מאַוימדיקן טויט מיט זײַנע פיל אויגן (המות הנורא רב העינים), וועגן דער גרויזאַמקייט פון דעם שיקזאַל, וואָס רודפט אָן אויפהער דעם מענטשן. און די חמלה גיסט אויס איר טיפן טרויער אין יאָמערנדיקע סטראָפן:

הוֹי תֵּבֵל בֵּית אֵבֶל, הוֹי גֵיא הַבָּכִי!
נַהֲרוֹתַיִךְ דִּמְעָה וַעֲפָרֵךְ אֵפֶר אאז״וו.

ווי אין דעם שלוס-טייל פונם ספר „איוב״, אַזוי אויך אין שלוס-קאַפּיטל פון לעבענזאָנס פּאָעמע, טוט גאָטס שטימע פון דער הייך דערשאַלן, און ענטפערט דער חמלה אויף אירע קלאָגן. נאָר הערנדיק דעם

1 שירי שפת קודש, II, 165—200.

* ווי צווישן די ציין פון די פאַרצוקטע טוען די פאַרטיליקטע שרײַען.

ענטפער, דערמאָנט מען זיך ניט ווילנדיק אין היינעס באַוווסטן שלום־פערז: „אַבער איסט דאַס איינע אַנטוואָרט?" און טיף געבויגט ענטפערט הכנעהדיק די חמלה: „געוויס ווייס איך איצט, אַז דו ביסט אַן אֵל צדק, און שווײַגן מוז מײַן מויל". און פול מיט טרויער רופט זי אויס: „ווי שרעקליך איז אײַער בראָך, איה, וואָס רוט אין דער נידער! אַזוי האָט באַשלאָסן דער אייבערשטער, וואָס רוט אין די וואָלקענס" 1.

דער דיכטער וויל זיך אָבער ניט באַפרידיקן מיט דעם דאָזיקן באַשלוס און וויל אויך ניט שווײַגן, ווי די הכנעהדיקע חמלה. ער שליידערט זײַן שטורמישן פּראָטעסט אין די צאָרניקע סטראָפן פון זײַן „המתאונן" 2, וואָס איז די קרוין פון זיין גאַנצן שאַפן. אפילו לעבנזאָגנבעסטע פּאָעטישע שאַפונגען לײַדן ניט ווייניק פון דעם, וואָס זייער באַשעפער ווייסט ניט פון „סוד הצמצום". אין זײַן „החמלה", „הדעת והמות" און בפרט אין זײַן גרויסער עלעגישער פּאָעמע „מיכל דמעה" ווערן ניט זעלטן שטאַרקע, פּראַכטפולע סטראָפן פאַרוואָסערט מיט מליצישער רעטאָריק. דער „המתאונן" איז פרײַ פון דעם חסרון. אַלע סטראָפן זײַנען, ווי פון איין שטאָלענעם גוס. מיט פאַקנדיקער געוואַלט רײַסן־מיט דעם לייענער אָט די שטורמישע צאָרנדיקע פערזן, וואָס אָטעמען מיט אַזוי פיל האָפענונגסלאָזן יאוש. אַ פּראָזאַישע איבערזעצונג איז ניט אימשטאַנד צו געבן אַ באַגריף וועגן דער געוואַלדיקער מאַכט פון אַזעלכע סטראָפן:

לוּ אֵדַע כִּי יהרוס קוֹלִי בְּכֹחַ
תֵּבֵל וּמְלוֹאָהּ גַּם צִבְאוֹת שָׁמַיִם,
אָז תֵּתִּי קוֹל גָּדוֹל: „הָבוּ מָנוֹחַ!"
וּלְתוֹהוּ אָשׁוּבָה עִם כָּל הַחַיִּים.
כִּי הַחַיִּים יוֹדְעִים יִבְלָעֵם קֶבֶר
אַחֲרֵי שָׂבְעָם עָמָל וּמַר עַצֶּבֶת;
וּבְעוֹדָם עוֹד יִרְאוּ, כִּי חַיֵּי גֶבֶר
רָצִים כִּבְרָקִים לִפְנֵי רַעַם מָוֶת.

אִם תִּסְפּוֹר יָמֶיךָ תִּסְפּוֹר אֵידֶיךָ
כִּי מֵאֵיד אֶל אֵיד לִרְגָעִים נֶהְדַּפְתָּ.
בֵּן יוֹם הִוָּלְדְךָ אַף בֵּן כָּל חֲלָדֶיךָ
בֵּן תִּזְקַן בֵּן תִּגְוַע הָהּ! בֵּן נִרְדַּפְתָּ...

1 שירי שפת קודש, 200: אֱנוֹשָׁה מַכַּתְכֶם, הה שׁוֹכְנֵי שָׁפֶל
כֵּן חָרַץ עֶלְיוֹן הַשּׁוֹכֵן בַּעֲרָפֶל!

2 דאָרטן, I, 45 – 50



אד"ם הכהן לעבענזאָן



מיכה יוסף לעבענזאָן (מיכ"ל)

דעם מרה־שחורהדיקן דיכטער, וואָס האָט זיך אַזוי פאַרן טויט געשראָקן, האָט דער טויט זייער לאַנג געשוינט. איבערזעטיקט מיט יאָרן איז דער אַלטער לעבענזאָן פון דער וועלט געגאַנגען (אין סוף 1878), אַנדערש איז געווען דער גורל פון זיין זון מיכה יוסף. ווי אַ גלענצנדער מעטעאָר האָט ער אין דער יונגער העברעישער פּאָעזיע אויפגעשיינט — און גלייך פאַרשווונדן, דער טויט האָט די צאַרטע בלום צעטראָטן...

צוויי פּרויען־געשטאַלטן זיינען ביי דעם דיכטערס וויג געשטאַנען: די ליכטיקע געטין פון געזאַנג און — די טרויעריקע טאָכטער פון ליידן און זאָרג. פעסט געאָרעמט האָבן זיי געטריי באַגלייט דעם אומגליקלעכן דיכטער זיין קורצן לעבנסוועג און אים באַגאָסן מיט ווונדערבאַרן חן און שיינקייט...

שוין אין די קינדער־יאָרן האָט דער צוקינפטיקער דיכטער די לייכטנדיקע שטערן אין פערזן באַזונגען, און טאַקע שוין דעמאָלט האָבן זיך באַוויזן די ערשטע סימפּטאָמען פון דער אומהיילבאַרער שווינדזוכט־קראַנקהייט. אין דעם קרענקליכן קערפּער האָט אָבער געלעבט אַן אומ־שטילבאַרער וויסנס־דורשט. דער פֿאָטער האָט אים געקאָנט געבן בלויז גרינדליכע ידיעות אין דער העברעישער ליטעראַטור און איר שפּראַך, נאָר אַליין, אַדאַנק אייגענעם פלייס, האָט דער יונגער דיכטער געלערנט די דייטשע שפּראַך, אויך פראַנצויזיש, פּויליש און רוסיש. אויפגעצויגן אינם הויז פון איינעם פון די „אבות ההשכלה", איז דעם יונגן דיכטער שוין ניט אויסגעקומען צו קעמפן פאַר „אויפקלערונג" און מורא צו האָבן פאַר רדיפות מצד די „מורדי אור". אין דעם פאָריקן טייל פון אונזער ווערק (זע 7טער בוך, ז' 138) האָבן מיר גערעדט וועגן די פּאַסיוו־גריבלענדיקע נאַטורן צווישן די גאַליציאַנער משכילים, ביי וועלכע עס האָט געפעלט דער פּאַרטייאיש קריגערישער אימפּעט און עס האָט ביי זיי דאָמינירט די סענטימענטאַל־ראָמאַנטישע שטימונג. אויך אינם טרוקענעם לומדישן ווילנע האָט זיך געלאָזט באַמערקן די דאָזיקע שטימונג. געוועזענע ישיבה־בחורים, הייסע אָנהענגער פון דער „השכלה בת השמים", האָבן מיט פאַרחלומטע אויגן שפּאַצירט איבער די שיינע מיט וואַלד באַוואַק־סענע בערג אַרום ווילנע, און מיט סענטימענטאַל־טרויעריקע מאָטיוון געזונגען לעטעריסעם „יונה הומיה" און אדם הכהנס „התמורה", „החמלה" און אַנדערע לידער. דעם בעבודסטן פּלאַץ צווישן זיי האָט פאַרנומען מיכה־יוסף לעבענזאָנס געליבטער פריינד קלמן שולמאַן 1, אין וועלכן

1 געבאָרן אין 1826, געשטאָרבן אין 1899.

דער ווילנער משכּילים־קרײַז האָט געזען דעם פּאָרטזעצער און גײַסטיקן יורש פון מרדכי אהרן גינצבורג [1]. שולמאַן איז ווירקליך געווען דער פּאָרטזעצער פון גינצבורגס ליטעראַרישער אַרבעט. ער האָט קאָמפּילירט און איבערגעזעצט פיל היסטאָרישע ווערק „על טהרת הקודש" [2]. זײַן שפּראַך אונטערשיידט זיך אָבער שטאַרק פון גינצבורגס. יענער האָט זיך געפּליסט צו שאַפן אַ מאָדערנעם פּראָזע־סטיל, שולמאַן האָט אָבער געשריבן אַ מליצישן ביבל־סטיל שטאַרק געווירצט מיט אָריענטאַלישע מעטאַפאָרן.

די פרײַנדשאַפט, וואָס האָט געהערשט אין דעם דאָזיקן יוגנט־קרײַז האָט געטראָגן אַ באַזונדער ראָמאַנטיש־סענטימענטאַלן כאַראַקטער, וואָס האָט געפונען אַ געוויסן אָפּקלאַנג אין דער אויפגעהיטער קאָרעס־פּאָנדענץ [3]. ניט ווייניק האָט דערבײַ מיטגעהאָלפן די וואונדערבאַרע צאַרטע געשטאַלט פון דעם יונגן, קראַנקן דיכטער, וועמעס ערשט געדיכט, וואָס ער האָט געשריבן, איז געווען דער „פרײַנדשאַפט" געוויד־מעט. אפילו גאַנץ ווייניק ראָמאַנטיש געשטימטע נאַטורן פלעגן מיט צענדליקער יאָרן שפּעטער דערמאָנען זייער באַקאַנטשאַפט מיטן פאַר־שטאָרבענעם דיכטער מיכה־יוסף לעבענזאָן, ווי וועגן אַ שיינעם פּאָעטישן יוגנט־טרוים, באַשײַנט מיט די צאַרטעסטע זילבערשטראַלן. בײַ אַלע זיינע באַקאַנטע איז דער קראַנקער דיכטער געבליבן אײַנגעקריצט אין זכרון, ווי איינע פון די דערשײַנונגען, וועגן וועלכע דער רוסישער דיכטער האָט געזונגען:

Они не созданы для мира
И мир не создан был для них...

באַזונדערס שטאַרק איז געווען דער פרײַנדשאַפט־בונד צווישן דעם דיכטער לעבענזאָן און קלמן שולמאַן. כאַראַקטעריסטיש איז פאָלגנדיקער פּרט. שפּאַצירנדיק אין דעם שיינעם וואַלד, וואָס אַרום ווילנע, האָבן אַמאָל די צוויי יוגנט־פרײַנד אַן אָפּמאַך געשלאָסן, אַז ווער פון זיי ביידע

---

1 כנור בת ציון, 70: ובמקום גינצבורג שולמאַן לך יהי.

2 צווישן זיי: וועבערס וועלט־געשיכטע אין 9 בענד (דברי ימי עולם, 1867—1884); תולדות חכמי ישראל אין פיר טייל (לויט גרעץ); מלחמות היהודים (נאָך יוסף פלאַוויוס) אין 2 טייל.

3 כאַראַקטעריסטיש איז, אַשטייגער, שולמאַנס בריוו צו ש. ןק״שן (אין פלאַפּינס „קסת הסופר" 81—83): ילעגו המלעיגים עָלַי בלעג מעוג, ואני נתָמי אחזיק, כי נשמות בני אדם האצילות, ממקום קדוש אחד וממקור חיים אחד יהלכון אף אם תפרדנה בארץ הזאת בשתי קצָית, תָסלנה מסִלות למו תעופפנה על כנפי רוח עד אשר תשובנה ותתלכֵדנה יחד, רגשותיהן תשתפֵכנה אשה אל אחותה ותהיינה לנפש אחת.

עס וועט פריער גיין פון דער וועלט, וועט ער דעם נעכסטן שבת אויף דעם זעלביקן פּלאַץ פּאַר זײַן פאַרלאָזענעם פרײַנד דערשײַנען, בכדי צו באַווײַזן, אַז די פרײַנדשאַפט איז שטאַרקער פונם טויט, און אפילו אויף יענער וועלט האָט ער אין זײַן פרײַנד ניט פאַרגעסן. באַלד נאָכ־דעם איז מיכה יוסף געשטאָרבן, און קלמן שולמאַן האָט פאַרזיכערט, אַז אין אייניקע טעג אַרום האָט זיך טאַקע אויפן באַשטימטן אָרט פאַר אים באַוויזן די געשטאַלט פונם פאַרשטאָרבענעם דיכטער.

נאָך צו נײַנצן יאָר שרײַבט דער קראַנקער דיכטער זײַן פרײַנד שולמאַנען אַ בריוו, וואָס טראָגט אַלס מאָטאָ היינעס באַקאַנטע פערזן:

> איזט דאָך זיסס דיע לעבענסגאַבע,
> אַבער אונטען איסט עס גרויזיג *
> אין דעם דונקעלן, קאַלטען גראַבע.

„ס׳איז האַלבע נאַכט — שרײַבט דער דיכטער — אַלע שלאָפן שוין, נאָר איך איינער קאָן ניט שלאָפן. מיך לאָזט מײַן קראַנקהייט ניט רוען... איך ווייס — אומהיילבאַר איז מײַן קראַנקהייט, עס לויערט שוין אויף מיר דער טויט... איך זע מיך שוין ליגן אויפן טויטן־בעט, איך הער דאָס געוויין פון מײַנע עלטערן, פון מײַן ברודער, שוועסטער און פרײַנד. איך זע זיך שוין אין קבר ליגן און איבער מיר הערט זיך דאָס ביטער געוויין. איך זע פאַר מיר די לעצטע בליקן, מיט וועלכע מײַנע עלטערן געזעגענען זיך מיט מיר אויף אייביק. איך זע, ווי די האַנט, וואָס שרײַבט אַט איצט, ווערד פון ווערם דורכגעפרעסן, און דאָס האַרץ און דער מוח צעפוילן און צעפאַלן... אָך, ווי שרעקליך איז דער טויט, און ווי זיס דאָס לעבן!... איך האָב אַלץ געמיינט: איך בין שוין גרייט צום טויט... נאָר שטאַרבן אַזוי יונג, פאַרלאָזן די וועלט צו נײַנצען יאָר... און מײַן האַרץ איז נאָך אַזוי פול מיט לעבנסלוסט, מיר איז אַזוי ליב און טײַער דאָס ליכט פון דער זון. איך דורשט מיך אָנזעטן מיט אַלע לעבענספריידן, איך וויל די גאַנצע וועלט אומאַרמען, אַלץ זען און געניסן; לעבן וויל איך, לעבן! נאָר שלאַבריג זײַנען מײַנע הענט, דער פיבער ברענט אין אַלע מײַנע גלידער. מיר פעלט אויס דער אָטעם — אָט זע איך אים, דעם טויט, ווי ער לויערט אויף מיר. ער טרעט צו אַלץ נעענטער, נאָך עטליכע טעג — און ער קומט, דער טויט, ווי שרעקליך!״ [1]...

---

* גרויזיג — מאוימדיק, שרעקליך.

1 שירי שפת קודש, II, 248—255.

אין אַזאַ שווערן געראַנגל האָט דער קראַנקער דיכטער געטרוימט און געשאַפֿן. אין דעם זעלביקן יאָר, ווען ער האָט דעם אָקערשט ציטירטן בריוו געשריבן, האָט ער פֿון שילערס דײַטשער איבערזעצונג איבערגעזעצט אויף העברעיִש דאָס דריטע און פֿערטע בוך פֿון ווירגיליוס׳ עפּאָס „ענעאידע״, אונטערן נאָמען „הריסות טראָיאַ״. אין דער דאָזיקער איבערזעצונג (פֿאַרעפֿנטליכט אין 1849) פֿילט זיך שוין די מײַסטערהאַנט פֿון אַן אמתן דיכטער, און די באַשרײַבונג פֿון טראָיאַס אומקום איז אין לעבנזאָנס איבערזעצונג באַדײַטנדיק שטאַרקער ווי בײַ שילערן. דער „הריסות טראָיאַ״ האָט אַרויסגערופֿן באַוווּנדערונג ניט בלויז אין די משכּילישע קרײַזן, נאָר אויך בײַ די אויסלענדישע געלערנטע און פֿאַרשער. אין 1849 איז דער קראַנקער דיכטער אַוועקגעפֿאָרן קיין בערלין זוכן הילף בײַ די דאָרטיקע פּראָפֿעסאָרן. יענע האָבן אים געשיקט זיך היילן קיין זאַלצברונען. דערנאָך האָט ער פֿאַרבראַכט אַ ווינטער אין בערלין, און דעם צווייטן זומער אויף אַ קוראָרט. די אָנדערהאַלבן יאָר, וואָס ער האָט פֿאַרבראַכט אין אויסלאַנד, האָבן זײַן קערפּער קיין היילונג ניט געבראַכט און זײַן קראַנקהייט האָט נאָך שטאַרקער פּראָגרעסירט, דערפֿאַר אָבער גײַסטיק איז דער דיכטער באַדײַטנדיק אויסגעוואַקסן. ער האָט געהערט פֿילאָזאָפֿישע פֿאַרלעזונגען בײַם אַלטן שעלינגן, האָט זיך באַקאַנט מיט צונצן און באַפֿרײַנדעט מיט דעם טיכטיקן געלערנטן שניאור זק״ש. זיי, וואָס זײַנען געווען באַקאַנט מיט זײַן „הריסות טראָיאַ״, האָבן אים געראַטן פֿאַרלאָזן די „פֿרעמדע מוזען״ און זינגען נאַציאָנאַלע לידער. דאָס זעלביקע האָט אים אויך געראַטן אין זײַנע בריוו שמואל דוד לוצאַטאָ. דער יונגער דיכטער איז געווען ממש באַרוישט פֿון דער גרויסער שפּע נײַע אידעען, מיט וועלכע ער האָט זיך באַקאַנט אין דער פּרײַסישער רעזידענץ־שטאָט. מיט יוגנטליכן איבערמוט דערקלערט ער אין איינעם פֿון זײַנע בריוו: „איך האָבע קיינע רעליגיאָן! מײַן ברודער — די מענשהייט! די וועלט מײַן פֿאָטערלאַנד! מײַן רעליגיאָן — די טוגענד״ [1]. צו דער זעלביקער צײַט אָבער בעת דער דיכטער איז באַרוישט פֿון דעם באַוווּסטזײַן, אַז די גאַנצע וועלט איז זײַן פֿאָטערלאַנד, שאַפֿט ער זײַנע וווּנדערבאַרע נאַציאָנאַלע לידער אויף דער נאַציאָנאַלער ביבל־שפּראַך „שירי בת ציון״ [2].

אוים זעקס לירישע פּאָעמען באַשטייט דאָס דאָזיקע ווערק (שלמה, קהלת, נקמת שמשון, יָעֵל וסיסרא, משה על הר העברים, ר׳ יהודה

---

1 יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ, 1914, 269.

2 אין 1859 האָט יהושע שטײַנבערג איבערגעזעצט אויף דײַטש אַלע פּאָעמען פֿון „שירי בת ציון״. אויף פֿראַנצויזיש זײַנען איבערגעזעצט די פּאָעמען „שלמה״ און „קהלת״. אויף רוסיש די פּאָעמע „יהודה הלוי״.

ה״וי) און אַלע אַטעמען זיי מיט דער ראָמאַנטישער ליבע צום היסטאָ־
רישן לאַנד פון דער ביבל, צום לאַנד, וואָס איז, לויט דעם דיכטערס שיל־
דערונג, „די פּערל־קרוין פון דער באַשאַפונג, דער סימבאָל פון שיינקייט
און גרויסקייט, ווו יעדער שטיין איז אַ בוך, און יעדער פעלז — אַ טאָוול
פון געשיכטע״:

בכלילת יופי זו אֶרֶץ הַשִּׁירָה
כל אבן ספר, כל סלע הוא לוּחַ,
ובנזר היקום היא אבן מזהירה...

מיר האָבן שוין אין ערשטן באַנד אָנגעוויזן 1, ווי אין די אויגן
פון גרעסטן מיטלאַלטערליכן ייִדישן דיכטער, יהודה הלוי, איז „ציון״
געווען ניט נאָר דאָס היסטאָרישע לאַנד פון זיינע אָבות. פאַר זיין
פּאָעטישן גייסט, וואָס איז געוווינט געווען צו פאַרקערפּערן דאָס ריין
אידעאַלע און אַבסטראַקטע אין פּלאַסטישע און קאָנקרעטע פאָרמען,
זיינען די בערג פון יהודה געוואָרן דער סימבאָל, די עמבלעמע פונם
שענסטן און דערהייבנסטן, „דאָס האַרץ פון דער וועלט״, נאָך וואָס עס
האָט געבענקט און געחלומט זיין פּאָעטישע נשמה. אויך בײַ אונזער יונגן
דיכטער, וואָס איז געבאָרן אין די ענגע, קויטיקע געסלעך פון ווילנע,
איז „ציון״ געוואָרן דער לײַכט־טורם, דער בלענדנדיקער סימבאָל פון זיינע
פּאָעטישע טרוימען. און עס איז בכלל ניט קיין צופאַל, וואָס די שענסטע
פּאָעמע אין „שירי בת ציון״, די קרוין פון זיין שאַפונג איז „ר׳ יהודה הלוי״.
לעבנזאָן איז ניט קיין עפּיקער, נאָר אַ פּראַכטפולער ליריקער. אין דעם
טרויער און בענקען פון דעם גרויסן קאַסטיליער באַזינגט ער די טרוימען
פון זיין אייגענער נשמה. די פּאָעטישע תּפילה־שטימונג פון דעם דיכ־
טער־פּיליגרים בעת ער דערגרייכט דעם ציל פון זיינע טרוימען:

אֶרֶץ כָּל אֶבֶן בָּהּ מִזְבֵּחַ אֶל חַיִּים
כָּל סֶלַע מַעֲמָד לְנָבִיא אֶל גְּבוֹהִי

דער טיפער וויי, וואָס אומפאַסט דעם דיכטער, בעת ער זעעט,
וואָסערע טרויעריקע רוינען עס שטעלט מיט זיך פאָר אין דערווירקליכ־
קייט דער שענסטער אידעאַל פון זיינע טרוימען; די ווונדערבאַרע מוזי־
קאַלישקייט פון דעם סטראָפן־בוי, די עלעגיש־לירישע אַקאָרדן, וואָס
קלינגען אין יעדן פערז, — דאָס אַלץ גיסט זיך צונויף אין איין האַרמאָ־
נישער גאַנצקייט פון הויכער פּאָעטישער קונסט, מיט טיפן בענקען נאָך

1 ערשטער באַנד, 138—139.

ציון אלס העכסטן ציל און אידעאל, איז אויך דורכגעדרונגען די פּאָעמע „משה על הר העברים". אין צאַרטע, עלעגישע סטראָפן שילדערט דער דיכטער די טיפע לעבנס-דראַמע פון דעם גרויסן פאָלקס-פירער, וואָס האָט זיין גאַנצן דור באַגראָבן אין די זאַמדן פון די מדבריות, ביז ער האָט ענדליך דערגרייכט דעם ציל פון זיין ליידנפולן לעבן. פון דעם שפּיץ באַרג נבו זעט ער שוין דאָס לאַנד פון זיינע שענסטע חלומות. נאָר שטרענג איז גאָטס פאַרבאָט: „לא תבוא שמה" — דאָס לאַנד פון דיינע טרוימען דאַרף דיין פוס ניט באַטרעטן. און דער מעכטיקער פירער ברעכט צוזאַמען. דאָרט אויפן שפּיץ באַרג ליגט ער אין זיין אייביקער רו — „ונטויה עוד עינו לירושלים", און זיין אויג איז געווענדעט צו ירושלים.

ווי די פּאָעמע „יהודה הלוי", איז אויך מיט פּערזענליכע איבער-לעבונגען דורכגעדרונגען די באַרימטע פּאָעמע „שלמה", וווּ ער שילדערט אויפן פּראַכטפולן פאָן פון דער פילפאַרביקער אָריענטאַלישער נאַטור די ליבע פון דעם יונגן בן מלך און דיכטער צו דער שאָף-הירטין שולמית. „לשלמה בן דוד הוא שיר השירים" — מיט דעם פערז פאַר-ענדיקט זיך די פּאָעמע. ס'איז אָבער פאַקטיש ניט שלמה בן דודס ליבע-געזאַנג, — דאָס באַזינגט דער יונגער דיכטער זיין אייגענע יוגנט, זיין אייגענעם פרילינג און ליבע-אַנטציקונג, באַזינגט אין אַזוינע בילדער, אין אַזוינע אין דופט און טוי געטובלטע סטראָפן, וואָס זיינען שוין זינט לאַנגע דורות ניט געהערט געוואָרן אין דער העברעישער פּאָעזיע.

אלס אַנטיטעזע צו דער פּאָעמע „שלמה" האָט געזאָלט זיין די צווייטע פּאָעמע „קהלת", ווּ דער קראַנקער דיכטער, וואָס הערט שוין אונטער זיך די האַסטיקע טריט פונם באַלדיקן טויט, שילדערט שלמהן אויף דער עלטער, אין דער געשטאַלט פון דעם סקעפּטיקער קהלת מיט זיין יאוש-פולער סענטענץ „הבל הבלים, הכל הבל". די דאָזיקע פּאָ-עמע איז דעם דיכטער ווייניקער געראָטן. עס פילט זיך דאָ די השפּעה פון לעבנזאָן דעם פאָטער און זיין פּאָעמע „הדעת והמות". די פּאָעמע „קהלת" איז ביים דיכטער מער **דורכגעטראַכט**, ווי דורכגעלעבט.

דאָס וואָס ס'איז דעם דיכטער ניט אינגאַנצן געלונגען אין זיין „קהלת", האָט ער גלענצנדיק דערגרייכט אין זיין ווייטערדיקן ציקל לידער. נאָכדעם, ווי ער האָט זיינע „שירי בת ציון" פאַרענדיקט, שרייבט לעבנזאָן זיין פריינד שניאור זק״ש: „איך האָפּ דען קינפטיגען ווינטער גראָבעם צו ליפערן; איך קאַן איהנען ניכט זאגען, וועלכע אונענדליכע

פּאָעטישע פּלאָנע מיין געהירן ערפילען אונד וואָללטע איך יעצט, זאָ קאָנטע איך באָנדע פּילען — אבער עס האט צייט״ [1].

צייט איז שוין אָבער לידער גאנץ וויניק געבליבן. די קראנקהייט האט שנעל פּראָגרעסירט. דאָך האט ער נאָך באוויזן אָנצושרייבן אַ גאנצע גרופּע פּראַכטפולע לירישע לידער: „אהובה עזובה״, „יום הולדת אהובתי״, „אחות לנו״, „האוהב הנשבע״, „החלירע בעיר בערלין״, „חַג הָאָבִיב״ א״אַ [2]. אָט די אַלע איינצלנע לידער בילדן צוזאַמען אַן איינהייטליכע פּאָעמע, אין וועלכער עס ווערט איבערגעגעבן מיט גרויסער פּאָעטישער קראַפט די טיפע ליידנס־דראַמע פון דעם קראנקן צוויי־און־צוואַנציק יאָריקן דיכטער, איבער וועמען עס פלאַטערט שוין דער שאָטן פונם טויט, בעת זיין הארץ איז נאָך איבערפולט מיט אומשטילבאַרן דורשט נאָך לעבן, ליכט, גליק און פריידיקן געלעכטער. די הייסע ליבע צו דער שיינער יונגער חַנה, די פילפאַרביקע נאַטור־שילדערונגען פלעכטן זיך צונויף מיטן שמאַרצפולן באוווסטזיין, אַז די שפּיל איז אויס, און שוין שטרעקט אויס נאָך אים דער טויט זיין פּראַסטיקע אומאַרעמונג. אַ באַזונדערס שטאַרקן רושם מאַכט זיין וווּנדערבאַר ליד „חַג הָאָבִיב״. אין דעם ליכטיקן פרילינג־יום־טוב שפּאַנט דער קראַנקער דיכטער איבער די רוישנדיקע גאַסן פון בערלין. איבעראַל הערט זיך פרייד און געלעכטער, נאָר ער, דער טויט־קראַנקער דיכטער, גייט מיטן יאוש אין הארצן, ווו אַלץ איז אָפּגעשטאָרבן, „ווי אין אַ וואַלד נאָך אַ שטורעם, ווי אַ צעבראָכענע שיף, וואָס דער ים־שטורעם האט צעשמעטערט״ (כַּצִּי אַחֲרֵי נפל אל ים הסערות). „אַך, ווי שרעקליך איז צום קבר צו שלייכן, ווען דאָס הארץ איז איבערפולט מיט לעבנסלוסט!״ — רופט אויס דער דיכטער. און דאָס ליד פאַרענדיקט זיך מיטן יאושפולן אויסגעשריי: ארור המות! אֲרורים החיים! — פאַרשאָלטן דער טויט, פאַרשאָלטן דאָס לעבן! [3]

אַ צעבראָכענער, אַ נוטה למות, האט דער קראַנקער דיכטער צוריקגעקערט קיין ווילנע. ער האט געוווּסט — זיינע טעג זיינען שוין געציילטע. און הכנעהפול שרייבט ער זיין לעצט שוואַנען־ליד „התפלה״ [4].

---

1 יעווריסקאַיאַ סטאַרינאַ, 1914, 269.

2 די דאָזיקע לידער האָט דער דיכטער געזאַלט ארויסגעבן אין אַ ספּעציעלער זאַמלונג „שושנים וחוחים״ (זע יעווריסקאַיאַ סטאַרינאַ, 1914, 273). מחמת דעם דיכטערס פריצייטיקן טויט, איז די דאָזיקע זאַמלונג ניט דערשינען. מיכה יוספס ניט פאַרעפנטליכטע לידער האָט זיין פאָטער דערנאָך ארויסגעגעבן אין אַ ספּעציעלער זאַמלונג „בנור בת ציון״ (1870).

3 כנור בת ציון, 30.

4 דאָרטן, 1—6.

„זיי נעבענטשט, דו תּפלה, דו הארצנס-טאָכטער (בת-הלבבות) — אזוי פֿארענדיקט זיך דאָס דאָזיקע שענע ליד — אויף דיינע פֿליגלען ברענגסטו היילונג פֿאַר יעדענס ליידן; ווי דער טוי, וואָס נידערט פֿון די הימלישע הייכן, שטילסטו דעם מענטשנס האַרץ און ברענגסט היילונג זיין קראַנקער נשמה".

דאָס זיינען געווען דעם דיכטערס לעצטע סטראָפֿן. דעם 27טן שבֿט 1852 איז מיכה יוסף געשטאָרבן ניט קיין פֿולע 24 יאָר אַלט.

דאָס, וועגן וואָס די בעלי „המאספֿים" האָבן געחלומט: שאַפֿן „שיינקייטן" אויף דער ביבל-שפּראַך, — איז ענדלעך מקוים געוואָרן. אַ רייך באַגאַבטער ליריקער פֿון אייראָפּעיִשן מאַסשטאַב איז דערשינען אין העב-רעיִשן טעמפּל-געזאַנג. ליידער האָט ניט לאַנג זיין ליד געקלונגען, און שוין ביי די ערשטע אַקאָרדן האָט עס דער טויט דערשטיקט.

און דאָך האָט דער יונגער דיכטער געהאַט אַ דויערנדיקע השפּעה אויף דער שפּעטערדיקער נייהעברעיִשער דיכטונג. עס האָבן זיך אויך געהערט נאָכקלאַנגען פֿון „שירי בת ציון". די ראָמאַנטישע ליבע צום לאַנד פֿון ציון הערט זיך אויך אין דעם פּאָפּולערן שיינעם ליד, וואָס עס האָט צו יענער צייט פֿאַרפֿאַסט מרדכי האַכמאַן אוים קלעצק:

ציון ציון! עיר אלהינו
מה גדל שִׁבְרֵךְ, מִי יִרְפָּא לָךְ?

ווי לעטעריסעס „יונה הומיה", אזוי האָט מען אויך האַכמאַנס ליד מיט אַ ספּעציעלן מאָטיוו געזונגען [1].

אָבער ניט בלויז אין לידער אזן פֿאָעמען האָט מען ציון באַזונגען. אין דער זעלביקער צייט, ווען מיכה יוסף לעבנזאָן האָט פֿאַרעפֿנטלעכט זיינע „שירי בת ציון", איז אויך געשאַפֿן געוואָרן דער ערשטער העברעיִ-שער ראָמאַן — און אויך ער האָט די „ליבע פֿון ציון" באַזונגען.

„אהבת ציון", — אזוי האָט דער ערשטער נייהעברעיִשער ראָמאַן געהייסן (דערשינען אין 1852). און געשאַפֿן האָט אים אברהם בן יקותיאל מאַפּו.

אברהם מאַפּו איז געבאָרן אין 1807 אין סלאָבאָדקע (אַ פֿאָרשטאָט פֿון קאָוונע) אין דער פֿאַמיליע פֿון אַן אָרימען גמרא-מלמד. אין גרוים דחקות און נויט האָט דער צוקינפֿטיקער שריפֿטשטעלער פֿאַרבראַכט זיינע קינדער-יאָרן. נאָך איידער ער האָט באַקומען די מעגלעכקייט זיך געהעריק צו באַקענען מיטן פּשט פֿונם חומש-טעקסט, האָט אים דער פֿאָטער אַריבערגענומען צו זיך אין חדר און אָנגעשטאָפּט זיין מוח מיט האַרבע

1 זע ביילאַגען, נומ' 6.

סוגיות פון תלמוד. דער קלײנער אברהם איז געווען א צארט נאכגעביק קינד, האט ער געלערנט מיט גרױס התמדה און איז צו זײַן פאטערס פרײד באלד געווארן דער בעסטער תלמיד אין חדר. צו צוועלף יאר איז ער שױן געווען גוט בקי אין א סך מסכתות און דער פאטער האט אים דערלױבט צו לערנען „פאר זיך" אין בית־המדרש צוגלײַך מיט די גרױסע בחורים. באלד האט „אברהמל יקותיאלס" באקומען א שם פון אן „עילוי" און ער האט אלץ געלערנט און געשמאק געהונגערט. עפּעס האט גע־בענקט און געחלומט זײַן הארץ, נאר אלײן ניט געוווּסט, ניט באנומען וועגן וואס. זײַן אײנציקע פרײד און פארגעניגן אין די יונגע יארן איז געווען — נגינה און געזאנג. די טרױעריקע תּפלות־מאטיוון, דער האר־ציקער ניגון, מיט וועלכן מען פלעגט זאגן אין בית המדרש די תּהלים־פּסוקים, פלעגן בײַ אים ארױסרופן טרערן פון התפּעלות. ווען אברהם איז אלט געווארן 15 יאר, האט זײַן פאטער דער למדן געפונען, אז זײַן זון איז שױן ראוי, מען זאל אים אויך באקענען מיט די יסודות הקבלה. פארן פארחלומטן ייִנגל האבן זיך מיט א מאל געעפנט נײַע וועלטן. אויפן ארט פון טרוקענעם פּלפּול און שפּיציקע חריפות האט ער פּלוצלינג דערזעען א פאנטאסטישע וועלט פון דביקות און התלהבות. אים איז געווארן ענג אין די פארמרה־שחורהטע ווענט פון סלאבאדקער בית המדרש. דארט, אין דער לופטיקער רחבות פונם אלעקסאטער בארג, וואס איז ארומ־געגארטלט מיט צווײ טײַכן־געשוויסטער — פון אײן זײַט דער ניעמאן, פון דער אנדערער — די ווילִיע [1], — דארט פלעגט דער יונגער מקובל זיך אומגעשטערט איבערגעבן זײַנע חלומות. אינסטינקטיוו, אומבאוווּסט האט אין אים דערוואכט דער קינסטלער־באאבאכטער; ער וויל ווערן א „רואה ואינו נראה", בכדי צו קאנען וואנדערן איבער די געמארקן פון לעבן, זיך צוקוקן צו דער התנהגות פון די מענטשן, צו זעען, ווי זײ זײַנען אין דער אמתן, אן שום פּאזע, אן פּלערלײ אנשטעלן. מיט א סארקא־סטישן שמײכל פלעגט ער אין די שפּעטערדיקע יארן דערצײלן, ווי אזוי ער האט זיך פארטיפט אין די קבלה־מעשיות, דורכגעמאכט אויפן בארג אלעקסאטי אלע סגולות און השבעות, וואס ווערן געפאדערט, בכדי צו

---

[1] ש. פרידבערג גיט אין זײַנע זכרונות אזא באשרײַבונג פונם אלעק־סאטער בארג: עס איז ווירקליך דא וואס צו באוווּנדערן. באזונדערס שײן איז צו זען די שטאט מיט די בײדע גרױסע טײַכן, דעם ניעמאן און דער ווילִיע, וואס נעמען זי ארום פון בײדע זײַטן און פאראײניקן זיך צוזאמען מיט אירע בײדע פאר־שטעט, פון אײן זײַט די שטעטל אליקסאט, פון דער אנדערער די סלאבאדקע, וואס איז א גרױסער טײל פון דער שטאט זעלבסט. יעדע גאס ליגט פאר די אויגן, מען קאן זען און צײלן די מענטשן, וואס גײען און טרײַבן זיך דארט אום (הויזפרײַנד, I, 1908, 28).

דערגרייכן די מדרגה פון א „רואה ואינו נראה״, און ווי אזוי ער האָט די דאָזיקע מדרגה ניט דערגרייכט...

צו זיבעצן יאָר האָט מען דעם בעל־החלומות חתונה געמאַכט, און זיצנדיק בײַם שווער אויף קעסט, האָט ער צום ערשטן דערפילט דעם טעם פון עסן ברויט צו דער זאַט. דער יונגער בעל־הבתיל, ווערנדיק אַן אָפּטער אַרײַנגייער צום סלאָבאָדקער רב, אליה איירהאַלער, האָט אַמאָל צופעליק באַמערקט אין דעם רב׳ס אַלמער מיט ספרים אַ תהילים מיט לאַטיינישער איבערזעצונג. מיט שטיינענסוועדטן פלײַס נעמט זיך דער יונגער מאַפּו, וואָס האָט אפילו דעם לאַטיינישן אַלף־בית ניט געוווּסט, שטודירן די דאָזיקע איבערזעצונג. ער פּרוּווט לערנען לאַטיין מיט דער הילף פונם העברעישן טעקסט. ער מאַכט דערבײַ אַ טרויעריקע אַנט־דעקונג: ער איבערצייגט זיך, אַז זיינע ידיעות אין דער ביבל־שפּראַך זיינען ניט קיין גענוגנדיקע. נעמט ער זיך צו די מפרשים, און טאַקע צו די, וואָס פאַרנעמען זיך דער עיקר מיטן פשט, מיטן פירוש המלות. דעם שטאַרקסטן רושם מאַכט אויף אים דער ספרדישער גאון אברהם אבן עזרא. אויף אַזאַ מאָדנעם אופן האָט מאַפּו זיך באַקענט מיטן קלאַ־סישן ביבל־טעקסט און איז געוואָרן אויך באַהבנט אין דער שפּראַך פון די אַלטע רוימער. צו דער צייט איז זיין שווער געוואָרן אַ „יורד״. האָט מאַפּו קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט און גענומען זיך צו מלמדות. אַלס מלמד בײַ אַ שענקער אין דאָרף, האָט ער זיך באַקאַנט מיט אַ קאַ־טוילישן גלח, וואָס איז געווען איבערראַשט צו זען אינם יונגן דאָרפס־מלמד אַ לאַטיין־קענער. ער האָט אים געגעבן צו לייענען פאַרשיידענע לאַטיי־נישע קלאַסיקער, צווישן זיי אויך ווירגילי און האָראַץ. דער גלח האָט אים אויך געשענקט אייניקע פראַנצויזישע ביכער. אדאַנק זיינע לאַטיין־קענטענישן איז מאַפּון געווען בערך לײַכט ביי זיין ריזיקער התמדה אויסצולערנען די קרובהשע פראַנצויזישע שפּראַך. פראַנצויזיש איז ביי מאַפּון געוואָרן די באַליבטסטע שפּראַך, און ער האָט אפילו פאַרפאַסט אַ ספּעציעל לערן־בוך, דער „הויזפראַנצאָזע״. ווי מיר זעען, איז מאַפּו געווען דער ערשטער משכיל ניט קיין „בערלינער״, וואָרום די דייטשע שפּראַך האָט ער ערשט אָנגעפאַנגען צו שטודירן מיט דער הילף פון מענדעלסזאָנס חומש־איבערזעצונג שוין נאָכדעם, ווי ער האָט פלײַסיק שטודירט האָראַצן און ווירגילין און מיט גרויס חשק געלייענט די פראַנ־צויזישע ראָמאַנטיקער. נאָך מענדעלסזאָנס חומש־איבערזעצונג נעמט זיך מאַפּו צו קאַנטן. ער פּרוּווט אויך שטודירן העגעלן, נאָר אָן דעם מינדסטן דערפאָלג.

אזוי איז ביסלעכווייז דער עילוי און מתמיד „נתחמץ" געוואָרן און מגולגל געוואָרן אין אַ משכיל. די ערשטע צייט, ווען ער איז צוריק־געקומען קיין קאָוונע, האָט ער זיך געפּלייסט צו האַלטן דאָס בסוד. מען איז אָבער סוף־כל־סוף אין שטאָט געוואָר געוואָרן, אַז „אברהמקי יקותיאלס" איז „נתפּקר" געוואָרן, און מען האָט אים אָנגעפאַנגען רודפן. ווידער ווערט זיין ליבלינגס־אָרט דער שיינער באַוואַקסענער אַלעקסאַטער באַרג. נאָר שוין ניט מיט קבלה־מעשיות, ניט מיט סגולות אויף צו ווערן אַ „רואה ואינו נראה" פאַרנעמט זיך איצט דער משכיל מאַפּו; ער וויל ווערן אַ סופר בישראל, און נעמט זיך שרייבן אַ ראָמאַן אויף דער ביבל־שפּראַך. מאַפּוס ביאָגראַפן [1] ווייזן אָן, אַז שוין דעמאָלט, אין 1830, האָט דער 22־יאָריקער מאַפּו אויפן אַלעקסאַטער באַרג אין דער זומער־בעסעדקע, פונוואַנען נאַפּאָלעאָן האָט צוגעזען, ווי זיינע לעגיאָנען זיינען אַריבערגעפאָרן דעם ניעמאַן, אויפגעשריבן דעם גרעסטן טייל פון דעם ראָמאַן „אהבת ציון" אין זיין ערשטער רעדאַקציע. עס איז אָבער אויסער ספק, אַז די דאָזיקע „ערשטע רעדאַקציע" האָט זייער ווייניק קרבות מיט מאַפּוס ראָמאַן, וואָס איז ערשט דערשינען אין צוויי און צוואַנציק יאָר אַרום. אוים מאַפּוס אַ בריוו צו שניאור זק"שן [2] ווערן מיר געוואָר, אַז נאָך אין 1843 האָט מאַפּוס נאָך ניט פאַרענדיקטע ווערק געטראָגן דעם נאָמען „שולמית", ניט „אהבת ציון". מאַפּו גופא ווייזט אויך אָן [3], אַז ביים בוי פון זיין ראָמאַן מיט זיין קאָמפּליצירטער אינטריגע, מיט די שפּאַנענדיקע אויסערגעוויינליכע עפּיזאָדן, האָט אים געדינט אַלס מוסטער דער פראַנצויזישער ראָמאַניסט אייג'ען סיו (Eugen Sue) מיט זיינע ראָמאַנען „די סודות פון פּאַריז" און „דער אייביקער ייִד", וואָס זיינען אין יענער צייט געווען אַזוי באַרימט און איבערגעזעצט געוואָרן כמעט אויף אַלע אייראָפּעיִשע שפּראַכן. די דאָזיקע דעמאָקראַטיש־אַוואַנטורי־סטישע ראָמאַנען זיינען אָבער ערשט דערשינען אין די 40ער יאָרן פון דעם 19טן י"ה.

אין 1832 איז מאַפּו אַוועקגעפאָרן אויף אַ לערער־קאָנדיציע קיין יורבורג, וואָס ביי דער פּרייסישער גרעניץ. פון דאָרט איז ער אַריבער־געפאָרן קיין ראָסיין, וואָס האָט, ווי ניי־זאָגער, געשמט מיט אירע משכילים. „עיר חכמי לב אוהבי עמם ושפת קדשו", אַטעסטירט מאַפּו די דאָזיקע שטאָט. דאָרט האָט ער זיך באַפריינדעט מיט שניאור זק"שן, וואָס האָט

---

1 זע: ש. פרידבערג אין הויזפריינד, I, 27; ראובן בריינין, אברהם מאפּו", 32.

2 י. לאַפּין, „קסת הסופר", 103.

3 ר. בריינין, ציטירט ווערק, 49.

אויף אים געהאַט א גרויסע השפעה. זיבן יאָר האָט מאַפּו פאַרבראַכט אין ראַסיין, דערנאָך האָט ער פאַרבראַכט א שטיקל צייט אין ווילנע, וווּ ער איז געווען אלס לערער אַנגעשטעלט ביים באַוווּסטן גביר יודל אָפּאַטאָוו. זינט 1848 איז ער געווען אַנגעשטעלט אלס לערער אין דער אין קאָוונע געגרינדעטער ייִדישער רעגירונגס־שול. ער האָט אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן באַקומען סיסטעמאַטישע שטיצע פון זיין יינגערן ברודער, וואָס האָט געפירט די געשעפטן ביים פּעטערבורגער גביר גינצבורג. מאַפּו האָט איצט געהאַט די מעגליכקייט זיך פיל אָפּצו־געבן מיט ליטעראַרישער אַרבעט, און אין 1852 איז ענדליך דערשינען זיין ערשטער ראָמאַן „אהבת ציון״, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר א באַ־שטימטן עטאַפּ אין דער העברעיִשער ליטעראַטור.

דער פאַרפאַסער פון דעם דאָזיקן ראָמאַן איז געווען א גאַנץ אייגנאַרטיקע פּערזענליכקייט. „הוא היה שוטה במילי דעלמא״—שרייבט וועגן אים זיין ביאָגראַף ראובן בריינין 1. „אברָהמל תּם״ פלעגן אים רופן די שטאָט־מענטשן. אין רעאַלע אַלטעגליכע פראַגן און אַנגעלעגנ־הייטן איז ער געווען אומבאַהאָלפן, ווי א קליין קינד. דאָס איז געווען א טיפּישער טרוימער, איינער פון די בעלי החלומות, ביי וועלכע דאָס געוועב פון זייער רייכער פאַנטאַזיע הילט איין די רעאַלע ווירקליכקייט אין דעם שימערירנדיקן שלייער פון דעם גאָלדענעם וווּנדערלאַנד. אָרום אים האָט געווימלט דאָס קליינליכע גרויע לעבן פון אָרעמע קרעמערלעך, פּראַצענטניקעס, בעלי־מלאכות, לופט־מענטשן און סתם קבצנים־דלפנים און ער האָט געשוועבט אין א פאַנטאַסטישער וועלט פון אויסטערלישער פּראַכט און מאָראַלישער שיינקייט. ער איז געזעסן אויפן אַלעקסאַטער באַרג, און געחלומט, אז ער זיצט אויפן הר הזיתים, און די סלאָבאָדקע מיט די שמוציקע געסלעך און אירע אָפּגעריסענע קבצנים איז אין זיין פאַנטאַזיע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין די פּראַכטפולע ציון־שטאָט פון ישעיהו הנביא׳ס צייטן מיט אירע פּאַלאַצן און טורעמס, מיט אירע שיינע גאַסן, איבער וועלכע עס וואַנדערן די גאָטבאַגייסטערטע נביאים, וואָס פּרעדיגן יושר און גערעכטיקייט.

גראָד אין די פערציקער יאָרן פונם 19טן יר״ה האָט אין דער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור זיך באַזונדערס געשטאַרקט די שטרעמונג פון דער אַזוי־גערופענער „דאָרפס־פּאָעזיע״. זשאָרזש זאַנד און מאַקס ביושאַן אין פראַנקרייך שרייבן דאָרפס־ראָמאַנען, גאָטהעלף און אויערבאַך אין דייטשלאַנד שאַפן דאָרפס־געשיכטען. דער גרונד־מאָטיוו פון די דאָזיקע ווערק איז געווען — ערדאַרבעט, די באַליבטע העלדן — ערדאַרבעטער,

1 ר. בריינין, צ. ח., 87 (ער איז ממש געווען א שוטה אין וועלט־זאַכן).

ווייגנגערטנער. אט די דאזיקע שטרעמונג האט זיך אויף א גאנץ אייגנ־ארטיקן אופן אפגעשפיגלט אין דעם שאפונגס־פראצעס פון אברהם מאפו. די ראמאנטישע ליבע צום אידילישן לעבן פונם ערדארבעטער איז דאך געווען אזוי פאפולער אין דער השכלה־ליטעראטור. ביי זיין זייער רייכער אריענטאלישער פאנטאזיע זיינען דעם טרוימער מאפו די אנטיקע ביבל־פערסאנאזשען געווען פאקטיש נעענטער און פארשטענדליכער, ווי די מענטשן, צווישן וועלכע ער האט געלעבט. און עס געשעעט דאס אויסערגעוויינליכע. דער טרוימער פון סלאבאדקע שרייבט דער ערשטער אין אייראפע א היסטארישן ראמאן פון א תקופה, וואס איז פון אונז אפגעטיילט מיט דריטהאלבן טויזנט יאר [1]. מיט דער מאכט פון וואונדערבארער אינטויציע באווייזט אונז דער דיכטער די אייגנארטיקע שיינקייט פון דער גלאנץ־תקופה אוים דער ביבל־צייט, גיט פראכטפולע נאטור־שילדערונגען אויף די בערג און טאלן פון יהודה. עס לעבן פאר אונז אויף די שיינע טעכטער פון ציון מיט זייער תמימות־נאיווען גלויבן און הייסער ליבע, וואס איז „שטארקער פון טויט". מיר באוואונדערן די שיינע דארפס־בילדער פון שניט־צייט, פון טרויבן זאמלען, ווי די יוגנט ארבעט, פרייט זיך, גיסט אוים איר לעבנסלוסט און גליק אין רוישנדיקע טענץ און געזאנג. און דארט, פון די הייכן פון דער ציון־שטאט, דונערן די פייערדיקע רייד פון די נביאים; און אין זייער ברענענדיקן פאטאס לעבט־אויף די אלטע ביבל־שפראך און שפראצט מיט זאפט און יוגנט...

עס איז אבער זייער שווער מיט בלויזער אינטויציע צו שאפן פיין געפלאנטע און הארמאניש־פארענדיקטע קונסט־ווערק. און מאפו איז דאך אן אווטאדידאקט געווען, וואס איז אויסגעוואקסן אויף טרוקענעם פלפול און פאנטאסטישער קבלה. זיין געשמאק איז געבליבן אומאנטוויקלט, און אלס העכסטע קינסטלער־אידעאלן האבן ביי אים געגאלטן אייזשען סיו און דיומא דער עלטערער. איז דערבאר קיין חידוש ניט, וואס מאפום „אהבת ציון" איז ביי זיין וואונדער־שיינער שפראך און פיל פראכטפולע דעטאליען — גאנץ שוואך אין דער קאנסטרוקציע, און אומבאהאלפן אין באראקטער־שילדערונגען. דער סיוזשעט איז איבערלאדן, לויט די פראנצויזישע מוסטערן, מיט פיל אומנייטיקע סענסאציאנעלע פרטים, בכדי עס זאל מאכן דעם ראמאן מער „שפאנענד" און „אינטערעסאנט".

---

1 פלאבערס היסטארישער ראמאן „סאלאמבא" איז דערשינען מיט צען יאר שפעטער (1862); נאך שפעטער זיינען דערשינען די היסטארישע ראמאנען פון געארג עבערס.

דעם הײַנטיקן לייענער איז שווער זיך פֿאָרצושטעלן, וואָס פֿאַר אַ געוואַלדיקן רושם דער דאָזיקער ערשטער העברעיִשער ראָמאַן האָט געמאַכט אויף דעם דעמאָלטיקן לייענער־פּובליקום [1]. דער „אהבת ציון" איז געווען ממש אַן אַנטפּלעקונג. פֿאַר דער אויף טרוקענעם פּלפּול אין דעם ענגן בית המדרש אויפֿגעצויגענער יוגנט איז מאַפּוס ראָמאַן געווען, ווי אַ פֿרישער דערקוויקנדיקער קוואַל פֿאַר דעם שמאַכטנדיקן וואַנדערער. אמנון און תמר, דאָס העלדן־פּאָר פֿון „אהבת ציון", זײַנען געוואָרן די פּאָפּולערסטע און באַליבטסטע פּערזענליכקייטן אין די מרהשחורה־דיקע געסלעך פֿונם ייִדישן געטאָ. די פֿילפֿאַרביקע, מיט זונענשטראַלן און לעבנסלוסט אָנגעזעטיקטע בילדער פֿון דעם אַנטיקן לעבן אין דעם ציון־לאַנד האָבן פֿיל בולטער ווי אַלע השׂכּלה־אַגיטאַציאָנס־שריפֿטן באַוויזן דער יוגנט די נִבזהקייט, די וואַכעדיקע גרויקייט פֿון דעם אַסקעטישן, אין די שטרענגע שולחן־ערוך־חומרות אײַנגעשרומפּענעם קרעמעריש־טענדלערישן געטאָ־לעבן און געוועקט אין איר דעם דורשט און דראַנג צו נײַערע, שענערע לעבנס־פֿאָרמען.

אין דער צווייטער העלפֿט פֿון די פֿופֿציקער יאָרן, אין צוזאַמענהאַנג מיט די פּאָליטישע און געזעלשאַפֿטליכע ענדערונגען אין לאַנד, האָבן זיך באַוויזן נײַע שטרעמונגען אויף דער ייִדישער גאַס. זיי האָבן אויך געפֿונען אַן אָפּקלאַנג אין דעם ווײַטערן עטאַפּ פֿון מאַפּוס שאַפֿן. דאָס געהערט שוין אָבער צו דער שפּעטערדיקער תּקופֿה, וועגן וועלכער עס וועט ערשט זײַן די רייד אין דעם ווײַטערדיקן באַנד פֿון אונזער ווערק.

---

1 מאַפּוס „אהבת ציון" איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף ייִדיש (1874), צוויי מאָל אויף ענגליש (אין לאָנדאָן 1887, אין ניו־יאָרק 1903), אויף דײַטש אונטערן נאָמען „טאַמאַר" (1885) און אויף אַראַביש (1908).

# פינפטער קאַפּיטל

**װעגן לאַגישע פּועל־יוצאס, װאָס זײַנען אױסער דעם מענטשנס װילן און פאַרלאַנג. — געצװונגענע אין בערײטװיליקע ייִדישיסטן. — ישראל אַקסענפעלד. — זײַנע װאַנדער־יאָרן; די גאַליציאַנער השפּעה. — אַקסענפעלד אַלס לעװינזאָנס נאָכפאָלגער. — אַקסענפעלדס קאַמף קעגן חסידים און רבײם. — אַקסענפעלדס נאַיִװ־פּרימיטיװער רעאַליזם. — דער באַדײַט פון אַקסענפעלדס װערק. — אַקסענפעלדס אױפטו אין זײַן „דער ערשטער ייִדישער רעקרוט". — השׂכּלה־ליטעראַטור און פאָלקס־ליטעראַטור. — אַקסענפעלדס לעבנסדראַמע. — דער השׂכּלה־קעמפער אברהם־בער גאָטלאָבער. — דער משׂכּיל און „מליץ", און דער שפּראַצלינג פון די „געזעליגע לײַט". — גאָטלאָבער אַלס פאָלקס־זינגער און סאַטיריקער. — גאָטלאָבערס סאַטירעס „די דעפּוטאַטען", „די אסיפה, „דער סיים" און זײַן קאָמעדיע „דער דעקטוך".**

מיר האָבן אין פריקן קאַפּיטל אָנגעװיזן, װי בײַ די װילנער משׂכּילים איז די ביבל־שפּראַך פאַרװאַנדלט געװאָרן אין אַ מין קולט. די שפּראַך פאַר זיך אַלײן, אָפּגעטײלט פון װעלכן־ס'איז אינהאַלט, איז אַרױסגעשטעלט געװאָרן אַלס העכסטע דערגרײכונג, אַלס פאַרגעטערט „הײליקטום". עס איז דערפאַר קײן חידוש ניט, װאָס צו דער פאָלקס־שפּראַך, צום „זשאַרגאָן", האָבן זײ זיך פאַרהאַלטן מיט אַ באַזונדערן ביטול. מ. בן־עמי דערצײלט אין זײַנע זכרונות [1], מיט װאָס פאַר אַ שרעקן דער „מליץ" קלמן שולמאַן האָט אױסגעשריגען: „האנכי אכתוב זרגונית? — װי? איך װעל שרײַבן זשאַרגאָן? זאָל מיך גאָט היטן פון אַזאַ זאַך! איך האָב אַפילו אַנדערע פאַרבאָטן מײַנע װערק אױף זשאַרגאָן איבערצוזעצן". מיר װײסן אָבער, אַז ניט אַלע משׂכּילים, אַפילו פון די, װאָס האָבן זיך מיט חאָס פאַרהאַלטן צו דער פאָלקס־שפּראַך, זײַנען געװען אַזױ קאָנזעקװענט װי קלמן שולמאַן. עס גענוגט צו דערמאָנען װאָלפסאָנען, אײכעלן און לעװינזאָנען. „אין דער װעלט־געשיכטע, — װײַזט אָן העגעל אין דעם מײסטערהאַפטן אַרײַנפיר צו זײַן „פילאָזאָפיע דער געשיכטע" [2], — װערט בכלל אױס די מעשׂים, װאָס מענטשן פולברינגען,

1 התקופה, כ"ה, 598.

2 צװײטע אױסגאַבע, בערלין, 1840, 35.

נולד עפּיס אַזוינס, וואָס איז גרונדפאַרשיידן פון דעם, וואָס יענע האָבן באַצוועקט און געוואָלט, וועגן וואָס זיי האָבן אוממיטלבאַר געוווּסט און דערצו געשטרעבט. מענטשן באַצוועקן בלויז זייערע אינטערעסן, עס ווערט אָבער דערביי אויך דערגרייכט (צושטאַנדגעבראַכט) אַזוינס, וואָס איז לויט זיין מהות אַ נאַטירליכער פּועל־יוצא פון די דאָזיקע פּולבּרינגונגען, עס איז אָבער געווען אויסער דעם באַוווּסטזיין פון די דאָזיקע מענטשן און אויסער זייער ווּנטש... מען דאַרף פאַרשטיין און געדענקען, אַז אין דעם אוממיטלבאַרן טאָן קאָן זיין פאַרבאָרגן אַזוינס, וואָס איז אויסער די גרעניצן פון דעם באַוויסטזיין און ווילן פון דער פּולבּרינגנדיקער פּערזענליכקייט".

די אָקערשט דערמאָנטע משכּילים האָבן טאַקע געוואָלט בלויז באַקעמפן די זיי פאַרהאַסטע לעבנס־דערשיינונגען, "עפנען די אויגן" דער פאָלקסמאַסע; ווייל זיי האָבן אָבער געפונען, אַז דאָס קאָן אַמצוועקמעסיקסטן דערגרייכט ווערן מיט דער הילף פון דער פאָלקסשפּראַך — האָבן זיי זי אויסגענוצט אַלס קאַמף־מיטל, כאָטש זיי האָבן זיך צו איר פאַרהאַלטן מיט האַס און פאַראַכטונג. מיט דעם קולטורעלן וווּקס פון דער מאַסע וואַקסט אָבער אויך דער קולטורעלער ווערט פון דער שפּראַך, אויף וועלכער די מאַסע רעדט, און ווייל די דאָזיקע משכּילים זיינען געווען באַגאַבטע מענטשן און זייער שאַפן אויף דער פאָלקס־שפּראַך האָט געהאַט אַ באַשטימטן קולטור־ליטעראַרישן ווערט, האָבן אָט די באַקעמפער פון "זשאַרגאָן", קעגן זייער ווילן און באַוווּסטזיין, געלייגט מיט זייערע קאָמפּשריפטן די גרונדשטיינער פון דער ניי־יידישער ליטעראַטור...

אין איין צייט מיט לעווינזאָנען זיינען אָבער אויך אַרויסגעטראָטן אַזוינע השׂכּלה־קעמפער, וואָס זיי איז שוין לחלוטין פרעמד געווען דאָס ביטול־געפיל צו דער שפּראַך פון דער פאָלקס־מאַסע, און זיי האָבן געהאַלטן פאַר זעלבסט־פאַרשטענדליך, אַז ווער עס וויל ווירקן אויפן פאָלק, דאַרף שאַפן אויף דער שפּראַך, אויף וועלכער דאָס פאָלק רעדט און דענקט. דער עלטסטער פון די דאָזיקע שריפטשטעלער, און טאַקע יצחק בער לעווינזאָנס אַ גוטער באַקאַנטער, איז ישראל בן־יעקב אַקסענפעלד.

ישראל אַקסענפעלד איז געבאָרן אין 1787 אין נעמיראָוו אין אַ יחסנישער פאַמיליע. זיינע יונגע יאָרן האָט ער פאַרבראַכט אין אַ שטרענג אָרטאָדאָקסישער סביבה, געלערנט גמרא און פּוסקים; לויט דעם שטייגער פון יענע יאָרן האָבן אים די עלטערן זייער יונג חתונה געמאַכט. נאָך דער חתונה איז דער יונגער בעל־הביתל געוואָרן אַ פאַרברענטער בראַסלאַווער חסיד, געוואָרן אַ מקורב ביי דעם בראַסלאַווערס

סעקרעטאר נתן נעמיראָווער 1, דאָס פאַמיליעןלעבן האָט זיך אָבער דעם יונגן אַקסענפעלדן ניט איינגעגעבן; ער האָט זייער אומגליקליך געלעבט מיטן ווייב און נאָך פיל מאַטערנישן איז אים ענדליך געלונגען מיט איר זיך צו שיידן. ביסלעכווייז איז דער בראַסלאַווער חסיד „נתפקר" געוואָרן; ער האָט מיט גרויס התמדה אָנגעפאַנגען צו לערנען דייטש, פויליש און רוסיש, איז געוואָרן אַ געשעפטסמאַן, און ווען עס האָט אויסגעבראָכן די נאַפּאָלעאָנישע מלחמה, האָט ער זיך צוגעשלאָגן צו פּאָדריאַדן, האָט נושא חן געווען ביי די רוסישע קאָמאַנדירן און האָט מיט דער רוסישער אַרמיי דורכגעוואַנדערט דורך פּוילן קיין דייטשלאַנד און דאָרט אַ שטיק צייט זיך אויפגעהאַלטן אין ברעסלוי. „דורך זיינע רייזן — דערציילט אַקסענפעלדס לאַנגיאָריקער באַקאַנטער צעדערבוים — אין פאַרשיידענע געגנטן און דורך דעם, וואָס ער איז געקומען אין געשעפטס-פאַרבינדונג און אַזוי אין באַרירונג מיט פיל פאַרשיידנאַרטיקע מענטשן, האָט ער פיל דער-פאַרונג און מענטשנקענטעניש געלערנט. דערצו האָט ער געהאַט אַ מערקווירדיקן זכרון אַלץ צו געדענקען אויספירליך, אַזוי אַז ער האָט אינם גאַנצן לעבן שטאָף געהאַט צו אונטערהאַלטן געזעלשאַפטן מיט אינטערעסאַנטע מעשיות 2.

די נייַן יאָר פון 1815, ווען די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות האָבן זיך געענדיקט, ביז 1824, ווען אַקסענפעלד האָט זיך באַזעצט אין אָדעס, בילדן אַ בלויז אין אַקסענפעלדס ביאָגראַפיע. מיר רעכענען אָבער, אַז גראָד די דאָזיקע יאָרן זיינען געווען פון גרויס וויכטיקייט פאַר אַקסענפעלדס גייסטיקער אַנטוויקלונג. גראָד דעמאָלט האָט ער זיך געפונען אין אַזאַ געזעלשאַפטליכער סביבה, אין אַזאַ קולטור-קרייז, וואָס האָט בלי ספק געהאַט אַ באַשטימטע השפעה אויף זיין שפּעטערדיקער ליטעראַרישע טעטיקייט.

אין דעם צווייטן באַנד בלאָכס „שבילי עולם" איז פאַרעפנטליכט דער רייסטער פון די „פּרענומעראַנטן", וואָס האָבן זיך מתחייב געווען צו קויפן דעם ערשטן באַנד פון דעם ווערק (דערשינען אין 1821). די „פּרענומעראַנטן" זיינען אויסגערעכנט לויט די שטעט, וווּ זיי האָבן גע-וווינט, און צווישן די בראָדער תושבים, וואָס האָבן באַשטעלט דעם „שבילי עולם", ווערט אויך דערמאָנט ישראל אַקסענפעלד. משמעות, ער האָט דעמאָלט (אין די יאָרן 1820—1821) געלעבט אין בראָד. ווי עס שיינט, האָט אַקסענפעלד טאַקע אין בראָד דאָס צווייטע מאָל חתונה

1 זע אונזער ווערק, באַנד VII, צווייטער בוך, 172.

2 קול מבשר, 1866, נומ׳ 26.

געהאט. צעדערבוים וויַזט אָן אין זיַן אויבן ציטירטן ארטיקל, אַז אַקסענפעלד האָט התונה געהאט מיט „דער קלוגער, וואַרהאַפט־רעליגיעזער, זייער געבילדעטער, איידעלער און געפילפולער רעבעלי, דער טאָכטער פון דעם געהרימטן ר׳ אבלי הורוויץ אוים בראָד״. די חתונה איז אָבער בלי ספק געווען נאָך איידער אַקסענפעלד האָט זיך באַזעצט אין אָדעס (אין 1824), וואָרום זיין זון דער מעדיקער אַווגוסט איז געבאָרן אין 1825, ער איז אָבער געווען דער צווייטער זון, און אַקסענפעלד האָט געהאַט נאָך אַן עלטערן זון, דעם מאָלער היינריך. דערפון קאָן מען מיט זיכערקייט זיך משער זיַן, אַז אַקסענפעלד האָט אַ לענגערע ציַיט פאַרבראַכט אין בראָד, דאָרט אויך חתונה געהאַט מיט אַ דאָרטיקן משכילס אַ טאָכטער, און אויף אַזאַ אופן געהאַט די מעגליכקייט זיך צו באַקענען מיט די באַדייטנדיקסטע פאָרשטייער פון דער גאַליציאַנער השכלה. עס איז אויך העכסט וואַרשיינליך, אַז טאָקע דאָרט האָט זיך אַקסענפעלד באַקענט מיט יצחק־בער לעווינזאָנען [1], צו וועלכן ער האָט זיך באַצויגן, ווי מ. ווינער וויַזט גאַנץ ריכטיק אָן [2], „ווי אַ תלמיד צו דער אָנערקענטער און אַנסָפֶּקדיקער אויטאָריטעט פון אַ לערער און פירער״, און איז דערנאָך געשטאַנען מיט אים אין אָפטע בריוולעכע באַציִונגען. און לעווינזאָנס השפעה פילט זיך טאָקע זייער שטאַרק אויף אַקסענפעלדס שאַפן.

אַקסענפעלדס ליטעראַרישע טעטיקייט האָט זיך ערשט אָנגעפאַנגען בערך אין אַ יאָר צען אַרום, נאָכדעם ווי ער האָט זיך באַזעצט אין 1824 אין אָדעס, ווו ער האָט זיך באַשעפטיקט אַלס געשוואָרענער אדוואָקאַט און נאָטאַריוס. מען קאָן מיט אַ געוויסער זיכערקייט אַרויסזאָגן די

---

1 מ. ווינער (זע: י. אַקסענפעלדס ווערק, I, 354) האָט דערוויזן, אַז אַקסענפעלד איז אויך געווען באַקאַנט מיט דעם מדקדק און דיכטער טוביה פעדער. מיר רעכענען אָבער, אַז מיט דעם דורך ווינערן פאַרעפנטליכטן בריוו פון אַקסענפעלדן צו פעדערן איז אַ מיספאַרשטענדעניש. דער נוסח פונם בריוו זאָגט עדות, אַז אים האָט געשריבן ניט אַקסענפעלד, נאָר טאָקע פעדער גופא. ווי עס שיַינט, האָט דאָ דער אָפשריַיבער אַ טעות געהאַט, און די אויבערשריפט צום בריוו דאַרף הייסן „תשובה מהמחבר לר׳ ישראל אַקסענפעלד״. אויפן גרונד פון איין פראַזע אין דעם דאָזיקן בריוו קומט ווינער צום אויספיר, „אַז דער זשאַרגאָנישער שריַיבער אַקסענפעלד ווערט געטרייסט פון דעם אַמאָליקן פאַרביסענעם קעגנער פון יידיש, פונם באַוווּסטן העברעִישן משכיל טביה פעדער, אַז דערמיט, וואָס ער שריַיבט יידיש, איז ער גיט מינדער פון יעדן אַנדערן״ אין דער שריַיבערישער משפחה. דער דאָזיקער אויספיר איז אָבער לחלוטין ניט ריכטיק, אפילו ווען דעם דאָזיקן בריוו זאָל ווירקליך האָבן געשריבן פעדער, ניט אַקסענפעלד. עס גענוגט אָנצווייַזן, אַז פעדער איז געשטאָרבן אין 1817, מיט פיל יאָר פריער איידער אַקסענפעלד איז געוואָרן אַ „זשאַרגאָנישער שריַיבער״.

2 דאָרטן, 348.

השערה, אַז אַלס ענדגילטיקער סטימול פאַר זיין אַרויסטרעטן אויפן ליטע=
ראַרישן געביט האָבן דערבײַ געדינט לעווינזאָנס אַנטיחסידישע סאַטירעס
און די „הפקר=וועלט" מיט איר צאָרנדיקן פּראָטעסט קעגן די אומגערעכ=
טיקייטן, וואָס קומען פאָר אין דער ייִדישער קהילה בײַם אויספילן דעם
רעקרוטן=אוקאַז. יעדנפאַלס איז אויסער ספק, אַז אַקסענפעלדס ערשט=
לינגס=ווערק זיינען „ספר חסידים" און „דער ערשטער ייִדישער רעקרוט".
אין דעם פון אונז אין גאַטלאָבערס אַרכיוו געפונענעם „רייסטער" פון
אַקסענפעלדס מאַנוסקריפּטן [1], וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אין
1862, ווײַזט אַקסענפעלד אָן, אַז די „אַלע ספרים" האָט ער געמאַכט
אויף לשון פּראָסט ייִדיש פון פאַר דרײַסיק יאָר אָן. משמעות, זײַן
ליטעראַרישע טעטיקייט האָט ער ערשט אָנגעפאַנגען אין די דרײַסיקער
יאָרן. אויס דער בקשה, מיט וועלכער אַקסענפעלד האָט זיך אין אָקטאָ=
בער 1841 געווענדעט צום מיניסטער אוּוואַראָוו, ווייסן מיר, אַז צו יענער
צײַט זײַנען בײַ אים געווען פאַרטיק בסך=הכּל דער ראָמאַן „ספר חסידים",
וואָס איז, ווי ער ווײַזט דערבײַ אָן, „דאָס ערשטע, וואָס ער האָט אָנגע=
שריבן", און „אויך עטליכע דראַמעס און קאָמעדיעס" [2]. דרײַ פון די
דאָזיקע פּיעסעס זײַנען אונז גוט באַקאַנט און עס איז ניט שווער פעסט=
צושטעלן די דאַטעס, ווען זיי זיינען פאַרפאַסט געוואָרן. צום ערשטן גייט
דער „ערשטער ייִדישער רעקרוט", וואָס איז פאַרפאַסט געוואָרן אין
1834—1835 [3]. נאָך אים דער „קבצן=עושר=שפּיל", אין וועלכן עס פיגו=
רירט דער יונגער אהרן בעל מחשבה מיט זײַן כּלה פּערילע, וואָס שפּילן
אַן אָנגעזעענע ראָלע אין דער ערשטער פּיעסע. דער „קבצן=עושר=שפּיל"
איז פאַרפאַסט נאָך 1837, ווײַל אויף ז' 62 ווערט מאָטעלע טשערנאָבי=
לער דערמאָנט אַלס געשטאָרבענער און יענער איז געשטאָרבן אין 1837.
די דאַטע, ווען די מעלאָדראַמע „מאַן און ווײַב, שוועסטער און ברודער"
איז פאַרפאַסט געוואָרן, איז אויך ניט שווער פעסטצושטעלן: אין דער
פאָררעדע ווײַזט אַקסענפעלד אָן, אַז די מעשה „האָט זעך פאָרלאָפן פאַר
פופציק יאָר". איינע פון די פּערסאָנאַזשן אין דער פּיעסע, בעת זי לייענט
פאָר אַ בריוו, וואָס איז דאַטירט 1765, מאַכט זי דערבײַ די באַמערקונג: „מילא,
הייסט עס פאַר 25 יאָר. איז דערווים קלאָר, אַז די פּיעסע איז פאַרפאַסט
געוואָרן אין 1840... בײַ זײַנע דראַמאַטישע סצענעס „די גענאַרטע
וועלט" ווײַזט אַקסענפעלד גופא אָן, אַז ער האָט זי געשריבן אין 1842.

---

1 זע: פּערעזשיטאָיע, IV, 328—329; י. אַקסענפעלדס ווערק, I, 353.

2 ש. גינזבורג אין פילאָלאָגישע שריפטן, II, 47.

3 זע מ. ווינער אין אַקסענפעלדס ווערק, I, 329—331.

בכן, מוז מען קומען צום אויספיר, אז אקסענפעלדס ערשטלינגס-ווערק זיינען דער „ספר חסידים״ און „דער ערשטער יידישער רעקרוט״, וואס אין פארפאסט געווארן אין א פאר יאר ארום נאכדעם, ווי עס זיינען אין דרוק דערשינען לעווינזאנס צוויי אנטיחסידישע פאמפלעטן „דברי צדיקים״ און „עמק רפאים״, און זיין „הפקר וועלט״ האט אנגעפאנגען פארשפרייט צו ווערן אין בילצאליקע אפשריפטן.

מיר האבן שוין פריער אנגעוויזן (ז׳ 33) אויף די נאציאנאל-סאציאלע מאטיוון, וואס האבן באדייטנדיק געשטארקט אין לעווינזאנען די פאטריאטישע שטימונגען; דאס אייגענע באמערקט זיך אויך ביי אקסענפעלדן. ווייל די דאזיקע מאטיוון האבן געשפילט א געוויסע ראלע אויך ביי די משכילים פונם שפעטערדיקן דור, איז פון קולטור-היסטארישן שטאנדפונקט כדאי זיך אפצושטעלן אויף זיי מער באריכות. אקסענפעלד האט אין דער אוקראינע געהאט די מיגליכקייט צוצוזען, מיט וואס פאר א ביטול און פאראכטונג די פוילישע פריצים, די דעגענערירטע פאר-שטייער פון דעם פעאדאלן, אונטערגייענדיקן קלאס, האבן זיך פארהאלטן צום יידישן פאקטאר, צום יידישן שענקער. אלס פראוויאנט-פאדריאדטשיק ביים מיליטער בשעת די נאפאלעאנישע מלחמות האט אקסענפעלד געהאט אויך די מעגליכקייט זיך צו באקענען מיט געוויסע פארשטייער פונם רוסישן אדל, וואס האבן אפיצירן געדינט אין דער ארמיי. אז אויך דער רוסישער אדל פון אלעקסאנדער דעם ערשטנס צייטן האט זיך פארהאלטן מיטן גרעסטן ביטול צום יידישן פאקטאר און לופט-מענטשן, קען מען בולט ארויסזען אוים די פריער ציטירטע מעמוארן פון איינעם פון די הומאנסטע און געבילדעטסטע רוסישע אדעליקע, פירשט דאלגא-רוקי [1]. אקסענפעלד האט אבער געזען די פארשטייער פונם רוסישן אדל ניט אין דער ראלע פון פעאדאלן און גוטבאזיצער, וואס עקספלא-אטירן דעם רעכטלאזן פויער, נייערט אין דער ראלע פון אינטענדאנטישע מיליטער-טשינאווניקעס, וואס האבן אנטייל גענומען אין דעם פראצעס פון „קאפיטאליסטישער אקקומולאציאן״, ד״ה פון אנזאמלען קאפיטאליס-טישע רייכטימער. אין דעם דאזיקן היסטארישן פראצעס האבן זיי שטארק מיטגעהאלפן די ענערגישע און אונטערנעמונגס-פעיקע יידישע פאדריאדטשיקעס מיט זייערע פריקאזטשיקעס. עס איז זעלבסטפאר-שטענדליך, אז דא האט זיך ניט געקאנט אנטפלעקן דאס ביטול-געפיל פונם אדעליקן פעאדאל צום יידישן פאקטאר; אדרבה, דאס דאזיקע געפיל איז אין א באדייטנדיקער מאס געווען אפגעשוואכט דורך דעם סאלידאריטעט-געפיל אינם בשותפותדיקן „באריינערונגס-פראצעס״.

---

[1] И. М. Долгорукий, Славны бубны за горами, 146, 220, 223 и т. д.

אקסענפעלד איז נאַטירליך צו יענער ציַיט ניט אימשטאַנד געוועזן קריטיש צו אַנאַליזירן די דאַזיקע דערשיַינונג. ער קומט דערפאַר אין זיַין „שטערנטיכל" 1 אָט צו וואָס פאַר אַן אויספיר: „אַ פּוילישער פּריץ איז לרוב (מען קאָן ניט זאָגן אַלע פּריצים, ס'איז דאָ עטליכע בעסערע אויך) מיט גרויס גדלות אָנגעשפּיגעוועט; נאָר ער איז ביי זיך אַ מענטש אָף דער וועלט, דער פּאַווער איז ביי אים גליַיך מיט אַ פערד, מיט אַן אָקס אָדער מיט אַ קו. פּאַווערן זיַינען באַשאַפן געוואָרן פונעם פּריצים ארבעט וועגען; יידן זיַינען דאָך ניט זיינע עבדים, האַלט ער זיי פאַר כּלים, און זיינען אויך נאָר פונעם פּריצעס וועגן דאָ אָף דער וועלט. טאַקע, ווען דער פּריץ דאַרף דעם ריַיכן ייִדענס לאַסקע, ער זאָל אים געלט אַנטליַיען, איז ער ביי אים ווי דער שוסטער, ער מוז אים האָבן, וויַיל ער דאַרף שטיוול. האָט ער שוין די שטיוועל, איז דער שוסטער אַ שוסטער נישט מער. מכּל שכּן ומכּל שכּן זיין קרעטשמער און דער קרעמער דער ייִד איז ביי דעם בעל־גאווה־פּריץ מבוזה ערגער ווי אַ גאַסן־הונט: ער שפּעט פון אים, ער מאַכט פון אים חוזק, ער שלאָגט אים, ער פּאַטשט אים, ווען ער האָט חשק; זודלען און שעלטן איז פּראָסט אַ מנהג. „זשיד שעלמאַ, זשיד הוינצוואָט" הייסט אַזוי ווי ר' קרוב. אַ פּאַקטאָר, וואָס דרייט זיך אַרום אַ פּוילישן פּריץ, הערט פון אים נאָך גרעבערע ווערטער: „פּיאָס פּאָביעגני, נאַ זאַראַז"! אַ צי באַ דער פּאה אָדער באַ דער באָרד איז אַ קאַטאָוועסל, און אַז ער צאָלט אים פאַר דער טירחה, טוט ער דעם גילדן אַ וואָרף אויף דער ערד: „נאַ מאַש הוינצוואָט!" אַזעלכעס צו קאָנען דערליידן מוז מען טאַקע זיין גאָר אַ נידעריקער מענטש, אַ שיכּור, אַ הולטייַ".

„אונדזערע רוסישע שררות זיַינען גאָר אַנדערע מענטשן. דאָס פּויליש ביטערע אָנגעבלאָזענע גדלות, די פּוילישע גאווה איז ביַים רוס ניטאָ. אַ רוס, אַז ער קאָן זיך מיט אַ ייִדן און האָט מיט אים עטליכע מאָל צו טון, רופט ער אים „בראַט" אָדער „בראַטיץ". אַפילו דער פּאַקטאָר, אַז ער דינט אים געטריי, האָט ער אים ליב (יאָ, יאָ, טאַקע פּראָסטע ליב). ווער שמועסט, אַז ער ווערט באַקאַנט דורך משא ומתּן מיט אַ ייִדישן סוחר אַ ציַיט לאַנג, ווערט דער גרעסטער רוס דעם ייִדנס גוטער פריינד (יאָ, יאָ, אַ גוטער פריינד)".

לעווינזאָנס השפּעה באַמערקט זיך באַזונדערס בולט אין דעם, ווי אקסענפעלד פּאַרהאַלט זיך צו די חסידים און זייערע רביים פון איין זייט,

1 שטערנטיכל, קאַפּ' 8.

און צו די רבנים פון דער אנדערער. אקסענפעלד האלט פאר זיין לעבנס-אויפגאבע צו קעמפען קעגען דעם חסידיזם, אפוועגדען, לויט זיינע אייגענע ווערטער, „די יידן פונם מיסטישן און חלומדיגן חסידישן לעבנס-שטייגער און אראפרייסן פון די רביים יענע שיין פון הייליקייט, מיט וועלכער דער פארגרעבטער עולם האט זיי ארומגערינגעלט". צו די רבנים אבער פארהאלט ער זיך מיט גרויס רעספעקט. פנחס דער רויטער קלאגט זיך אין „ערשטן דעקרוט", וואס „זינט די רעבעס, די גוטע יידן האבן זיך אריינגעפלאדעט אין דער מדינה, האבן אויפגעהערט די רבנים צו וועלן זיין אין א שטעטל". און דערויף ענפערט אפ דער אויפגע-קלערטער אהרן בעל מחשבה, אז ער האלט זיך פאר א מצוה, וואס ער האט פארטריבן פון דער שטאט דעם רבין, „וואס פלעג ביי יעדען אוועק-נעמען דעם לעצטן גראשן". ער ווייזט אויך דערביי אן די טובי עיר, אז דאס געלד, וואס דער רבי „האט געקאסט די שטאט, איר זאלט דאס וועלן אויסגעבן אף נייטיקערע זאכן, וואלט איר געהאט א רב, עפעס אן ערלעכן למדן אין שטאט און שמשים ניט שכורים". לעווינזאן שטעלט אין זיין „הפקר וועלט" אנטקעגן די רביים, וואס נעמען פדיונות ביי די פעקלמאכערס און מאכען מיט זיי שותפות, — די ליטווישע רבנים. „ביי אונז — זאגט דער אורח — האבן די רבנים חרם געגעבן, מע זאל נישט פעקלען; דעם פעקעלמאכער נעמט דער רב מיט קהל און זענען אים מוסר צו דער פאליציע... אונזערע רבנים האבן נאך געלערנט אין יורה דעה, אז עס איז א גרויסע מצוה א פעקל-מאכער מוסר צו זיין צום מלכות, מע זאל מיט אים פאסטאפאיען פא זאקאנו, ווייל ער איז אין עובר ישראל" 1. אויך ביי אקסענפעלדן מאכט (אין „דער גענאר-טער וועלט") דער חסידישער רבי לייב שפיצעניצער יד אחת מיט יידל פעקלמאכער, אבער ר' בעני, דער דיין פון שטאט, רופט אוים מיט אימפעט: „ס'איז דאך (דאס פעקלען) לעולם טאקע א פראסטע גנבה על פי דין תורה, ווארין בא אונז יידן אין שלחן ערוך איז „דינא דמלכותא דינא". דאס וואס דער קיסר האט ניט געהייסן טון, איז אזוי אסור ווי דאס וואס גאט האט אונדז אין דער תורה געאסערט... א יא, איר האט אף א גנב קיין רחמנות נישט און מען זאגט: „האט ער ניט געזאלט גנבנען, — א מצוה"! זאג איך אף א פעקלמאכער זאל מען אויך אזוי זאגן; ער איז א פראסטער גנב בפירוש, אסור לרחם..." 2 דעם געלדגיריקן און געוואלטיגן באריסער מאטעלע טשערנאביליער (קבצן-עושר שפיל), וואס דערמאנט לעווינזאנס בעל-מופת אוים דעם

1 הפקר וועלט, 31.

2 אקסענפעלדס ווערק, I, 313.

צווייטן טייל „הפקר וועלט", שטעלט אקסענפעלד אנטקעגן (מאן און ווייב, שוועסטער און ברידער) דעם ווימיסלער רב ר׳ שלמה כהן, וואס איז „א גרויסער למדן, א גרויסער צדיק, א גרויסער הכם", און דערקלערט דעם גרויסן גביר נח ענגלענדער: „דער אייבערשטער האט מיך אויס־געפירט מיין גאנץ לעבן תמיד בכשרות; נא, זאל איך היינט רווחים נעמען? חלילה, גאט וועט מיך ווייטער אויספירן בכשרות — מיר איז געגנוג דער קאפטין מיט א שטיקל ברויט מיט בארשט, נאר פון גאט ברוך הוא, ניט פון קיין מענשינס גאב חלילה" [1].

אקסענפעלדס מיטצייטלער שטרייכן באזונדערס אונטער, אז אין אלע זיינע פילצאליקע ווערק ווערן באשריבן רעאלע אמתע פאסירונגען. די ארויסגעבער פון אקסענפעלדס ווערק (סוף זעכציקער יארן פאריקן יר״ה) ווייזן אן אין דער פארדעדע צו „דער געגנארטער וועלט": „אין זיינע טעאטערשטיק זעען מיר מעשיות, וואס האבן זיך געטראפן, אדער וואס קענען זיך טרעפן ביי יידן. אין אלע זיינע דערציילונגען און ראמאנען באגעגענען מיר מענטשן, וואס האבן ווירקליך געלעבט, אדער וואס געפינען זיך נאך אצינד אונטער יידן". אויך צעדערבוים דערקלערט אין זיין נעקראלאג אויף אקסענפעלדן [2], אז „אלע זיינע ראמאנען און טעאטערע (טעאטערשטיק) זיינען אמתע מעשיות, און די קאראקטערע זענין געשילדערט פין מענטשען, וואס מען האט זיי געקענט, נאר, נאטירליך, אזוי אויסגעשטעלט, עס זאל פאסן און יעדער זאל דרינען געפינען א מוסר און דערקענען די פעלערן פון גאנצע ענליכע מענטשן". גאטלאבער, וואס האט כמעט אלע אקסענפעלדס שריפטן געלייענט אין כתב־יד, האלט אויך פאר וויכטיק באזונדערס אנצומערקן, אז אקסענ־פעלד באשרייבט אמתע פאסירונגען; אזוי, למשל, איז אין דער דערציי־לונג „דער מופת" באשריבן א ווארע געשיכטע, וואס האט פאסירט מיטן סאווראניער רב, און דער העלד פון דעם דיקבייכיקן ראמאן „מיכל דער עוזרקיר, א יידישער זיל־בלאז" איז לויט גאטלאבערן „א ווארע פערזאן מיט דעם אייגענעם נאמען; איך האב דעם מענטשן אליין גע־קענט אין אדעס". אקסענפעלד גופא שרייבט וועגן זיינע ווערק אין דעם אריינפיר צום פריער דערמאנטן „רייסטער": „א טייל ספרים זיינען קאמעדיעס, א טייל זיינען אמתה מעשהות גוט דערציילט, א טייל זיינען פון הולטייעס, שווינדלערם אפגערעכט, און פון זייער שווארצן סוף, וואס זיי האבן געהאט: די מענטשען, וואס וועלין די ספרים לייענען,

1 מאן און ווייב, 42.

2 קול מבשר, 1866, נומ׳ 26, 402.

לאַבענדיג וועלן זיי אין איינוועגס הערן מוסר און דרך־ארץ און טאַקע אַלערליי גיניייטיקע וויסענשאַפטן אויך״. אין זײַן בקשה צום בילדונגס־מיניסטער אוואַראָוון, וואָס אַקסענפעלד האָט דערלאַנגט אין 1841, ווײַזט ער אָן, אַז די פריערדיקע שריפטשטעלער האָבן אין זייער קאַמף קעגן דער שעדליכער ווירקונג מצד די חסידים דערפאַר קיין דערפאָלג ניט געהאַט, ווייל יענע „פלעגן זייערע ווערק שרײַבן אויף העברעיִש אָדער דײַטש. צי האָבן אָבער זייערע ווערק געקאָנט האָבן אַ וואָסער־ס׳איז ווירקונג, ווײַבאַלד דער פשוטער עולם, פאַר וועלכן זיי זיינען געווען באַשטימט, פאַרשטייט ניט קיין איינע פון די ביידע שפּראַכן?״ [1] ער האָט דערפאַר געפונען פאַר נייטיק „אָנצוווענדן אַן אַנדער מיטל: שרײַבן אויף אַזאַ שפּראַך, וואָס איז פאַרשטענדליך דעם פשוטן ייִדישן עולם, אַרויסגעפינען קאָמישע און צוגלײַך באַלערנדיקע געשעענישן פונם ווירקליכן לעבן, צוציען דעם לעזער מיט אַ מעשׂה, אַזוי, אַז אומעטום זאָל אַרויסטרעטן דער אמת, אָבער אין אַ פײַנער פאָרם פון אַן אינטערעסאַנטער דערציילונג. האָט די שווערע אַרבעט האָב איך גענומען אויף זיך״ [2].

ווי מיר זעען, שטרייכט אויך אַקסענפעלד באַזונדערס אונטער, אַז ער שרײַבט „אמתע מעשׂיות״, גיט דעם לייענער „קאָמישע און צוגלײַך באַלערנדיקע געשעענישן פונם ווירקליכן לעבן״, אַזוי, „אַז אומעטום זאָל אַרויסטרעטן דער אמת״.

בכדי עס זאָל „אומעטום אַרויסטרעטן דער אמת״, פלײַסט זיך אַקסענפעלד ווי צום געטרײַסטן צו שילדערן זײַנע פאַרשוינען, וואָס ער נעמט פון דער ווירקליכקייט, מיט זייער אַרט ריידן, זייער הולך און אַלע זייערע תּנועות. מ. ווינער אין זײַן גרינדליכער אַרבעט וועגן אַקסענפעלדן [3] כאַראַקטעריזירט אים מיט רעכט אַלס „נאַיִוו־פּרימיטיוון רעאַליסט״. אַקסענפעלד איז ניט געווען באַשאָנקען מיט אַן אמתן קינסטלער־אויג, וואָס ווייסט וועגן „סוד הצמצום״ און פאַרשטייט, ווי פון דעם שלל קליינליכע פּרטים און דעטאַלן אַרויסצובאַקומען דאָס טיפּישסטע און קאַראַקטערפולסטע. שלום־עליכם, אַשטייגער, פאַרשטייט אפילו אין זײַנע יונגע יאָרן צו געבן אונז [4] אַ בולט בילד פון איינעם פון זײַנע פּערסאָנאַזשן מיט אַזאַ קורצער כאַראַקטעריסטיק: „ר׳ זכריה, אַ סופר, אַ הויכער ייִד מיט אַ גרינער שאַל שטענדיק״. מיר ריידן שוין ניט

1 פילאָלאָגישע שריפטן, II, 46.

2 דאָרטן.

3 אַקסענפעלדס ווערק, I, 52, 85.

4 אין דער קאָמעדיע „אַ גט״.

זוען מענדעלען, וואָס אים געלינגט אַזוי קונציק מיט ווייניקע שטריכן, איבערגעבנדיק אַ פּאָר כאַראַקטעריסטישע תּנועות, אויפלעבן פאַר אונז די אויסטערלישע פּאַרשוינען פון גלופּסק און טונעיאַדעווקע. אַקסענפעלד אָבער פלײַסט זיך איבערצוגעבן מיט אַ פּראָטאָקאָלהאַפטיקער געטרײַקייט אַלע דעטאַלן פון דעם אויסזעען, פון דער הלבשה און אַרט ריידן פון זיינע פּאַרשויגען. נאָר פון דעם ים איינצלנע פּרטים באַקומט זיך ניט קיין גאַנץ איינהייטליך בילד. דעם לייענער שווינדלט ממש אין די אויגן, און ערשט ביסלעכווײַז, דורך זייער האַנדלען און ריידן, שווימען די פיגורן אַרויס פונם נעפּל און הייבן אָן באַקומען מער קאָנקרעטע בולטע פאָרמען. אָט, אַשטייגער, ווי אַקסענפעלד שילדערט דעם פּרנס-חודש, ר׳ שלמה פּסיאַכע: „אַ ייִד פון עטליכע און פופציק יאָר, אַ געלער מיט צוויי לאַנגע געלע פּאות, קיין באָרד וואַקסט אים גאָרנישט, אַ קול האָט ער פון אַ נקבה, אַ קליינעם שטערן, אַ געקאָרטשעטן. די באַקן זײַנען אים געקאָרטשעט; גרויע אויגן, נאַרישע, אַ לאַנגע נאָז, אַ ברייט מויל. ער גייט אָנגעטאָן במקום כאַלאַט אין אַן אַלטער צעריסענער, אַמאָל געווען ראַצעמאָרענער זשופּעצע, דעם אונטערשלאַק, בלויער קיטײַ, זעט מען אומעטום אַרויס, און דער אונטערשלאַק האַלט דאָס גאַנצע מלבּיש, ניט צוגעגאַרטלט. אַן אַרבע כּנפות פון ווײַסער פּיקע, נאָר זייער קויטיק; אין אַן אַלטער פּליסינער יאַרמעלקע פול מיט פּעדערן, ער נעמט זיך אַלץ אָן בײַ דער באָרד, בשעת ער שמועסט, כאָטש ער האָט קיין באָרד ניט" [1]. און אָט איז דאָס בילד פונם צווייטן פּרנס-חודש, וועלוול גיליוואַטע. „אַ הויכער ייִד, אַן אַלטער, מיט אַ גרײַז-גרויער באָרד, אַ גאַנץ לאַנגע, אַ שמאָלע. פּאות אויך גרייז-גרויע, גאַנץ לאַנגע. אימיטן שטערן, וואָס איז זייער געקאָרטשעט, האָט ער אַ גרויסע גולע, די גולע איז רויט. אַ קורצע נאָז, אַ גראָבע, פיל מיט טאַבאַקע. גראָבע וואָנצעס, וואָס דעקן צו דאָס מויל, אַ לאַנגן האַלדז, אַ שוואַרצן. ער גייט אָנגעטאָן אין אַ נײַען איילנקיטיענעם קאַפּטן מים אַ שמאָלער סטראָקע און אין זייער אַן אַלט שטריימל. הינטן גייט אָפּ אַ גאַנץ שטיקל שטרײַמל, רוקט זיך אַלץ דאָס שטרײַמל מיט דער זייט, וואָס גייט אָפּ פון פאָרנט צו. דער ווערך איז גאָר געריסן. צוגעגאַרטלט מיט אַ געפאַרבטן גרידיטורענעם גאַרטל, וואָס איז געווען רויטער גרידיטור און עס קריכט אָפּ די פאַרב, זעט מען אָן די פריִערדיקע רויטע פאַרב" [2].

ניט ווייניקער באַויכות שילדערט אַקסענפעלד דאָס אויסערע אויסזעען פון דעם גבירס ווײַב, יוטע, אין „קבצן-עושר-שפּיל": „אַ דאַרע

1 אַקסענפעלדס ווערק, I, 149.

2 דאָרטן.

יידענע, א קליינע, א שווארצע, א גישטיפילטע מיט א קורץ נעזעלע פון איין זײַט אזוי ווי צוגעוואקסן, פון פארינט פעלן איר די ציין אין מויל. דאס מויל איז אפילו קליין, די אויגן אויך קלייניטשקע, גראע. דאס שלייערל איז מיט דער מאדע, א גרויס שטערן-טיכל און פעריל אויף דעם האלז. געלע פעריל ציענירדיקע, נאר פיל, טאקע א גאנצים בונט. אין א זײַדן לאפטיקינאשל אפּ גיטרענט די טרעסטליך, און א ברוסטטיכעל א שמאלם, א רויטס, א שפּאגיל נײַם, מיט א טרעסטילע באלעגט, א ציצין פּארטיך, פארברענט דער איינער עק. צוויי מיסע הענט, אף איין פינגער האט זי א קראם פינגעריל, די אנדערע האנט זײַנין צוויי פינגער איינגיבויגן פון קליינערהייט אן. אין ווייסע זאקן מיט מאדנע פאנטעפיליך, זי רעט שיפּיליוואטע, אליץ מיט א סמך״.

עס איז קלאר, אז דווקא דורך די צו גרויסע עשרות פון פרטים ווערן די געשטאלטן צעשווומען און עס באקומט זיך ניט קיין בולט בילד. דערפאר אבער אדאנק אט דעם שטארק דעטאלישן, פרימיטיוו רעאליסטישן שילדערונגס-שטייגער באקומען אקסענפעלדס ווערק א זייער גרויסן עטנאגראפישן און סאציאל-היסטארישן ווערט. אזוינע פראטאקאלארטיקע באשרײַבונגען, ווי, אשטייגער, דאס שילדערן דעם מארק און די גאסן פון דער שטאט ניביוואלע (אין דער ערשטער און צווייטער סצענע פון „קבצן-עושר-שפּיל״) זײַנען אן אמתער אוצר פאר דעם פארשער פון דעם עקאנאמישן לעבן אינם יידישן תחום אין ניקאלאי דעם ערשטנס צײַטן. ניט קיין קלענערן ווערט האט אויך די געטרײַקייט, מיט וועלכער אקסענפעלד גיט איבער אלע ניואנסן און אייגנארטיקייטן פון דער צו יענער צייט אין דרום-מערבדיקן קאנט גערעדטער פאלקסשפּראך. און מיט פולן רעכט באמערקט מ. ווינער: „די כמעט עטנאגראפישע גענויקייט אינם פארשרײַבן די לעבעדיקע שפּראך גיט אקסענפעלדס שפּראך-רעגיסטראציע (פונקט, ווי זײַנע שטייגער-באשרײַבונגען) אחוץ דעם ליטערארישן באטייט אויך א באזונדערם גרויסן שפּראך-היסטארישן ווערט. זײַנע ווערק זײַנען א וויכטיקער דאקומענט פאר דער שפּראך-געשיכטע פון יענער צײַט״ 1.

עס וואלט אבער געווען א טעות צו מיינען, אז אקסענפעלדס ווערק האבן בלויז אן עטנאגראפישן און ניט קיין ליטעראטור-היסטארישן ווערט. אקסענפעלד איז געווען א לײַדנשאפטליכער קעמפער-נאטור, מיט א געזונטן געזעלשאפטליכן טעמפעראמענט און מיט א שארף באאבאכטער-אויג. זײַן טאלאנט איז געווען פרימיטיוו, רוי, ניט געשליפן, אבער

1 ציט. ח. 71—82.

עבט און קרעפּטיק. אַקסענפעלדס שאַפן — דאָס איז אַ באַדײַטנדיקער עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור, דער ערשטער דרייסטער פּרווו צו פירן אַ ברייטן עקשנותדיקן קולטור־קאַמף פאַר אויפקלערונג, פאַר נײַע לעבנס־פאָרמען אויף דער שפּראַך פון דעם המון, פון די ברייטע פאָלקס־מאַסן. מיר ווייסן שוין, אַז ווי אַלע השכּלה־קעמפער פון גאַליציע און וואָלין איז אויך אַקסענפעלד געווען אַ פאַר־ביסענער קעגנער פון חסידים און זייערע רבּיים. ער גופא ווײַזט אָן, אַז ער האָט זײַן ערשט ווערק „ספר חסידים" געשריבן, בכדי „דעם עולם" זאָל קלאָר ווערן „די ווילדע צביעות" פון די „אַזוי גערופענע גוטע ייִדן"... ער (דער עולם) וועט מוזן דערפילן אַ פאַראַכטונג צו דער גאַנצער חסידישער סעקטע". דעם קאַמף קעגן דער דאָזיקער סעקטע און „די אַזוי גערופענע גוטע ייִדן" פירט ער כּמעט אין אַלע זײַנע אויפגעהיטע ווערק: אין דעם „שטערנטיכל" [1], אין דער „גענאַרטער וועלט", אין „קבצן־עושר־שפּיל". ער זווערט אויך ניט מיד פּלויזצושטעלן און צו באַגיסן מיט שפּאָט און ביטול דעם אַלטפרענקישן־קליינשטעטלדיקן שטייגער לעבן, מיט די לופט־פּרנסות, מיטן ווילדן אָבערגלויבן, מיט דער אומבאַהאָלפנ־קייט, וואָס שטאַמט פון מאָוימדיקן אומוויסן און אָפּגעשטאַנענקייט.

אַקסענפעלדס אידעאַל איז, נאַטירליך, ווי בײַ אַלע אַנדערע משכּילים פון זײַן צײַט, לערנען שפּראַך, וויסנשאַפטן. „אַ יונגער מאַן, וואָס קען לשונות" — דאָס איז דער גרעסטער שבח בײַ אַקסענפעלדן. דאָס שאַרפע באָאָבאַכטער־אויג און דער גרזעלשאַפטליכער טעמפּעראַמענט האָבן אָבער ניט דערלאָזט, אַקסענפעלד זאָל ניט באַמערקן, אַז אויך דורך „אויפגעקלערטע" לײַט, וואָס „קענען לשונות" און פאַרהאַלטן זיך מיט שנאה צו די אָפּגעשטאַנענע אַלט־פרענקישע לעבנס־פאָרמען, ווערן אָפּט אָפּגעטאָן שרײַענדיקע סאָציאַלע אומגערעכטיקייטן. און דער טעמפּעראַמענטפולער אַקסענפעלד האָט ניט געהאַלטן פאַר מעגליך דאָס צו פאַרשווײַגן. דאָ באַנוצט ער שוין אָבער ניט זײַן געוויינליך געווער —

---

1 טיפּיש איז פאָלגנדיקע טיראַדע, מיט וועלכער עס טרעט אַרויס אין „שטערנטיכל" דער אויפגעקלערטער פּאָדריאַטשיק אָקסמאַן, אונטער וועמעס נאָמען עס רעדט אַקסענפעלד גופא: „די פּלאָג — עזות־פּנימער חסידים, מאַכן חוזק פון דער גאַנצער וועלט. ער דאַרף גאָר נישט קענען, און די חסידישע רבּיס זאָגן בפירוש, אַז נאָר אַ חסיד צו זײַן איז דער עיקר, אינם רבּין צו גלויבן, אַז ער שטייט מיט איין פוס דאָ און מיטן אַנדערן פוס שטייט ער איבער די מלאכים קעפּ צו דער־לאַנגען גאָטס קנעפּל פון די פּלידע־ן. אָט דאָס דאַרף אַ ייִד קענען, הײַסער טויג אַלץ אויף כּפּרות. די צרה איז דאָס גרעסטע אומגליק פאַר די ייִדן אין רוסיש־פּוילן. ייִדן ווערן אַלע טאָג מער קאַליקעס, זיי קענען ניט לערנען קיין ייִדיש, זיי קענען ניט שרײַבן און זײַנען סאַמע עזות־פּנימער".

שפּאַט און געלעכטער; עס ווערן דאָך דערשיטערט זײַנע אייגענע אידעאַלן, זײַנע אייגענע געטער ווערן צעשמעטערט. מוז ער עס אויפֿגעמען טראַגיש — און ער שאַפֿט אַ טראַגעדיע. זייער טיפּיש איז אין דער הינזיכט אַקסענפעלדס „דער ערשטער יידישער רעקרוט״.

דער רעקרוטן־אוקאַז פון 1827 האָט געמוזט אַרויסרופן בײַ משכּילים מיט אַן אויסגעשפּראָכענעם געזעלשאַפטליכן טעמפּעראַמענט, אַ שאַרפֿן חשבון הנפש. לויט דעם השכּלה־פּראָגראַם איז דאָך געווען זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז ווען יידן ווילן באַקומען גלײַכע רעכט מיט דער איבעריקער באַפעלקערונג אין לאַנד, דאַרפֿן זיי אויך טראָגן אַלע התחייבותן, און צווישן זיי אויך די מיליטער־פליכט. דער רעקרוטן־אוקאַז איז אָבער אַרויס פון ניקאָלאַי דעם ערשטנס דעספּאָטישער האַנט אין אַזאַ שטרענג פּאָליצייִשן לבוש און האָט בײַם דורכפירן אין לעבן אָנגענומען אַזוינע עקלהאַפטע פאַרברעכערישע פאָרמען...

מיר ווייסן שוין, ווי שמאַרציק לעווינזאָן האָט אויף דעם דאָזיקן אוקאַז רעאַגירט. ער האָט ניט בלויז זײַן „הפקר וועלט״ געשריבן און מיט בקשות צו דער מאַכט זיך געווענדעט. ער האָט צוגעזען, ווי זײַן בן עיר און טאַקע זײַנער אַ קרוב, אַ משכּיל, וואָס האָט זיך קונה שם געווען אַלס גרויסער ביבליאָפיל [1], איז רײַך געוואָרן פון די „לאָווטשיקעס״ און פון זייערע נידערטרעכטיקע מעשים; האָט ער דאָס פאַרשווייגן ניט געקאָנט און אים צום שאַנדסלופּ געשטעלט אין זײַן „תולדות מנחם הכּזבי״ (זע אויבן, ז׳ 39). אויך אַקסענפעלד האָט ניט געקאָנט פאַרשווײַגן דאָס גרויסע סאָציאַלע אומרעכט, און ער שרײַבט זײַן „יידישן רעקרוט״. „איין קאָמיש־טראַגישער ראָמאַן״ — ווערט אָנגעוויזן אויפן דײַטשן טיטל פון דער ערשטער אויסגאַבע, וואָס איז דערשינען נאָך בײַ אַקסענפעלדס לעבן.

מיר ווייסן אויס זײַן ראָמאַן „שטערנטיכל״ (קאַפּ׳ 14), וואָס פאַר אַ שטאַרקן רושם עס האָט געמאַכט אויפן יונגן אַקסענפעלד דער בירגערליכער דײַטשער טעאַטער, מיט וועלכן ער האָט זיך צום ערשטן באַקענט אין ברעסלוי. אַקסענפעלד לאָזט אינם „שטערנשטיכל״ דעם אויפגעקלערטן פאָדריאַדטשיק אַקסמאַן דערקלערן דעם יונגן מיכל מציבה, וואָס פאַר אַ נוצן ער האָט פונם טעאַטער: „קומט דאָך דער טעאַטער צונויף

---

1 אַ סך פון זײַנע ספרים, יקרי המציאות, געפינען זיך איצט אין לענינגראַדער אַזיאַטישן מוזיי, און דער שרײַבער פון די דאָזיקע שורות האָט זיך אָפט מיט זיי באַנוצט. (זע, צום בײַשפּיל, אונזער ווערק, באַנד IV, 58, באַנד VII, ערשטער בוך, 98).

בעכער פון א בעל־דרשנס מוסר־זאגן. דאַ, אינם טעאַטער, בעת מען האָט הנאה פון די אַנשטעלן, ווי דו, מיכל, רופסט עס — פּעקלט מען אַרײַן איטליכן, וואָס זעען און וואָס הערן, אין הארצן אַרײַן מוסר, און א ראיה, אַז גוט איז ערליך צו זײַן און גוטע לײַט צו פאָלגן — גייט תמיד אוים צום גוטן. פּאַרקערט, ווידער, איז עס אַ ראיה, אַז בעל־גאווה, אַ שלעכטער מענטש, אַ הולטײַ, כאָטשע עס דאכט זיך אַף אַ קורצער צייט — ער לויכט, קומט ער דערנאָך צו בזיונות״.

און אַקסענפעלד האָט זיך טאַקע געשטעלט פאַר אַ מוסטער די דײַטשע בירגערליכע קאָמעדיעס, וואָס ער האָט געזען אין ברעסלוי און אין אַנדערע דײַטשע שטעט (און אפשר אויך אין אָדעס). ער פלײַסט זיך אונטערצושטרײַכן אין זײַנע קאָמעדיעס דעם מוסר־השכל, „ווי גוט ס׳איז ערליך צו זײַן און גוטע (ד״ה אויפגעקלערטע לײַט) צו פאָלגען״, מיט דעם פעסטן גלויבן, אַז דעמאָלט „גייט תמיד אַלץ צו גוטן״. אין זײַן „דער ייִדישער רעקרוט״ ווארפט אָבער אַקסענפעלד אויפן אַנטשיידנסטן אופן אָפּ דעם דאָזיקן בעל־הבתיש־אָפּטימיסטישן מוסר־השכל.

אין קאָמישן זשאַנר זײַנען געשריבן די קאָלאָריטפולע סצענעס, ווו אַקסענפעלד שילדערט, ווי קינדיש אומגעלומפּערט דער ניביוואַלער קהל מיט זײַנע צוויי פּרנס־חודשן רעאַגירן אויף דעם צוגעשיקטן רעקרוטן־אוקאַז. די פּיעסע ווערט אָבער טראַגיש, ווען עס מישט זיך אַרײַן דער גרעסטער עושר אין ניעביוואַלע און שטאַרקער חשוב בײַם שר פון דער שטאָט, אהרן קלוגער, וואָס איז לויט דעם אווטאָרס רעמאַרקע: „אַ געלערנטער אין אַלערלײַ חכמות און לשונות״ 1. אַקסענפעלד, וואָס איז טעאָרעטיש פולקום מסכּים מיט די איבעריקע משכּילים, אַז ייִדן דאַרפן גלײַך מיט אַלע ערפילן די מיליטער־פליכט, פאַרשטייט אָבער זייער גוט, אַז די ייִדישע באַפעלקערונג, וואָס פירט פון דורות־לאַנג אַ גאַנץ אייגנאַרטיקן שטייגער לעבן, מוז באַטראַכטן דעם נײַעם אוקאַז, וואָס רײַסט אַרויס דעם רעקרוט פון זיין אייגענער סביבה אויף גאַנצע 25 יאָר, — ווי אַ שווערע ביטערע גזרה. דערפאַר קלאָגן טאַקע אַזוי אויף דעם אוקאַז בײַ אַקסענפעלדן ניט בלויז די פינצטערע נאַרישע ייִדענעס, נאָר אויך צפּורה און פערעלע, אויף וועלכע דער פאַרפאַסער זאָגט עדות אין דער רעמאַרקע, אַז זיי זײַנען „זייער שיין, זייער קלוג און זייער גוט״. „דאָס וואָס מען זאָל נעמען ייִדן פאַר סאָלדאַטן, קלאָגט זיך פערעלע, איז דאָס אויך ניט קיין גזירה? דאָס איז דאָך אוודאי אַ ביטערע גזירה!״ איר מאַן, דער היינטוועלטיקער רײַכער סוחר, וואָס

1 אהרן קלוגער (אויך אהרן בעל מחשבה) פיגורירט אויך אין „קבצן עושר־שפּיל״.

האַנדלט מיט וואַרשע, גיט איר דערבײַ צו פאַרשטיין! „פאַרשטייט זיך, אַז דער, וואָס וויל אַ גלײַכן רעכט האָבן, ווי יענער, מוז נושא בעול זײַן גלײַך ווי יענער. הײַנט גיבן ייִדן אָבער נישט קיין רעקרוטן, דעריבער הייסט דער קייזער, אַז ייִדן זאָלן אויך געבן רעקרוטן, וועט שוין אַ רעכט זײַן, אַז זיי זאָלן מעגן גלײַך מיט יענע אומעטום וווינען און אומעטום האַנדלען". דערוווּדערט אָבער דערויף פּערעלע: „דערווײַל איז דאָך אָבער זייער שלעכט דער מאַמען מיטן טאַטן, אַז מען נעמט בײַ זיי אַוועק אַ קינד. ווי איז מיר, סטײַטש, אַ קינד אַוועקנעמען! אַז איך דערמאָן מיך דערינען, ווי אַזוי וואָלט מיר געווען, חס ושלום, עמיצער זאָל וועלן מײַן קינד אַוועקנעמען, — איך וואָלט געשטאָרבן פאַר אַ געוויס. וואָס העלפט מיר דאָס, וואָס מע נעמט בײַ יענעם אויך? איז יענעם אויך פינצטער. אָבער מיר איז דאָך זייער שלעכט. שלעכטער פון אַלע אומגליקן פון דער וועלט"[1]. „דאָ גייט ער דאָך אויף אייביק פאַר אַ סאָלדאַט!"[2] — רופט אויס פּרומעלע, וואָס ווערט אויך כאַראַקטעריזירט בײַם פאַרפאַסער אַלס „זייער אַ שיין, קלוג, גוט מיידל". אויך פּנחס דער רויטער, וואָס מע האָט אים, לויט דעם אַוטאָרס רעמאַרקע, „ליב אין ניביוואַלע", און ער זאָגט אויף זיך עדות, אַז ער האָט זיך „די גאַנצע יאָרן אין באַרדיטשעוו געריבן צווישן די גרעסטע לײַט, האָט זיך אויסגעלערנט רוסיש און ייִדיש שרײַבן און לייענען; האָט זיך גענוג אָנגעהערט צווישן די בראָדער און צווישן אַנדערע מענטשן, וואָס זײַנען געניט און וואָס זײַנען געווען אָף דער וועלט אין אַנדערע מדינות, אַחוץ אין פּעטערבאָרג און אין מאָסקווע", — אויך ער פאַרהאַלט זיך גאַנץ קריטיש צום נײַעם אוקאַז. „מיר מיינען, טענהט ער, דאָס איז אַ גזירה; אַנדערע גרעסערע לײַט זאָגן, אַז דער קיסר האָט ייִדן דערמיט אַ חסד געטאָן, כדי ייִדן זאָלן דערמיט האָבן גלײַך רעכט און אַ חזקה אין דער מדינה... מיר ווייסן לעת עתה נאָך ניט, וואָס דערפון וועט ווערן, נאָר סיי־ווי־סיי טאָרן מיר ניט זײַן אַקעגן רצון הקיסר יר״ה... איך ווייס, אַז פון דער נײַ איז עס ביטער; איך ווייס, אַז ייִדן זענען ביז אַהער פרײַ געווען פון רעקרוטן, איז אָף אַמאָל זייער שווער צו דערטראָגן אַ ייִדיש קינד אַוועקצוגעבן פאַר אַ רעקרוט. פאַרגעסט אָבער ניט, אַז די גזירה איז שוין, וואָס וועט דאָ העלפן אייער ניט וועלן? מיר רייסט מײַן האַרץ, איך פיל דאָס גאַנץ גוט, וואָס דאָס ביטערניש איז, אַ מאַמע זאָל איר זון מוזן אַוועקגעבן, אָדער פאָטער און מוטער זאָלן זען זייער קינד אַוועקנעמען פאַר אַ רעקרוט"[3].

1 אַקסענפעלדס ווערק, I, 161.

2 דאָרטן, 189.

3 דאָרטן, 154.

בלויז דער פון די „גרעסערע לײַט", דער אויבן דערמאָנטער פאָר־שטייער פון דער הויכער בורזשואזיע, אהרן קלוגער, וואָס פירט גרויסע געשעפטן און איז צוזאמען מיט זיין פאמיליע אלס גילדיע־סוחר באפרייט, לויט דעם רעקרוטן־געזעץ, פון מילי טער־פליכט, — דער איז שטארק צופרידן פון דעם נייעם אוקאז, ווייל ער האָפט, אז אדאנק דעם רעקרוטן־געזעץ „וועט שוין א רעכט זיין, אז יִדן (ד״ה, יִדישע גילדיע־סוחרים) זאָלן מעגן גלייך מיט יענע אומעטום וווינען און אומעטום האנדלען". גיט ער צו דערקלערן זיין ווייב פערעלען, אז ווען „מיר זאָלן ניט האָבן אזויפיל סאָלדאטן מיט פאָלקן, מיט יענעראלן, וואָלטן די פראנצויזן אָדער אַן אנדער שונא, אַלץ אַוועקגענומען גאָר אונדז מיט אונדזער פארמעגן... היינט פארשטייסטו, אז די מאמע מיטן טאטן דארפן בשעת מעשה, אז מע נעמט ביי זיי אַוועק א קינד פאר א סאָלדאט, וויסן, אז דאָס קינד גייט טאַקע פאר זיי, אז ניט — וואָלטן דאָך אַלע געמוזט גיין אין דער מלחמה אריין" [1].

פאר זיי, פאר די רייכע און פאר זייער פארמעגן, זיינען אָבער געגאנגען פאר רעקרוטן ניט זייערע אייגענע קינדער, נאָר קינדער פון די אָרעמע קלאסן; און נאָך אין יאָר 1852, קורץ פאר דער אָפּשאפונג פון דער רעקרוטשינע און דעם קאנטאָניסטן־סיסטעם, ווענדען זיך צו דער רעגירונג עלף סוחרים ערשטער גילדיע און „ערענבירגער", מיטן באוווּסטן יוזל גינזבורג בראש, מיט א מעמאָראנדום, ווו עס ווערט באזונדערס אונטערגעשטיצט די אידעע פון צעטיילן יִדן אויף „ראזריאדן": אויף „נוצליכע" בירגער, ד״ה, אין דער ערשטער ריי סוחרים און אנדערע „פּראָדוקטיווע עלעמענטן", און אויף „שעדליכע". אין די אינטערעסן פון די „נוצליכע" האָבן אָט די סוחרים ערשטער גילדיע געבעטן ניקאָ־לאַיען און זיינע מיניסטאָרן, אז די לאסט פון דער פארגרעסערטער רעקרוטן־פליכט זאָל אויפגעלייגט ווערן נאָר אויף די „אומפּראָדוטיווע עלעמענטן", דאָס מיינט אויף די יִדישע אָרעמע קלאסן [2].

אקסענפעלד מיט זיין שארפן באָאבאכטער־אויג האָט צוגעזען, מיט וואָסערע נידערטרעכטיק־שווינדלערישע שפיצלעך די „נוצליכע בירגער", די „פּני" און רעדלפירער פון דער שטאָט, האָבן ארויפגעלייגט די שווערע רעקרוטן־פליכט אויסשליסליך אויף די „שעדליכע און אונפּראָדוקטיווע עלעמענטן", ד״ה אויף די אָרעמע פאָלקסמאסן, — און ער האָט דאָס ניט געקאָנט פארשווײַגן, און דאָס בלויזגעשטעלט אין זיין „ערשטן רעקרוט".

---

1 אקסענפעלדס ווערק, I, 162.

2 היסטאָרישע שריפטן, I, 782—787.

ער האָט אפילו געהאַט דעם מוט בלויזצושטעלן אין זײַן גאַנצער צביעות און נידערטראַכט ניט די אַלטפרענקישע פאַרפרומטע קהלס־לײַט, נאָר זײַן השׂכּלישן אידעאַל — דעם געבילדעטן און הײַנטוועלטיקן גרויסן סוחר אהרן בעל מחשבה. בעת אהרן גיט צו פאַרשטיין זײַן פרוי פערעלע דעם באַטייט פון דעם נײַעם רעקרוטן־געזעץ, ווײַזט ער אָן, אַז מען „מוז אַ גורל וואַרפן, ווער עס זאָל בלײַבן אין דער היים און ווער עס זאָל גיין פאַר אַ סאָלדאַט. דעם גורל מאַכט איטליכס דאָרף, איטליכע שטאָט צווישן זיך טאַקע, און קלויבט אויס וועמען צו געבן פאַר אַ רעקרוט. דעריבער דאַרפן מיר באַטראַכטן די סאָלדאַטן פאַר טײַערע מענטשן, וואָס גייען אין דער מלחמה אַרײַן פון אונזערטוועגן״ [1].

די דאָזיקע רייד זײַנען אָבער לויטער צביעות און שווינדל, די שטאָט ניבווואָלע וואַרפט ניט קיין גורל, אהרן בעל־מחשבה פאַרטראַכט איינער אַליין אַ שפּיצל, ווי אַזוי אָפּצונאַרן נחמן דעם גרויסן, אַז ער, דער בן־יחיד בײַ דער בלינדער מאַמען, זאָל גיין פאַר אַ סאָלדאַט. און דעם דאָזיקן נחמן באַטראַכט אהרן בעל־מחשבה כּלל ניט פאַר קיין „טײַערן מענטשן״, אדרבה, ער שטרײַכט צוויי מאָל אונטער, אַז מען וועט דורכדעם „פּטור ווערן אזא הולטײַ פון דער שטאָט״ [2].

ווער איז ער עס, אָט דער דאָזיקער נחמן דער גרויסער, וועמען דער הויכגעבילדעטער און קלוגער אהרן דערקלערט פאַר אַ „הולטײַ״, וואָס די שטאָט דאַרף פון אים פּטור ווערן? אין פאַרשווינגען־צעטל ווערט נחמן כאַראַקטעריזירט: „ער איז אין שטאָט אַ מה יעשׂניק, אַ צרה, אַ שיינער, קלוגער יונג אַפילו מיט מעלות, נאָר ניט קיין לייט״. נחמן גופא ווײַזט אָן:

> אַז איך וויל, קען איך לערנען און שרײַבן,
> נאָר איך האָב ליב קאַטאָוועסלעך צו טרײַבן [3].

ער דערקלערט, אַז בײַ אים „איז אַלט און יונג, אָרעם און רייך, אַ למדן און אַ עם־הארץ אַלץ גלײַך״. מיר ווייסן אויך פון דעם לידל, וואָס ער זינגט, אַז פון זײַנע „אָנשטעלן לאַכן אַלע״, און אַז ער וויל „די גאַנצע שטאָט דערשרעקן, גייט ער פּסח אַרום צו סליחות וועקן״. אַז ער שלאָגט זײַן אייגענע מאַמען, דאָס האָט מען בלויז אויף אים אויס־געטראַכט, ס׳איז לא היה ולא נברא, און די מאַמע זײַנע פאַרזיכערט,

---

1 אַקסענפעלדס ווערק, I, 162.

2 דאָרטן, 176, 180.

3 „ער רעדט נאָך, מישטייענס געזאָגט, אַזוי גוט פּויליש דערצו״, — זאָגט אויף אים עדות פּנחס דער רויטער (דאָרטן, 192).

אַז „ער איז געווען אַ פאַרשייטער יונג, אָבער אַ גוטער יונג" [1]. „אָבער איין ערליכער גוטער יונג איז ער דאָך", זאָגט אויף אים עדות פרומעלע [2]. דאָס ערגסטע „שפּיצל", וואָס דער „מַהיעַשְנִיק" האָט אָפּגעטאָן, באַשטייט אין דעם, וואָס בשעת דער פרנס-חודש, ווּעלוול גילוואַטע, „איז געגאַנגען איבער דער גאַס אין זײַן משא-ומתן, קומט דער מהיעשהניק פון הינטן און גיט אַ שנאַל אין זיין גולע אַריין און טועט אַ שפּרונג אַוועק" [3].

הכלל, מיר האָבן פאַר זיך יצחק לאַנדאָס „קונדס" אין עטליכע יאָר אַרום, ווען יענער איז אונטערגעוואַקסן און געוואָרן אַ גרויסער. ווי לאַנדאָס קונדס איז אויך נחמן דער גרויסער אויסגעוואַקסן אָן אַ טאַטן, איז פון דער נאַטור באַגאַבט, און אים איז ענג און לאַנגוויַליק אין די מרה-שחורהדיקע געסלעך פון ניביוואַלע, — ברענגט ער אויס זײַנע אויפגעוואַכטע ניט-דיסציפּלינירטע כוחות אויף קונדסישע שטיק, אויף לידלעך זינגען אין שענק פאַר בעל-מלאכה-יונגען. נחמן איז אויך אַן אַריינגייער צו אהרן בעל-מחשבה אין הויז, יענער מאַכט זיך לוסטיק מיט דעם קלוגן פאַרשײַטן יונג. נחמן מיינט אפילו, אַז „ר' אהרן וויל פון מיר אַ מענטש מאַכן". ער האָט אָבער אַ טעות, דער נאַיווער, גוטמוטיקער נחמן. אַ פאַרשײַטער יונג, וואָס זינגט לידער אין שענק — שאָקירט דעם רײַבן סוחר, וואָס „איז אַ חשוב בײַ דעם שר פון דער שטאָט", בײַ דעם גראַף ניביוואַלסקי אַליין. ער האַלט נחמנען פאַר אַ הולטײַ, וואָס די שטאָט דאַרף פון אים וואָס גיכער פּטור ווערן. ער דיקטירט מיט אַ כּיוון נחמנען קונדסישע קופּלעטן, יענער זאָל זיי זינגען אין שענק, בכדי נאָך מער אויפצורייצן קעגן אים די פאַרפרומטע בעלי-הבתּים פון ניביוואַלע; ער, דער „פְּנֵי" פון דער שטאָט, באַשטימט אים פאַר אַ קרבן. דורך אַ שווינדל-שפּיצל פאַרנאַרט מען לויט אהרנס איניציאַטיווע דעם נאַיִוון נחמן, מען רעדט אים אײַן, אַז די שיינע פרומעלע איז אין אים פאַרליבט, און אַז איר ווילן איז — ער, דער בן-יחיד, וואָס איז פרײַ פון מיליטער-דינסט, זאָל זיך פרײַוויליק פאַרשרײַבן פאַר אַ רעקרוט...

ס'איז ניט וויכטיק דער מעלאָדראַמאַטישער סוף, ווי פרומעלע, די צאַרטע בת-יחידה, פאַרליבט זיך טאַקע אויף דער אמתן אין דעם שיינעם גוטמוטיקן נחמנען און שטאַרבט פאַר האַרץ-ווייטאָג, און איר מוטער, די קלוגע און גוטע צפּורה, גייט אַראָפּ פון זינען. כאַראַקטעריסטיש ביז גאָר איז אהרן בעל-מחשבה'ס לעצטע רעפּליק: „איך האָב געטאָן נאָר מיט שׂכל, איך האָב פאַרגעסן, אַז דאַרטן, ווו דאָס האַרץ פילט, הערט אויף דער שׂכל". אפילו די שווערע קאַטאַסטראָפע ברענגט אים ניט

1 אַקסענפעלדס ווערק, I, 195.

2 דאַרטן, 190.

3 דאַרטן.

צו חשבון הנפש. ער איז אַלץ ביי זיך זיכער, אַז דאָס, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן מיט נחמן דעם גרויסן, איז „געטאָן געוואָרן מיט שכל״, און אויך מיט יושר, נאַטירליך — ס׳איז דאָך אַ יושר די כּשרע שטאָט ניביוואַלע זאָל פּטור ווערן פון אַזאַ „פאַרשייטן הולטיי״...

ס׳איז אויך כּדאַי אָנצוווייזן פאָלגנדיקן כאַראַקטעריסטישן פּרט: פון אַלע דריי־סיק אָנגעשריבענע ווערק [1] האָט אַקסענפעלד אויף דער עלטער בײַ דער ערשטער מעגליכקייט קודם־כּל אָפּגעדרוקט (צוזאַמען מיטן אַנטיחסידישן ראָמאַן „שטערנטיכל״) די פּיעסע „דער ערשטער רעקרוט״.

דאָ באַרירן מיר אַקסענפעלדס טיפּע לעבנס־דראַמע, וואָס איז ניט בלויז פון גרויסער וויכטיקייט פאַר דעם שריפטשטעלערס ביאָגראַפיע, נאָר האָט אויך אַ געוויסן קולטור־היסטאָרישן באַדײַט.

„אין אַ סך שטעט פון אונזער פאָטערלאַנד,—דערציילט אַ שריפט־שטעלער פון יענער תּקופה, יאָאַכים טאַרנאָפּאָל [2],— ווי, למשל, וואַרשע, ווילנע, אָדעס, מאָהילעוו, בערדיטשעוו וכדומה, וווּ עס געפינען זיך גאַנצע גרופּעס געבילדעטע ייִדן, עקזיסטירט אין די דאָזיקע אויפגעקלערטע קרײַזן אַ באַזונדער מין ליטעראַרישע אונטערהאַלטונג: מען פאַרברענגט די צײַט אין פאַרלעזן אויפן פּשוטן פּויליש־ייִדישן זשאַרגאָן דערציילונגען, דראַמאַטישע סצענעס, גאַנצע בראָשורן אין לידער אָדער פּראָזע. אין די דאָזיקע ביכלעך, וואָס מ׳לייענט פאַרן גאַנצן צונויפגעקליבענעם עולם, ווערן אין אַ זייער שאַרפער פאָרם אויסגעלאַכט מערערע נאַרישע מנהגים, פאַראַלטערטע אָבערגלויבנס און פאַלשע חסידישע אָנשויונגען״.

דאָס אינטערעסאַנטסטע איז דערבײַ, וואָס די דאָזיקע משׂכּילישע ליטעראַטור, וואָס איז „אויף פּשוטן זשאַרגאָן געשריבן״, איז אין גרעסטן טייל געבליבן אַ געשריבענע ליטעראַטור, און מען האָט זי פאַרשפּרייט ניט אין דרוק־עקזעמפּלאַרן, נאָר אין אַ באַגרעניצטער צאָל אָפּשריפטן. צעדערבוים, דער רעדאַקטאָר פונם „המליץ״ און „קול מבשר״, פּרוווט אָנווייזן דעם טעם, אָדער ריכטיקער די טעמים, פון דער דאָזיקער דער־שיינונג: „טייל, — שרײַבט ער, — האָבן עס געמאַכט פאַר אַ שפּאַס און האָבן גאָר נישט געדענקט אַזעלכע שריפטן אַרויסצוגעבן; טייל האָבן זיך פּשוט געשעמט פלוצלינג מחבּרים צו ווערן אין דעם אָרימען זשאַר־

1 אין דעם אויבן דערמאָנטן רייסטער פאַרצייכנט אַקסענפעלד בלויז 26 ווערק; עס ווערן אָבער דאָרט ניט דערמאָנט די דעמאָלט שוין געדרוקטע „שטערנ־טיכל״ און „דער ערשטער ייִדישער רעקרוט״, און אויס אונז אומבאַקאַנטע מאָטיוון, די אונז אויס אַנדערע קוועלן באַקאַנטע „ספר חסידים״ און „מצות באָקן״.

2 Опыт современной и осмотрительной реформы 86—7.

גאן, וואס עס איז צו ווינטשן, ער זאל גאר פארגעסן ווערן פון אונזערע רוסישע ברידער, אזוי ווי ער עקזיסטירט שוין ניט אין דייטשלאנד. טייל האבן גאר געפיינערט, מען זאל, חלילה, ניט אויסבילדן דעם שעדליכן זשארגאן. די שרייבער אין דעם לשון האבן גאר געגאלטן פאר מארשאליקעם; וועמען גלוסט זיך אזא ראלע צו שפילן" 1. דער אלטער צעדערבוים ווייזט אבער ניט אן אלע סיבות פון דער דאזיקער אינטערעסאנטער דערשיינונג. ער פארשוויגט דוקא די וויכטיקסטע. עס איז קלאר, אז אקסענפעלד האט אויף זיינע „אין פראסט יידיש" געשריבענע ווערק ניט געקוקט ווי אויף „א שפאס" און האט זיך כלל ניט געשעמט צו ווערן א מחבר „אין דעם ארימען זשארגאן". מיר האבן שוין אנגעוויזן, אז דער טעמפעראמענטפולער אקסענפעלד האט אויף דער שפראך פון די פאלקסמאסן געקוקט ווי אויף דעם בעסטן קאמפסמיטל, וואס מיט זיין הילף איז מעגליך צו פירן דעם עקשנותדיקן קאמף קעגן די פאראלטערטע לעבנספארמען, קעגן חסידות און אבערגלויבן. עס איז זעלבסטפארשטענדליך, אז זיין הייסער ווונטש איז געוועז צו פארשפרייטן וואס מער זיינע ווערק, מאכן זיי אויפן ברייטסטן אופן צוגענגליך די ברייטע פאלקסמאסן. און דא פאנגט זיך אן אקסענפעלדס לעבנס־טראגעדיע: מען נעמט ביי אים צו די מיגליכקייט זיינע ווערק צו דרוקן. גאנצע פינף און צוואנציק יאר פירט ער דעם עקשנותדיקן קאמף, ער שטרעבט זיינע ווערק צו פארשפרייטן, מאכן זיי צוגענגליך די ברייטע פאלקשיכטן און ער האט דעם קאמף פארשפילט...

מיר האבן שוין אנגעוויזן, ווי שווער עס איז אנגעקומען מנשה איליער און יצחק בער לעווינזאנען דער קאמף מיט די יידישע דרוקערס, וואס האבן ניט געוואלט דערלאזן, אז מיט דער הילף פון זייערע דרוקווארשטאטן זאלן פארשפרייט ווערן „געפערליכע" אפיקורסישע ביכער. דער דאזיקער קאמף איז זעלבסטפארשטענדליך געפירט געווארן ניט בלויז בנוגע העברעיִשע ביכער, נייערט אין נאך שארפערער פארם אויפן געביט פונם פאלקס־בוך, וואס איז געשריבן אויף דער שפראך פון די ברייטע מאסן.

מיר האבן שוין אין פאריקן באנד געזעען, ווי די יונגע חסידישע באוועגונג האט פארשטאנען אויסצונוצן די פאלקס־שפראך אלס מעכטיק קאמף־און אגיטאציע־מיטל צו פארשפרייטן אירע אידעען צווישן די ברייטע שיכטן. אבער ניט בלויז די חסידישע ספרים, — די יידישע אויסגאבן פון שבחי הבעש"ט, דעם בראסלאווערס „סיפורי מעשיות" וכדומה

1 קול מבשר, 1869, נומ' 22, 247—248.

זײַנען פֿאַרשפּרייט געוואָרן אין די פֿיל טויזנטער עקזעמפּלאַרן, און אויסגעהאַלטן אײַן אויסגאַבע נאָך דער אַנדערער. די אַלט־ייִדישע ליטע־ראַטור, וואָס איז געווען צוגעפּאַסט צום אַלטן פּאַטריאַרכאַלישן סדר לעבן, צו דעם וועלט־באַנעם פֿונם פּשוטן פֿאָלקס־מענטשן, פֿון דער אַלט־מאָדישער ייִדישער פֿרוי, האָט זיך כּלל ניט פֿאַרענדיקט מיטן 18טן יר״ה און ניט אויפֿגעהערט צו ציען איר ווײַטערדיקן פֿאָדעם אויך אין משך פֿונעם 19טן יר״ה [1], אין דער תּקופֿה פֿון השׂכּלה־באַוועגונג; און די השׂכּלה־ליטעראַטור איז נאָך אַ בערך לאַנגע צײַט ניט אימשטאַנד געווען די אַלטפֿרענקישע פֿאָלקס־ליטעראַטור צו פֿאַרדרענגען און איר אָרט צו פֿאַרנעמען. עס דרוקן זיך אין פֿיל אויפֿלאַגעס ניט בלויז די איבער־זעצונגען פֿון די אַלטע מוסר־ספֿרים און פֿון היסטאָרישע ביכער, ווי דער „יוסיפון", „שבט יהודה", „יון מצולה" און אַנדערע, נייערט אויך אין זייער אַ גרויסער צאָל „קורצווײַליגע" געשיכטן, אַלע מעגליכע מעשׂיות און ביכלעך פֿון וועלטליכן אינהאַלט. דאָס באַרימטע „מעשׂה בוך" ווערט מגולגל אין אליעזר פּאַווירס „ספּורי הפּלאות", ווו עס זײַנען שוין פֿאַר־דרענגט די רעשטן פֿון „ייִדיש־דײַטש", און די מעשׂיות ווערן דערציילט אין אַ ריין פֿאָלקסטימליכער שפּראַך. דאָס אַמאָל אַזוי פּאָפּולערע „בבא־בוך" ווערט אין סוף 18טן יר״ה מגולגל און דער „בבא־מעשׂה", וואָס דערגרייכט ערשט אינם 19טן יר״ה די געוואַלדיקע פּאָפּולאַריטעט פֿונם אמתן פֿאָלקס־בוך [2]. דאָס אייגענע איז אויך דער פֿאַל מיט „צענטורע וועגטורע" און אַ סך אַנדערע דערציילונגען פֿון „טויזנט און איין נאַכט". עס זײַנען אויך געדרוקט געוואָרן פֿיל נײַע ווערק, אָריגינעלע און איבער־זעצונגען, כּמעט אויסשליסלעך אַנאָנים. מיר האָבן שוין אין אונזער ערשטן באַנד אָנגעוויזן (ז׳ 307—313), אַז אין 1825 איז אין ווילנע — גראָדנער דרוקערײַ דערשינען אַ נײַע געגראַמטע איבערזעצונג פֿון דעם באַרימטן מיטלאַלטערליכן „משלי שועלים". אין דעם זעלביקן יאָר איז אין דער זעלביקער דרוק דערשינען אַ בריוושטעלער אונטער דעם לאַנגן טיטול „מסדר אגדות אודר איין נייער שרייב לעהריר און בריפשטעלער פיר ייִדישע קינדרביידע גישלעכטיר", וועגן וועלכן דער באַוווּסטער פֿאָלקלאָריסט יהודה עלזעט שרײַבט, אַז פֿיל פֿון די דאָזיקע בריוו זײַנען

1 עס איז דער פֿאַרדינסט פֿון דעם שפּראַך־ און קולטור־פֿאָרשער זלמן רייזען, וואָס האָט אין אַ משך אַרטיקלען („ייוואָ בלעטער", ב׳ I, נומ׳ 3, ב׳ II, נומ׳ 4—5, ב׳ III, נומ׳ 1, 3) באַזונדערס אונטערגעשטריכן די דאָזיקע אין קולטור־היסטאָרישער הינזיכט וויכטיקע דערשײַנונג.

2 אין איין ווילנא האָט די „באָבע־מעשׂה" אין משך פֿון 1824 ביז 1860 אויסגעהאַלטן גאַנצע צען אויפֿלאַגעס.

„ממש אן אוצר פאר דעם, וואס וויל האבן אן איינבליק אין דאס פאמיליענלעבן פון פאלק, זיינע געזעלשאפטליך-עקאנאמישע שטרעבונגען און באמיונגען, מנהגים, קליידונג אאז"וו" [1]. אין 1830 דערשיינט אין ווילנע אין דער דרוק פון יצחק דווארזיץ א „קורץ געפאסטער ראבינזאן" איבערגעזעצט „נאך הערן קאמפע" [2]. אין א יאר ארום ווערט געדרוקט א יידישע איבעראַרבעטונג פון משה שמואל ניעמאנס ביבלישער דראמע „בת יפתח" (פארעפנטליכט אין ווין אין 1805) [3]. צו דער זעלביקער צייט דערשיינט אין ווילנע די אייגנארטיקע מעשה „מרדכי און אסתר, איין שיין וואונדערליכע היסטאריע פון איין חתן מיט איין כלה" [4].

1 מיר ציטירן לויט ז. רייזען, „יִווא בלעטער", ב' II, נומ' 4—5, 373.

2 דער פולשטענדיקער טיטל: קורץ געפאסטער ראבינזאן, איינע וואנדערבארע היסטאריע, וואס עס האט זיך פאסירט מיט דעם יונגן ראבינזאן, וועלכן מען האט גערופן קרויזאע, אלעס ער איזט פעררייסט אויף זעע (ים) אן וויסען זיינער עלטערן. אונד דיא אונגליקן וועלכע עס האט איהם גיטראפין און ווי וואונדר גאט האט איהם געהאלפין, ווייל ער האט זיך נאך דעם פיל גיבעסערט. עס איז איין גרויס מוסר פאר יונגע מענטשין, דאס זייא זאללען ניט טאן אן ערלויבניס איהרע עלטערן, קורץ איבערגעארבעט.

אין דעם עקזעמפלאר, מיט וועלכן מיר האבן זיך באנוצט, איז אונטער דער קורצער ווענדונג „אן דען לעזער" בלויז אנגעוויזן: „פאן איבערזעצער". מערקווירדיקער-ווייזע איז אבער אין דעם עקזעמפלאר, מיט וועלכן ז ר״זען האט זיך באנוצט, אונטער דער הקדמה אנגעוויזן דער נאמען פון דעם איבערזעצער: לעווין בעהר גארמייזא. ווי דער לייענער זעט אויס דעם שער-בלאט, איז דער „קורץ געפאסטער ראבינזאן" געשריבן א ביסל „דייטשמעריש". אין א ריין פאלקסטימליכער שפראך איז דערשינען נאך מיט עטליכע יאר פריער אין גאליציע א באארבעטונג פון דעמאס דערציילונג אונטערן טיטל „ראבינזאהן, די געשיכטע פון אלטער לעב" (באריכות וועגן דער דאזיקער באארבעטונג, וואס האט אויסגעהאלטן א סך אויפלאגעס, זע: מ. ווינער, פילאלאגישעס זאמעלבוך; נח פרילוצקי, יִווא בלעטער, ב' III, 36—44). די דאזיקע באארבעטונג איז פול מיט משכילישע סענטענצן, אז מען דארף לערנען שפראכן און פארנעמען זיך מיט פראדוקטיווער ארבעט.

3 אין אונזער רשות געפינט זיך די ווילנער אויסגאבע פון 1844. מיר ברענגען דא דעם שער-בלאט: בת יפתח הגלעדי. יסופר באריכות על דרך ההוה איין פארכטיקע מעשה, ארויש גינומן פון ספר שופטים וויא יפתח הגלעדי דער שופט פון ישראל האט זיין איינציגע טאכטער חנה פאר איין קרבן מקריב געוועזן, ווייל ער האט איין נדר גיטאן, און האט וועלין זיין נדר מקיים זיין; אויך די פרומקייט פון דר בתולה חנה. פון דער מעשה איז צו לערנן ויא איין מענש מוז זיך גוט פר היטן איידער ער לאזט רייד פון זיין מויל ארויש, זוא וויא עש שטייט געשריבן: שמור פתחי פיך, דאס איז טייטש: זאלשט היטן דיא טירן פון דיין מונד.

4 אין אונזער רשות געפינט זיך די דאזיקע דערציילונג אונטער א ביסל געענדערטן טיטל: „היסטארייע, איינע שיינע היסטארייע פון איין חתן וכלה, וואש זיך גיטראפין האט אין סאלוניקע". ווייל דער שער-בלאט פעלט, ווייסן מיר ניט דעם דרוק-ארט און דאס יאר פון דער אויסגאבע.

אלס אינטערעסאנטן פרט איז כדאי אנצומערקן, אז אזעלכע אויסגאבעס פלעגן אפט דערשײַנען סעריעס-ווײַז. א גאנצן זאץ פון אזעלכע סעריעס האט ארויסגעלאזט אין די צוואנציקער און דרײַסיקער יארן דער סודילקאווער דרוק. יעדער ביכל פון דער זאמלונג האט געהאט זיין באזונדערן שער-בלאט, נאר די פאגינאציע איז געווען אן אײנהייט-ליכע אין דער גאנצער סעריע. אײנע פון די דאזיקע סעריעס „ספורי מעשיות״, וואס איז דערשינען אין 1834, האט מען נאכדעם, ווי די דרוקערײַען אין וואלין זײַנען לויטן אוקאז פון 1836 פארמאכט געווארן, איבערגעדרוקט אײניקע מאל אין ווילנע [1]. פון די 15 ביכלעך, וואס גייען ארײַן אין דער דאזיקער זאמלונג, זײַנען אײניקע פון זיי, ווי אלדד הדני, ספר נשיקת משה, ספר מעשה ישורון, גזירת אומאן ואוקריינא א״א, איבערגעדרוקט פון פריערדיקע אויסגאבן; אנדערע ווידער, ווי „ספר מעשה צדקה״ [2] און „ספר מעשיות נחמדים״ [3], זײַנען גענומען פון מדרש און גמרא, צונויפגעפלאכטן מיט באדײַטנדיקע צוגאבן פון נייערן מינד-ליכן דערציילערישן פאלקס-שאפן. א באזונדער ארט פארנעמט אין דער דאזיקער זאמלונג דאס ביכעלע „משל ומליצה״ [4], אויף וועלכן עס האט דער ערשטער אויפמערקזאם געמאכט זלמן רייזען („ייווא-בלעטער״ III,

1 אין אונזער באזיץ געפינט זיך די ווילנער אויסגאבע פון 1845 (צענזור-דערלויבעניש פונם 31-סטן מערץ 1844).

2 אויפן שער-בלאט איז אנגעוויזן: אין דעם ספר ווערט דערציילט, ווי אײנר האט צפגיגעבן די קליידער מיט דעם צירונג מיט דעם נדן פון זײַן טאכטער צו א פרעמדער כלה. אויך ווי אײנר איז געווען א מכניס אורח און א גרויסער בעל-צדקה, און ווי אזוי עס האט זיך גיפירט מיט אים ביז זײַן לעבין איז גיוועןְ: און ווי ער האט גידאבונט מיט די אבות אברהם, יצחק ויעקב און משה ואהרן און דוד המלך, און זײַן סוף איז זייער גוט גיוועןְ ובזכות צדקה וועט במהרה בימינו קומען דער גואל צדק אמן סלה.

3 אויפן שער-בלאט איז אנגעוויזן דער מוסר השכל פונם חיבור: אין דעם ספר ווערט דערציילט פיל מעשיות זייער שײני, ווי השי״ת פירט אויש דעם גרעכטן אויף עולם הזה, און אויף עולם הבא איז זײַן שכר אן איין ע־ך און איין שיעור. און די בעלי לשון הרע איז זייער סוף ניט גוט אויף עולם הזה חוץ אויף עולם הבא האבן זיי גרוש עונש. דריבר גיהער איטליכער מענטש זיך דערווײַטערן פון לשון הרע און זאל זיך באהעפטן מיט די צדיקים וחסידים ובזכות זה וועט קומען דער גואל צדק במהרה בימינו אמן.

4 דער פולער שער בלאט: ספר משל ומליצה, איין קלוג מוסר, ווי דער מענטש זאל זיך פירן אויף דער וועלט, ער זאל ניט מאכין קיין עיקר דאס געלט, ער זאל זיך אין דער תורה און אין גאטש פארכט צוגעבין, ער זאל זיך קויפין דאס איביגע לעבין, וועט אים בעולם הזה און בעולם הבא זײַן וואול, און וועט דער לעבין כי יבוא לציון גואל, במהרה בימינו אמן.

256—259). דאָס איז אַ געגראַמטע איבערזעצונג פון דער אין 1819 דערשינענער דידאַקטישער, אין מאַקאַמען-סטיל געשריבענער פּאָעמע „תורת אדם וקורותיו״ [1]. בכדי דער לייענער זאָל האָבן אַ באַגריף וועגן דעם סטיל פון דער פּאָעמע אין ייִדישער איבערזעצונג, ברענגען מיר פון דאָרטן אַ קורצן פראַגמענט:

„וַיְהִי, ווי איך האָב זײַנע רייד גהערט, האָב איך מיך צו אים גקערט, ער האָט מיך אין זײַן הויז געפירט, עס וואָר מיט טײַערי שטיינער אויש גצירט, שיינע כּלים טוען דרינען שטיין, פון גאָלד פון זילבער און פון אײדל גשטיין, בעטן און שטולן מיט יאָוועלין בּשטעקט, מיט זײדני פּאָלשטערן דריבער גדעקט. וויא איך האָב דאש וואול בּטראַכט, האָב איך מיר דאָרט מיין זיצונג גימאַכט, איך זאָג — אויף דעם האָב איך גיהאָפּט אימער, צו וואונן אין זוא אײַן צימער, צו באַזעצין זיך צווישן גרושי לייט, דאָס האָב איך מיר גוואונטשן אלע צייט, איך האָב מיין פּאַטערש הויז פארגעסן און בין דאָרטן גזעסן.

וַיְהִי, ווי עס איז שוין דרייצעהן יאָר פאַר גאַנגן, האָט מען מיר איין בריב פון מײַן פּאַטער אבימלך טאָן דערלאַנגן, דארך איינעם אויש מיין לאַנד, וואָש איך בין אים וואול באַקאַנט. אין דעם בריב איז גוועזן געשריבן: מיין זון, איך האָב דיך באַשוואָרין, וויא באַלד דוא בּישט וואָרן געבוירן, זאָלשט היטן מיין תורה און מיין גיבאָט, זאָלשט ניט אָפּטרייטן פון דעם ליבן גאָט. דוא האָשט אָבער מיינע רעד ניט צוגעהערט און האָשט דיך פון דעם גוטן וועג אוועק גיקערט...״

אין 1836 זײַנען, ווי מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אַלע ייִדישע דרוקערייען פארמאַכט געוואָרן און לויט דעם נײַעם געזעץ האָבן געזאָלט געעפנט ווערן בלויז צוויי דרוקן: איינע אין ווילנע און די אַנדערע אין דרום-קאַנט. נאָך אין משך פון העכער צען יאָר איז די ווילנער ייִדישע דרוקערײַ געבליבן די איינציקע אין דער גאַנצער אימפּעריע (אויסער קרוין-פּוילן), ווײַל די דערלויבעניש צו עפענען אַ דרוקערײַ אין קיעוו איז געבליבן אין אַ לאַנגן משך צייט ניט רעאַליזירט [2], און ערשט אין 1847 איז געגרינדעט געוואָרן די צווייטע ייִדישע דרוקערײַ אין זשי-טאָמיר.

דער דרוק-מאָנאָפּאָל האָט נאָך אין באַדייטנדיקער מאָס פאַרער-גערט די שווערע לאַגע פון דער השכלה-ליטעראַטור. פרײַ פון יעדער

1 דער פאַרפאַסער פון דעם חיבור איז אַ געוויסער אהרן ב״ר יהודה הלוי אויס דעם וואָלינער שטעטל אלעקסעניץ (זע „ייִוואָ בלעטער״, VII, 88).

2 זע וועגן דעם פּ. קאָנס אַרבעט אין דער וואַרשעווער „ביכער וועלט״, 1929, נומ׳ 3—4.

קאָנקורענץ, האָבן די דרוקער־מאָנאָפּאָליסטן געהאַט די מיגליכקייט אומ־געשטערט צו שטייגערן אויף זייער אייגענעם באַראַט די דרוק־פּרייזן און דרוקן בלויז די ווערק, וואָס זיי געפינען פאַר נוצליך און רעליגיעז כשר. עס איז קלאָר, אַז ביי אַזאַ לאַגע האָט אַמשווערסטן געמוזט ליידן אַ שריפטשטעלער מיט אַזאַ קעמפערישער נאַטור ווי ישראל אַקסענפעלד.

נאָך אין די דרייסיקער יאָרן פון פאָריקן יר״ה, ווי נאָר אַקסענפעלד האָט זיינע ערשטע ווערק אָנגעשריבן, האָט ער געפּרוּווט זיי דרוקן אין ווילנע. דער „ספר חסידים״ זיינער איז שוין געווען באַזאָרגט מיט דער באַוויליקונג פון דער צענזור, דער ווילנער דרוקער אָבער, וואָס האָט, ווי מיר האָבן אָקערשט געזען, אַזוי גערן איבערגעדרוקט די סעריעס פאָלקס־ביכער פון דער סודילקאָווער דרוקעריי, האָט זיך אָפּגעזאָגט צו דרוקן אַקסענפעלדס ווערק, וואָס זיינען געשריבן אין אַזאַ שאַרפן אַנטיחסידישן טאָן [1]. אַקסענפעלד האָט אָבער ניט געוואָלט נאָכגעבן. ער האָט זיך געווענדעט מיט אַ בקשה צום בילדונגס־מיניסטער אוואַראָוו, אין וועל־כער ער דערציילט באַריכות, וואָס ער באַצוועקט מיט זיינע ווערק [2], וואָס פאַר אַ גרויסן נוצן זיי קאָנען ברענגען דעם פּשוטן יִדישן לייענער, און דער גאַנצער עיכּוב איז, וואָס דער ווילנער דרוקער וויל בשום אופן זיי ניט דרוקן. „דעריבער, שליסט אַקסענפעלד זיין בקשה, דערלויב איך מיר פאָלגזאַמסט בעטען אייער עקסעלענץ פאַרצושרייבן וועמען מע באַדאַרף וועגן צוטרעטן אָן שום מניעות צום דרוקן מיינע ווערק״ [3]. די בקשה האָט אָבער צו קיין שום ממשותדיקע רעזולטאַטן ניט געבראַכט. לויט דער אָנפראַגע פונם בילדונגס־מיניסטעריום, האָט דער ווילנער צענזור־קאָמיטעט געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט די ווילנער דרוקער, און יענע האָבן שריפטליך דערקלערט, אוים וואָסערע טעמים זיי קאָנען זיך ניט אַנטשליסן צו דרוקן אַקסענפעלדס „ספר חסידים״: „דאָס ווערק איז פאַר־פּאַסט ניט אויף אַ וואָסערן ס׳איז ריינעם לשון, נאָר אויף דער שפּראַך, וואָס ווערט געברויכט צווישן דעם יִדישן פּשוטן עולם און אַנטהאַלט

1 ס׳איז כּדאי אָנצומערקן, אַז אַפילו די צווייטע אויסגאַבע פון לעווינזאָנס „תעודה בישראל״ האָט דער ווילנער דרוקער אויך קיין חשק ניט געהאַט צו דרוקן, און ערשט ווען לעווינזאָן האָט געסטראַשעט, אַז ער וועט זיך וועגן דעם קלאָגן פאַר־דער מאכט, האָט ענדליך דער ווילנער דרוקער זיך מזרז געווען, און אין 1856 אַרויס־געלאָזט פון דרוק לעווינזאָנס ווערק (זע אגרות ריב״ל, 1896, 15).

2 ס׳איז כּדאי אָנצומערקן, אַז אין דער בקשה צו אוואַראָוון בעת ער דערמאָנט זיין ערשט ווערק „ספר חסידים״, פאָלגט דעריבּיי די באַמערקונג „אַ מין דאָן־קיכאָט״.

3 זע ז ש. גינצבורגס אַרטיקל אין „פילאָלאָגישע שריפטען״, 43—54, און י. רימיניקס אַרבעט אין „צייטשריפט״, V, 171—180.

אין זיך בלויז זלזולים קעגן דער חסידישער סעקטע, מיט שאַרפסטע באַשולדיקונגען אי קעגן דער סעקטע גופא, אי קעגן אירע רביים און מיט אומאַנשטענדיקע, אויסגעלאַסענע לצנישע אויסדריקן קעגן זייערע דבורים און אויפפיר... באַזונדערס געפינען מיר, וואָלט דאָס דרוקן דעם ספר אין אונזער דרוקערײַ אונז פאַרשאַפט גרויסע היזקות, וואָרום דורכדעם וועלן קעגן אונז שטאַרק אויפגעבראַכט ווערן די חסידים, וואָס בילדן אַ גרויסן טייל ייִדן, און זיי וועלן אויפהערן נעמען פון אונזער דרוקעריי ייִדישע ספרים". צום שלום וויזן די דרוק-באַזיצער אָן, אַז זיי וועלן דרוקן דעם „ספר חסידים" נאָר דעמאָלט, אויב זיי וועלן באַקומען אַ די-רעקטע פאָדערונג פון דער רעגירונג. דעמאָלט וואָלט פון זיי אָפּגעוואָרפן געוואָרן די שולד קעגן דעם חסידישן עולם. דאָס בילדונגס-מיניסטעריום איז אָבער דערויף ניט אײַנגעגאַנגען [1].

ווען אַקסענפעלד האָט זיך איבערצײַגט, אַז דרוקן זײַנע ווערק איז דערווײַל קיין האָפענונג ניטאָ, האָט ער זיך געווענדעט צו אוואַראָוון מיט אַ צווייטער בקשה: דערלויבן אים צו פאַרעפנטליכן זײַנע ווערק דורך ליטאָגראַפירן. דאָס מאָל האָט אוואַראָוו ערפילט זײַן בקשה: ער האָט מיטגעטיילט דעם קוראַטאָר פון אָדעסער לערן-ראַיאָן, אַז פון זײַן זײַט איז ניטאָ קיין מניעות, אַקסענפעלד זאָל אין אָדעס, וווּ קיין ייִדישע דרוקעריי איז ניט פאַראַן, אַרויסגעבן זײַנע ווערק אויפן ליטאָ-גראַפישן אופן, אָפּהיטנדיק דערבײַ די גילטנדיקע צענזור-פאָדערונגען.

אָבער אויך אויס דעם פּלאַן איז גאָרנישט געוואָרן; דאָס מאָל אויס ריין עקאָנאָמישע סיבות. ניט קוקנדיק דערויף, וואָס דער מאָנאָפּאָל אויף ייִדישע דרוקערײַען האָט אַרויסגערופן אַ יקרות אויף ביכער [2], האָט דאָך אַ ליטאָגראַפירט בוך געמוזט קאָסטן צען מאָל טייערער, ווי אַ געדרוקט בוך פון דעם זעלביקן פאַרנעם.

אַקסענפעלד האָט זיך אָבער ניט געקאָנט באַרויִקן. ער האָט גע-האַלטן פאַר זײַן לעבנס-אויפגאַבע אויפקלערן די ייִדישע פאָלקס-מאַסע, באַפרײַען זי פון אָבערגלויבן און אַלטן שימל, און דאָס ערפילן האָט ער געקאָנט, לויט זײַן פעסטער איבערצײַגונג, נאָר דורכן געדרוקטן

1 אויס מאָסקווער מאַטעריאַלן, זע גינזבורגס ציטירטע אַרבעט, ז' 50.

2 אַזוי, צום בײַשפּיל, איז אין ווילנער קאַנט דער מקח פון מחזורים, וואָס פלעגט פריער קאָסטן 75 קאָפּ., געשטיגן כמעט ביז דרײַ רובל (זע אויבן ציטירטע אַרבעט, 45). אויך גאָטלאָבער קלאָגט זיך אין זײַנעם אַ בריוו צו פירקאָוויטשן: לא נכחד מכבודו הרם את אשר ישבו בני ישראל בארצנו ימים רבים ללא דפוסים וללא ספרים, ותהי נפש העם מרה וירגנו באהליהם על שני המדפיסים בווילנא ובזיטאָמיר אשר שמו עול ברזל ומועקה על מתניהם ויריעו עליהם כגנב לשלם תשלומי כפל וארבעה וחמשה בעד כל ספר אשר היתה את נפש איש מישראל להביא בצל קורתו.

וואָרט, דורך פאַרעפנטליכן זײַנע אַגיטאַציאָנס־שריפטן. אין 1847 האָט זיך ענדליך געעפנט די צווייטע ייִדישע דרוקערײַ — אין זשיטאָמיר. נאָר אירע בעלי בתּים (די שאַפּיראָס) האָבן זיך געהאַלטן געטרײַ בײַ די חסידיש־פרומע טראַדיציעס פון דער באַוווּסטער סלאַוויטער דרוקערײַ, און אין קיין פאַל ניט געוואָלט פאַראומרייניקן זייערע וואַרשטאַטן מיט אַזוינע אַפּיקורסיש־אַנטיחסידישע ווערק, ווי אַקסענפעלדס און נאָך אַזוינע ווי ער. איז געבליבן נאָר איין אויסוועג: דערשלאָגן זיך אַ דערלויבעניש אויף צו עפענען אַן אייגענע דרוקערײַ. אַקסענפעלדן האָט ניט אַנטמוטיקט דער דורכפאַל פון 1841. אין 1852 ווענדט ער זיך מיט דער זעלביקער בקשה (אים צו דערלויבן עפענען אין אָדעס אַ דרוקערײַ, ספּעציעל אויף צו דרוקן זײַנע ווערק) צום מיניסטער פאַר אינערליכע ענינים. בײַ דער אָנפראַגע בײַם שטעלפאַרטרעטער פון אָדעסער און בעסאַראַביער גענעראַל־גובערנאַטאָר, האָט זיך באַקומען אַ תּשובה, אַז יענער האָט גאָרנישט קעגן דעם, בתּנאַי, אַז אַקסענפעלדס ווערק זאָלן רעווידירט ווערן דורכן אָדעסער צענזור־קאָמיטעט, מיט דער הילף פון דעם פאַרוואַלטער איבער דער אָדעסער ייִדישער שול ב. שטערן. דער געהילף פון אינערן־מיניסטער האָט זיך דאַן געווענדעט צום בילדונגס־מיניסטער שירינסקי־שיכמאַטאָוו מיט דער ביטע אַרויסצוזאָגן זײַן מיינונג וועגן דער זאַך. שירינסקי־שיכמאַטאָווס ענטפער איז געווען אַ גאַנץ קורצער: היות לויט דעם געזעץ פון 27 נאָוועמבער 1845 ווערן דערלאָזט נאָר צוויי ייִדישע דרוקערײַען (אין ווילנע און זשיטאָמיר), קאָן אַקסענפעלדס בקשה ניט דערפילט ווערן [1]. באַלד נאָך דעם דאָזיקן קאַטעגאָרישן אָפּזאָג שיקט אַקסענפעלד אַוועק אַ בקשה אויף דעם קייזערס נאָמען וועגן דערלויבן אים צו עפענען אין אָדעס אַ ייִדישע דרוקערײַ. די האָפענונג אויף דעם „מאָנאַרכס חסד“ האָט זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט [2]. אַקסענפעלד פאַרלירט אָבער דאָך ניט דעם מוט. ווי נאָר אויף שירינסקי־שיכמאַטאָווס אָרט פאַרנעמט דעם פּאָסטן פון דעם בילדונגס־מיניסטער א. נאָראָוו, ווענדט זיך אַקסענפעלד (יוני 1854) ווידער מיט זײַן בקשה צום נײַעם מיניסטער. ער באַקומט אָבער אויך דאָס מאָל דעם זעלביקן ענטפער, אַז לויט דעם געזעץ פון 27 נאָוועמבער 1845 קאָן זײַן בקשה ניט דערפילט ווערן [3].

אין די ערשטע יאָרן פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס רעגירונג דערוואַכט ווידער אַקסענפעלדס האָפענונג. דעם 22טן אָקטאָבער 1859 האָט דער „ייִדישער קאָמיטעט“ מיט דער הסכּמה פון זײַן „קייזערליכער

---

1 זע ש. גינזבורגס אַרבעט אין „ייִוואָ־בלעטער“ ב׳ II, 9—13.

2 זע י. רימיניקס ציט. אַרב. 173—174.

3 „ייִוואָ־בלעטער“, II, 12.

הויכקייט" געגעבן צעדערבוימען אַ דערלויבעניש אַרויסצוגעבן אין אָדעס אַ העברעיִשע צײַטונג. אין נעכסטן מאָמענט זײַנען באַזײַטיקט געוואָרן אַלע איבעריקע ריין אָפיציעלע מניעות [1]. דאָס גיט נייעם מוט אַקסענפעלדן און ער ווענדעט זיך מיט אַ בקשה צום אָדעסער גראַדאָנאַטשאַלניק וועגן עפענען אַ ייִדישע דרוקעריי. „די איינציקע עקזיסטירנדיקע דרוקערײַען אין רוסלאַנד, — קלאָגט זיך אַקסענפעלד, — זײַנען אין די הענט פון פאַנאַטיקער, וואָס דרוקן ניט דאָס, וואָס ס'איז לויט זייער מיינונג שעדליך, און ווען אפילו זיי זאָלן יאָ מסכים זײַן צו דרוקן מיינע ווערק, איז ניט ערוב צו זיין, אַז זיי וועלן זיי ניט פאַרדאַרבן" [2].

אַקסענפעלד האָט אויך דאָס מאָל קיין מזל ניט געהאַט און זיין בקשה איז ניט דערפילט געוואָרן. דערווײַל דערנעענטערט זיך דאָס יאָר 1862 — דער ענדע-טערמין פון דער דרוקעריי-מאָנאָפּאָל. אין דעם אַלטן 75יאָריקן אַקסענפעלד לעבט אויף די האָפענונג דורכצופירן זיין פּלאַן, און דעם 5טן דעקאַבער 1861 דערלאַנגט ער ווידער אַ ביט-בריוו וועגן דערלויבן אים צו עפענען אַ דרוקערײַ. דעם פּאָסטן פון דעם גראַדאָנאַטשאַלניק האָט דעמאָלט גראַף פּאַרטראַטן אַ נײַע פּערזאָן, און יענער האָט זיך באַצויגן מיט מיטגעפיל צו אַקסענפעלדס בקשה. ער האָט אײַנגעפונען, אַז ס'איז נייטיק צו געבן אַקסענפעלדן די מעגליכקייט אָפּצודרוקן זיינע ווערק, „וואָס זײַנען אָנגעשריבן אויף אַ פּראָסטער שפּראַך („זשאַרגאָן") פאַרן פּשוטן פאָלק און דערמיט אַרייַנגעבן די פּראָסטאַקעס פאַרניגפטיקע באַגריפן און דערווײַזן זיי די שעדליכקייט און לעכערליכקייט פון דעם חסידיזם און זיינע שווינדלערישע וווּנדערמאַכער". אויף אַן ענדגילטיקן באַשלום האָט דער גראַדאָנאַטשאַלניק אַקסענפעלדס בקשה איבערגעשיקט דעם גראַף סטראָגאָנאָוו, דעם נײַ-רוסישן און בעסאַראַבישן גענעראַל-גובערנאַטאָר. פון זײַן זייט האָט דער גראַדאָנאַטשאַלניק דערביי אָנגעוויזן, אַז לויט זיין מיינונג איז „דאָס עפענען אין אָדעס אַ ייִדישע דרוקערײַ ניט נאָר נוצליך, נאָר אַפילו זייער נייטיק אַלס מיטל מיטצווירקן אין דער מאָראַלישער אַנטוויקלונג פון דעם באַדייטנדיקן טייל ייִדן, וואָס וווינען אין די שטעט".

1 מכח די פּיקאַנטע פּרטים, ווי אַזוי די דאָזיקע מניעות זײַנען באַזײַטיקט געוואָרן, זע אונזער ווערק История еврейской печати, 1915, 73—74.

2 זע ש. באָראָכאָס אַרטיקל אין „ביבליאָלאָגישן זאַמלבוך", 93—103. אויך גאָטלאָבער קלאָגט זיך אין איינעם ציטירטן ניט פאַרעפנטליכטן בריוו באַזונדערס אויף דער זשיטאָמירער דרוקערײַ, אַז זי וויל ניט דרוקן קיין השכלה-ספרים: „וזה האחרון (המדפיס מזיטאָמיר) הכביד אכפו על העם, כי מלבד אשר הוקיר השער עוד גרע נחלת דפוסו בדקדוק ההגהה... ויותר מזה הרבה להרע עם ספרי החכמה אשר גרש אותם כלה מהסתפח בנחלת דפוסו ולא נתן להם חנינה.

דאָס איז געווען אַקסענפעלדס ערשטער נצחון. אים האָט ענדליך אָפּגעגליקט דורכצוברעכן די אײַזערנע וואַנט, איבערצוצייגן די רוסישע ביוראָקראַטיע אין דער נייטיקייט פון זיין אונטערנעמען. גאַנץ אומדער־וואַרטעט טרעט אָבער אַרויס אַ נייער קעגנער, ניט פון אויסן, נאָר פון אינעווייניק, אין דער פּערזאָן פון דעם אָדעסער אויפגעקלערטן „אוטשאָני יעווריי״ מאַרקוס הוראָוויץ.

דער גראַף סטראָגאַנאָוו פלעגט אין אַלע פראַגן פון „יידישער פּאָ־ליטיק״ זיך עצהן מיט זיין „אוטשאָני יעווריי״, דעם פּעדאַגאָג און דערציִער פון יידישער יוגנט מאַרקוס הוראָוויץ, אַ פאַרביסענעם שונא פון יידיש. נאָך אין 1856 שרייבט הוראָוויץ סטראָגאַנאָוון אין זיין באַריכט וועגן זיין רעוויזיע־רייזע איבערן ניי־רוסישן קאַנט: „ס׳וואָלט געווען זייער נוצליך אָפּצושטעלן דאָס אַרויסגעבן ווערק אויף דער יידישער שפּראַך און אָנ־צונעמען די ווירקזאַמסטע מיטלען, אַז רוסיש און דייטש זאָלן ווערן די אַלגעמיין־געברויכליכע שפּראַכן ביי יידן״ [1].

מיר וועלן נאָך ווײַטער זען, ווי דער דאָזיקער קעמפער פאַר אויפ־קלערונג האָט שפּעטער (אין 1862) געפּרוווט פועלן ביי דער רעגירונג, מען זאָל פאַרווערן דרוקן ביכער אין „זשאַרגאָן״ [2]. ס׳איז דערפאַר קיין חידוש ניט, אַז ביי אַזאַ „בעל־יועץ״ האָט סטראָגאַנאָוו אָפּגעזאָגט אַקסענ־פעלדן אין זיין בקשה.

דער 75־יאָריקער אַקסענפעלד האָט ענדליך פאַרלאָרן די האָפענונג צו זען זיינע ווערק געדרוקט אין רוסלאַנד, האָט ער אין 1862 אָפּגעדרוקט אין לייפּציג צוויי זיינע ווערק: „דאָס שטערנטיכל״ און „דער ערשטער יידישער רעקרוט״. אַקסענפעלד האָט אָבער גוט געוווסט, אַז אויף אַזאַ אופן איז זייער שווער צו האָפן, זיינע ווערק זאָלן קאָנען פאַרשפּרייט ווערן צווישן די ברייטע שיכטן פונם פּשוטן לייענער, — ראשית, מחמת דעם הויכן פּריַיז פון ביכער אימפּאָרטירטע פון אויסלאַנד. חוץ דעם איז דעמאָלט אין דרום־קאַנט קיין צענזור פון יידישע ביכער ניט געווען, דעריבער פלעגט מען דאַרפן די פון אויסלאַנד געבראַכטע ביכער פירן צענזורירן קיין ווילנע אָדער קיין קיעוו, ווו זיי פלעגן אָפּליגן אַ לענגערע צייט און ניט זעלטן אינגאַנצן פאַרלאָרן גיין [3].

אַקסענפעלדס איבעריקע ווערק זיינען געבליבן אין מאַנוסקריפּט. אין 1862 ווענדט זיך אַקסענפעלד צו גאָטלאָבערן [4] אין אַ בריוו מיט

---

1 ש. באָראָוואָיס אַרטיקל אין „ביבליאָלאָגישן זאַמל־בוך״, 98.

2 זע אונזער אַרבעט אין „וואָסבאָד״, 1903, III, 56—59.

3 זע באָראָוואָיס ציט. אַרבעט, 96.

4 גראָד צו יענער צייט האָט אויך גאָטלאָבער פון זיין זייט פיל ענערגיע

דער ביטע: „אפשר וועט איר געפינען א פארמעגליכן מענטשן, וואס וועט אייך וועלן גלויבן וועגן דעם גרויסן ריווח, וועלכן ער וועט האבן אפקויפנדיק אלע מיינע כתבים, וועט איר דערמיט מזכה זיין פיל מענטשן פון אונזער פאלק". קיין פראקטישע רעזולטאטן האט דער בריוו ניט געהאט. דער אלטער אומדערמידליכער אקסענפעלד מאכט נאך דעם לעצטן פרווו: ער ווענדעט זיך אין אקטאבער 1863 צום בארימטן כירורג פיראגאוו, וואס האט מיט א צייט פריער פארטראטן דעם פאסטן פון קוראטאר איבער אדעסער בילדונגס-קרייז, מיט דער בקשה צו באזארגן פאר אים די נייטיקע מיטלען ארויסצוגעבן זיינע ווערק [1]. פיראגאוו האט זיך אבער דעמאלט געפונען אין אויסלאנד, און אקסענפעלד האט דערפאר לאנג קיין ענטפער ניט באקומען. שוין ניט אקסענפעלד גופא, נאר זיינע פריינד האבן זיך געווענדעט אין 1864 צו דער „חברה מפיצי-השכלה" אפצוקויפן אקסענפעלדס מאנוסקריפטן [2]. אויך דער פארשלאג איז, ווי באקאנט, געבליבן דערפאלגלאז. אין דעם זעלביקן יאר איז אקסענפעלד אריבערגעפארן צו זיינע קינדער קיין פאריז, ווו ער איז אין 1866 געשטארבן.

ניט געענדערט האט זיך דער טרויעריקער גורל פון אקסענפעלדס ליטעראַרישער ירושה נאך דעם מחברס טויט. אקסענפעלד האט פאר זיין טויט איבערגעלאזט במתנה אלע זיינע כתבים (אן ערך דריי הונדערט דרוק-בויגן) זיין לאנגיאריקן פריינד ל. מורעניש אין אדעס. אקסענפעלדס אדעסער פריינד און פארערער, בראש מיט משה זשוויף, אבא פעלדמאן און גדליה איינימער [3], האבן געגרינדעט א פאנד ארויסצוגעבן זיינע ווערק. זיי האבן אבער באוויזן ארויסצוגעבן בלויז דריי פיעסן („מאן און ווייב", „די גענארטע וועלט" און „קבצן-עושר-שפיל"). עס זיינען שוין געווען אויסגעזוצט אקסענפעלדס ראמאנען „בערדיטשעווער יריד" און „מצות באקין". פלוצלינג האט (אין 1871) אויסגעבראכן דער באוווסטער אדעסער פאגראם. די דרוקעריי איז צעשטערט געווארן, דער זאץ צעווארפן, אקסענפעלדס מאנוסקריפטן זיינען רעשטלאז פארשוווּנדן [4] און מיט זיי איז לאיבוד געגאנגען א גוואלטיק רייכער אוצר פון רעאלע

---

געפטרט, בכדי צו באקומען א דערלויבעניש צו עפענען א יידישע דרוקעריי אין קאמענעץ, נאר אויך זיין השתדלות האט קיין דערפאלג ניט געהאט. זע ביילאגע נומ' 7.

1 זע רימיניקס ציט. ארב., 174—175.

2 זע אונזער ציט. ארבעט, 96.

3 זע קול מבשר 1869, נומ' 36, 258.

4 שלום עליכם ווייזט אן אין זיינעם א בריוו צו גאטלאבערן, אז ביי אים געפינט זיך דער מאנוסקריפט פון אקסענפעלדס „די מוירען". ווו דער מאנוסקריפט געפינט זיך איצט, איז אונז, ליידער, אומבאקאנט.

בילדער און שילדערונגען אוים דעם יידישן פאמיליען־ און געזעלשאפטליכן לעבן פאר די ערשטע צענדליקער יארן פון דעם 19טן יר״ה.

מער מזל האט געהאט זיין יינגערער מיטצייטלער און פריינד, דער אקערשט דערמאנטער באוווסטער השכלה־קעמפער אברהם בער גאטלאבער [1].

גאטלאבער איז געווען א גאנץ אייגנארטיקע, סתירות־פולע פערזענ־ליכקייט. זיין פאטער, חיים גאטלאב [2], און זיין זיידע פון מוטערס צד זיינען געווען באוווסטע חזנים. אויך גאטלאבער גופא איז געווען א מנגן, האט געהאט א פיינע שטימע, און אוים זיינעם א נאך ניט פארעפנטליכטן בריוו ווערן מיר געוואר, אז ער האט זיך אפילו א שטיק צייט ארומגעטראגן מיטן געדאנק צו ווערן א חזן אין א קאר־שול [3]. ער פלעגט אליין פארפאסן מעלאדיעס צו זיינע לידער און זיי פארזינגען זיינע צוהערער און פארערער. עס האט אין אים געשטעקט א ניצוץ פון די אמאליקע „געזעליגע לייט", מיט זייערע פריילעכע וויצן און קופ־לעטן, מיט זייער קרעפטיקן דורשט נאך לעבנספריידן, וועמענס לעבנס־פראגראם איז באשטאנען פון

ווײַנדליך געפריזן, ווידער געצעכט
גאנצע טעג און גאנצע נעכט,

און אלם לוין פאר זייערע „קורצוויילינגע" וויצן האבן זיי געפאדערט:
קורצע דרשות און לאנגע בראטן,
ברענגט הער דאס בעסטע עסען...
דען ווײַן גיבט אונז אונגעמעסן
מיר זויפן אין דאך אלער אוים [4].

---

1 געבארן אין אלט־קאנסטאנטין אין 1811, געשטארבן אין ביאליסטאק 1899.

2 אויפן שער־בלאט פון גאטלאבערס ניט פארעפנטליכטער יוגנט־דראמע „אמנון ותמר" איז אנגעוויזן: מאת הצעיר אברהם בער הכהן ג א ט ט ל א ב. און ווײַטער: בן י״ט שנה אנכי היום א. ב. גאטטלאב. אויך אין זיין אויבן דערמאנטן אלבאם געפינען זיך אייניקע אקראסטיכן מיטן נאמען: גאטטלאב. ערשט אין די שפעטערע יארן האט ער איבערגעמאכט זיין נאמען אויף גא לאבער.

3 כי רבים מיקירי בראדי,—שרייבט ער אין דעם דאזיקן בריוו,—נתנו לי עדותם כי יד ושם לי בנגינה... וכלם פה אחד עונים ואומרים כי אין טוב מזה לבחור אותי למורה לעת עתה בבית הספר ולרגל המלאכה הזאת אלמד את חוקי הנגינה כראוי לשיר במקהלות בבית ד׳. ואולם אני בבואי ומצאתי שם את החזן הנ״ל עצרתי במלים ושמתי לפי מחסום ובלי דבר מזה. ועתה אחר אשר בטלה הסבה אמרתי אדברה באזניך את דברי ואתה אולי ייטב בעיניך לדבר באזני החכם הדירעקטאר ובאזני זקני העדה, והיה כי ירצוני וכתבת אלי ואבוא אליכם ותוכל לשאול גם את פי אבראס (?) אשר שמע את קולי אם אצליח למלאכה זאת. הודיעני נא בחסדך תשובתך על כל אלה למען אדע.

4 זע אונזער ווערק, באנד VI, 351.

אַט דער, לויט זיין כאַראַקטער טיפּישער שפּראָצלינג פון די אַמאָליקע „געזעליגע לייט" האָט אַזוי ווייניק געפּאַסט צו דער ראָלע פון אַ משכּיל אַן אַסקעט לויטן מוסטער פון אַ יצחק בער לעווינזאָן, קלמן שולמאַן אָדער יעקב רייפמאַן, וואָס האָבן אַזוי הכנעהדיק און זעלבסט־אָפּפערנדיק געאַרבעט, געקעמפט און געשמאַק געהונגערט. גאָטלאָבער איז אָבער דערביי אויך אַ קעמפער־נאַטור געווען, מיט אַ פּולבלוטיקן טעמפּעראַמענט, און דאָס האָט אים געצוווּנגען צו ווערן יצחק בער לעווינ־זאָנס תּלמיד, זיך לאָזן אויף דעם דערנער־וועג, איבער וועלכן די אַסקעטן השכּלה־קעמפער זיינען געגאַנגען...

גאָטלאָבערס פאָטער, אַ יודע ספר, אפילו אַ חסיד, נאָר ניט קיין פאַנאַטיקער, ברענגט אַליין זיין קליינעם אברהם־בערן דעם „צוהר התּבה" און דעם „תּלמוד לשון עבר", אויף צו לערנען דקדוק. און אַז דער צען־יאָריקער בחור'ל איז ניט געווען אימשטאַנד אַליין איינצובייסן די דאָזיקע לערן־ביכער, איז דער פאָטער ניט געווען דאַקעגן, עס זאָל אים דערביי באַהילפיק זיין דער אַלט־קאָנסטאַנטינער משכּיל יוסף ווייזנער. יוסף ווייזנער האָט פאַרבראַכט אייניקע יאָרן אין בראָד, און דאָרט, ווי גאָט־לאָבער דערציילט אין זיינע זכרונות, „געשעפּט פון די קוואַלן פון חכמה", און אַז ער האָט זיך אומגעקערט אהיים, „האָט ער דאָרטן אָנגעצונדן דאָס ליכט פון דער ריינער השכּלה". אין יאָר 1828, באַלד נאָכדעם, ווי ס'איז אַרויס די גזירה וועגן נעמען רעקרוטן ביי יידן, האָט ווייזנער דערויף אַ טרויער־שפּיל אָנגעשריבן „קול בוכים". „ווייזנערס השפּעה — שרייבט גאָטלאָבער — איז געווען אויף מיר זייער גרויס. איך בין געוואָרן גאָר אַן אַנדערער. ער האָט מיר דערציילט וועגן משה מענ־דעלסזאָנען, האָט מיך באַקענט מיט לעסינגס „נתן דער חכם", האָט מיר אינקורצן דערקלערט, וואָס איז אַזוינס טעאַטער, האָט מיר פאַרגעשטעלט אַלץ, וואָס אין בוך קומט פאָר, אין פאַרשיידענע סצענעס, און האָט מיר אויך דערציילט די ביאָגראַפיע פון לעסינגן, ווי אַזוי ער פלעגט זיך חברן מיט מענדעלסזאָנען" [1].

אויפן 14טן יאָר מאַכט מען גאָטלאָבערן חתונה און ער פאָרט אַריבער קיין טשערניכאָוו אויף קעסט צום רייכן שווער, אַ הייסער ריזשינער חסיד. דער יונגער בעל־הבית'ל פילט זיך גאַנץ געמיטליך אין דער פריי־ליכער חסידישער סביבה; ער חברט זיך מיט יונגע חסידים, לערנט געשמאַק קבלה און פאַראינטערעסירט זיך באַזונדערס מיט חב"ד [2]. דער

---

1 גאָטלאָבער אין זיין עפּאָכע, 23.

2 זע אונזער ווערק, ב' VII, צווייטער בוך, קאַפּ' פיר.

יונגער חבדניק פארגעסט אבער ניט אינגאנצן אין וויזנערם תורה; ער שרייבט שירים, פרואווט אויך צונויפשטעלן לערנביכער פאר העברעישער שפראך [1]. די השכלה לעבט נאך דערווייל ביי אים גאנץ בשלום מיט חסידות, און עס קומט ניט צו קיין שום קאנפליקטן. א גרויסע ענדערונג ברענגט אבער מיט זיך די רייזע, וואס גאטלאבער מאכט צוזאמען מיט זיין פאטער קיין יאסע. אויפן וועג שטעלן זיי זיך אפ אין טארנאפאל, און גאטלאבער באזוכט דארט דעם השכלה־קעמפער יוסף פערל. דער באזוך מאכט אויף גאטלאבערן א זייער שטארקן איינדרוק. „איך בין פלוצלינג געווארן אן אנדער מענטש״,—דערציילט וועגן דעם גאטלאבער אין זיינע זכרונות. ווען ער קומט צוריק צום שווער, באמערקט מען באלד דעם שינוי; מען ווערט אגב געוואר, אז ער לייענט אפיקורסישע ביכער. מען הייבט אים אן רודפן, עס דערגייט אויך באלד צום זשיטאמירער רבין, און אויף יענעמס באפעל צווינגט דער שווער גאטלאבערן, ער זאל געבן גט זיין טאכטער. דאס יונגע פאר פאלק האט זיך דווקא זייער ליב געהאט, זיי האבן שוין געהאט א דריי יאריק יינגעלע, וואס איז זייער צוגעבונדן געווען צום פאטער. עס האט אבער ניט געהאלפן. גאטלאבער האט געמוזט זיך שיידן מיט זיין געליבטער פרוי, פארלאזן דעם שווערס גביריש הויז, און בלייבן אן וועלכער מאטעריעלער שטיצע, ווארום דער פאטער זיינער איז באלד נאך זיין רייזע קיין יאסע געשטארבן. אין א קורצער צייט ארום איז אויך גאטלאבערס יינגעלע געשטארבן.

אפילו אין צענדליקער יארן ארום, ווען גאטלאבער דערמאנט אויף דער עלטער אין זיינע זכרונות זיין אין דער יוגנט איבערגעלעבטע פאמיליענדראמע, פילן זיך זייער שטארק די נאך ניט געשטילטע צער און צארן. „נקמה!״ — אט דאס איז געווארן דאס דאמינירנדיקע געפיל פון דעם טיף דערשיטערטן גאטלאבערן. ער זעט אינם חסידות דעם גרעסטן שונא און קעגנער פון מאדערנעם לעבן, פון פראגרעס און אויפקלערונג. פון א זיידענעם יונגנמאן, וואס עסט קעסט ביים חסידישן שווער און הערט חסידישע וואונדער־מעשיות, ווערט ער דער הייסער השכלה־קעמפער, דער שטורמישער פאנען־טרעגער און אומדערמידליכער אגיטאטאר, דער פייערדיקער „מיסיאנער״ פאר השכלה, ווי ער ווערט באצייכנט ביי צעדערבוימען [2]. יארנלאנג פארט גאטלאבער ארום פון

1 אין זיינעם א ניט פארעפנטליכטן בריוו חייזט גאטלאבער אן: בהיותי בן חמש עשרה שנה כבר חברתי שני ספרים, האחד יקרא בשם „פתח תקוה״ כולל בתוכו קצר שפ״ע, והשני יקרא „מורה שפת עבר״ כולל כל יסודי חכמת הדקדוק ע״פ גדולי המדקדקים.

2 „המליץ״ 1882, ז׳ 135.

שטאָט צו שטאָט, ער זאַמלט אַרום זיך יונגע לײַט, פּרײדיגט השׂכּלה־אידעאַלן, רופט צום קאַמף מיטן אַלטן לעבנס־שטייגער, מיט דעם אָבערגלויבן און קודם־כּל קעגן חסידות און רביים 1. גאָטלאָבער ווערט אין דעם דרום־מערב־קאַנט דער סימבאָל פון געפערליכער אפּיקורסות, און דער שרײַבער פון די דאָזיקע צײַלן געדענקט נאָך פון די קינדער־יאָרן, ווי אין וואָלין האָט געגאַלטן אַלס זידלוואָרט: „דו אַפּיקורס, דו אַלף בית גימל" (ראשי־תיבות פון אברהם בער גאָטלאָבער).

עס איז אָבער פון קולטור־היסטאָרישן שטאַנדפּונקט כּדאַי אָנצו־מערקן, ווי אַזוי אַט דער דאָזיקער אַגיטאַטאָר און קעמפער פאַר נײַע לעבנס־פאָרמען ווערט פּלוצלינג שטרענג קאָנסערוואַטיוו און אָפּגעשטאַנען, ווי נאָר ער באַרירט ניט רעליגיעז־שטייגערישע פראַגן, נאָר פּאָליטישע. עס גענוגט צו דערמאָנען זײַן העברעיִשע ליד „אל השנה היוצאת שנת תר"ח", אין וועלכן ער געזעגנט זיך מיטן שטורמיש־רעוואָלוציאָנערן יאָר 1848. אַט דער דאָזיקער „דורך און דורך רעוואָלוציאָנער און נאָוואַטאָר", ווי עס פּרוּווט גאָטלאָבערן אַטעסטירן איינער פון זײַנע ביאָגראַפן, לויבט און דאַנקט גאָט, וואָס עס פאַרשווינדט ענדליך דאָס דאָזיקע יאָר, ווען

וַתְּהִי הָאָרֶץ כִּמְעַט נֶהְפֶּכֶת
רַק בְּכִי וַאֲנָחָה הָיָה חֶבְלֵנוּ.
— — — — — — —
אֶת שָׁאוּל וְאֶת אֲבַדּוֹן זָבַדְתָּ זֶבֶד
וּבַאֲדוֹנָיו מִתְפָּרֵץ הָעֶבֶד [2]

בעת מען רעדט אָבער וועגן גאָטלאָבערס ליטעראַרישער טעטיקייט, מוז מען נעמען אין אַכט די שוין אויבן דערמאָנטע פאַרשיידנאַרטיקייט,

---

1 אין זײַן בריוו צו זייפערלינגען פון 1864 שרײַבט גאָטלאָבער: הלא כל ימי אנכי עמל ויגע לפקוח עינים עורות אשר עשיתי בדובנא, בקרעמעניץ, במאהליב, בקאמעניץ, בבארדיטשעוו, בוואַרשאי, בזיטאָמיר, באָדעסא ועוד ועוד. אין אַ בריוו צו חיים יהודה קאַצענע־לענבאָגען פון 1862, שרײַבט גאָטלאָבער: „כּי מנעורי עד היום הזה למדתי להלחם עם הפנטיקים המבערים אש קנאת־דת מלחמת תנופה. הלא הפנטיזמוס הוא האליל אשר הסירותי את במותיו בכל מקום מדרך כף רגלי, עליו ועל חילו ידי נטויה זה יותר משלשים שנה. בטרם צמחו שערות זקני החילותי להכות במחנה פלשתים אלה מכה רבה ושאתם לא יָרֵאתִי, כי הכל המה מעשה תעתועים והכות אותם שוק על ירך היה אצלי שעשועים.

2 די ערד האָט זיך שיר ניט איבערגעקערט; בלויז זיפצן און געוויין איז געווען אונזער טײל. דעם גיהנום און אָפּגרונט האָסטו (דאָס יאָר 1848) מיט מתנות באַשאָנקען, און קעגן זײַנע הערן איז דער קנעכט אויפגעשטאַנען.

ריכטיקער — דו־פּאַרצופימקייט פון גאָטלאָבערס פּערזענליכקייט. צוויי עלעמענטן האָבן געקעמפט אין גאָטלאָבערן: פון איין זייט, דער לעבנס־לוסטיקער פאָלקסזינגער און קופּלעטן־מאַכער, דער וויציקער און באַגאַבּ־טער זשאָנגליאָר מיט זיין געזונטן, ווען אפילו וויניק געשליפענעם הומאָר, וואָס איז געווענדעט קעגן די רייכע רעדלפירער, קעגן די קהלס־לייט און סאָציאַלער אומגערעכטיקייט; פון דער אַנדערער — דער משכיל, דער דאָקטרינער, מיט די אָנגעבלאָזענע מליצות, מיט זיין הורא־פּאַטריאָטיזם, וואָס גייט ביי דעם שטענדיק נויטבאַדערפטיקן גאָטלאָבערן [1] אָפּט איבער אין פּשוטן סערוויליזם, אין לאַקעיִשער אונטערטעניקייט, מיט דער קליינ־ליכער השגה אויסצובעטלען דערמיט א מעדאַל, א בעסער באַצאָלטע לערער־שטעלע, אָדער אַזוי א טובת הנאה [2]. און ביידע גאָטלאָבערס „פּרצופים” זיינען געווען ליטעראַריש טעטיק; איינער האָט געשריבן העברעיִש, דער אַנדערער פּראָסט יידיש. דער ערשטער האָט געשריבן אין די הונדערטער שירים און פּאָעמעס, נאָר די איינציקע פון זיי, וואָס האָבן יאָ א געוויסן ליטעראַרישן ווערט, זיינען על־פּי־רוב איבערזעצונגען פון גאָטלאָבערס לידער, וואָס ער האָט געשריבן אין יידיש. א געוויסן באַדייט האָט אויך זיין איבערזעצונג פון דעם באַרימטן דענקמאָל אויס דער אויפקלערונגס־תקופה — לעסינגס „נאַטאַן דער ווייזע”. פון אלע זיינע העברעיִשע פּראָזע־ווערק האָבן א קולטור־היסטאָרישן ווערט בלויז זיינע זכרונות, וואָס ער האָט אויף דער עלטער געשריבן. דערפאַר אָבער פאַרנעמט א בכבודיקן אָרט אין דער ניי־יידישער ליטעראַטור דער פאָלקס־זינגער גאָטלאָבער מיט זיינע יידישע לידער און סאַטירעס.

עס איז לייכט באַגרייפליך, אז ביי דעם „דו־פּרצופימדיקן” גאָטלאָ־בער האָט ניט געקאָנט זיין קיין באַשטימט קאָנזעקווענט פאַרהאַלטן צו דער פאָלקס־שפּראַך. א חזנס א זון האָט אים געצויגן צום פאָלקסטימ־ליכן, צום זאַפטיקן וואָלינער יידיש, צום קערנדיקן פאָלקס־ליד. דאָס איז אָבער געשטאַנען אין פולער סתירה מיט דעם השכלה־פּראָגראַם, מיט די

---

1 אפילו אין די יאָרן, ווען גאָטלאָבער איז געווען אָנגעשטעלט אלס לערער אין די יידישע רעגירונגס־שולן, קלאָגט ער זיך שטענדיק אין זיינע בריוו אויף זיין שווערער מאַטעריעלער לאַגע. פון איינעם זיינעם א בריוו ווערן מיר, אַשטייגער, געוואָר, ווי ער פאַרמשכנט א יאָרגאַנג „המאסף”, בכדי צו לייען דריי רובל. ער פלעגט צעשיקן פאַרשיידענע גבירים זיינע חבורים און באַקומען אויף אַזאַ אופן פון זיי מאַטעריעלע שטיצע. אין אונזער רשות געפינט זיך גאָטלאָבערס א בריוו פון 1846 צום באַוווּסטן בערדיטשעווער גביר יעקב יוסף האַלפּערן, יענער זאָל אים קומען צו הילף, ווייל מען האָט אים באַגנבעט. און טאַקע אויף דער אָפּשריפט פונם בריוו געפינט זיך גאָטלאָבערס א באַמערקונג: קבלתי 2 האַלבע אימפּעריאַלן.

2 וועגן דעם אין ווייטערן באַנד.

אידעען פון דער „בערלינער אויפקלערונג", אויף וועלכער גאָטלאָבער איז אויפגעוואַקסן און פאַר וועלכער ער האָט מוטיק געקעמפט. דערצו נאָך האָבן די משכּילים אין די זעכציקער יאָרן, ווען עס האָט זיך נאָכן פּוילן־אויפשטאַנד געשטאַרקט די רוסיפיקאַציע־פּאָליטיק, — אַרויסגעשטעלט דעם דעוויז פון „עבֿרים־רוסים": „איין פאָלק און איין שפּראַך, בלויז פאַרשיידענע אמונות". דערפאַר איז ביי גאָטלאָבערן אַזאַ סתּירותפול פאַרהאַלטן צו ייִדיש. עס איז שוין אין דער ייִדישער ליטעראַטור אייניקע מאָל ציטירט געוואָרן די באַקאַנטע שטעלע אין גאָטלאָבערס אַ העברעיִשן אַרטיקל (המליץ, 1865, 180—181), וווּ ער טרעט אַרויס מיט פאָלגנדיקער עצה: „לאָמיר בעטן די שרײַבער, די משכּילים, זיי זאָלן זיך ניט שעמען צו ריידן צום פאָלק אויף דער שפּראַך, וואָס ער רעדט; זאָלן זיי געדענקען, אַז אַזוי האָבן געטאָן אונזערע חכמים פון אַמאָליקע צייטן יעדער אין זיין לאַנד. און זאָלן זיי נישט זאָגן: סטייטש, סטייטש, ווי אַזוי קאָנען מיר פאַרלאָזן אונזערע ריינע און שיינע לשונות און אָנהויבן שרײַבן אַ געמישטן און מבולבלדיקן לשון, אויף אַ לשון, וואָס האָט ניט קיין געשטאַלט און קיין צורה (אשר לא תואר ולא הדר לו). מײַנע ליבע! ווייסט איר דען נישט, אַז אַ סך שפּראַכן זענען פון אָנהויב געווען אין דעם זעלביקן צושטאַנד, אין וועלכן די דאָזיקע שפּראַך געפינט זיך? די שרייבער אין זייערע ווערק בעסערן אויס די שפּראַכן און מאַכן זיי לײַטן גלײַך". דערמאָנענדיק אין זיינע זכרונות דעם אינצידענט צווישן מענדל לעפין און טוביה פעדער [1], דערקלערט ער דעם לעצטן פאַר אַ „פאַנאַטי־קער" און ווײַזט דערבײַ אָן: טוביה פעדער האָט פײַנט געהאַט ייִדיש, ווײַל עס איז ניט קיין שיינע שפּראַך; אָבער דער דאָזיקער משורר און מדקדק האָט ניט פאַרשטאַנען, אַז אַ שפּראַך ווערט ניט מיט אַ מאָל געבאָרן, אַז די ליטעראַטור שאַפט די שפּראַך, אַז דאָס פאָלק קאָן ניט באַנעמען אַ שפּראַך, וואָס עס פאַרשטייט ניט; און וואָס איז די פּעולה, וואָס מיר וועלן ריידן צום פאָלק אין אַ שפּראַך, וועלכע עס פאַרשטייט ניט?" [2].

דער אייגענער שריפטשטעלער, וואָס האָט אַרויסגעזאָגט די דאָזיקע געדאַנקען, טרעט אָבער אויך אַרויס אין עפנטליכע אַרטיקלען [3] און אין פּריוואַטע בריוו [4] קעגן דעם „לשון בבֿל", דעם מיאוסן געמישטן

---

1 זע אונזער ווערק, ב' VII, צווייטער בוך, ז' 257—261.

2 א. פריידקין, גאָטלאָבער און זײַן עפּאָכע 174.

3 המליץ, 1863, 232.

4 רשומות, II, 421.

זשארגאָן, וואָס האָט נישט קיין גראַמאַטיק און מען דאַרף וואָס גיכער אים פאַרבייטן אויף „לשון המדינה" און ווערן לייטן גלייך. כאַראַקטע־ריסטיש איז אין דער הינזיכט גאָטלאָבערס אַ נאָך ניט פאַרעפנטליכטער בריוו צו דעם באַוווּסטן ווילנער משכיל און שפּראַכפאָרשער יהושע שטיינ־בערג. יענער האָט אים געמעלדעט, אַז ער האָט בדעה אַרויסצוגעבן אַ צייַ־טונג „בשפת אשכנז קלה". פאַרשטייט ניט גאָטלאָבער, וואָס שטיינבערג מיינט אונטער „שפת אשכנז קלה". ער וואָרנט אים אָבער גלייך, אַז אויב ער מיינט טאַקע „לשון אשכנז ממש", וועט אַזאַ צייטונג קיין פעולה ניט האָבן, וואָרום קיינער וועט זי ניט וועלן לייענען און אויך ניט קענען פאַרשטיין. „איך, — שרייבט ווייטער גאָטלאָבער, — ווייס שוין פון לאַנג, אַז העלפן אונזער פאָלק און היילן זיינע וווּנדן קאָן מען נאָר, ווען מען רעדט צו אים אויף זיין שפּראַך; און ערשט דעמאָלט וועט ער אַוועקוואַרפן די דאָזיקע פאַרדאַרבענע שפּראַך, ווען ער וועט טאַקע דורך איר גופא באַקומען אָפענע אויגן; זי וועט דעמאָלט ווערן אַן אָפּגעשלאָגענע הושענא, וואָס מען וואַרפט אַרויס, ווען מען דאַרף זי שוין ניט" [1].

באַזונדערס אינטערעסאַנט בנוגע גאָטלאָבערס פאַרהאַלטן צו יידיש איז זיין, פון אונז צום ערשטן פאַרעפנטליכטן בריוו [2] צו אַ באַקאַנטער דאַמע. אין דעם דאָזיקן אין „דייטשמעריש" געשריבענעם בריוו לייענען מיר: „איך קעהרע ווידער צו מיינעם געדיכטע צוריק. איך נאַנטע עס איהנען מיין לעצטעס, ווייל איך אַלערדינגס פעסט ענטשלאָסן בין ניכטס ליטעראַרישעס מעהר אין דיזער אַרמזעליגען אונדאַנקבאַרען אונד אונגליקס־שוואַנגערן שפּראַכע צו שרייבען. עס איזט איינע שפּראַכע אָהנע ליטע־ראַטור, אָהנע גראַמאַטיק, אָהנע לאָגיק, אָהנע רעטאָריק, אָהנע פילאָזאָפיע אונד געשיכטע, אונד וואָס דאָס שלימסטע איזט — אָהנע נאַציאָן: דענן, די וואַהרהייט צו זאַגען, אָבוואָהל דיא יעניגען דיא דיזע שפּראַכע שפּרעכען איינעם פאָלקע איינגעהערן, דאָס איינסט „עם חכם ונבון" געהייסן האָט, זאָ פערדיענען דיא דאָך געגענוועַרטיג זאָ ווענינג איינע נאַציאָן גענאַנט צו ווערדען, וויא דיא איינסט פאָן דען גריכען אונד רעמערן פערעהרטע מיטהאָלאָגיע — איינע געשיכטע; דענן ביידע זינד איבערבלייבזל איינער אוראַלטען צייט, דערען טיעף־איינגעוואָרצעלטער

---

[1] ואני זה כבר ידעתי כי אין מרפא לשבר עמי ולמחץ מכתו רק אם בלשונו ידברו אליו; ואך אז ישליך מאליו את הלשון הנשחתה כאשר תפקחנה עיניו על ידי הלשון ההיא עצמה, והיתה הלשון הזאת אז כשבטי „ההושענא" אשר ישליכו הח־צה אחר אשר נחבטו.

[2] „ליטעראַרישע בלעטער, 1930, נומ׳ 10.

ראָסט פאַסט נאָך הייליגטהוּענדער אונד געהיימניספאָללער אַלס איהר וועזען זעלבסט געוואָרדען איזט. איך וויל אַלזאָ מיט דיעזער נויעסטען שפּראַכע דער עלטסטען נאַציאָן, מיט דיעזעם פערדאָרבענסטען דיאַלעקטע דעם הייליגסטען פאָלקעס, מיט דיעזעם גאַטטלאָזען באַרבאַריזמוס דער גאָטטעסגעזעגנעטסטען געמיינדע ניכטס מעהר צו טהון האַבען. איך האַבע פיעלעס אין דער זעלבען געצייגט, וואַס ווערדער זיא נאָך דיא יעניגע דיא זיא האַנדהאַבען ווערטה זינד, אונד וואַס האַב איך דאַפיר צום לאָהן? שפּאָטט דער געבילדעטען (אָדער האַלב געבילדעטען), דאַס איך מיך פאָן דיעזער געמיינען דירנע פערלאָקקען ליעס, האַס דעם אונגעבילדעטען הויפען דער אַנשטאַטט בילדונג אַן צו נעהמען, מיך פיר דער בעל צעבוב (בעל=זבוב) זיינער העללענשפּראַכע האַלטע, אונד אַללעס פיר טייפעלס מעסיגעס געהייל, וויל ער זיינען אונד זיינער שפּראַכע ווערטה צו גוט קעננע, אַלס דאַס ער דאַראַן אונד דעסענטוויללען עטוואָס פאָן גוטען פּרינציפּע מוטמאַססען זאָלטע".

גאָטלאָבערס דערקלערונג, אַז ער וויל מיט דעם „גאָטלאָזען באַר=ריזמוס", דאָס הייסט מיט ייִדיש, „ניכטס מעהר צו טהון האַבען", און אַז ער האָט באַשלאָסן מער „ניכטס ליטעראַרישעס" צו שאַפן אויף דער דאָזיקער „שלימזלדיגער און אומדאַנקבאַרער שפּראַך", האָט ער טאַקע אין געוויסער מאָס מקיים געווען. ער ווייזט אַליין אָן אין זיינעם אַ נאָך ניט פאַרעפנטליכטן בריוו צו ש. י. פין פון 1862, אַז ער האָט פיל געשריבן „בלשון העם" אין די „פריִערדיקע יאָרן" (בשנות העוברות). כמעט אַלע זיינע לידער און סאַטירעס, וואָס האָבן בשעתּו גאָטלאָבערס נאָמען אַזוי פּאָפּולער געמאַכט, זיינען געשריבן געוואָרן אין די דרייסיקער און פערציקער יאָרן פון פאָריקן יר"ה. שפּעטער, בפרט אין דעם משך יאָרן, ווען ער איז געווען לערער אין די קאַזיאָנע שולן, האָט ער, אויסער זיין איבעראַרבעטונג פון ערטערס „גלגול נפש", קיין זאַך ניט געשריבן אויף דער „העללענשפּראַכע". ערשט נאָך די פּאָגראָמען פון די אַכציקער יאָרן, ווען גאָטלאָבער איז, ווי פיל אַנדערע השׂכּלה=קעמפער, אַ בעל=תשובה געוואָרן, האָט ער ווידער אָנגעפאַנגען ייִדישע (נאַציאָנאַל=ציוניסטישע) לידער צו שרייבן, וועגן וועלכע עס וועט נאָך אויסקומען צו ריידן.

גאָטלאָבער ווייזט אָן אין זיינע זכרונות, אַז דעם ערשטן שטויס צו „ריידן צום פאָלק אויף זיין אייגענער שפּראַך" האָבן אים געגעבן מענדל לעפינס ייִדישע איבערזעצונגען, מיט וועלכע ער האָט זיך באַקענט אין באַר ביי מאיר רייכן. דאָס איז געווען אין יאָר 1830, און טאַקע פון

גאָטלאָבערס אָנווײַזונגען ווייסן מיר, אַז זײַן פּיעסע „דער דעקטוך״ איז געשריבן אין 1838, זײַן סאַטירע־ליד „דאָס שטרײַמל מיטן קאַפּעליוש״ — אין 1841, די גרויסע סאַטירישע פּאָעמע „דער טיים״ [1] — אין 1842, „דער בידנער ישׂראליק״, וואָס איז געווען אַזוי פּאָפּולער, אַז ס׳איז, ווי גאָטלאָבער גופא ווייזט אָן, ניט געווען קיין איין ייִדיש הויז, וווּ מ׳זאָל דאָס ליד ניט זינגען, — אין 1843, „די גזרה דייטשן״ — סוף זומער 1845. אין דעם זעלביקן יאָר האָט ער פאַרפאַסט „די גרויסע קינץ, אָדער דאָס ביסעלע מינץ״. ניט שפּעטער פון די פערציקער יאָרן איז אויך בלי ספק פאַרפאַסט געוואָרן זיין פּאָליטישע סאַטירע „די דעפּוטאַטן״ [2]. אַז ער האָט אויך „די פאַרקערטע וועלט״ [2] געשריבן אין די פערציקער יאָרן, ווערן מיר געוואָר אויס דעם אויבן־ציטירטן בריוו צו פינען, וווּ ער ווײַזט אָן, אַז שוין אין 1850, ווען ער איז געווען אין ווילנע, האָט ער פאַר־זאָרגט די דאָזיקע פּאָעמע מיט דער צענזור־דערלויבעניש (כבר קבלתי עליו הרשיון מהצינזור להדפיסו).

גאָטלאָבערס ייִדישע לידער האָבן אים געשאַפן נישט נאָר, ווי ער קלאָגט זיך אין דעם אויבן ציטירטן „דײַטשמערישן״ בריוו, „האַס דעם אונגעבילדעטען הויפענס״, נייערט אויך אַן אומגעהייערע פּאָפּולאַריטעט. עס איז כמעט נישט געווען קיין איין ייִדיש הויז אין וואָלין און פּאָדאָ־ליע, וווּ מען זאָל נישט זינגען און דעקלאַמירן גאָטלאָבערס לידער מיט די מאָטיוון, וואָס ער גופא האָט צו זיי געמאַכט [3]... אַדאַנק דער קאָלאָסאַלער פּאָפּולאַריטעט זיינען אפילו מיט דער צייט געשאַפן געוואָרן אַ ריי פאָלקס־איבעראַרבעטונגען פון גאָטלאָבערס לידער. די פאָלקס־מאַסע האָט זיי באַטראַכט ווי איר אייגנס, האָט זי זיי איבערגעמאַכט לויט איר געשמאַק און באַגריפן [4].

גאָטלאָבער האָט זיינע לידער ניט נאָר געזונגען „אין טאָן פון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער מוזיק״, ווי א. י. פּאַפּערנא ווײַזט אָן, זיי זײַנען אויך געשאַפן אינם ריטם און טאָן פונם פשוטן פאָלקס־ליד, מיט זיין

---

1 דעם „סיים״ האָט דער סמאָטריטשעל פון דער דובנער קאַזיאָנער אוטשי־לישטשע, תנחום ראָזענצווײַג, איבערגעזעצט אויף רוסיש.

2 צום ערשטן דורך אונז פאַרעפנטליכט אין „צײַטשריפט״, V.

3 אַ זון פון אַ חזן, — שרײַבט א. י. פּאַפּערנא אין זײַנע זכרונות וועגן גאָטלאָבער (דער פנקס, 1913, 187), — האָט גאָטלאָבער געירשנט פון זײַן פאָטער אַ מוזיקאַלישן טאַלענט. ער איז געווען אַ גוטער בעל־תפילה, און זײַנע פאָלקס־לידער האָט ער געזונגען אין טאָן פון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער מוזיק. אָט די פאָלקס־מאָטיוון האָבן זײַנע פאָלקס־לידער נאָך מער פּאָפּולער געמאַכט״.

4 באריכות וועגן דעם זע ז. סקודיצקיס אַרבעט אין „צײַטשריפט״ V 245—255.

פּרימיטיווער פּשטות, אָבער אויך מיט זײַן בײַסנדיקן הומאָר, מיט זײַן פּראָטעסט קעגן סאָציאַלער אומגערעכטיקייט. ס׳איז כּדאַי אָנצומערקן, אַז דווקא דעם אַממייִנסטן פֿאַרהאַסטן שונא, דעם חסידיזם, בארירט גאָט־לאָבער זייער ווייניק אין זײַנע לידער און סאַטירעס. אויסער דער זייער געלונגענער פּאַראָדיע אויף די שבתדיקע זמירות „איש חסיד״, האָט גאָט־לאָבער נאָך פֿאַרפֿאַסט אַ גרעסערע פּאָעמע „רב איציק גר״, וואָס האָט, ווי עס שיינט, געזאָלט האָבן אַן אַנטי־צדיקישע טענדענץ; ער האָט זי אָבער ניט פֿאַרענדיקט און איבערגעריסן אין סאַמע אָנהויב. דערפֿאַר אָבער בארירט גאָטלאָבער זייער גערן סאָציאַלע מאָטיוון און מאַכט פֿאַר אַ צילברעט פֿאַר זײַן סאַטירע די קהלישע רעדלפֿירער, די ייִדישע „שטאָט־בעלי־טובֿות״. מיט וואָס פֿאַר אַ ביטול ווערן אין דער פּאָעמע „די דע־פּוטאַטן״ אויסגעלאַכט די ייִדישע שתּדלנים, וואָס די קהלות פֿלעגן אַזוי אָפֿט שיקן קיין פּעטערבורג אין יענע צײַטן:

בקיצור, עס איז אַזוי געבליבן<br>
מען האָט דעם אײַזל אויסגעקליבן<br>
דעם למדן, דעם בעל לשון קודש<br>
פֿאַר שתּדלן און פֿאַר פּרנס חודש.

נאָר ווײַל ס׳איז דאָך ניט שיין, דער שתּדלן זאָל גיין איינער אַליין, — האָט מען נאָך אַ שטיק זיבן דעפּוטאַטן אויסגעקליבן: דער אָקס, דער שיינער בעל־הבית, און דאָס פֿערד, דער גרויסער עושר, און ביידע ראַטמאַנס — דער וואָלף און דער הונט, די דראַבעס, די סיפּאַקעס, די הויטשינדער, און דער געשוואָרענער רבֿ, דער בער, איז אויך געקומען אַהער.

אפֿילו דער מאָדערנער לייענער וועט מיט פֿאַרגניגן לייענען גאָט־לאָבערס סאַטירע „די אסיפֿה״, „אַן אַלטע מעשה, נאָר אַ שפּאָגל נײַע״, ווי עס הייסט אינם אונטערקעפּל. מיט בײַסנדיקן הומאָר ווערן געשיל־דערט ביידע צדדים אויף דער אסיפֿה: פֿון איין זײַט די רעדלפֿירערס, די בעלי דיעות, און פֿון דער אַנדערער — די אָרעמע לײַט, דאָס שטענדיקע כּפּרה־הינדל, וואָס האָבן אפֿילו ניט דעם מוט צו פּראָטעסטירן קעגן די עוולות און נגישות, וואָס ווערן קעגן זיי אָפּגעטאָן:

אַזוי איז במוסכּם כּולם געבליבן,<br>
מען האָט די תּקנה אין פּנקס פֿאַרשריבן:<br>
„היות, אַזוי פֿון ימים ושנים<br>
זײַנען דאָ בײַ ייִדן נגידים און קבצנים,

מוז מען דאָך וויסן, צו וואָס איטליכער ניצט,
פאַרשרײַבן מיר עס אין פנקס איצט:
צום רײַסן, צום בײַסן, קלאַפּן, שלאָגן
און אַלערליי צרות איבערצוטראָגן
דאַרפן אָרעמעלײַט אויפשטעלן די פּלייצעס
און די נגידים — ניצן אויף אסיפות און עצות.
מיר מוזן זיי נאָכזאָגן דעם שבֿח אָן חניפה:
זיי מאַכן אויסגעצייכנט איין אסיפה".

א באַזונדערן אינטערעס שטעלט מיט זיך פאָר די גרויסע פּאָעמע „דער סיים", ווו עס ווערט אַזוי שאַרף און אָן רחמנות בלויזגעשטעלט די גאַנצע „באַנדע שטאָט בעלי טובות". עס איז ממש ניט צו גלויבן, אַז דער משכיל גאָטלאָבער מיט זײַנע סערוויל-פּאַטריאָטישע העברעיִשע לויבגעזאַנגען דעם „הערשער דעם צדיק" (דעם רוסישן קיסר), זאָל זיך דערלויבן אויף „מאַמע לשון" שרײַבן אַזוינע „חוצפּישע" פערזן ווי:

דער עיקר, וואָס מיר דאַרפן פונם מלך האָבן
איז — ער זאָל אונז נאָר ניט באַגראָבן.

דער קלוגער פוקס טראַכט „שטילערהייט צו זיך אַליין":

איך בין טאַקע צו דער מלוכה צו קליין,
דאָס איז דאָס אומגליק, דאָס איז דער שלאַק:
די וועלט האָט ליב א גרויסן, באָטש א דוראַק.

און ווען מען האָט ענדליך דעם לייב פאַר א מלך אויסגעקליבן, פאָלגט דער אויספיר:

דער וואַלד פירט זיך ווידער, ווי ער האָט זיך געפירט:
דער שוואַכער ליגט שטיל, דער שטאַרקער פאַרפירט,
דער גרויסער איז גרויס, דער קליינער איז קליין —
ווײַל איז דעם, ווער עס האָט שאַרפע ציין.

אַזוינע שטעכיקע אָנצוהערענישן באַגעגנט מען אין דער פּאָעמע גאַנץ אָפט, נאָר דאָס אַלץ בלויז אַגב אורחא. זײַנע שפּיציקע פײַלן שלײַדערט אונזער פאָלקס-זינגער דער עיקר אין די היימישע „פּני" — אין די דײַנים, רבנים און ראשי הקהל. ער וויל ניט וויסן פון קיין פּײַנע, צירליכע מאַנירן; אויף דעם פּראָסטן „עמך"-לשון טוט ער זיי דערקלערן:

וואָס שטופּט איר אײַך, פאַרכעס, אין דער היץ?
אַז איר האָט ניט קיין שכל, קיין וויץ?

חזירים, אייזל, פערד, בערן,
וואָס ווילט איר אַלע קהלס־לייט ווערן?
ווי קומט עס צו אייך, אַז איר קענט אַלע מכות? —
אין וואַלד אַריין, איר ליידאַקעס!

אַ באַזונדער אָרט פאַרנעמט אין גאָטלאָבערס שאַפן זיין קאָמעדיע „דער דעקטוך". מיר ווייסן פון זיינע זכרונות, אַז זיין לערער דער קאָנס־טאַנטינער משכיל יוסף ווינזנער, וואָס האָט אַליין פאַרפאַסט אַ העברעיִשע פּיעסע „קול בוכים", האָט דערוועקט אין דעם גאַנץ יונגן גאָטלאָבערן אַ ספּעציעלן אינטערעס צו טעאַטראַלישע ווערק. די ערשטע גרעסערע זאַך, וואָס גאָטלאָבער האָט געשאַפן אין העברעיִש, איז געווען אַ ביבל־דראַמע אין פיר אַקטן „אמנון ותמר" 1. מיר האָבן שוין אין אונזער אויבן ציטירטן אַרטיקל („ליטעראַרישע בלעטער" 1930, נומ' 10) אָנגע־וויזן אויף דעם גאַנץ קנאַפּן ליטעראַרישן ווערט פון דער אין מאַנוסקריפּט פאַרבליבענער פּיעסע. שפּעטער מיט יאָרן (1867) האָט גאָטלאָבער פאַר־עפנטליכט זיין אַלעגאָרישע דראַמע „תפארת לבני בינה", וואָס איז די שוואַכסטע און אומבאַהאָלפנסטע פון אַלע פילצאָליקע העברעיִשע אַלע־גאָרישע דראַמעס, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אין דער השכלה־תקופה לויט דעם מוסטער פון משה חיים לוצאַטוס „לישרים תהילה". דער משכיל און מליץ איז אָבער ביי גאָטלאָבערן, ווי מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, געווען צונויפגעפלאָכטן מיטן שפּראָצלינג פון די אַמאָליקע „געזעליגע לייט", פון די טאַלענטירטע „לצנים" און „פּורים שפּילער", מיט זייער געזונטן, פאָלקסטימליכן הומאָר און געלעכטער. אַדאַנק דעם, פאַרגעסט אויף אַ ווײַלע דער השכלה־קעמפער גאָטלאָבער אין דברי־מוסר און הויכגעהויבענע מליצות, די אויבערהאַנט באַקומט דער „לץ", וואָס שאַפט אויף זיין קערנדיקער וואָלינער שפּראַך די פאָלקסטימליכע דריי־אַקטיקע קאָמעדיע „דער דעקטוך". גאָטלאָבער ווייזט אַליין אָן אין זיינע זכרונות אויף דעם גרויסן איינדרוק, וואָס ס'האָט אויף אים געמאַכט אין 1837 שלמה עטינגער, בשעת יענער האָט אים פאָרגעלייענט זיין „סערקעלע", און טאַקע אונטער דעם דאָזיקן איינדרוק האָט ער פאַרפאַסט זיין דריי־אַקטיקע קאָמעדיע. „סערקעלע" האָט אָבער געדינט גאָטלאָבערן בלויז אַלס אָנרעגונג, נאָר ניט אַלס מוסטער. דעם השכלה־קעמפער

1 א. פרידקינס אָנווייזונג (ציט. וו. 178), אַז „אמנון ותמ־" איז „אַ פּיעסע פון דעם איצטיקן לעבן", איז ניט ריכטיק. דער טעות נעמט זיך וואַרשיינליך דערפון, וואָס ה' פרידקין האָט ניט ריכטיק אויסגעטייטשט גאָטלאָבערס העברעיִשן אויסדרוק „על דרך ההוה". דאָס וויל כלל ניט באַדייטן, אַז אינם ווערק ווערט געשילדערט די נעגנוואַרט, נייערט, אַז ס'איז געשריבן אין דיאַלאָגן־פאָרם.

גאָטלאָבערן האָבן דאָ גיכער געדינט אַלס מוסטער לעווינזאָנס „הפקר־וועלט" און וואָלפזאָנס און אייכלס „פאַמיליענגעמעלדע". גאָטלאָבערס האַס צו די גוטע ייִדן און שווינדלער בעלי מופתים, זײַן ביטול צו די אומגעלומפּערטע פאַרעלטערטע לעבנס־פאָרמען, צו דער אומנאַטירליכקייט פון די אַלט־פרענקישע חתונות, ווען צוליב נאַרישן יחוס איז רעכט געווען צו פאַרקנסן אַ טאָכטער פאַר אַ לא יוצלח, פאַר אַ פיזישן און גײַסטיקן קאַליקע, — דאָס אַלץ געפינט דעם שאַרפסטן אויסדרוק אין דעם „דעקטוך", ווערט באַשפּאָט מיט דעם בײַטש פון סאַטירע, באַלאַכט מיטן געזונטן „עמך"־געלעכטער. די טרעגער פון ליכט און „אויפקלערונג" זײַנען אינם „דעקטוך" ניט קיין רעזאָנערישע האָלץ־פיגורן, ווי בײַ אייכלען, נאָר לעבנסלוסטיקע פערסאָנאַזשן פון „קאָמעדיע דעל אַרטע"; זיי זינגען פריילעכע קופּלעטן, מאַכן כּלערליי קונדסישע שטיק, און, ווי אַלע „געזעליגע לײַט" און „מאַרשאַלעקעס", זײַנען זיי העכסט צופרידן, ווען מען גיט זיי ביר און ווײַן „אומגעמעסן".

עס איז אמת צו באַדויערן, וואָס אַט די פאָלקסטימליכע קאָמעדיע־בוך, דער דאָזיקער ערשטער מוסטער פון דער מאָדערנער ייִדישער מעלאָדראַמע, איז גאַנצע יאָרצענדליקער געבליבן ניט געדרוקט, נאָר געוואַנדערט פון האַנט צו האַנט אין פאַרגרײַזטע קאָפּיעס, ביז אין 1876 האָט איינער אַ יאָזעף ווערבלינסקי אָפּגעדרוקט אַזאַ פאַרגרײַזטע אָפּשריפט אונטער זײַן נאָמען. דאָ מוזן מיר אָבער קאָרעגירן דעם אויספיר, וואָס מיר האָבן דערבײַ געמאַכט אין אונזער אויבן ציטירטן אַרטיקל. דאָס, וואָס גאָטלאָבערס ייִדישע זאַכן זײַנען אַזוי לאַנג אין מאַנוסקריפּט געבליבן, האָבן מיר דאָרט דערקלערט דערמיט, וואָס „דרוקן זײַנע אין ייִדיש געשריבענע זאַכן האָט ער קיין חשק נישט געהאַט, און דאָס — נישט אוים מאַטעריעלע מניעות, נאָר פּשוט, ווײַל ער האָט זיך געשעמט אַרויסצוטרעטן פאַר דער עפנטליכקייט אַלס „זשאַרגאָן"־שרײַבער [1]. נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך באַקאַנט מיט גאָטלאָבערס נאָך ניט פאַרעפנטליכטער אומפאַנגרײַכער קאָרעספּאָנדענץ, זײַנען מיר געקומען צו דער איבערצײַגונג, אַז די סיבה, וואָס גאָטלאָבערס ייִדישע ווערק זײַנען בשעתּם ניט פאַרעפנטליכט געוואָרן, איז איינע און די זעלביקע, וואָס האָט אויך גורם געווען, אַז אַקסענפעלדס שאַפונגען זאָלן בלײַבן אין מאַנוסקריפּט.

1 אַגב איז אינטערעסאַנט צו ברענגען גאָטלאָבערס באַמערקונג (ייִדישע פאָלקס־ביבליאָטעק, 1888, 257) וועגן ייִדיש: „אין פריערע צײַטן האָט מען ניט געוווסט פון דעם נאָמען זשאַרגאָן. אונזער לשון האָט געהייסן ייִדיש־דײַטש. מיר געפעלט אויך דער נאָמען זשאַרגאָן ניט, ווײַל באמת הייסט זשאַרגאָן איינע אונפאַרשטענדליכע גערעדע; עס איז גלײַכער צו בלײַבן בײַם נאָמען ייִדיש אָדער ייִדיש־דײַטש.

„אַ דרוק, אַ דרוק! — רופט גאָטלאָבער אויס אין איינעם פון זײַנע בריוו — דאָס איז מײַן חלום זינט מײַן יוגענט, זינט מײַן קינדהייט, ביז אין די אַלטע יאָרן“ 1. מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, ווי נאָך אין 1850 האָט גאָטלאָבער פאַרזאָרגט זײַן „פאַרקערטע וועלט“ מיט דער צענזור־דערלויבעניש, ער האָט אָבער ניט געהאַט די מעגליכקייט דאָס ווערק צו דרוקן 2. ווי נאָר דער טערמין פונם דרוק־מאָנאָפּאָל האָט זיך פאַרענדיקט (1862) און דער „קול מבשר“ האָט אָנגעהויבן דערשײַנען, האָט גאָטלאָבער גלײַך אָנגעהויבן צו דרוקן זײַנע קלענערע ייִדישע זאַכן. אין 1865 דרוקט ער אָפּ אין „המליץ“ (נומ׳ 12) אַזאַ מודעה: „איך בין מודיע, אַז איך בין געגרייט איבערצוגעבן אין דרוק פאָלגענדיגע מײַנע ווערק אין דער פאָלקס־שפּראַך: א) „דאָס דעקטוך אָדער צוויי חופּות אין איין נאַכט“, אַ קאָמעדיע אין דרײַ אַקטן. ב) „די פאַרקערטע וועלט“, ג) דער „סיום אָדער די גרויסע אסיפה אין וואַלד, אַז די חיות האָבן אויסגעקליבן דעם לייב פאַר אַ מלך“. די לעצטע צוויי ווערק זײַנען געשריבן אין פרײַען ריטם, וואָס הייסט אין דײַטשן קניטעלריימען. דאָס ערשטע איז געשריבן אין פּראָזאַ, נאָר עס קומען דאָרט אויך פאָר לידער, צווישן זיי אויך אין געשלאָסענעם ריטם, און זײַנען פאַרפאַסט צום זינגען, און זיי וועלן געדרוקט ווערן צוזאַמען מיט די נאָטען פון די מאָטיוון. די דאָזיגע ווערק מײַנע האָבן זיך שוין קונה שם געווען און זיי זײַנען באַקאַנט פילע משכילים און דיכטער“ 3.

מיט דעם דאָזיקן אויפטו זײַנעם — צו שאַפן אַ פּיעסע מיט לידער און געזאַנג, — דערשײַנט גאָטלאָבער אַלס פאַרלויפער פון אברהם גאָלדפאַדן, דעם באַשעפער פון מאָדערנעם ייִדישן טעאַטער. און בעת מען שאַצט אָפּ גאָטלאָבערס פאַרדינסטן פאַר דער ייִדישער ליטעראַטור, מוז טאַקע דערבײַ דערמאָנט ווערן, אַז זײַנע באַליבטע תּלמידים, אויף וועלכע זײַן השפּעה איז פון גאַנץ גרויסן באַדײַט — זײַנען געווען דער זיידע פון דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור מענדעלע מוכר ספרים און דער באַגרינדער פונם מאָדערנעם ייִדישן טעאַטער — אברהם גאָלדפאַדן.

1 זע בײַלאַגען, נומ׳ 7.

2 ס׳איז כאַראַקטעריסטיש, ווי גאָטלאָבער רופט אויס מיט שטאָלץ אין זײַנעם אַ בריוו צו פנחס בערנשטיינען: „הגידו אחי המשכילים, מתי לא הראיתם דשן נפשכם אם עברית או יהודית־אשכנזית שרתי?

3 אין גאָטלאָבערס אַ צווייטער מודעה אין „המליץ“ ווערן דערמאָנט צוויי זײַנע לידער, „די דובנער שרפה“ און „די בלינדע יתומה“, וואָס זײַנען אין די אַנדערע קוועלן ניט אָנגעוויזן.

# זעקסטער קאַפּיטל

די השכלה־באַוועגונג אין פּוילן. — די השפּעה פון דער „בערלינער השכלה". — פרידלענדערס „איבער די פערבעסערונג דער איזראַעליטען אים קעניגרייך פּאָלען" — דער „אויפקלערער" יעקב טוגענדהאָלד. — אַנטאָני אײַזענבוים און דער „בעאָבאַכטער אַן דער ווייכסעל". — מענדעלסזאָנס „ביאור" אין וואַרשעווער איסנאַבע. — די אייגנצרטיקייט פון דער השכלה־באַוועגונג אין פּוילן. — יעקב רייפמאַן און זײַן שאַפן. — חיים־זעליג סלאָנימסקי און זײַן באַדײַט. — אפרים־פישל פישעלזאָהן אויס זאַמאָשטש און זײַן „טעאַטער פון חסידים". — שלמה עטינגערס לערן־ און וואַנדער־יאָרן. — עטינגער דער עסטעט און מײַסטער פון דער ייִדישער שפּראַך. — זײַנע פּיעסן, משלים און עפּיגראַמען. — עטינגער דער משכיל. — עטינגערס לעבנס־דראַמע. — דער קולטור־קעמפער טוגענדהאָלד אַלס צענזאָר. — די דורך דער צענזור „אויסגעבעסערטע" עטינגערס ווערק בלײַבן אין מאַנוסקריפּט.

אין די פאַריקע קאַפּיטלעך האָבן מיר באַקענט דעם לייענער מיט די „אבות ההשכלה" פון וואָלין און ליטע; אין דעם איצטיקן קאַפּיטל וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אויף דער השכלה־באַוועגונג אין דעם דריטן וויכטיקן צענטער — אין פּוילן.

די שכנותדיקע לאַגע צו פּרײַסן, די אָפטע האַנדלס־באַציִונגען מיט די וויכטיקע פּרײַסישע צענטרען האָבן מיטגעווירקט, וואָס די השפּעה פון דער „בערלינער השכלה" האָט זיך שוין געלאָזט באַמערקן אין די אויבערשטע שיכטן פון דער וואַרשעווער קהילה, בעת וואַרשע איז נאָך געווען די רעזידענץ פון דער פּוילישער מלוכה. דער דאָזיקער פּראָצעס איז נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרן נאָך 1795, ווען וואַרשע איז נאָך דער דריטער פּוילן־צעטיילונג איבערגעגאַנגען צו פּרײַסן. דער האַנדלס־פאַרקער צווישן וואַרשע און בערלין האָט זיך דאַדורך באַדײַטנדיק געשטאַרקט, און פיל פּרײַסישע ייִדן עפענען אין וואַרשע אייגענע געשעפטן. עס גענוגט אָנצוווײַזן, אַז אין 1799 האָבן אין וואַרשע פונקציאָנירט דרײַצן ייִדישע בענק, מערסטנטיילס געעפנט דורך פּרײַסישע

ייִדן 1. אין סוף 18טן יר"ה ווערט אין וואַרשע געגרינדעט אַ רעפאָר־מירטע „דײַטשישע" סינאַגאָגע מיט דײַטשע פּרעדיקן 2, און די דאָזיקע שול האָט פונקציאָנירט אַפילו נאָך דעם, ווי וואַרשע איז געוואָרן אויס פּרײַסישע פּראָווינץ און איז לויט נאַפּאָלעאָנס באַפעל מגולגל געוואָרן אין דער רעזידענץ פון דעם „וואַרשויער הערצאָגטום". די השפעה פון דער „בערלינער השכלה" האָט זיך אָבער אויף דער שוועל פונם 19טן יר"ה געשפּירט אין געוויסע שיכטן פון דער וואַרשעווער קהילה ניט בלויז אויפן גײַסטיקן געביט, נאָר אויך אויפן רעכטליך־פּאָליטישן. די וואַר־שעווער קהילה, בעת זי האָט זיך געווענדעט מיט אירע ביטשריפטן צו דער מאַכט וועגן פאַרבעסערן די ייִדישע בירגער־רעכט, האָט געהאַלטן פּאַר נייטיק צו בעטן דערבײַ שטיצע בײַ די בערלינער ראשי הקהלה, וואָס זײַנען דאָך געווען „קרובים למלכות". אויך די פּרײַסישע רעגירונג האָט פון איר זײַט געזען אין די בערלינער ראשי הקהלה די אָנערקענטע אַפּיטרופּסים איבער די פּוילישע „אָסט־יודען". אין סוף 18טן יר"ה ווענדט זיך דער פּרײַסישער מיניסטער פאָס צו דוד פרידלענדער מיט דער בקשה, יענער זאָל אַרויסזאָגן זײַן מיינונג וועגן „דעם יודען־רעגלאַ־מענט" פון 1797. פרידלענדער האָט צו דעם צוועק ספּעציעל באַזוכט פּוילן, בכדי זיך צו באַקענען אויפן אָרט מיט דער ייִדישער לאַגע, און דערנאָך (אין 1801) דערלאַנגט דעם מיניסטער אַן אומפאַנגרײַכע „דענקשריפט".

אַפילו נאָך די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות, ווען וואַרשע איז געוואָרן די רעזידענץ פון „קעניגרײַך פּוילן", וואָס איז איבערגעגאַנגען אונטער רוסלאַנדס אויבערמאַכט, האָט זיך ניט איבערגעריסן די גײַסטיקע השפעה פון די בערלינער אויפקלערער אויף זייערע וואַרשעווער „גלויבענסגענאָסען". באַלד נאָכדעם, ווי די „צײַטווייליגע רעגירונג" פון דעם נײַ־דערקלערטן „קעניגרײַך" האָט געגרינדעט (1815) אַ ספּעציעלע קאָמיסיע מיט דער אויפגאַבע צו באַטראַכטן די ייִדן־פראַגע אין פּוילן, האָט דער ביסקופּ מאַליטשעווסקי זיך געווענדעט אין נאָמען פון אייניקע פּאָליטישע טוער צו פרידלענדערן מיט דער ביטע, יענער זאָל אַרויסזאָגן זײַן אויטאָריטעטע מיינונג, אויף וואָס פאַר אַן אופן די ייִדן־פראַגע קאָן אַמבעסטן געלייזט ווערן אין פּוילן. פרידלענדער האָט אָפּגעענטפערט מיט אַ לאַנגן „גוטאַכטען", וועלכן ער האָט אין דרײַ יאָר אַרום פאַרעפנטליכט מיט אייניקע הוספות — אין זײַן אונז שוין באַקאַנטן ווערק „איבער די פער־

1 י. שאַצקי אין „היסטאָרישע שריפטן", I, 427.

2 זע ב. ווײַנריבס זאַכליכן אַרטיקל אין „מאָנאַטסשריפט", 1932, 139—152.

בעסערונגען דער איזראעליטען אים קעניגרייך פּאָלען" 1. פון זיין ענג ראַציאָנאַליסטישן שטאַנדפּונקט איז פרידלענדער פעסט איבערצייגט, אַז די וויכטיקסטע מניעות, וואָס שטערן די גייסטיקע לייזונג פון דער יידן־פראַגע אין פּוילן, זיינען פּאָלגנדיקע צוויי פאַקטאָרן: 1) וואָס ביי די דאָרטיקע יידן גילט אַזוי שטאַרק דער תלמוד, און 2) די שעדליכע חסידישע באַוועגונג, וואָס פאַרנעמט דאָרט אַזאַ בכבודיקן אָרט. עס איז גאַנץ באַגרייפליך, אַז ניט נאָר פּוילישע גייסטליכע און וועלטליכע שררות האָבן זיך געפונען אין קאָנטאַקט מיט דעם אַלטן פרידלענדער, נאָר אויך די פאָרשטייער פון די וואַרשעווער משכילים. זיי האָבן געזעען אין פרידלענדערן דעם אָנערקענטן גייסטיקן פירער, און צו אים און צו זיינע אָנהענגער פלעגן זיי זיך ווענדן בנוגע פאַרשיידענע קולטור־פראַגן.

אין 1819 עפנט דער יונגער יעקב טוגענדהאָלד די ערשטע וועלט־ליכע שולן פאַר דער יידישער יוגנט, לויט דעם מוסטער פון די בערלינער שולן. טוגענדהאָלד האָט געשטאַמט פון דייטשע יידן. זיין פאָטער, ישעיה טוגענדהאָלד, אַ געבאָרענער אין ברעסלוי (אין 1755), איז געווען אַ פאַרזערער פון די „מאספים", האָט געשריבן אין זייער סטיל מליצהדיקע בריוו, שירים און פירושים אויף תנך 2. נאָך אין די יונגע יאָרן האָט ער זיך באַזעצט אין דעם פּוילישן שטעטל זאַלאָשיץ (נעבן קראָקאָ) און דאָרט זיין גאַנץ לעבן פאַרבראַכט 3. זיין עלטערער זון, יעקב, האָט שוין געהאַט אַ פאַמיליע, ווען ער האָט פאַרלאָזן (1812) זיין געבורטס־שטאָט זאַלאָשיץ און איז אַוועק קיין ברעסלוי שטודירן 4. אין 1817 באַזעצט ער זיך אין וואַרשע, און שוין אין אַ יאָר אַרום טרעט ער אַרויס אין דער פּוילישער ליטעראַטור מיט אַ צאָרנדיקן ענטפער אויף אַן אָקערשט דערשינענער אַנטיסעמיטישער אַנאָנימער בראָשור **Sposób na żydów**, ווו עס ווערט דערקלערט אַלס איינציק מעגליך ראַציאָנעל מיטל צו פאַרענטפערן די יידן־פראַגע — אַרויסטרייבן אַלע יידן פון לאַנד. אין זיין מיט יוגנטליכן אימפּעט געשריבענער פּאָלעמישער שריפט **„Jerobaal czyli mowa o Żydach"** זאָגט טוגענדהאָלד אַגב אַרויס זיין פעסטע איבערצייגונג, אַז דער נייער דור פון דער יידישער באַפעלקערונג

1 זע אונזער ווערק, ב' VII, ערשטער בוך, 144.

2 אַ באַדייטנדיקער טייל פון זיינע מאַנוסקריפּטן איז פאַרברענט געוואָרן בשעת אַ שרפה אין 1796. דער פאַרבליבענער טייל פון זיין ליטעראַרישע ירושה האָט י. י. ווייסבערג פאַרעפנטליכט אין אַ באַזונדערער זאַמלונג „דברי ישעיה" (קראָקאָ 1896).

3 געשטאָרבן אין 1830.

4 זע, דברי ישעיה 16 — 19.

וועט אויפדערצויגן ווערן אינם גייסט פון מאָדערנער אייראָפּעישער קולטור [1]. בכדי דאָס צו פאַרווירקליכן, גרינדעט טוגענדהאָלד אין א יאָר ארום די אָקערשט דערמאָנטע מאָדערנע שולן מיט פּויליש אַלס אונטערריכט-שפּראַך. דאָ זיינען אים אָבער פאַרגעשטאַנען גרויסע אנטוישונגען. די „בערלינער", די אויפגעקלערטע באַנקירן, פאַבריקאַנטן און גרויסע סוחרים, וואָס האָבן געשפּירט די נייטיקייט פון אייראָפּעישער בילדונג און פון נייע לעבנספאָרמען, האָבן אין דעמאָלטיקן וואַרשע נאָך געבילדעט א גאַנץ דינינקע שיכט; די הויפּטמאַסע פון דער יידישער באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון אָרטאָדאָקסן, חסידים און סתם „עמך", וואָס האָבן זיך נאָך געהאַלטן פעסט אָן די אַלטע אָפּגעזונדערטע לעבנספאָרמען. די אַסימילאַציע-טענדענצן, וואָס האָבן זיך אַזוי שטאַרק געשפּירט אין פּרייסן, האָבן אין פּוילן געקאָנט האָבן אַ גאַנץ קנאַפּן איינפלוס, ווייל דיווירטשאַפטליכע סטרוקטור פון דער פּוילישער געזעלשאַפט איז נאָך געווען אַ ריין-פעאָדאַלע. דער ייִד האָט געלעבט פונם פּריץ, האָט זיינע דאגות פּרנסה באַפרידיקט אין די ד' אמות פון זיין קליין וועלטל. ער האָט זיך געקענט ווי עס איז צונויפריידן מיטן פּריץ, און דעריבער האָט ער ניט געהאַט קיין גרויסן אינטערעס צו די פּאָליטישע און קולטור-געזעלשאַפטליכע פראַגן, ווייל זיי זיינען נאָך ניט געקומען צו זיין באַוווּסטזיין, אַדאַנק זיין סאָציאַלער איזאָלאַציע [2].

עס איז דערפאַר קיין חידוש ניט, וואָס יעקב טוגענדהאָלד האָט מיט זיינע רעפאָרם-שולן דערוועקט אַ גרויסן צאָרן אין די אָרטאָדאָקסישע קרייזן, און די פרומע פאָרשטייער פון דער וואַרשעווער קהלה האָבן אים אָנגעפאַנגען שטאַרק רודפן, אויסגעטראַכט אויף אים כּלערליי בלבולים [3]; עס איז שוין אַפילו געווען אַ מאָמענט, ווען יעקב טוגענהאָלד איז געווען אַזוי איבערגעשראָקן, אַז ער האָט בדעה געהאַט צו אַנטלויפן פון וואַרשע [4]. דאָס אינטערעסאַנטסטע איז אָבער דערביי, וואָס ביידע צדדים, אי יעקב טוגענדהאָלד און זיין פאָטער, אי דער צד שכּנגד האָבן זיך געווענדעט מכּח דער מחלוקת מיט קלאָג-בריוו צו די בערלינער „פּני", צום באַוווּסטן כּלל-טוער ישראל יאַקאָבסאָן און צו פרידלענדערס מקורבים [5].

1 זע, פּערעזשיטאָיע, I 205, 211.

2 י. שאַצקי, היסטאָרישע שריפטן, I, 427.

3 יעקב טוגענדהאָלדס פאָטער קלאָגט זיך אין איינעם פון זיינע בריוו: כי אלופי קהל מוואַרשא שלחו מכתב... ופתשגן המכתב היה כתב שטנה על בני בזה הלשון: בש ער פיהל רשעת געגען יהודים מאכט אונד בעווירקט, דאש ער איין טעאַטער-שטיק יודען צו לעסטערן פערפערטיגט האט" (דברי ישעיה, 78).

4 דאָרטן, 65.

5 דאָרטן, 77—81; זע אויך ווייבריבס ציטירטע אַרבעט, 146—152.

די אונטער דער אָנפירונג פון טוגענדהאַלדן געגרינדעטע דריי מאָ־
דערנע עלעמענטאַר־שולן (באַלד זיינען אויך צוגעקומען צוויי אַזעלכע
שולן ספּעציעל פאַר מיידלעך) זיינען געווען בלויז דער ערשטער שריט
מצד די וואַרשעווער משכּילים צו דערנעענטערן די יידישע באַפעלקערונג
צו דער מאָדערנער קולטור. סוף 1823 האָט אַנטאָן אייזענבוים 1, וואָס
האָט געענדיקט אַ פּוילישן ליציי און איז געווען באַהבנט אין עטליכע איי־
ראָפּעיִשע שפּראַכן, געגרינדעט אין וואַרשע אַ צווייִשפּראַכיקע צייטונג
אין פּויליש און יידיש־דייטש —„דער בעאָבאַכטער אַן דער ווייכסעל״
(אין פּויליש האָט זי געהייסן: „Dostrzegacz Nadwiślański“). די רעגי־
רונגס־קאָמיסיע פון פאָלקס־בילדונג, וואָס האָט געגעבן אייזענבוימען די
דערלויבעניש אויף אַרויסצוגעבן אַ יידישע צייטונג, „בכדי צו פאַרשפּרייטן
בילדונג צווישן יידן“, האָט דערביי אויך באַשטימט אייזענבוימען אַ סובּ־
סידיע פון צוויי טויזנט פּוילישע גילדן מיטן תּנאי, אַז דער טעקסט אין
דער צייטונג זאָל זיך דרוקן ניט בלויז אין יידיש נאָר אויך אין
פּויליש 2.

די צייטונג 3 אין לויט איר אינהאַלט באַשטאַנען פון פינף אָפּטיי־
לונגען: 1) אָפיציעלע רעגירונגס־דעקרעטן און פאַראָרדענונגען, און מיט־
טיילונגען אוים דעם אינערן לעבן אין לאַנד; 2) נאַכריכטן פאַם אויס־
לאַנד״; באַשרייבונגען פון פרעמדע לענדער און וועגן דעם לעבן פון
די דאָרטיקע יידן; 3) האַנדלס־נאַכריכטן; 4) ביאָגראַפיעס פון גרויסע
יידישע מענער, אַנעקדאָטן און מעשהלעך; 5) אַנאָנסן.

די צייטונג האָט קיין שום דערפאָלג ניט געהאַט און דאָס האָט
דער עיקר גורם געווען דער רעדאַקטאָר גופא. דער טרוקענער „אוטשאָני
יעוורעי״ און „אינפאָרמאַטאָר“, אַנטאָני אייזענבוים, האָט בכלל זייער וויי־
ניק געפּאַסט פאַר דער אחריותדיקער ראָלע פון אַ צייטונגסלייטער. דערצו
נאָך האָט אייזענבוים, בכדי צו „פאַרשפּרייטן בילדונג צווישן יידן“, גע־
שטעלט זיך די אויפגאַבע צו פאַרדרענגען דעם „פאַרקריפּלטן זשאַרגאָן״
דורך ליטעראַריש דייטש. צו דעם צוועק האָט ער געדרוקט זיין צייטונג
אויף אַזאַ מין „אויסגעאיידלטן״ דייטשמעריש:

„לויט בריפען אוים סאַלאָניקא פאָם 15 נאָוועמבער האָט דער
שלעכטעסטע אַלער מענטשן זיינען פערדינטען לאָהן בעקאָמען. אַבּאַלאָבוט־
פּאַשאַ פאָן סאַלאָניקאַ, וועלכער אים פאָריגען יאַהרע איבער 5000 פּאָמי־

1 געבאָרן אין 1791, געשטאָרבן אין 1852.

2 Kwartalnik Żydów w Polsce, 1912, II, 59.

3 דער ערשטער נומער איז דערשינען דעם 3־טן דעצעמבער 1823.

ליען האָט אומברענגען לאַססען אונד דערנאָך זיך ריהמטע דאַס אויף זיינען בעפעהל אַן איינציגען טאָגע 1500 ווייבער אונד קינדער ערמאָרדעט וואָרדען זינד — איסט ענדליך זעלבסט אויף בעפעהל דעם סולטאַנס הינגעריכטעט וואָרדען" [1].

אַזאַ מין „יידיש-דייטש" האָבן די פשוטע פּוילישע יידן נאָך ווייניקער פאַרשטאַנען ווי דער בערלינער חלפן ר' הענאָך דעם אויפגעקלערטן מאַרקוסעס לשון [2]. איז דערפאַר מיטן „בעאָבאַכטער" געשעען דאָס, וואָס ס'האָט געמוזט געשעען: ווייל קיינער האָט אים ניט געלייענט, האָט ער אַפילו קיין יאָר ניט אויסגעלעבט און מיטן 42טן נומער (דערשינען דעם 29 סעפּטעמבער 1824) האָט ער אומבאַמערקבאַר זיין גרויליכע עקזיסטענץ פאַרענדיקט.

דערמיט האָט זיך אָבער ניט פאַרענדיקט אַנטאָן אייזענבוימס „אויפקלערונגס"-אַרבעט. אין צוויי יאָר אַרום ווערט ער פאַקטישער לייטער פון דער אין 1826 אין וואַרשע געגרינדעטער ראַבינער-שול. די אונטערריכטס-שפּראַך אין דער דאָזיקער שול איז געווען פּויליש. די איינציקע הנחה, וואָס כ'איז דערלאָזט געוואָרן בנוגע די לערער פון רעליגיעזע לימודים, אַז באָם זיי באַהערשן ניט פולקום די פּוילישע שפּראַך, ווערט זיי דערלויבט צייטווייליק זיך צו באַנוצן מיט דער דייטשער שפּראַך, אָבער בשום אופן ניט מיט דעם יידיש-דייטשן „זשאַרגאָן" [3]. אייזענבוימס נאָענטסטע צוויי מיטאַרבעטער אין דער ראַבינער-שול זיינען געווען די שטאַרק אַסימילאַטאָריש-געשטימטע „אויפקלערער", יעקב צענטנערשווער און אברהם בוכנער, דער לערער פון העברעיש און ביבל. ווי דוד פרידלענדער, אַזוי איז אויך בוכנער געווען אַן איבערצייגטער תלמוד-קעגנער און האָט אַפילו אַ ספּעציעל ווערק געשריבן „די ניכטיקייט דעם תלמודס" [4]. עס קאָן דערפאַר ניט חידושן, וואָס די ראַבינער-שול האָט פאַרן גאַנצן משך פון איר כמעט פערציק-יאָריקער עקזיסטענץ ניט אַרויסגעלאָזט קיין איין איינציקן ראַבינער [5].

בכדי „אויפצוקלערן די יידישע מאַסן", זיינען די וואַרשעווער משכילים צוגעטראָטן אין די 30-ער יאָרן צו אַ קולטור-אונטערנעמונג פון ברייטן פאַרנעם. אין 1835 האָט דער וואַרשעווער משכיל משה

---

1 בעאָבאַכטער אַן דער ווייכסעל, נומ' 1.

2 זע אונזער ווערק, באַנד VII, ערשטער בוך, 180.

3 זע „פּערעזשיטאָיע", I, 224.

4 דאָרטן, 230. נאָך אייזענבוימס טויט איז אַלס דירעקטאָר באַשטימט געוואָרן דער אונז שוין באַקאַנטער יעקב טוגענדהאָלד.

5 דאָרטן, 232.

טאַנענבוים פאַרעפנטליכט אַ מודעה, אַז ער טרעט צו אַרויסצוגעבן דעם חומש מיטן ביאור אין מענדעלסזאָנס דײַטשער איבערזעצונג. פינאַנסירט די אויסגאַבע האָט הויפּטזעכליך דער וואַרשעווער גביר טעאָדאָר (טעבל) טעפּליץ, וואָס איז רײַך געוואָרן פון דער אַרענדע פון פאַרשיידענע שטײַערן, ווי — פון דעם אָפּצאָל פון זאַלץ און כשר פלייש [1]. די אויסגאַבע האָט אָבער, ווי עס שײַנט, קיין דערפאָלג ניט געהאַט. די אָרטאָדאָקסישע מאַסע האָט קיין חשק ניט געהאַט צו קויפן דעם חומש מיט „משה דעסערס" ביאור; דאָס באַשטעטיקט פאָלגנדיקער פאַקט: אין צוויי יאָר אַרום, שוין נאָך דעם, ווי ס'איז אַרויס דער דריטער באַנד פון דער אויסגאַבע, ווען די אַרויסגעבער האָבן זיך איבערצײַגט, אַז זייערע חומשים האָבן ניט קיין אָפּגאַנג, האָט דער „געלטגעבער" טעפּליץ זיך געווענדעט מיט אַ בקשה (דאַטירט דעם 21טן אויגוסט 1837) צו דער קאָמיסיע (מיניסטעריום) פאַר אינעווייניקסטע און קולט־ענינים אין וואַרשע [2]. די דאָזיקע בקשה איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש, אַז מיר ברענגען דאָ ווערטליך דעם ערשטן טייל: „די לאַנג־יאָריקע דערפאַרונג אין פאַרשיידענע לענדער האָט געוויזן, אַז די ישועותדיקע כוונות פון אַ רעגירונג בנוגע דער מאָ־ראַלישער אויפקלערונג פון די ייִדן ווערן רעכטצײַטיק און ברענגען די געווונטשענע פרוכט נאָר דעמאָלט, ווען מען באַנוצט ווירקזאַמע מיטלען אָפּצוגעווינען די ייִדן פון דער פאַרדאָרבענער שפּראַך, ד"ה פון ייִדישן זשאַרגאָן. דאָס ווירקזאַמסטע מיטל בײַם באַקענען זיי מיט דער לאַנד־שפּראַך איז אָבער — פריער זיי צוגעווינען ריכטיק צו ריידן די דײַטשע שפּראַך, ווײַל צו איר איז די ייִדישע זייער נאָענט. אויך איז ניט פאַראַן קיין שום ספק, אַז ווי נאָר דער ייִד קען שוין דײַטש, נעמט ער זיך גערן צו דער שפּראַך פונם לאַנד, וווּ ער וווינט, בינדט זיך אַזוי אַרום מיט מער אויפריכטיקייט צו צו דער רעגירונג, צו די געזעצן פון לאַנד, ווי אויך צו די לאַנדסלײַט פון אַן אַנדער אמונה. אָבער די ווירקזאַמקייט פון די דערמאָנטע מיטלען קאָן דערגרייכט ווערן דעמאָלט, ווען די איבערזעצונג אין דער ריינער דײַטשער שפּראַך זאָל זיך געפינען נעבן דעם טעקסט פון די ביכער, וואָס האָבן אַ רעליגיעזע חשיבות און זײַנען צום מיינסטן פאַרשפּרייט צווישן ייִדן, ווײַל די ביכער לייענען זיי תּמיד באַדאַרף געזן, און כמעט ניט ווילנדיק לערנען זיי זיך אויס די ריינע שפּראַך. זײַענדיק דערין איבערצײַגט און וועלנדיק ווײַזן, אַז איך פיל מײַן חוב מיטצווווירקן בײַ די ישועהדיקע כוונות פון דער רעגירונג, האָב

1 אַ ביסל צושטײַער אויף דער אויסגאַבע האָט אויך געגעבן דער ווילנער משכיל הירש קליאַצקאַ (זע „היסטאָרישע שריפטן", I, 777—778).

2 זע וועגן דעם ב. ווײַנריבס נאָטיץ אין „ייִוואָ בלעטער", VIII, 85—88.

איך צוויי יאָר צוריק אונטערגענומען אין אייגענעם פאַרלאַג אין וואַרשע אַ נײַע אויפלאַגע פונם חומש מיט דער אויסגעצייכנטער דײַטשער איבער־זעצונג פונם באַרימטן מענדעלסזאָן, וועלכע האָט געקראָגן די לויבפולע אָפּראָבירונג פון די געלערנטע פון דער גאַנצער וועלט, און אויסער דעם וואָס זי פאַרבייגט אַ טייל פאַנאַטישע אויסטײַטשונגען פון דער הייליקער שריפט, העלפט זי אויך מיט, אַז ייִדן זאָלן זיך באַקענען מיט דער דײַטשער שפּראַך" [1].

ערשט נאָך דער גאַנצער הקדמה גייט טעפּליץ איבער צום גאַנצן עיקר: אַז ס'איז ניט פאַראַן קיין אַנדער מיטל צו פאַרשפּרייטן דאָס דאָזיקע נוצליכע ווערק, נאָר, אַז די קאָמיסיע זאָל באַפעלן די קהילות (Dozor Rozniczy), זיי זאָלן זיך מתחייב זײַן צו באַשטעלן צו איין — און די גרעסערע שטעט צו מער — עקזעמפּלאַרן פון דעם חומש פאַר די בתי־מדרשים.

ווי עס שײַנט [2], האָט די רעגירונג טאַקע ערפילט טעפּליצעס בקשה און האָט געצוווּנגען די ייִדן צו קויפן די חומשים מיט מענדעלס־זאָנס ביאור.

אין פּוילן, ווי מיר זעען, האָט די אויפקלערונגס־באַוועגונג אָנגענו־מען גאַנץ אייגנאַרטיקע פאָרמען. אין דער הויפּטשטאָט, אין וואַרשע, האָט זיך געבילדעט אַן אייבערשטער שיכט גרויס־בורזשואַזיע, ייִדישע באַנקירן, פאַבריקאַנטן, גרויסע סוחרים און זייערע אַגענטן, וואָס האָבן צוליב געשעפט זיך גענייטיקט אין אייראָפּעיִשער בילדונג, האָבן זיי זיך געפירט „דײַטש", געווען אין אַ באַדײַטנדיקער מאָס אַסימילירט. די הויפּט־מאַסע פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין וואַרשע גופא און בפרט אין דער פּראָווינץ האָט זיך אָבער געפירט נאָך אויפן אַלטן שטייגער, און אַזוינע „אויפקלערער", ווי אייזענבוים, טעפּליץ, בוכנער וכדומה האָבן אויף זיי געהאַט אַ גאַנץ קנאַפּע השפעה, זיי האָבן פּאַקטיש זיך ניט געקענט צונויפרײַדן, עס זײַנען געווען צוויי גאַנץ באַזונדערע וועלטן...

דווקא אין אייניקע קלענערע פּוילישע צענטערן, אין אַ זאַמאָשטש, שעבערשין וכדומה, האָבן זיך געפונען משכּילים, ווען אַפילו אין אַ גאַנץ קנאַפּער צאָל, פון אַ גאַנץ אַנדערן שניט. דאָס זײַנען געווען ניט קיין באַנקירן און געשעפטסלײַט, נאָר אָרעמע וויסנסבאַגיריקע ישיבה־בחורים. די נײַע אידעען פון דעם שכנותדיקן פּרײַסן האָבן דערגרייכט, ווען אַפילו

---

1 ווײַנריבס נאָטיץ אין „ייִחוּס־בלעטער", VIII, 87.

2 באַווײַזן דערויף — זע אין ווײַנריבס ציטירטער נאָטיץ.

אין שוואכע אָפּקלאַנגען, צו זייערע פאַרוואָרפענע שטעטלעך און געוועקט אין זיי דעם דראַנג צו ליכט און וויסן. מיט גרויס מי און מאַטערניש, נאָך יאָרן פון דחקות און נויט, איז זיי ענדליך געלונגען צו דערשלאָגן זיך צו די קוואַלן פון אייראָפּעיִשן וויסן. זיי האָבן זיך אָבער ניט אָפּגעטיילט מיט זייער סדר לעבן, מיט זייער גאַנצן הילוך פון דער אַרומיקער סביבה.

עס גענוגט צו דערמאָנען איינעם פון די טיפּישסטע און אויך פון די באַדײַטנדיקסטע פון די דאָזיקע משכּילים — דעם געלערנטן יעקב רייפמאַן.

יעקב רייפמאַן איז געבאָרן אין 1818 אין אַ דאָרף נעבן אָפּאַטאָוו (ראַדאָמער גובערניע). די יוגנט זײַנע האָט ער פאַרבראַכט אין אָפּאַטאָוו, וווּ דער פאָטער זײַנער, צבי הירש, האָט געלעבט בדחקות פון מלמדות. נאָך אין זײַנע יונגע יאָרן איז רייפמאַנען, וואָס איז געווען באַשאָנקען מיט אַ שכל הישר, געוואָרן צווידער דער פּלפּול מיט זײַנע איבערגע־שפּיצטע אײַנפאַלן. אין דעם פאַרפּלאָנטערטסטן טעקסט האָט ער געזוכט פּשטות, דעם איינפאַכן קלאָרן פּשט. אַ נײַע תּקופה פאַנגט זיך אָן אין זײַן גײַסטיקער אַנטוויקלונג, ווען ער פאָרט אַריבער נאָך זײַן חתונה קיין שעבערשין (לובלינער גוב.), וווּ ער באַקענט זיך צום ערשטן אין זײַן שווערס הויז מיט מיימונים „מורה נבוכים". מיט גרויס התמדה שטודירט רייפמאַן די מיטלאַלטערליכע העברעיִשע פילאָזאָפישע ליטעראַטור. אָן וועלכער זײַטיקער הילף לערנט ער די דײַטשע שפּראַך, וואָס גיט אים די מיגליכקייט צו באַקענען זיך מיט דער מאָדערנער פילאָזאָפיע און מיט קריִ־טישער שפּראַך־באַרשונג. און שוין אין 1842 טרעט רייפמאַן אַרויס אין יאָסטס „ציון" מיט זײַן ערשטער וויסנשאַפטליכער אַרבעט וועגן אייניקע אַפּאָקריפישע ביכער. זײַן מאַטעריעלע לאַגע איז געווען אַ זייער טרויעריקע; זײַן גאַנץ לעבן[1] האָט ער פאַרבראַכט אין שווערער נויט, געליטן הונגער און קעלט. בכדי צו געבן אַ באַגריף, בײַ וואָסערע שווערע צושטענדן דער דאָזיקער געלערנטער האָט געלעבט, גענוגט צו ברענגען אַ קורצע ציטאַט פון זײַנעם אַ בריוו צו ש. ז. האַלבערשטאַמען: „לײַדער בין איך געצוווּנגען צו לעבן אין אַ חדר, ווי אַ שטײַג די גרויס, און דאָס נאָך צוזאַמען מיט קינדער, גאַנץ קליינע און גרעסערע, און אויך מיט עופות, וואָס גאַגערן און קוואַקן בײַטאָג און בײַנאַכט, שטערן מיר אין מײַן וויסנשאַפטליכער אַרבעט און לאָזן מיך ניט אײַנשלאָפן"[2].

---

1 רײַפמאַן איז געשטאָרבן אין 1895.

2 זע פריידוס־דענקמאַל, 8: הן אני לעצבון רוחי יושב בנוה קטן וצר ככלוב עוף ובבין עוללים ויונקים ואף גם בבין תרנגולים המצפצפים והומים כהמית ים יומם ולילה ומשביתים ומפריעים אותי מעבודתי בתורה ובחכמה וגם אינם מניחים לי לישון.

אַט בײַ אַזעלכע צושטענדן האָט דער שעבעשינער תּלמיד חכם אין משך פון פופציק יאָר געפירט זײַן װיסנשאַפטלעכע אַרבעט. אַלס אױטאָדידאַקט, װאָס האָט ניט באַקומען קײן סיסטעמאַטישע בילדונג, איז רײפמאַן געװען אַ גאַנץ קנאַפּער סיסטעמאַטיקער. זײַנע אַרבעטן, בפרט זײַנע גרעסערע, לײַדן ניט װײניק אין זײער אַרכיטעקטאָניק. עס זײַנען אין זײ אָפט אַרײַנגעפלאָכטן גאַנץ זײַטיקע פראַגן, װאָס זײַנען אָרגאַניש מיט דער באַהאַנדלטער טעמע כּלל ניט פאַרבונדן. די זײַטיקע זאַכן זײַנען אָבער בײַ רײפמאַנען קײנמאָל ניט קײן דברים בטלים, נאָר װיכטיקער מאַטעריאַל פון װיסנשאַפטליכן װערט. די געװאַלטיקע ידיעות, װאָס ער האָט אָנגעזאַמלט מיט אַזאַ אומדערמידליכן פלײס, איז רײפמאַן ניט אימשטאַנד איבערצוגעבן אין שטרענג סיסטעמאַטישער פאָרם, — ער גיט זײ אָבער איבער דעם לײענער אין אַן אײנפאַכער קלאָרער שפּראַך, װיסנשאַפטליך באַלײַכטעט און באַגרינדעט. דער אַלטמאָדישער לײענער, דער למדן, די אױף פּילפּול אױפגעװאַקסענע ישיבה־בחורים, האָבן אין רײפמאַנס אַרבעטן[2] באַקומען אַ שלל קריטיש־באַלײַכטעטע װיסנשאַפטליכע ידיעות װעגן די פאַרשײדנסטע בראַנשן פון דער אַלטער העברעיִשער ליטעראַטור: װעגן די אַפּאָקריפן, װעגן די תּרגומים, װעגן די קלאַסיקער פון דער רעליגיעזער פילאָזאָפיע, װעגן היסטאָרישע ביכער און װעגן פאַרגרײַזטע טעקסטן אין אַלטע ברײַתאָס, מדרשים און שו״ת.

װעגן דעם יראת הכּבֿוד און דאַנקבאַרן געפיל, װאָס דער אומדערמידליכער רײפמאַן האָט געװעקט אין זײַנע לײענער, גיט אונז אַ קלאָרן באַגריף י. ל. גאָרדאָנס באַקאַנט ליד, װאָס ער האָט געװידמעט רײפמאַנען, װו ער רופט פּאַטעטיש אױס:

כִּי בַּאֲשֶׁר אֶפְנֶה שָׁם אֶרְאֶה רוּחֲךָ
חוֹפֵשׂ חַדְרֵי תוֹרָה בְּאוֹר הָאֲבוּקָה...
אַךְ לֹא שְׁכַחְתִּיךָ, אָחִי, וּמִי יִשְׁכָּחֲךָ?
כַּמָּה יַעֲקֹב רֵייפְמַאן אִכָּא בְּשׁוּקָא?!

און ניט בלױז בײַ די פּשוטע לײענער, נאָר אױך אין דער ברײטער געלערנטן־װעלט איז געװען זײער געאַכפּערט דער עניװותדיקער געלערנטער

2 דעם רײַסטער פון רײַפמאַנס געדרוקטע װערק זע: װ. צײטלין, קרית ספר. 300 פון זײַנע אַרבעטן, װאָס זײַנען געדרוקט אין העברעיִשע און דײטשע צײַטשריפטן, זע מ. שװאַב אין 322, Repertoire. דעם רײסטער פון זײַנע ניט געדרוקטע װערק — זע „האסיף“, VI, 203—205; רוסיש־ייִדישע ענציקלאָפּעדיע, XIII, 365.

פון דעם קליינעם שטעטל שעבערשין. מיט רייפמאַנען האָבן געפירט אַ וויסנשאַפטליכע קאָרעספּאָנדענץ כּמעט אַלע אָנגעזעענע יידישע געלערנטע פון זיין צייט: שי״ר, צבי הירש חיות, גייגער, יאָסט, ריג״ו, לוצאַטאָ, פירסט, שטיינהיים, קירכהיים, שניאור זק״ש א״אנד.

נאָך מער קונה שם געווען האָט רייפמאַנס עלטערער בן־דור חיים זעליג סלאָנימסקי 1. עס איז אויסער ספק, וואָלט סלאָנימסקי געווען אויסגעוואַקסן ביי אַנדערע באַדינגונגען און באַקומען אַ רעגלמעסיקע בילדונג, וואָלט ער זיך דערוואָרבן אַ גרויסן נאָמען אַלס גייסטרייכער דערפינדער אויף טעכניש־וויסנשאַפטליכן געביט. ער איז אָבער דערצויגן געוואָרן ניט אין אַ טעכנישער שול, נאָר אין „יחיאל ניבעם״ קלויז אין זיין געבורט־שטאָט ביאַליסטאָק. דאָרט האָט ער געשמט אַלס קונציקער „בעל־חשבון״; פון אַלע סוגיות אין תּלמוד האָבן אים דער עיקר אינטערעסירט די שטעלן, וואָס האָבן אַ שייכות צו מאַטעמאַטיק און אַסטראָנאָמיע, ווי „קידוש החודש״ וכדומה. ווען ער האָט צו 18 יאָר חתונה געהאַט און איז אַריבערגעפאָרן צום שווער אויף קעסט קיין זאַבלודאָווע, האָט ער אויך דאָרט קודם־כּל געגנישטערט נאָך מאַטעמאַטישע ספרים און איז געווען איבערגליקליך, ווען אים איז געלונגען צו באַקומען יש״ר מקנדיא׳ס „אֵלים״ און רפאל האַנאָווערס „תּכונות השמים״. די דאָזיקע ווערק האָבן אָבער ניט געקאָנט שטילן סלאָנימסקיס דורשט נאָך וויסן. דאָ איז אים געקומען צו הילף דער משׂכּיל יחיאל מיכל זאַבלודאָווסקי, איינער פון דעם מין השׂכּלה־פּיאָנערן, וועגן וועלכע מיר האָבן געשריבן אין צווייטן טייל פונם פינפטן באַנד 2. מיט זיין הילף האָט סלאָנימסקי שטודירט די דייטשע שפּראַך און אַדאַנק איר באַקומען די מעגליכקייט צו באַקענען זיך מיט די נייערע ווערק וועגן מאַטעמאַטיק און נאַטורוויסנשאַפט. ער פאַרנעמט זיך אויך פיל מיט פיזיק און כעמיע. דער ביאַליסטאָקער חובש בית המדרש איז אַ משׂכּיל געוואָרן, נאָר אַ משׂכּיל פון גאַנץ אייגנאַרטיקן שניט. ער האָט ניט געשריבן קיין געהויבענע מליצות דער „השׂכּלה בת השמים״, ניט געזונגען קיין לויב־לידער דער „שׂפה היפה, היחידה השרידה״. געזאַנג איז בכלל געווען הימלווייט פון אַט דעם קאַלטן, חקיריש־לאָגישן „בעל־חשבון״. ער האָט אויך ניט געקעמפט קעגן די

---

1 געבאָרן אין ביאַליסטאָק אין 1810, געשטאָרבן אַלס זקן מופלג אין וואַרשע אין 1904.

2 ז״ז 274—339. זאַבלודאָווסקי איז געבאָרן אין 1803, געשטאָרבן אין 1869. ער האָט פאַרעפנטליכט: „משען מים״ (דערקלערונגען צו פאַרשיידענע אגדות אין תּלמוד און מדרשים) און „מי מיכל״ — קריטישע הערות צו טונקעלע שטעלן אין „מדרש־רבה״.

חסידים און זייערע צדיקים. ניט קאַמף, נאָר וויסן, וואָס מער וויסן, איז געווען סלאָנימסקים דעוויז אויף זײַן לאַנגן לעבנס=וועג.

„תכלית כונת הצפירה" — דער הויפּט=צוועק פון דער צײַטונג „הצפירה", — האָט סלאָנימסקי מיט פיל יאָרן שפּעטער מכריז ומודיע געווען אינם פּראָספּעקט, וואָס ער האָט צעשיקט אין יאַנוואַר 1862 [1], — „איז צו פאַרשפּרייטן די ליכטיקייט פון די נייטיקע חכמות, צו באַווייזן זייער שיינקייט און נוצליכקייט". שוין צו 24 יאָר האָט ער פאַרענדיקט אַן אומפאַנגרײַך לערנבוך וועגן מאַטעמאַטיק. ער האָט אָבער אויס געלט=מאַנגל פאַרעפנטליכט בלויז דעם ערשטן טייל, אונטערן נאָמען „מוסדי חכמה" (ווילנא, 1834). גראָד אין פאָלגענדיקן יאָר האָט די גאַנצע קולטור=וועלט געוואַרט אויף אַן אייגנאַרטיקן גאַסט, אויף דעם אומדערמידליכן וועלט=וואַנדערער — די האַלליי=קאָמעטע, וואָס פלעגט אין די קדמונישע דורות אָנוואַרפן אַ טויט=שרעק מיט איר פּלוצלינגדיקן וווּנדערבאַרן דערשײַנען אין די הימלישע הייכן. די ערד=אײַנוווינער פלעגן אין דעם אומדערוואַרטעטן גאַסט זעען דעם בשורה=אָנזאָגער פון בלוטיקע, אומגליק=ברענגענדיקע געשעענישן, ביז עס איז געקומען דער ענגלישער אַסטראָנאָם, ניוטאָנס תלמיד און פאַרערער, האַללײ, און האָט וויסנשאַפטליך אויסגערעכנט און אויסגעפאָרשט דעם וואַנדער=וועג פון דער אויסטערלישער הימלישער דערשײַנונג. ער האָט דערוויזן, אַז דאָס איז אַ קאָמעטע, וואָס וואַנדערט איבער דער רחבות פון דער וועלט לויט פעסט באַשטימטע געזעצן, און נעמט אַרום ווי מיט אַ גאַרטל אויף איר עליפּטישן וועג אין משך פון 75 יאָר דעם גאַנצן חלל פון דער זונען=ספערע מיט אירע פּלאַנעטן און די ערד בתוכם. לויט האַלליים אַרויסגעשטעלטער פאָרמעל האָט אין 1835 דער דאָזיקער הימלישער גאַסט אויף זײַן וואַנדער=וועג באַדאַרפט זיך געפינען אַזוי נאָענט פון דער ערד, אַז די ערד=אײַנוווינער זאָלן אים קאָנען לײַכט באַמערקן אין דער פינסטער פון דער נאַכט. אַלע צײַטונגען האָבן פיל וועגן דעם געשריבן, און די קלאַנגען וועגן דער דערוואַרטעטער האַלליי=קאָמעטע זײַנען אפילו אַרײַנגעדרונגען אין די ייִדישע גאַסן, אין די ייִדישע בתי=מדרשים. דעמאָלט האָט סלאָנימסקי געפונען פאַרן בעסטן שעת הכושר אַרויסצוטרעטן מיט זײַן „כוכבא דשביט" (1835), ווו ער באַקענט מיט די יסודות פון דער מאָדערנער אַסטראָנאָמיע, מיט די געזעצן פון קעפּלער און ניוטאָן און מיט דעם מהות און וואַנדער=וועגן פון די קאָמעטן. דאָס דאָזיקע ווערק האָט געמאַכט זייער פּאָפּולער סלאָנימסקים נאָמען אויף דער ייִדישער

1 וועגן דער צײַטשריפט „הצפירה" וועט זײַן די רעדע אין ווײַטערדיקן באַנד.

גאס. באלד איז אויך זיין נאמען באקאנט געווארן אין דער אויסערער וועלט. פאר א צוגעטראכטער נייער רעכן־מאשין האט אים די רוסישע וויסנשאפטליכע אקאדעמיע באשאנקען מיט דער דעמידאוו־פרעמיע. אין דעם זעלביקן יאר האט סלאנימסקי באזוכט בערלין, און דארט זיך באקענט מיט פיל געלערנטע. ער, דער פשוטער ישיבה־בחור, האט זיך דערווארבן אזוינע באדייטנדיקע וויסנשאפטליכע קענטענישן, וואס האבן געבראכט אין באוואונדערונג דעם וועלט־בארימטן געלערנטן אלכסנדר הומבאלדט, מיט וועלכן ער האט זיך באקענט אין 1858 [1].

סלאנימסקי האט זיך באקאנט געמאכט אין דער געלערנטן־וועלט נאך מיט אייניקע דערפינדונגען אויפן געביט פון פיזיק [2]; ניט אין דעם אבער ליגט דער הויפט־באדייט פון חיים זעליג סלאנימסקי. ניט אלס דערפינדער, נאר אלס טאלענטפולער פאפולאריזאטאר, אלס טרעגער פון בילדונג און וויסן איז זיין נאמען ארייגעטראגן אין דער געשיכטע פון דער יידישער אויפקלערונג. זיינע גרויסע קענטענישן האט סלאנימסקי קודם־כל אויסגענוצט צו פארשפרייטן נוצליכע ידיעות צווישן דעם יידישן אלטמאדישן עולם, וואס האט כל ימיו פארבראכט באהלה של תורה און געהאט אזא קנאפן באגריף וועגן מאדערנע וויסנשאפטן. ער האט זיך כלל ניט געוואלט באגניגן מיט דעם, וואס פאר זיינע אויגן זיינען אנט־פלעקט געווארן די סודות פון די ווייטע הימלען מיט זייערע אומענדליכע וועלטן און פלאנעטן; ער האט אויך געשטרעבט, אז דאס ליכט פון די אלע אנטפלעקטע פרעמדע וועלטן זאל באשיינען דעם היימישן יידישן תחום, אז העל און ליכטיק זאל ווערן אין אלע ווינקעלעך פונם אלטן יידישן בית המדרש. און סלאנימסקי איז כמעט דער איינציקער צווישן די אלטע משכילים, וואס איז געווען שטארק אנגענומען ביי די אלע שיכטן פונם יידישן לייענער־פובליקום. ער איינער האט פארשטאנען דעם סוד, ווי אזוי אריבערצווארפן א בריק פונם אלטן צום נייעם, און דער בריק האבן אלע געטרויט — אזוי זיכער און פארזיכטיק איז זי געווען באארבעט... אפילו די ארטאדאקסן האבן זיך גאר ניט געקאנט פארחידושן, ווי קונציק סלאנימסקי האט אויסגערעכנט „על פי חכמת השיעור" (לויט די געזעצן פון מאטעמאטיק) די „יסודי העבור" [3], ווי

---

1 אויס דאנקבארקייט־געפיל צום גרויסן געלערטן, וואס האט אין אים א זייער ווארעמען אנטייל גענומען, האט סלאנימסקי פארפאסט אין העברעיש א הומבאלדט־מאנאגראפיע „אות זכרון", ווו ער גיט אויך איבער דעם אינהאלט פון הומבאלדס בארימטן ווערק „קאסמאס".

2 חי, אשטייגער, איבערגעבן דורך איין דראט פיר דעפעשן מיט א מאל.

3 די השערות, וואס סלאנימסקי האט ארויסגעזאגט מכוח דער קאלענדאר־רעכענונג ביי יידן, האבן אין דער העברעישער ליטעראטור ארויסגערופן א „דרייסיק־

ער האט אזוי פשוט, אזוי פארשטענדליך מסביר געווען זיי, די למדנים און ווילנער, פונוואנען עס נעמען זיך די „כוכבי דשביט" (קאמעטן), זיי באקאנט געמאכט מיט די „תולדות השמים" 1, מיט דער אנטוויקלונג און דער באוועגונג פון די פלאנעטן, און סלאנימסקי האט מייסטערהאפט פארשטאנען, ווי אזוי דעם אמת וויסנשאפטליכן אינהאלט איינצוהילן אין אזא ריין יידישער פארם, דאס עס איז גארנישט געווען צו דערקענען, אז דאס איז עפעס נייס, פרעמדס, און נישט א פשוטער המשך פון דעם, וואס שטייט אין די אלטע הייליקע ספרים...

און בעת די ארטאדאקסן האבן געקוקט אויף אנדערע משכילים ווי אויף צעשטערער, ווי אויף „מרשיעי ברית", איז סלאנימסקי געווען — זייער סלאנימסקי, דער פשטן, דער מסביר. סלאנימסקי האט קיין מלחמה ניט געפירט מיט די „מורדי אור", ניט געהאלטן קיין שטראפ־רעדן און ניט געלויבט אין טאג אריין די „געטליכע טאכטער" השכלה; ער האט בלויז די ארטאדאקסן, די מענטשן מיט דער פארעלטערטער וועלט־אנשויונג, צוגעוויינט, זיי זאלן אין די חכמות חיצוניות, אין דער אייראפעישער וויסנשאפט זען קודם־כל חכמה, ניט אפיקורסות.

און אז סלאנימסקי האט שפעטער אנגעהויבן ארויסגעבן די וואכנשריפט „הצפירה", ווו ער האט געדרוקט פאפולערע ארטיקלען וועגן בלערליי וויסנשאפטליכע און טעכנישע פראגן: וועגן טעלעגראף, וועגן כעמיע, וועגן דאמף־מאשינען, וועגן לופט־באלאנען, עלעקטריציטעט וכדומה, און דאס אלץ נאך אילוסטרירט מיט „ציורים פתוחי חותם" (האלצשניט בלע"ז) — האבן דערפון אנגעקוואלן און געלעקט די פינגער ניט בלויז יונגע ישיבה־בחורים, וואס זיינען שוין אנגעשמעקט געווען מיט אפיקורסות, נאר טאקע אויך די עמודי התורה, די למדנים גופא.

יעקב רייפמאן און חיים זעליג סלאנימסקי האבן זיך געווענדעט צום למדן, צום יודע ספר, האבן זיי דערפאר געשריבן אויסשליסליך אויף העברעיש. ווי אין וואלין, אזוי האבן אבער אויך אין פוילן זיך געפונען אזוינע משכילים, וואס האבן געהאלטן פאר זייער חוב צו ווענדן זיך צו די ברייטע מאסן, שרייבן אויף דער איינציקער שפראך, וואס די דאזיקע מאסן פארשטייען — אויף יידיש, און ס'איז כדאי דערביי אנצומערקן אט וואס: אין וואלין האט בלויז ביי אקסענפעלדן ניט עקזיסטירט די „שפראך"־פראגע, עס איז ביי אים געווען זעלבסטפארשטענדליך, אז שאפן דארף מען פארן פאלק אויף דער שפראך פון די ברייטע פאלקס־

יאריקן קריג", אין וועלכן עס האבן אנטייל גענומען אלע יידישע „בעלי חשבונות" און געניטע מאטעמאטיקער, ווי פינעלעס און אנדערע.

1 דאס ווערק איז דערשינען אין 1838.

מאַטן; לעווינזאָן און גאָטלאָבער האָבן פּאַקטיש זיך פאַרהאַלטן מיט ביטול צום „זשאַרגאָן" און האָבן זיך מיט אים באַנוצט בלויז אוים דעם מאָטיוו, וואָס זיי האָבן קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט. די פּוילישע „ייִדישיסטן" אָבער האָבן בכלל ניט געוווּסט פון קיין שום „גערמאַנגלעניש" בנוגע דער ייִדישער שפּראַך; איינער פון זיי איז אַפילו, ווי מיר וועלן ווײַטער זען, געגאַנגען נאָך ווײַטער פון אַקסענפעלדן, און ניט בלויז געשאַפן אויף דער פאָלקס-שפּראַך, נאָר אַפילו געמאַכט דעם דרייסטן פּרוּוו די פאָלקס-שפּראַך צו דערהייבן צו דער מדרגה פון אַ ליטעראַטור- און קונסט-שפּראַך. מיר וועלן זיך דאָ אָפּשטעלן אויף צוויי פון די דאָזיקע שריפט-שטעלער, און ביידע זײַנען אויסגעוואַקסן און דערצויגן געוואָרן ניט אין וואַרשע מיט אירע צוויי אַנטקעגנגעזעצטע לאַגערן, די האַלב-אַסימילירטע גרויס-בורזשואַזיע מיט אירע מיטהעלפער פון איין זײַט, און די חסידיש-פרומע אָרטאָדאָקסן פון דער אַנדערער, — נאָר אין קלײנע קולטור-צענטערן, ווו „תורה" און „חכמה", השכלה און פרומקייט האָבן נאָך געלעבט פרידליך נעבנאַנאַנדער, ווי בײַ יענע השכלה-פּיאָנערן, וועגן וועלכע ס'איז געווען די רעדע אין פינפטן באַנד פון אונזער ווערק (274—339).

איינער פון די דאָזיקע צוויי שריפטשטעלער, אפרים-פישל פישעלזאָהן, איז ביז גאָר דער לעצטער צייט געווען כמעט ווי פאַרגעסן. עס איז דערפאַר גאַנץ באַגרײַפליך, וואָס מיר באַזיצן וועגן אים זייער קנאַפּע ביבליאָגראַפישע ידיעות. מיר ווייסן בלויז, אַז ער האָט אַ לאַנגע צײַט געוווינט אין לובלין, איז געווען באַקאַנט מיט צעדערבוימען און באַפרײַנדעט מיט שלמה עטינגערן [1]. מ. עריק האָט אויפמערקזאַם געמאַכט אויף פישעלזאָהנס אַ קאָרעספּאָנדענץ אין „המליץ" [2], ווו ער חתמעט זיך „איש זאַמושטש" — אַ געבאָרענער אוים זאַמאָשטש. ווי אַלט-זאַגער, אַזוי האָט אויך זאַמאָשטש געשמט אַלס „עיר הדעת" — אַלס קולטור-צענטער. פון דאָרטן שטאַמט מענדעלסזאָנס לערער דער בעל „נצח ישראל", ישראל זאַמאָשטש [3], דער דיכטער ישכר בער פאַלקענזאָן [4]; דאָרט איז אויך געבאָרן געוואָרן און פאַרבראַכט זײַנע יונגע יאָרן דער דיכטער אריה לייב קינדערפרײַנד [5]; אין זאַמאָשטש האָט אויך געלעבט דער משכיל יוסף צעדערבוים, וועמעס זון האָט שפּעטער געשפּילט אַזאַ באַדײַטנדיקע ראָלע אין דער ייִדישער זשורנאַליסטיק.

1 ח. באָראָדיאַנסקי אין „היסטאָרישע שריפטן", I, 632—633.

2 המליץ, I, נומ' 5, 78.

3 זע אונזער ווערק, באַנד V, ז' 287.

4 דאָרט, ב' VII, ערשטער טייל, ז' 36.

5 זע אויבן, ערשטער בוך, ז' 110.

ווי עס שײַנט, האָט פּישעלזאָהן געהאַט אַ געוויסע פאַרבינדונג מיט גאַליציע. יעדנפאַלס ווערט אויפן שער־בלאַט פון זײַן ווערק „טעאַטער פֿון חסידים", וואָס ער האָט פאַרפאַסט אין 1839, צוגעגעבן די באַמער־קונג: „געשפּילט געוואָרן אין לעמבערג". דאָס ווערק באַשטייט אויס צוויי טיילן: פון אַ לאַנגער העברעיִשער הקדמה, וואָס איז פאַקטיש אַ סאַטירע פאַר זיך, און דערנאָך דאָס „טעאַטער" גופא, אַן אַנטי־חסידישע סאַטירע, געשריבן אין ייִדיש אין גראַמען. דער פאַרפאַסער האָט אָבער, ווי עס שײַנט, אויס מורא פאַר די חסידים, ניט געהאַט דעם מוט זײַן ווערק צו פאַרעפנטליכן, איז עס געבליבן אין מאַנוסקריפּט, און ערשט אין דער נײַערער צײַט האָט ד"ר חיים באָראָדיאַנסקי אָפּגעדרוקט דעם „טעאַטער פון חסידים" [1], נאָר אָן דער העברעיִשער הקדמה, פון וועלכער ער גיט בלויז איבער דעם אינהאַלט.

דער לייענער וועט האָבן אַ טעות, אויב ער וועט מיינען, אַז דאָס דאָזיקע ווערק שטעלט מיט זיך ווירקליך פאָר אַ פּיעסע, וואָס איז „געשפּילט" געוואָרן אין לעמבערג. עס ווערט אפילו אויפן שער־בלאַט אָנגעוויזן, אַז דער טעאַטער איז „אין דרײַ אַקטן אײַנגעטיילט". אין דער אמתן האָבן מיר אָבער פאַר זיך ניט קיין פּיעסע, נאָר איינע פון די „וויכּוחים", וועלכע זײַנען געווען אַזוי פּאָפּולער אין דער אַלט־ייִדישער ליטעראַטור. לויט דער פאָרם און סטיל איז פּישעלזאָהנס „טעאַטער" גאַנץ ענליך צו דעם אונז שוין באַקאַנטן שפּאַט־ליד „די באַשרײַבונג פון אשכּנז און פּאָליאַק" [2]. דאָרט פירן דעם וויכּוח דער פּאָליאַק, דער אשכּנז און דער פּרעגער, און אין פּישעלזאָהנס סאַטירע באַטייליקן זיך: דער חקרן לייבלי אויפגעקלערטער מיט זײַן פרײַנד ישראל, די חסידים ר' שמואל, ר' שמעיה זון וואָלף הולטאַי און די ישיבה־בחורים פון בית המדרש. דעם פאַרפאַסערס אידעאַל איז דער חקרן לייבעלע פּילאָזאָף; אין זײַן מויל לייגט ער אַרײַן זײַנע אייגענע פאָדערונגען און ווונטשן. דער משכּיל לייבעלע אונטערשיידט זיך כּלל ניט מיט זײַן הילוך, מיט זײַן גאַנצער התנהגות פון דער אָרטאָדאָקסישער מאַסע. גלײַך אין אָנהויב ווערט אָנגעוויזן, ווי לייבעלע פּילאָזאָף זיצט אין בית־המדרש „איבער דעם יד החזקה גאַנץ ברייט, לוסטיג אויבן אָן, טלית און תּפילין אויך אָנגעטאָן". דאָס ווערק זאָגט עדות, אַז דער פאַרפאַסער גופא איז אויך געווען גוט באַהבנט אין דער מיטלאַלטערליכער חקירה־ליטעראַטור; ער ציטירט אָפט דעם רמב"ם, דעם „חובות הלבבות", דעם בעל „העקרים". פון דער

---

1 היסטאָרישע שריפטן, I, 649—694.

2 זע אונזער ווערק, באַנד VI, 332—335.

נײַערער השׂכּלה־ליטעראַטור דערמאָנט ער בלויז דעם „מליץ המפואר״ ווײַזל (זײַן „ספר מדות״ און „שירי תפארת״).

ווי דער הויפּט־העלד פונם „טעאַטער״, לייבעלע פּילאָזאָף, אַזוי גלויבט אויך דער פּאַרפאַסער אײַזנפעסט אין דער איבערצײַגנדיקער קראַפט פונם שׂכל הישר און פון לאָגישע סבֿרות; פּלײַסט ער זיך צו איבערצײַגן די חסידים, ווי פאַרנאַרישט זיי זײַנען, וואָס זיי, אַזוינע אבֿיונים, טראָגן אַוועק דעם לעצטן גראָשן דעם רבין. מיט בײַסנדיקער איראָניע שילדערט ער, ווי די פאַרפירטע אומוויסנדיקע חסידים פאַרהאַלטן זיך מיטן גרעסטן ביטול צו אַלע, וואָס זײַנען ניט פון זייער כּנופיא.

אינץ חסידים — דערקלערט דער חסיד ר׳ שמואל —
וועלמער אויף אַך ארום ראַטין.
מיר חסידימלעך וועלמער לעבין, און עטץ — פּאַשאַל פין וואַטין!
אינץ מיט אינזער רבין וועלמער אין גן עדן זיצען
און עטץ, הולטאַיעס, וועט אין דער פינצטער שוויצין.
עטץ וועט דאָס דאָרטין אין גיהנם לאַדין קראַנטע צרות
נאָר נישט קשה — עטץ מעגט זײַן חלעבין אינזערע כּפּרות.

לייבעלע טרעט אַרויס מיט אַ גאַנצן באַשולדיקונגס־אַקט קעגן די חסידים, ער רעכנט אויס די אַלע עוולות, אין וועלכע די משׂכּילים פון יענער צײַט פלעגן באַשולדיקן די חסידים, און רופט אויס צום שלוס:

ניין! אַזאַ חסידות איז אַזוי ווי דער ציגאַנגינער שניי,
עס איז פּונקט אַזוי פיל ווערט וויפיל אײַן אויסגעבלאָזן אײַיאַ.

מיט באַזונדערן כּעס פאַלט לייבעלע אָן אויף די רבּיים און „גוטע יידן״:

אוי! פינצטער זענין די יאָר און די טעג
דעם וואָס ער גערויינט זעך צי גיין אין אַזאַ וועג.
פאַרשטייט ער דען נישט אַליין, אַז דער פּדיון מאַכט גאָר נישט גיט
עס איז נישט מײַן נאָר דער גיטער ייד נאַגט אויס דאָס ביסל בליט.
זיי קענין מאַכען די מלאכה גיט, גאַנץ קליג,
אָבער העלפן — מכּות! פּינקט אַזוי פיל ווי אַ פליג...

ווי לעווינזאָן און אַקסענפעלד, שטרײַכט אויך פישעלזאָהן אונטער, אַז דער צדיק־קולט פּאַראַליזירט בײַ די חסידים דעם אַקטיוון ווילן. זיי פאַרלאָזן זיך אַלץ אויף דעם רבינס ניסים, טראַכטן ניט וועגן אַקטיווער אַרבעט, באַגניגן זיך מיט שעדליכע לופט־פּרנסות, און אָפּנאַרן דעם

פויער איז בײַ זײַ כלל קיין עוולה ניט. לייבעלע חקרן שטרײַכט דערבײַ אונטער, אז מען טאָר ניט פארגעסן „דאָס, וואָס דער גוי ארבעט שווער און ביטער", און מוסרט דעם עולם:

הויבט אָן צו קלערין, פין ווען אָן ער * ווערד געבוירן
ביז וואנין ער ווערט נעבעך פין דער וועלט פארלוירן,
די ביטערע ארבעט און דאָס גרויסע מיא,
צים סוף קומט דער יוד און נעמט דאָס עהם צוא.

דער פּראָפעסער איז זיכער, אז די יוגנט וועט זיך שוין ניט לאָזן פארנעמען אין דעם נעץ פון חסידות, און ער פארענדיקט דעם „טעאַטער" מיט דער דערקלערונג, אז די ישיבה־בחורים, וואָס זײַנען דערבײַ געווען, „האָבן זעך איבער גיקלערט די ווערטער, וואָס זיי האָבן פין לייבלין גיהערט", און ס'איז בײַ זיי געבליבן, אז לייבלי

איז אין חקירות, אין אמת גאנץ פלינק
און אינזערע חסידים די קבצנים
זײַנען טאקע לײַדאקעס, גרויסע בַעֲרָנים...

פון די געבראַכטע ציטאַטן קאָן דער לייענער זיך איבערצײַגן, אַז פּישעלזאָהן שרײַבט אין אַ ריין פאָלקסטימלעכער שפּראַך, וואָס איז שטאַרק באַפאַרבט מיט די אייגנטימלעכקייטן פונם פּוילישן דיאַלעקט. פּישעלזאָהנס יידיש איז לחלוטין פרײַ פון „דײַטשמערישע" אויסדריקן, דערפאַר אָבער איז עס דורכגעמישט מיט סלאַוויזמען, אויף ווי ווײַט זיי זײַנען אײַנגעבירגערט אין דער גערעדטער פאָלקס־שפּראַך. די גראַמען פליסן בײַ אים פרײַ און לײַכט, זיי ווילן אָבער ניט וויסן פון מעטריק און ריטם. פּישעלזאָהן איז דאָך ניט אויסן קיין עסטעטיק, קיין קונסט, בײַ אים איז דער עיקר דער מוסר־השכל, זײַן איינציקער מײַן איז — אויפקלערן, באַפרײַען פון „נאַרישע אָבערגלויבענס". אַנדערע צילן האָט זיך אָבער געשטעלט פּישעלזאָהנס פרײַנד, וועמען ער האָט זײַן „טעאַטער פין חסידים" געווידמעט, „שלמה הירץ מזאמושטש", — דער אין דער יידישער ליטעראַטור אַזוי גוט באַקאַנטער שלמה עטינגער.

שלמה עטינגער איז געבאָרן אין וואַרשע סוף 1800 אָדער אָנפאַנג 1801 [1] אין אַ יחסניש־רבנישער פאַמיליע. נאָך קינדווײַז אַ יתום געבליבן, איז עטינגער דערצויגן געוואָרן בײַ זײַן פעטער, מענדל עטינגער,

* דער פויער.

1 חלוקי דעות וועגן פעסטשטעלן עטינגערס געבאָרן־יאָר, זע: מ. ווײַנרייך, שלמה עטינגערס כתבים, 585—588; מ. ווינער אין ביבליאָלאָגישן זאַמלבוך, 1931, 125—127.

רב אין לענטשנע. אדאנק זיינע גלענצנדיקע פעיִקייטן האָט דער יונגער שלמה געשמט אלס ווילללערנער. צו פופצן יאָר מאַכט מען אים חתונה, און ער פאָרט אריבער קיין זאַמאָשטש עסן קעסט ביי זיין רייכן שווער, יהודה־ליב גאָלד. וועגן דעם באַדייט פון זאַמאָשטש אלס השכלה־צענטער איז שוין פריער געווען די רייד 1. עס איז דערפאַר קיין חידוש ניט, וואָס דער באַגאַבטער יונגער עטינגער הויבט זיך באַלד אָן צו חברן מיט די אָרטיקע משכּילים, באַקענט זיך מיט דער השכלה־ליטעראַטור און שטודירט צו־ביסלעך דייטש. ס׳איז דערביי אָנצווייזן אויף אזא כאַראַק־טעריסטישן שטריך: דער יונגער משכיל עטינגער שרייבט ניט קיין גע־הויבענע העברעיִשע מליצות, ער דערוועראַבט זיך אָבער א נאָמען מיט זיינע יידישע גלייכווערטלעך, עפּיגראַמעס, שפּאַס־לידער. ער איז אויך א גוטער צייכענער, מאָלט פּאָרטרעטן פון פריינד און באַקאַנטע. אין עטליכע יאָר אַרום איז דער שווער געשטאָרבן, און עטינגער, וואָס איז אין דער צייט שוין געווען א מטופּל מיט עטליכע קינדער, האָט אָנגע־פאַנגען צו טראַכטן וועגן א מקור פרנסה. ער לאָזט זיך קיין אָדעס, ווו עס וווינט זיין פרוים פאַרמעגליכער ברודער. דער שוואָגער, וואָס האָט געהאַט א „בראָדערין" פאַר א ווייב, האָט זייער פריינדליך אויפגענומען דעם יונגן משכיל; עס איז אים אָבער ניט געלונגען צוזוכן פאַר עטינגערן א באַשעפטיקונג. די נייע אָדעסער באַקאַנטע, וואָס האָבן געהאַט נאָענטע באַציִונגען מיט גאַליציע, האָבן עטינגערן אָן עצה געגעבן, ער זאָל פאָרן קיין לעמבערג שטודירן מעדיצין. אין לעמבערגער מעדיציניש אינסטי־טוט איז עטינגער אָנגעקומען בערך אין 1825, און ער האָט פאַרענדיקט זיין שטודיום אין 1830. דער „לוסטיגע זאַלאָמאָ", ווי עטינגער האָט געהייסן צווישן זיינע קאָלעגן, האָט אָבער אין לעמבערג געלערנט ניט בלויז מעדיצין אין די דייטשע שפּראַך; דאָרט איז ביי אים אויך רייף געוואָרן דער געדאַנק צו ווערן א יידישער שרייבער. אין דעם צום ערשטן דורך מ. ווײנרייך פאַרעפנטליכטן 2 זייער וויכטיקן דאָקומענט, געשריבן מיט עטינגערס אייגענער האַנט, — א פּראָספּעקט צו דער אויסגאַבע פון זיינע ווערק, — דערציילט עטינגער גופא, ביי וואָסערע אומ־שטענדן און אויס וואָסערע מאָטיוון ער האָט באַשלאָסן צו ווערן א שריפט־שטעלער:

„פאַר עטליכע יאָר האָב איך געקריגן צו לייענען אין לעמבערג צוויי ביכלעך. איינס האָט געהייסן „די געגאַרטע וועלט" 3, און דאָס

1 אויבן, ז׳ 230, זע אויך י. שאַצקי, פּנקס, 1928, 281—282.

2 שלמה עטינגערס כתבים, XXVIII—XXIX.

3 זע אונזער ווערק, באַנד VII, צווייטער בוך, ז׳ 275—276.

אַנדערע — „אַלטער-לייב“ [1]. ביידע ביכלעך זענען איבערגעזעצט און גאָר איבערגעאַרבעט געוואָרען פון דאַטש אויף יידיש... עך האָב צי געזעען, אַז די ביכלעך זענען זייער אַ סך מענשין געפעלין, דהיינו אַזעלכע וואָס זענען גרויסע קענערס און אַזעלכע וואָס זענען פּראָסטאַקעס. די ערשטע, בין איך מיר משער, האָט עס געמיזט געפעלין, ווייל זיי האָבן געזעען אַזוי עפּעס, וואָס זיי האָבן נאָך ביז אַהער נישט געזעען אויף יידיש לשון געשריבן; און די אַנדערע — ווייל זיי האָבן עפּעס געליינט אַ מעשה בוך. אויב די ביכלעך זענען יאָ אָדער נישט גיט געמאַכט געוואָרן, וויל איך מחמת כמה טעמים נישט זאָגן, נאָר דאָס וועט איטליכער אַליין שוין אַנזעען, אַז וויינינגסטענס האָט מיר דער פּלאַן צו שרייבן אין פּראָסטען יידישן לשון געמיזט געפעלן, וואָרין עך האָב מיך תיכּף געפריפט, אויב עס איז אין מאַן כח אויך עפּעס אין דעם שטייגער און אין דעם לשון צי שראַבן. דאָס ערשטע, וואָס עך האָב געשריבען איז געוועזן איינציגע משלים און כּתבותלעך (אויף דאַטש הייסט דאָס עפּיגראַמע). עך האָב געזעען, אַז זיי זענען דעם עולם זייער שטאַרק געפעלין, מען האָט באַ מיר ציחאַפּט אַלס וואָס עך האָב נאָר געשריבן, און איטליכער האָט זעך עס איבערגעשריבן, נאָר, ווי דער שטייגער איז, מיט סאַמע פעלער און גראַזען. ווי איך האָב דאָס געזעען, האָב עך מיך מישב געווען און האָב מיר אַליין אויסגעטראַכט אַ סך משלים און כּתבותלעך (עפּיגראַמען) און צום סוף גאָר אַ גאַנץ טהעאַטערשטיק“.

מיר האָבן אין פאַריקן קאַפּיטל געזעען, ווי אַקסענפעלד האָט אין זיינער אַ שריפטליכער דערקלערונג (צום מיניסטער אוואַראָוו) אָנגעוויזן, אַז ער שטעלט זיך פאַר אַן אויפגאַבע זיינע ברידער צו באַפרייען פון די טעותן, אין וועלכע יענע לעבן, באַווייזן זיי די ווילדקייט פון זייערע „אָבערגלויבנס“ און זיך באַזונדערס „סטאַרען צו ראַטעווען זיי פון דער שעדליכער ווירקונג מצד די חסידים“.

די דאָזיקע שריפטליכע דערקלערונגען פון עטינגערן און אַקסענפעלדן באַווייזן אַזוי בולט, ווי גרונד-פאַרשיידן עס זיינען געווען אָט די צוויי באַדייטנדיקסטע שריפטשטעלער פון דער נייַ-יידישער ליטעראַטור אין דער פאָר-מענדעלע-תקופה. אַקסענפעלד מיט זיין קאַמפּסלוסטיקן טעמפּעראַמענט איז אויסן קודם-כל אויפקלערונג, נוצן ברענגען. עטינגער — איז אַ קינסטלער-נאַטור. דער אינסטינקט פון אַ קינסטלער וועקט אין אים דעם דראַנג צו שאַפן אַזוינס, וואָס זאָל געפעלן, זאָל אויסנעמען ביים עולם. ער גופא דערציילט אין זיין אָקערשט ציטירטן פּראָספּעקט, ווי

1 זע אויבן, ז' 193.

אזוי ער פלעגט דאָס, וואָס ער האָט אָנגעשריבן, געבן צו לייענען אַזעלכע מענטשן, וואָס זײַנען זייער געשיקט און האָבן שוין געלייענט זייער אַ סך ביכער אויף אַנדערע לשונות, און ווידער אַזעלכע מענטשן, וואָס זײַנען גאָר פּראָסטאַקעס און קענען נישט מער, נאָר דאָס ייִדישע לשון, „כּדי עך זאָל פּין איטליכען הערען, וואָס ער ווט דערצו זאָגין. די געשיקטע מענשין האָבן עס געלויבט נאָך זייער שטייגער, און די פּראָס־טאַקעס נאָך זייער שטייגער" [1]. עטינגער איז פון די געציילטע צווישן די משכּילים פון יענעם דור, בײַ וועמען עס האָט כּלל ניט עקזיסטירט די שפּראַך־פראַגע: דער קינסטלער־אינסטינקט האָט אים געבראַכט צום אויספיר, אַז קינסטלעריש זיך אויסלעבן קאָן ער נאָר אין דער מוטער־שפּראַך, אין דער שפּראַך פון די ברייטע פאָלקסמאַסן. און אַז דער אינסטינקט האָט אים ניט אָפּגענאַרט, באַווײַזן טאַקע זײַנע ליטעראַרישע פּרוּוון אין דײַטש און העברעיִש, פּרוּוון, וואָס זײַנען לויטער דורכפאַלן, אָן דעם מינדסטן ליטעראַרישן ווערט. עטינגער פאַרשטייט נאַטירליך זייער גוט, אַז די ייִדישע שפּראַך איז נאָך רוי און ליטעראַריש ווייניק געשליפן, און ער ווײַזט טאַקע אָן אין אַ בריוו צו זײַנעם אַ באַקאַנטן, ווי שווער ס'איז „עטוואַס געניערייכעס צו שרײַבין" אין אַ „וואָרטאָרעמער" שפּראַך, „פיר איינע נאַציאָן דער עס אַן מיטהאָלאָגיע, וועלט אונד נאַטורגעשיכטע מאַנגעלט" [2]. שטעלט טאַקע עטינגער פאַר זיך די אויפ־גאַבע, די דאָזיקע „שווערקייט" צו באַזײַטיקן; ער פילט זיך באַרופן צו באַרײַכערן די „וואָרטאָרעמע" שפּראַך [3], פאַרוואַנדלען זי אין דעם פּאַסנ־דיקן אינסטרומענט פאַר קינסטלעריש שאַפן.

זייער אינטערעסאַנט איז אין דער הינזיכט פאָלגנדיקער פּרט. אהרן וואָלפזאָהן, אליעזר ליבערמאַן און פיל אַנדערע משכּילים פון יענער צײַט האָבן אָנגעוויזן, אַז תּפילה טאָן דאַרף מען אויף אַ ר י י נ ע ר שפּראַך [4], ד"ה אָדער אויף העברעיִש, אָדער אויף אַן אייראָפּעיִשער שפּראַך, אָבער ניט אויף דעם „פאַרדאָרבענעם זשאַרגאָן". עטינגער האַלט פאַר איבעריק צו דעבאַטירן וועגן דער דאָזיקער פראַגע: פאַר אים איז קלאָר, אַז דער גלויביקער מענטש דאַרף מתפּלל זײַן אויף זײַן מוטער־שפּראַך; ער פילט אָבער מיט זײַן קינסטלערישן חוש, אַז ליטורגישע געבעט דאַרפן ניט

---

1 עטינגערס כּתבים, I, XXVIII—XXIX.

2 דאָרטן, II, 567.

3 וועגן עטינגערס אויפטוען אויפן געביט פון דעם ייִדישן וואָרט־אוצר — זע בײַ ווײַנרייכן אין „עטינגערס כּתבים", I, XXXI.

4 זע אינזער ווערק, באַנד VII, צווייטער בוך, 296.

פארפאסט ווערן אין דעם זעלביקן נוסח, ווי מען רעדט אויפן מארק. דערפאר גייט ער אויף א גאנץ אנדערן וועג, ווי מענדל לעפין ביי זיין ביבל־איבערזעצונג [1]. עטינגער פארטראכט א נייע סידור־איבערזעצונג אין יידיש; די דאזיקע איבערזעצונג האט געזאלט ווערן אן אמתע ליטעראַרישע דערגרייכונג, ליידער האט אבער עטינגער זיין אונטערנעמען ניט דורכגעפירט; עס זיינען אויפגעהיט בלויז אייניקע פראגמענטן. בכדי דער לייענער זאל האבן א באגריף, מיט וואס פאר א קינסטלערישן ערנסט עטינגער איז צוגעטראטן צו דער דאזיקער ארבעט, ברענגען מיר צוויי מוסטערן פון עטינגערס פארטראכטער סידור־איבערזעצונג:

I) מה טובו אהליך יעקב: ווי גוט זיינען דיינע געצעלטן, יעקב, דיינע וווינונגען, ישראל! און איך קום אצינד מיט דיין גרויסן חסד אין דיין הויז אריין, און בוק זיך צו דיין הייליקן טעמפל מיט גרוים יראה. גאט! איך האב ליב דאס הויז, ווו דו וווינסט, און דאס ארט, ווו דיין כבוד רוט, און איך וויל מיך נייגן און וועל קניען; איך וועל קניען פאר גאט מיין באשעפער. און ווען איך בעט צו דיר, גאט, לאז זיין דעמאלט א באוויליקע צייט, און מיט דיין גרויסן חסד, מיין האר, ענטפער מיר מיט א וואָרער הילף.

II) די תפילה „אני קראתיך כי תענני“: איך רוף צו דיר, ווארום דו וועסט מיר ענטפערן. גאט, נייג דיין אויער צו מיר, הער מיינע רייד. איך, איך זע דיין פנים פול מיט גערעכטיקייט, און תיכף, ווי איך דערוואך, ווער איך זאט פון דיין געשטאלט, ווארום איך פארזיכער מיך נאר אויף דיר, גאט! איך זאג תמיד: דו ביזט מיין האר, הער דאס קול פון מיין געבעט, ווען איך שריי צו דיר, ווען איך הייב אויף מיין האנט צו דיין הייליקן פאלאץ. גאט מיין האר, איך האב שוין צו דיר געבעטן און דו האסט מיך געהיילט; נאר צו דיר, גאט, וועל איך רופן, נאר צו דיר, גאט, וועל איך בעטן. לאז ליכטיק זיין דיין פנים איבער דיין קנעכט און העלף מיר מיט דיין חסד, ווארום צו דיר, גאט, האף איך, אז דו וועסט מיר ענטפערן, גאט מיין האר. הער צו מיין געבעט, גאט, און פארנעם מיין געשריי, שווייג ניט צו מיינע טרערן, הער מיך צו, גאט, און לייטזעליק מיך, גאט: און בלייב מיין העלפער!“.

עס וואלט אבער געווען א טעות צו מיינען, אז דער עססטעט עטינגער, וואס האט מיט א קאלאסאלן פלייס געשליפן יעדעם ווארט, יעדן אויסדרוק, איז בכלל געווען פריי פון אויפקלערערישע טענדענצן און איז מיט זיין שאפן ניט אויסן געווען קיין שום מוסר־השכל. מען דארף

[1] זע אונזער ווערק, באנד VII, צווייטער בוך, ז' 257.

דאָך דערבײַ ניט פאַרגעסן, אַז זײַן יוגנט האָט עטינגער פאַרבראַכט אין דער סביבה פון די זאַמאָשטשער און גאַליציאַנער משכּילים און האָט זיך כּל ימיו געפונען אונטער דער דירעקטער השפּעה פון דער דייטשער אויפקלערערישער ליטעראַטור. באַזונדערס שטאַרק שפּירט זיך אין עטינגערס שאַפן די השפּעה פון לעסינגן. כאַראַקטעריסטיש איז אין דער הינזיכט פאָלגנדיקער פּרט: די באַליבטסטע זשאַנרען, אויף וועלכע עטינגער האָט אַם גערנסטן געשאַפן, זײַנען געווען: דראַמאַטישע ווערק, דאַן משלים און קאַטאַוועסלעך (עפּיגראַמען); און טאַקע לעסינג האָט ניט נאָר פיל געשאַפן אויף די דאָזיקע געביטן, נאָר אויך פיל אָפּהאַנדלונגען געשריבן וועגן „דראַמאַטורגיע", ווי אויך „איבער די פאַבעל" 1 און אַ סך עטינגערס פאַבעלן און עפּיגראַמען זײַנען טאַקע איבעראַרבעטונגען פון לעסינגען און פון אַנדערע דײַטשע שריפטשטעלער אויס דער „אויפקלערונגס"-תּקופה 2.

דאָס אָבער, וואָס עטינגער נוצט זייער אָפט אויס פאַר זײַנע משלים און מעשהלעך פרעמדע סיוזשעטן מינדערט כּלל ניט זייער ווערט, ווי עס מינדערט ניט דעם ווערט פון קרילאָווס אָדער לאַפאָנטענס פאַבעלן, וואָס אויך דאָרט איז דער סיוזשעט על-פּי-רוב אויס דער פרעמד גענומען. עטינגערן געלינגט שטענדיק דעם פרעמדן שטאָף אָנצוקליידן אין אַ העכסט נאַציאָנאַלן לבוש, און עס באַקומט זיך אַן אמת קונסט-ווערק. עס גענוגט, אַשטייגער, צו דערמאָנען עטינגערס פּראַכטפולע סאַטירעס „וויטעלע" און די „פרומע בערן". אין „וויטעלע" האָט עטינגער אויסגענוצט געלערטס „די בעטשוועסטער". די דײַטשע בעטשוועסטער בעאַטע ווערט אונטער עטינגערס קונציקער האַנד מגולגל אין דער אשה צנועה וויטעלע, מיט אַלע אירע תּנועות און נידערטרעכטיקע צביעות, ווי אַזוי „פאַר פרומקייט וויל זי נישט געבן קיין צדקה". אויך אין די „פרומע בערן" איז דער סיוזשעט גענומען פון דער פרעמד (בײַם פראַנצויזישן פאַבעליסטער פלאָריאַן). בײַ עטינגערן באַקומען זיך אָבער אמת „ייִדישע" בערן; די סאַטירע טראָגט אַ ריין ייִדישן קאָלאָריט מיט דעם עכט ייִדישליכן אויספיר, אַז „נאָר חיות נאַראָנים זײַנען אַזעלכע דײַנים".

---

1 זע לעסינגס ווערק: „האַמבורגישע דראַמאַטורגיע" און „אַבהאַנדלונגען איבער די פאַבעל".

2 וועגן עטינגערס סיוזשעטן-אַנטלײַונגען און איבעראַרבעטונגען פון פרעמדע קוועלן, זע; מ. ווײַנרייך אין דעם אַרײַנפיר צו עטינגערס כּתבים, און אויך אין זײַן „בילדער פון דער ייִד. ליטעראַטור-געשיכטע", 280—291; מ. ווינער אין זײַן טיכטיקער אַרבעט „די אויסגאַבע פון עטינגערס שריפטן" אין „ביבליאָלאָגישען זאַמעלבוך".

אזוי זיינען אויך עטינגערס פילצאליקע משלים. די סיוזשעטן זיינען דאס רוב גענומען ביי די דייטשע פאבעלדיכטער: געלערט, לעסינג און אנדערע. עטינגערן געלינגט אבער שטענדיק דעם פרעמדן סיוזשעט איינצושפינען אין אן עכט נאציאנאל יידיש געוועב, און מיר באקומען אן אמת יידישע פאבעל מיט א ריין יידישן מוסר־השכל. אלס אילוסטראציע גענוגט צו דערמאנען עטינגערס פאבעל „די צוויי הענער". דאס איז פאקטיש א פאראפראזע פון געלערטס „די ביידן וועכטער" [1], וו עס ווערט דערציילט, ווי צוויי נאכט־שומרים שלאגן זיך מכות רצח צוליב זייערע חילוקי דעות וועגן דעם נוסח, ווי מען דארף אויסרופן: „פערווארט דאס פייער אונד דאס ליכט" אדער „בעווארט דאס פייער אונד דאס ליכט". ביי עטינגערן ווערן די נאכט־וועכטער פארוואנדלט אויפן יידישן שטייגער אין צוויי הענער, וואס שפארן זיך וועגן דעם ריכטיקן נוסח פון קרייען: קיקערעקי, אדער קוקורעקו.

וואס, שרייט איינער, ער וועט דאס ווערטער פארדרייען?
און „קי—קע—רעקי", ניט „קוקערעקו" קרייען?
ווארט, איך וועל אים שוין וויזן,
ווי מען קרייט מיט גרייזן!
איך קריי, שרייט דער אנדערער האן,
קי—קע—רעקי שוין פון אייביק אן;
מיר קען איטליכער האן זאגן עדות
וואס האט געהערט קרייען מיינע זיידעס
וואס דו מוזט זיך צען מאל אפשווענקען
דו זאלסט זייער נאמען געדענקען —
אז זיי האבן געקרייעט קי—קע—רעקי
און נישט מיט גראבע גרייזן ווי די!

און צום סוף גייט אזא ריין יידישער מוסר־השכל:

צווישן אונזערע לומדים, רבנים
טרעפט מען אמאל אויך אזעלכע נאראנים
וואס רייסן זיך שיר נישט ביי די האר
און קריגן זיך אוועק לאנגע יאר
און זידלען זיך אוועק גאנצע צייטן
איבער אן אות, וואס עס קען באטייטן...

1 זע מ. ווינער, צ״ט. ארב. 129—130.

אַט אַזוי, אַדאַנק דעם חוש פון אַ רעאַליסטישן קינסטלער, באַקומען ציִטנוויִז בײַ עטינגערן זײַנע פאַבעלן און קונסטרײַכע עפּיגראַמען אַ קעמפעריש-סאַטירישן טאָן, און עס לאָזן זיך בײַ אים ערטערוויִז הערן סאָציאַל-צונגעשפּיצטע קריגערישע מאָטיוון. עס גענוגט צו דערמאָנען אַזוינע לידער, ווי „אסותא“ אָדער „דער ראש הקהל“, וואָס טוט זיך באַרימען:

פאַר מיר מוז איטליכער תּרבות האָבן,
וואָרום איך קען איטליכן באַגראָבן.
איך האָב קיין שום מורא
פאַר דעם רבס דין-תּורה.
וואָרום דער „יש דין בישראל“
גייט נישט אָן בײַ אַ ראש-הקהל.
איך מעג טאָן, וואָס איך וויל,
איטליכער מוז שווײַגן שטיל...

עטינגער באַרירט אויך אין זײַנע פאַבעלן דאָס פּראָבלעם וועגן קינדער-דערציִונג („דאָס קאַטשקעלע“), מאַכט אָפּט חוזק פון דעם בײַ ייִדן אַזוי שטאַרק אָנגענומענעם „יחוס“ (די פאַבעלן: „דאָס זעקל“, „די אסיפה“, „דער גילדן“).

ניט אומזיסט דערקלערט אויך עטינגער:

איך לאַך אויס אַלעם, וואָס קומט פיר,
און אַז עס פעלט אַ זאַך
דערויף צו געבן אַ לאַך —
גיב איך אַ לאַך אַליין פון מיר.

דאָס טוט ער טאַקע אין זײַנע עפּיגראַמען. אויס עטינגערס ביאָגראַפיע איז באַקאַנט, אַז ער איז אין זײַן פאַמיליענלעבן געווען ניט באַזונדערס גליקליך; זײַן שטענדיק אָנגעבראָגזטע פרוי האָט אים פאַרביטערט דאָס לעבן. קלאָגט ער זיך טאַקע אין זײַן עפּיגראַם „אין הײַבל“.

פון זײַן אייגן ווײַבל פאַרשווארצט צו ווערן,
טאָג און נאַכט נאָר שלעכטע ווערטער צו הערן,
איז בעסער גאָרנישט געבאָרן צו ווערן...

און אין דעם עפּיגראַם „בײַ מײַן געבורטס-טאָג“ דערציילט דער דיכטער, ווי ער זיצט און קלערט:

„פאַרוואָס האָבן דאָס נאָך מײַנע האָר
זייער גרויס שווארצקייט ניט פאַרלאָרן?

עס איז דאָך שוין דרײַ און פערציק יאָר
זינט איך בין אויף דער וועלט געבאָרן?
נאָר איך האָב אַ תירוץ גאָר אַ קליינעם:
זיי ווערן פאַרשוואַרצט מיט מיר אינאײנעם.

מיר האָבן פריער אָנגעוויזן, ווי אין עטינגערס משלים און קאַטאַזוועסלעך לאָזן זיך בולט באַמערקן די משכּילישע טענדענצן פון יענער צײַט. דער אָביעקטיווער ליטעראַטור-פאָרשער דאַרף אָבער דערבײַ ניט פאַרשווײַגן, אַז צוזאַמען מיט די דאָזיקע טענדענצן לאָזט זיך אויך אין עטינגערס פּאָעטישן שאַפן באַמערקן די גאַנצע באַגרעניצטקייט פון דעם בעלי-בתּיש-משכּילישן וועלט-באַנעם. אַזוי, אַשטייגער, קומט עטינגער אין זײַן פאַבעל „די צוויי פערדלעך" צום מוסר-השכּל, אַז מען דאַרף למען-השם האָבן איבער זיך אַ בעל-הבית און מען טאָר ניט פאַרגעסן, „אַז דער בעל הבית גיט אים צו עסן", און ווער עס וויל „דעם בעל-בית פּטור ווערן", וועט ער האָבן אַ פינסטערן סוף, „ווי אַנדערע צוויי פאַרשאַרטע פערד". אין דער לאַנגער פאַבעל „דער אינדיק" באַלערט אונז עטינגער, אַז מען דאַרף ניט חלומען וועגן ווײַטע מקומות און פרעמדע לענדער, באשר

טאָרסט אין דעם אָרט ניט פאַרגעסן,
ווו דײַנע אָבות זענען געזעסן.
דאָ, ווו דו ביזט געבאָרן,
דאָ זאָלסטו ווערן פאַרלאָרן.

באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש איז עטינגערס פאַבעל „די שמאַטעס". מיר האָבן פריער געזען, ווי אַקסענפעלד האָט זיך פאַרהאַלטן צום רעקרוטן-געזעץ. עטינגער האָט אָבער, ווי פיל אַנדערע משכּילים, אָנגענומען מיט גרויס התפּעלות די ידיעה, אַז „מען נעמט שוין ייִדן צום מיליטער". ער שטראָפט שטאַרק זײַנע ברידער, וואָס קוקן אויף דעם נײַעם אוקאַז, ווי אויף אַ שווערער גזירה, און „פון יונג ביז אַלט שרײַען אַלע גוואַלד: לאָמיר וויינען, לאָמיר קלאָגן, לאָמיר לויפן תּהילים זאָגן, לאָמיר אויסנעמען די ספרים, לאָמיר גיין רײַסן קבֿרים". און ער מוסרט דעם ייִדישן רעקרוט:

פאָלג דו נאָר די אָפיצירן
און לערן פלײַסיק דאָס מושטירן.
זײַ נאָר תּמיד אָנגעגרייט
צו לויפן אַפילו אין פײַער אַרײַן

אויסצופירן דעם מלכּס פּלאַן;
וואָרום די גוטע, וואָס גייען אין קרוינען,
ווייסן שוין איטליכן צו באַלוינען.

אַט די באַגרעניצטקייט פון עטינגערס וועלט-באַנעם לאָזט זיך אויך באַמערקן אפילו אין זײַן מײַסטערווערק „סערקעלע״ — די העכסטע קונסט-דערגרייכונג פון דער נײַ-ייִדישער ליטעראַטור פון דער פאַר-מענדעלע-תּקופה.

„סערקעלע״ איז אַ שטייגער-פּיעסע. די צענטראַלע פיגור, סערקעלע, איז אַ פאַרגרעבטע, מאָראַליש פאַרדאָרבענע מעל-קרעמערקע, וואָס ווערט דורך אַ שווינדל אַן אויפגעקומענע נגידית. איר ברודער, דוד גוטהערץ, אַ רײַכער סוחר, פאָרט אַוועק אין די ווײַטע לענדער און פאַרברענגט דאָרט אַ לענגערע צייט. סערקעלע רעכנט, אַז ער איז געשטאָרבן אין דער פרעמד, פאַרפאַסט זי אַ פאַלשע צוואה, לויט וועלכער גוטהערץ האָט איר כּלומרשט אָפּגעזאָגט זיין גאַנץ פאַרמעגן און אינגאַנצן פאַרטיילט זיין אייגענע טאָכטער הינדע. די אויפגעקומענע נגידיתטע באַהאַנדלט זייער שלעכט די אָרעמע הינדע און קעכלט איר אייגענע בת יחידה — איר פּוסטע נאַרישע טאָכטער פריידע-אַלטעלע, פאַר וועלכער זי זוכט אַ בכּבודיקן שידוך. דער שידוך ווערט געשלאָסן, דורך דער הילף פון יוחנן שדכן, מיט דעם שווינדלער-ספּעקולאַנט גבריאל, וואָס גנבעט אַוועק ביי סערקעלען דאָס קעסטעלע מיט צירונג, און די שולד וואַרפט סערקעלע אַרויף אויף הינדען מיט איר געליבטן, דעם סטודענט מאַרקוס. אין לעצטן אַקט קערט זיך אום פון זיין ווייטער רייזע דוד גוטהערץ. עס ווערט אויפגעדעקט סערקעלעס באַטריגעריי, דער ספּעקולאַנט גבריאל ווערט דעמאַסקירט, און די פּיעסע פאַרענדיקט זיך מיט דריי חתונות אויף אַ מאָל.

ווי אַקסענפעלד, האָט אויך עטינגער געבויט זיין פּיעסע לויט דעם מוסטער פון דעם דייטשן בירגערליכן טעאַטער-רעפּערטואַר אין די צוואַנציקער יאָרן פון פאָריקן יר״ה. נאָר אויך מיט עטינגערס פּיעסע געשעעט דאָס זעלביקע, וואָס מיט זיינע משלים. ווי אַן אמתן קינסטלער געלינגט אים פון אַ פרעמדן סיוזשעט און אַנטליענע מאָטיוון צו שאַפן אַ גאַנץ נײַ אָריגינעל ווערק. שוין העכער הונדערט יאָר זײַנען פאַר-גאַנגען זינט עטינגער האָט געשאַפן זײַן „גאָר אַ נײַ טעאַטער-שטיק״, און נאָך ביז הײַנטיקן טאָג געהערט „סערקעלע״ צו די קונסט-פולסטע פּיעסן, וואָס די ייִדישע ליטעראַטור פאַרמאָגט. נאָך עד-היום ווערט באַ-וווּנדערט די גלענצנדיקע קאָמפּאָזיציע פון עטינגערס פּיעסע, זײַן גרויס

מײַסטערשאַפט, מיט וועלכער ער שילדערט זײַנע געשטאַלטן. אייכל און אַקסענפעלד, אַשטייגער, פלײַסן זיך מיט פאָטאָגראַפישער פינקטליכקייט איבערצוגעבן דעם אַרט ריידן פון זייערע אַלטמאָדישע פאַרשוינען, וואָס זיי האָבן קאָפּירט דירעקט פונם רעאַלן לעבן. זיי פאַרנאָטירן מיט דער גרעסטער גענויקייט אַלע רייד־תּנועות, וואָס זיי האָבן אונטערגעהערט בײַ די פאַרשוינען, וואָס זיי שילדערן. עטינגער אָבער, אַלס אמתער מײַסטער פון ליטעראַרישער פאָרם, באַנוצט דעם וואָרט־בוי, ווי דער מאָלער די פאַרבן, אויף איבערצוגעבן די פײַנסטע ניואַנסן און אייגנאַרטיקייטן פון זיינע טיפּן [1].

דער שפּראַך־נוסח פון סערקעלע, פון גבריאל הענדלער, פון יוחנן שדכן, פון שמעלקע טרויניקס איז קונסט־פול אינדיווידואַליזירט, אין יעדער רעפּליק פילט זיך די האַנט פון אַן אמתן מײַסטער. אָבער דאָס אַלץ בלויז בנוגע די מער־ווייניקער נעגאַטיווע פּערסאָנאַזשן, אָדער בײַם שילדערן פּשוטע מענטשן, אַשטייגער, משרתים, דינסטמיידלעך. דאָרט אָבער, וווּ עטינגער פּרוּווט שילדערן פּאָזיטיווע פיגורן אויס זיין אייגענער, משכּילישער סביבה, דאָרט שטייט ער בײַ דער גרעניץ פון זיינע מעגליכקייטן. זיין מאַרקוס רעדליך (אַ סטודענט, וואָס לערנט דאָקטאָריי) איז ניט ווייניקער סכעמאַטיש און בלוטלאָז, ווי מאַרקוס אין אייכלס קאָמעדיע.

אויסער „סערקעלע" האָט עטינגער פאַרטראַכט נאָך צוויי טעאַטער־שטיק, ער האָט זיי אָבער ניט פאַרענדיקט, ווייל ער האָט פאַרלאָרן די האָפענונג זיינע ווערק אין דרוק צו זעען. דאָ באַרירן מיר עטינגערס

---

1 אין זײַן גרינדליכער אַרבעט וועגן אַקסענפעלדן פירט מ. ווינער דורך פאָלגנדיקע געלונגענע פּאַראַלעל צווישן אַקסענפעלדן און עטינגערן: „אַקסענפעלד איז אַמאָל פינקטליכער און ביז צו קליינליכקייט אויספירליך אינם רעאַליסטישן אויפכאַפּן די רייד־תּנועות פון זײַנע פיגורן, נאָכמאַכנדיק אַן באַזונדערער דערפינדע־רישקייט און אויספורעמונג זייער שטייגער ריידן. עטינגער שטייט אָבער אומפאַר־גלייַכליך העכער פון אַקסענפעלדן וואָס שייך קינסטלערישער עכטקייט, קינסטלע־ריש אויסגעגליכענער נאַטירליכקייט, קאָנסטרוקטיווער און קאָמפּאָזיציאָנעלער אויסגע־מאָסטנקייט און אָרגאַנישער צילזיכערקייט. ער שטייט אויף אַזוי פיל העכער פון אַקסענפעלדן, ווי אַ באַדייַטנדיקער אַנטוויקלטער רעאַליסטישער קינסטלער פון אַ נאַיִווּ־פּרימיטיוון זשאַנר־מאָלער. עטינגערס הומאָר איז שאַרף פּוענטירט, אויסגעשליפן, ט־עפּליך, פּייַן, מיט אַ געניטער זיכערער האַנט אָרגאַניזירט, זייַן וויץ איז גראַציעז און שפּילעוודיק; אַקסענפעלדס הומאָר קומט אויס אין פאַרגלייַך מיט עטינגערס צעצויגן, בלאַס פּאַראָדירנדיק און האַמעטנע מיטן טראָפּ דער עיקר אויף דער קאָמיק פון דער זשעסטיקולאַציע, און ניט אויף דער איידעלערער קאָמיק פון וואָרט (אַקסענ־פעלדס ווערק, I, 64).

לעבנס־דראמע. זיינע ווערק האָבן ביי זיין לעבן געהאַט דעם זעלביקן ביטערן מזל, ווי אַקסענפעלדס חיבורים.

מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אַז עטינגער האָט נאָך אין אָנפאַנג פערציקער יאָרן געמעלדעט אין אַ ספּעציעלן פּראָספּעקט, אַז ער גיט באַלד איבער אין דרוק „אַ טעאַטער־שטיק אין פינף אויפציעס און משלים און כתבותלעך". ער זאָגט דערביי צו, „אַז ער וועט זיך דערמיט ניט באַגניגן און וועט „נאָך אַלעמאָל נייעס ליווערן, דהיינו טעאַטערשטיקעס, מעשיות, משלים, כתבותלעך (עפּיגראַמען) און נאָך אַנדערע זאַכן פון דעם שטייגער". פון די אַלע פּלענער איז אָבער גאָרנישט געוואָרן. עטינגערס מזל האָט געטראָגן, ער זאָל ביי זיין לעבן ניט זעען קיין איין שורה זיינע אַ געדרוקטע [1].

קרוין־פּוילן האָט דווקא ניט געוווּסט פון דרוק־מאָנאָפּאָל, און אין ווארשע האָבן זיך דעמאָלט געפונען פיר יידישע דרוקן. דער צענזאָר פון יידישע ביכער איז געווען עטינגערס אַ גוטער פריינד, דער אונז שוין באַקאַנטער אויפקלערער און קולטור־קעמפער יעקב טוגענדהאָלד. און דאָך איז עטינגערן ניט געלונגען צו פאַרווירקליכן זיין שענסטע האָפענונג — דורכן דרוק־ווארשטאַט צו מאַכן זיינע ווערק צוגענגליך דעם ברייטן לייענער־קרייז. שוין ניט די דרוקער מיט זייער פאַנאַטיזם זיינען אין דעם געווען שולדיק, נאָר טאַקע עטינגערס פריינד, דער פיין געבילדעטער צענזאָר יעקב טוגענדהאָלד. עס קלינגט כמעט ווי אַן אַנעקדאָט, נאָר אין ניקאָלאַיס רוסלאַנד איז דאָס גאַנצע לעבן באַשטאַנען פון אַזוינע טראַגישע אַנעקדאָטן.

לויט דער קאָנסטיטוציע, מיט וועלכער אַלעקסאַנדער דער ערשטער האָט מזכה געווען קרוין־פּוילן, האָבן ביכער געקאָנט דערשיינען פריי אָן צענזור — מיט דער אויסנאַמע פון יידישע ספרים. זיי האָבן געמוזט שטרענג צענזורירט ווערן, ווייל עס איז דאָך אַ דבר ידוע, אַז זיי אַנט־האַלטן „די שעדליכסטע לערן, און אויך אַזעלכע געדאַנקען, וואָס געפינען זיך אין פולער סתירה מיט די גוטע אַבזיכטן פון דער רעגירונג" [2]. אין

---

1 אָבער שוין ביי עטינגערס לעבן זיינען זיינע ווערק שטאַרק פאַרשפּרייט געוואָרן אין פיל אָפּשריפטן. דער אין זיין צייט באַרימטער זשורנאַליסט ניימאַנאָוויץ (הנץ) שרייבט וועגן עטינגערס משלים, לידער און דראַמעס: זיי זיינען אומגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט, ביז די כתב ידן האָבן זיך פאַרשפּרייט אין אַלע שטעט פון פּוילן, און אין די לאַנגע טבת־נעכט פלעגט מען זיי לייענען כמעט אין יעדער פאַמיליע, וואָס האָט זיך נאָר אָנגעשמעקט מיט אינטעליגענץ („הצפירה", 1888, נומ' 19).

2 זע וו. וויינריבס אַרבעט „צור געשיכטע דעס בוכדרוקעס אונד דער צענזור ביי דען יודען אין פּאָלען", מאָנאַטסשריפט, 1933, 273—300.

אָנפאַנג צוואַנציקער יאָרן איז אַלס פּאָרזיצנדער פון דעם צענזור=קאָמיטעט פאַר העברעיִשע און ייִדישע ביכער באַשטימט געוואָרן דער איטאַליענישער, זייער אַנטיסעמיטיש געשטימטער פּאַטער לודוויק קיאַריני. קיאַריני איז אָבער ניט געווען קיין גרויסער ידען אין העברעיִש, איז דער פּאַקטישער צענזאָר איבער ייִדישע ביכער געווען דער סעקרעטאַר פונם קאָמיטעט יעקב טוגענדהאָלד. נאָך דעם פּוילישן אויפשטאַנד פון 1831 איז די צענזור נאָך באַדײַטנדיק פאַרשאַרפט געוואָרן. מען האָט ייִדן חושד געווען, אַז זיי האַלטן מיט די פּאָליאַקן; פון אַלע זײַטן זײַנען דערלאַנגט געוואָרן מסירות אויף ייִדישע אויסגאַבן, און אין 1837 איז צונויפגערופן געוואָרן אַ ספּעציעלער קאָמיטעט, וואָס זײַן אויפגאַבע איז געווען צו באַטראַכטן, ווי אַזוי צו קעמפן קעגן „דעם בײַזאַרטיקן פּאַנאַטיזמוס פון די ייִדן". מען האָט אַפילו אַרויסגעלאָזט אַ נײַע אויסגאַבע פונם „חושן משפט", וווּ עס זײַנען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פיל „שעדליכע שטעלן" 1. נאָך ערגער זײַנען געוואָרן די צענזור=צושטענדן אין אָנפאַנג פערציקער יאָרן, ווען ס'איז באַשטימט געוואָרן אַלס מיטגליד פונם צענזור=קאָמיטעט דער משומד טשערסקער, אַ פאַרביסענער ייִדנפײַנד. גראָד מיט אַ יאָר פריער איז אין אַ וואַרשעווער דרוק דערשינען מיט דער דערלויבעניש פון יעקב טוגענדהאָלד אַ נײַע אויסגאַבע פון דעם באַקאַנטן „שבט יהודה" 2. באַלד איז דערלאַנגט געוואָרן אַ מסירה, אַז די אויסגאַבע איז פול מיט לעסטערונגען קעגן קריסטנטום, און מיט אָנפאַלן אויף דעם רוסישן קיסר. האָט מען זיך געווענדעט צום קאָמיטעט=מיטגליד טשערסקער, ער זאָל אַרויסזאָגן זײַן מיינונג. יענער האָט געפונען די באַשולדיקונג פולשטענדיק באַגרינדעט, און האָט אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז מען דאַרף טוגענדהאָלדן איבערגעבן דעם געריכט און קאָנפיסקירן זײַן פאַרמעגן. מיט גרוים מי איז טוגענדהאָלדן געלונגען זיך ריינצוּוואַשן פון דער מסירה. טשערסקער האָט אָבער אויך ווײַטער געפירט זײַן פײַנדן עליקע פּאָליטיק בנוגע ייִדישע ביכער. בײַ אַזעלכע צושטענדן איז גאַנץ באַגרײַפליך, אַז טוגענדהאָלד האָט געהאַלטן אין איין ציטערן, און אוים מורא פאַר מסירות איז ער געווען אַ געוואַלדיקער מחמיר און בײַ די אומשולדיקסטע טעקסטן האָט ער געקעמפט מיטן רויטן בלײַער קעגן קראַמאָלע און גאָט=לעסטערונג; ער האָט אַפילו געפונען, אַז מען טאָר זיך ניט פאַרלאָזן אויף דער ווילנער צענזור, און די ייִדישע ביכער, וואָס ווערן פון ווילנע טראַנספּאָרטירט קיין פּוילן, דאַרפן נאָך אַמאָל צענזורירט ווערן. און בכדי צו האָבן אַ באַגריף, ווי

1 ווײַנריבס ציט. אַרב. I, 287.

2 זע אונזער ווערק, באַנד VI, 90—99.

אזוי דער פּחדן יעקב טוגענדהאָלד האָט געקעמפט קעגן „קראַמאַלאַ״, איז כּדאי צו פאַרגלײַכן דעם טעקסט פון דער „בבא מעשה״ אין די ווילנער אויסגאַבעס מיט דער וואַרשעווער אויסגאַבע פון 1849, וואָס יעקב טוגענדהאָלד האָט צענזורירט. ער האָט אַפילו פּחד, וואָס אין דער מעשה ווערן געברויכט אַזוינע „הייליקע״ טיטולן, ווי קיניג, קיניגין, הערצאָג, מלך, מלכּה — פאַרבייט ער זיי אויף אָריענטאַלישע, אָדער, ווו ס׳איז נאָר מיגליך, מעקט ער זיי אינגאַנצן אויס. ווען אין דער ווילנער אויסגאַבע ווערט, אשטייגער, דערציילט: „דער מלך האָט געהייסן מיט זײַן נאָמען הערצאָג גווידאָן״, ווערט דאָס דורכן וואַרשעווער צענזאָר פאַרביטן אויף: „דער באַשע (פּאַשאַ) האָט געהייסן מיט זײַן נאָמען גווידאָן״. דער זאַץ: „די מלכּה האָט געהייסן בראַנדייאַ״, ווערט אויסגעבעסערט אויף: „די פרוי האָט געהייסן בראַנדייאַ״. בראַנדייא האָט דאָך איר אייגענעם מאַן אומגעבראַכט,—ווי קאָן עס אַ „מלכּה״ טאָן אַזאַ זאַך? פון „עס וואַר איין רײַכער קיניג״, ווערט — „עס וואַר איין רייכער שררה״, און אַזוי ווײַטער, און אַזוי ווײַטער [1].

כּמעט צו דער זעלביקער צײַט, ווען טוגענדהאָלד האָט געמוזט זיך רייניוואַשן פון דער באַשולדיקונג בנוגע דער „שבט־יהודה״־אויסגאַבע, האָט עטינגערס גוטער פרײַנד, דער אונז שוין באַקאַנטער רעדאַקטאָר פונם „בעאָבאַכטער אן דער ווייכסעל״, אַנטאָני אײַזענבוים, אָנגעגעבן (דעם 24 מאַי 1843) אַ בקשה צום קוראַטאָר פון וואַרשעווער לערנקרײַז, מען זאָל דערלויבן דרוקן עטינגערס „סערקעלע״ און „משלים״. „אַזוינע ווערק, האָט ער געשריבן, זײַנען צוטריטליך פאַר אַלע קלאַסן יידן; זיי שטעלן אַרויס אין לעבעדיקע פאַרבן די חסרונות און לעבערליכקייטן, זיי מאָלן טרעפיק און קאָמיש דעם גאַנצן יידישן שטייגער ריידן, און דעריבער קאָנען זיי האָבן אַ דערלייזנדיקע (bardzo zbawienny) השפעה אויף די מוחות [2].

עטינגער האָט דערבײַ באַזונדערס געהאָפט אויף דער פּראָטעקציע פון טוגענדהאָלדן, מיט וועמען ער איז געווען באַפרײַנדעט. ער האָט זיך אָבער באַלד געמוזט איבערצײַגן, וואָס פאַר אַ ביטערן טעות ער האָט געהאַט. דער פאַרביסענער יידנפרײַנד טשערסקער און דער פּחדנישער קאַריעריסט טוגענדהאָלד האָבן זיך געפלײַסט איינער פאַרן אַנדערן אַרויסצווײַזן, וואָסערע שטרענגע צענזאָרן זיי זײַנען. טוגענדהאָלד האָט געבאַלעבאַטעוועט אין עטינגערס מאַנוסקריפּטן מיט דעם זעלביקן ווילד־נאַרישן באַר־

---

1 זע נ. פּרילוצקיס אַרטיקל אין „ייִוואָ בלעטער״, III, 358—370, אין אונזער נאָטיץ, דאָרטן, IV, 187—188.

2 זע עטינגערס כּתבים, XXXII; 583.

באַריזם, ווי מיט זעקס יאָר שפּעטער אין דעם „בבא־מעשה"־טעקסט. אויך אין עטינגערס משלים טאָר, אַשטייגער, ניט דערמאָנט ווערן דאָס וואָרט „מלך" אַלס עפּיטעט פאַרן לייב. „מאָנאַרך" ווערט פאַרביטן אויף „גביר", „מלכּה־גרין" בעסערט אויס דער צענזאָר אויף „טויז־גרין". „פרײַהייט" איז אַ צו געפערליך וואָרט, פאַרבײַט עס דער אויפקלערער טוגענדהאַלד אויף „וואָנע". אַפילו די קאָמישע „פאָגעלפרײַהייט" אין פרידעריקעס מאָנאָלאָג אין לעצטן אַקט מעקט אויס דער שטרענגער צענזאָר און בעסערט אויס אויף „ערפרייאונג". „שמד־שטיקלעך" פאַרבײַט דער צענזאָר אויף „גנבישע שטיקלעך", און אַזאַ זאַץ, ווי „ווער עס טוט מיט דעם שווער שלאָפט מיט דעם בער", געפינט דער צענזאָר פאַר צו פריוואָל און אַנשטאָט „שלאָפט" שטעלט ער אַרײַן „זיצט". די צענזאָרן באַגניגן זיך אָבער ניט בלויז מיט הונדערטער „אויסבעסערונגען" אין עטינגערס טעקסט, זיי וואַרפן אַרויס גאַנצע סטראָפן פון דעם ליד „אסותא", פיל פערזן אין אַנדערע לידער, און מעקן אינגאַנצן אויס אַזוינע עפּיגראַמען, ווי „דיא נקמה", „דער דאָקטאָר גרינד".

עטינגער, וואָס האָט מיט אַזאַ פּײַנליכער פּינקטליכקייט געפּײַלט יעדעס וואָרט, איז געווען אויסער זיך. זײַן גאַנץ ביטער האַרץ גיסט ער אויס אין אַ העברעיִשן בריוו צו זײַנעם אַ פרײַנד:

„...אָפּדרוקן דאָס בוך מיט די אויסבעסערונגען, וואָס די צענזור־לייט האָבן מתקן געווען, וויל איך ניט, מען זאָל עס מיר אַפילו דרוקן אומזיסט (כי להדפים את ספרי... חנם בל אחפוץ). צי רעדן דען דאָרט מיינע לעפּצן, חלילה, שלעכטס אויף גאָט און זײַן משיחן, אויף די מלכים פון דער ערד, אויף זייערע געהילפן, ריכטער און אויפזעער? צי רעדט דען מײַן צונג דערווידער די וועגן פון זיטליכקייט, וואָס די דאָזיקע לייט האָבן מײַן מאַנוסקריפּט באַצייכנט מיט רויטע צייכנס, געמעקט און צעקאַליעטשעט פון אָנהייב ביז צום סוף, זײַן שיינקייט פאַרדאַרבן, זײַן האַרמאָניע פאַרוואַנדלט אין עקל? און נאָך — איך קען דאָך די דאָזיקע מענטשן, אַז זיי זײַנען געבילדעטע לייט, וואָס פאָרשן נאָך וויסן, און גוטהאַרציק זײַנען זיי און זײַנען אויך שלום מיט מיר פון שטענדיק אָן. פרעג איך: וואָס האָבן זיי אײַנגעזען מיר אַזאַ בייז צו טאָן? מײַן בוך איז ריין פון וועלכער זינדיקער זאַך, און אויב עס געפינט זיך דאָרט עפּעס אַ פעלער, האָבן זיי מיר דאָך געקאָנט דערקלערן, מיט וואָס איך האָב געפעלט, און איך וואָלט דאָס אָדער אויסגעמעקט, אָדער אויסגע־בעסערט..." [1].

1 עטינגערס שריפטן, 568.

דורך דעם, וואָס עטינגער האָט פאַרלאָרן די האָפענונג צו זעען זיינע ווערק געדרוקט, איז אויך אָפּגעשוואַכט געוואָרן זיין שאַפונגס־לוסט. זיינע פאַרטראַכטע גרעסערע אַרבעטן האָט ער ניט פאַרענדיקט. מיט דער גאַנצער ענערגיע האָט ער זיך גענומען פאַרווירקליכן זיין יוגנט־אידעאַל — ווערן אַ קאָלאָניסט און ציִען חיונה פון ערדאַרבעט. פיר קילאָמעטער פון זאַמאָשטש האָט ער געקויפט 65 מאָרג ערד און דאָרטן באַזעצט זיך מיט דער גאַנצער פאַמיליע. ער האָט אָבער דאָרטן ניט מאריך ימים געווען; אין 1856 איז ער געשטאָרבן. מיט זיין ליטעראַרי־שער ירושה איז אָבער עטינגער געווען פיל מזלדיקער פון אַקסענפעלדן. פינף יאָר נאָך עטינגערס טויט איז אינם פּרייסישן שטעטל יאָהאַניסבערג אין דרוק דערשינען (אין 1861) זיין קאָמעדיע „סערקעלע" און איז דערנאָך אייניקע מאָל איבערגעדרוקט געוואָרן. אין די 60־ער יאָרן איז אויך אַ טייל פון עטינגערס משלים און קאַטאָוועסלעך אָפּגעדרוקט געוואָרן אין „קול מבשר" און אין דער „וואַרשעווער יידישער צייטונג". געזאַמלטערהייט זיינען זיי אַרויס ערשט אין 1889. אין דער לעצטער צייט (אין 1925) האָט דער שפּראַכפאָרשער מ. ווינרייך פאַרעפנטליכט אַ שיינע זאָרגעוודיקע, טעקסט־קריטיש מיט אַ סך מי און פלייס צונויפגעשטעלטע אויסגאַבע פון אַלע עטינגערס שריפטן.

עטינגער איז געשטאָרבן ביי דער טאַמע גרעניץ פון אַ נייער תקופה. אין דעם זעלביקן יאָר, ווען עטינגער האָט זיין לעבנסוועג פאַר־ענדיקט, האָט זיך אויך פאַרענדיקט, אונטער דעם האַרמאַטן־געדונער ביי די ווענט פון סעוואַסטאָפּאָל, די בלייַ־שווערע דרייסיק־יאָריקע שליטה פון ניקאָלאַי דעם ערשטן. די מפּלה ביי סעוואַסטאָפּאָל האָט אַמבולטסטן באַוויזן, ווי אָפּגעשטאַנען און פויל עס זיינען די עקאָנאָמישע יסודות פון דעם ריזיקן רוסלאַנד. עס פאַנגט זיך אָן די „עפּאָכע פון גרויסע רעפאָרמען", וואָס געפינט אַ הילכיקן אָפּקלאַנג אויך אויף דער יידישער גאַס. וועגן דעם אין ווייטערדיקן באַנד.

# בײלאַגע נומ׳ 1

(זע זײַט 24)

## װעגן מנשה איליערס אויפֿגעהיטע מאַנוסקריפּטן

אין דער אָפּע-ביבליאָטעק אין לעני נגראַד האָט זיך אין דער מאַנוסקריפּטן-אָפּטײלונג געפֿונען אַ געדרוקטער עקזעמפּלאַר פֿון מנשה איליערס „שֶׁקֶל הקודש", און צוזאַמען מיט אים זײַנען געװען אײַנגעבונדן אײניקע איליערס נאָך ניט פֿאַרעפֿנטליכטע מאַנוסקריפּטן. מיר גיבן דאָ אײניקע קורצע אויסצוגן:

I. „סדרי חכמה", אַן אָפּהאַנדלונג אין זעקס זײַטן. אינם אַרײַנפֿיר װײַזט ער אָן, אַז ער װיל קומען צו הילף די װאָס באַזיצן ידיעות, זײ זאָלן װיסן, װי אַזוי זײ מסדר צו זײַן און אויסצונוצן. אין דער אָפּהאַנדלונג גופֿא באַהאַנדלט ער די פֿראַגע װעגן „ענין הרע שבעולם, ממה הוא בא, בכדי לידע דרך התיקון". װײַטער רעדט ער װעגן צװײ סאָרטן לײענער: װעגן די װאָס גלױבן אין אַלץ, װאָס דער מחבר שרײַבט, און אַזעלכע, װאָס זײַנען גרײט דעם מחבר מְבַזֶּה צו זײַן, אויב ער זאָגט דעם אמת, װאָס שטימט ניט מיט דער מסורה. כדי מען זאָל אים, דעם מחבר, ניט באַשולדיקן אין דעם, אַז ער װײַכט אָפּ פֿון דעם אָנגענומענעם, מוז ער „להודקק למדה מגונה... והיא להתפּאר בעצמו", און דערװײַזן, אַז אַלץ, װאָס ער שרײַבט, איז געשטיצט אויף די רײד פֿון די חכמים און אויף די „ג׳ דברים", װאָס אויף זײ שטיצן זיך אַלע ידיעות: לימודיות, טבעיות, אלקות...

II. ספר חיזוקא לתקנתא — באַשטײט אויס צװײ אָפּטײלונגען, די ערשטע אָפּטײלונג „שהיא לפרק ולתרץ שני קושיות חמורות": 1) מה טובה היא זו בריאת העולם, כיון שהרעות שבעולם הם רבים מאוד. 2) בענין הידיעה והחכמה... מזה שאנו רואים כמה חילוקי והיפוכי דעות... בלתי זה יפלא על מה זה בוטח כל אחד בידיעתו... ומעודי, אני משיג עצות בנפשי איזה הדרך שיהא לתועלת הכלל... ומצאתי עצמי

מחוייב בדבר להפיץ מעטי ידיעותי... ואני אקוה בע״ה (בעזרת השם) לכתוב דברים פשוטים וברורים, שיהיה שוה לכל נפש...

אויף דף ד׳ לייענען מיר: מעולם לא שמענו מאיזה עשיר שיוציא אף חלק קטן מממונו לצורך השגת איזה ידיעה... ולולי המלכים... שהם מחזיקי החכמה ואנשיה ונותנים להם רב הרווחה — היו כבר נאבדים כל הידיעות... וכן כל עסקי המלכים הם לתיקונים כוללים, וגובים ע״ז (על זה) מסים וארנוניות מן העולם...

וויַטער אנטוויקלט איליער זײַן באַליבטן טעזיס, ווי נייטיק עס איז צו זײַן באַהבנט אין נאַטורוויסנשאַפטן. „והנה עקרי הידיעות הנצרכים לתועלת הכלל היא הידיעה בטבעים: לידע מה שבכח תומריהם בכל מה שבארץ, במזגי איכותיהם... מה שהם תלוים, למה קירובי וריחוקי החומרים, וגם שינוי המראות התלוים ג״כ בקירובי וריחוקי הדברים... גם נצרך ידיעה בלימודיות שהיא ג״כ מלאכותית לעשות ע״י דרכי החשבון והמדידה בכמה מיני כלי אומנות וכלי מעשה.

די צווייטע אָפּטיילונג פונם ווערק באַהאַנדלט די פראַגע: וואָס זײַנען אַזוינס די „ידיעות החושים״ און „ידיעות השכל״. אין וואָס באַשטייט דער אונטערשייד און אין וואָס זייער פאַרבינדונג.

III. ספר „ואדבר שלום״. אַ קליינע אָפּהאַנדלונג פון דרײַ דפים 16°, געשריבן בשנת „ואדבר שלום״ לפרט (1829). דער „עיר וקדש״ וואָס דאַרף ברענגען דעם שלום אויף דער וועלט, דאָס איז דער שכל און מען דאַרף אים ניט שיקן פונם הימל, ווייל ער איז בײַ אונז דאָ.

IV. ספר תכלית חכמה. 26 דפים 4°.

כתבתי בזה החיבור לבאר התכלית הכללי שאקוה להגיע לזה מצירוף כל החכמות והידיעות.

אין דער הקדמה ווײַזט אָן דער מחבר: מתבאר בע״ה בגוף חיבור זה איך בכל הענינים שבעולם... הוא הטוב הגמור.

אין דער ערשטער אָפּטיילונג ווערט גערעדט וועגן „ידיעות החושים וידיעות השכל״, וועגן ציל און וויסן „לשמור חוקות ההנהגה מתחלה ע״י יראה בכדי שאח״כ יבואו למדרגת האהבה, אחר שיבינו שזה הוא עיקר שלמותו וזה כל האדם.

די צווייטע אָפּטיילונג טראָגט דעם טיטל: חלק התכלית „מענין מציאות הנפש והשארות והשגחת ד׳ על ברואיו״.

# בײלאַגע נומ׳ 2

(זע זײַט 32)

## װעגן דעם פּראָיעקט, גאָטלאָבער זאָל אָנשרײַבן א כּפּעציעלע מאָנאָגראַפּיע װעגן י. ב. לעװינזאָן לויטן מוסטער פון קײזערלינגס אַרבעט װעגן מענדעלסזאָנען.

דעם 15טן יולי 1863 איז אין אָדעס צװישן לעװינזאָנס יורש, זײַן שװעסטערס זון יעקב־ישראל לעװינזאָן, און אברהם־בער גאָטלאָבער געשלאָסן געװאָרן אַזאַ אָפּמאַך [1]:

ב״ה אלה הדברים שנדברו והתנו בינינו הח״ם (החתומים מטה), היינו ביני אברהם דוב בן חיים הכהן גאָטלאָבער ובין ידידי המשכיל היקר ר׳ יעקב ישראל לעווינזאָהן בן אחותו ויורשו של ידידי המנוח הרב החכם המפורסם, מוהרר יצחק בער לעווינזאָן זצ״ל.

א) אנכי הח״מ קבלתי על עצמי לכתוב קורות ימי חייו של הרב ז״ל בלשון עברית ע״ד (על דרך) שכתב החכם קייזערלינג תולדות הרמב״מן ז״ל בל״א (בלשון אשכנז).

ב) הר״ר יעקב ישראל מחוייב לתת לי כל הכתבים והאגרות של הרב ושל חכמים אחרים שכתבו אל הרב מכל הנוגע לנחלת קורות חייו. הכתבים הנ״ל ישלח לי אחת אחת כפי שיעלה בידו להעתיקם בכתב מפורש, באופן שבמשך שלשה חדשים מיום דלמטה יגיעו כלם לידי למען אוכל לעשות מלאכתי על פיהם.

ג) במשך ששה חדשים מעת שיגיעו לידי כל הכתבים מחוייב אני לכלות מלאכתי ולשלוח הספר כלו אל הר״ר יעקב ישראל הנ״ל.

ד) הר״ר יעקב ישראל מחוייב להדפיס הכ״י הנ״ל על הוצאותיו כמה עקזעמפלארים שירצה ולכלות מלאכת ההדפסה לא יאוחר ממשך שנה תמימה מיום שיקבל הס׳ כתב־יד ממני ולשלוח לי תיכף מאתים עקזעמפלארים כרוכים (בראָשירט) בנייר צבוע מודפס משני עבריו, היינו: על העמוד הימיני יהיה מודפס השער העברי ועל השמאלי השער בלשון אשכנז, צרפת או רוסיא. וישלח לי הספרים הנ״ל על הוצאותיו.

ה) הברירה ביד ר׳ יעקב ישראל אם יכבד עליו להדפיס הס׳ הנ״ל על הוצאותיו, אז יודיע לי קודם שאגמור מלאכתי ואשתדל אני להדפיסו

---

1 דעם אָפּמאַך האָבן מיר געפונען אין גאָטלאָבערס ניט פאַרעפנטליכטן אַרכיוו.

על הוצאותי במשך שתי שנים מיום כלות החבור ועלי לתת להר״ר יעקב ישראל אחר כלות ההדפסה מאתים ספרים כרוכים כנ״ל.

ו) במשך זמן עבודתי בכתיבת הס׳ הנ״ל עלי לשלוח להר״ר יעקב ישראל פעם בפעם קונטרסים למען ישים עיניו עליהם, אולי ישים עליהם נוספות כפי ידיעתו, ועל הר״ר יעקב ישראל להשיבם אלי בכל פעם למען יהיו כל הקונטרסים תמיד בידי עד כלות המלאכה, ואז אשוב לשלחם אליו כלם יחד.

כל זה נעשה בינינו ברצוננו הטוב
נאום יעקב ישראל לעווינזאהן
נאום אברהם בער בן חיים הכהן גאָטלאָבער.

פון דעם דאָזיקן אָפּמאַך איז אָבער גאָרנישט געוואָרן. א דערקלערונג דערויף גיט גאָטלאָבער אין אַ צושריפט צו אַ בריוו, וואָס ער האָט געשריבן אין אַ האַלב יאָר אַרום (דעצעמבער 1863) נאָכן אָפּמאַך צו צעדערבוימען *. גאָטלאָבער שרייבט צעדערבוימען אָט וואָס:

ראיתי ב„מגיד״ איזה ישפ״ה כותב קורות ימי חייו של הח׳ רי״ב לעווינזאהן זצ״ל, ע״כ יהי מטובך להגיד לר׳ יעקב ישראל בן אחותו של הרב ז״ל כי אמשוך ידי מכתיבות קורותיו אחר כי כבר העמים עליו (?) איש אחר הדבר הזה, ובפרט כי טרוד אנכי מאוד בעסקי סְפָרַי מאין פנות עוד לע״ע אל דברים אחרים ובפרט כאלה הדורשים עמל ויגיעה רבה וקריאה בספרי הרב ז״ל ובכתביו אשר לא שלחם לי רי״י (ר׳ יעקב ישראל) הנ״ל כלל. אולי ברבות הימים אם יחייני ד׳ וימציא לי מנוחת אשים לבי לעבודה זאת.

---

# ביילאַגע נומ׳ 3

## וועגן דער הלבשה־רעפאָרם

(זע זייט 105)

### I

### גאָטלאָבערס מעמאָראַנדום וועגן דער „יידיש־פּויליש־ליטווישער טראַכט״

אין גאָטלאָבערס אַרכיוו האָבן מיר געפונען אַ מיטטיילונג (געשריבן מיט אַ פרעמדער האַנט) וועגן דעם מעמאָראַנדום, וואָס ער האָט דער־

* דער בריוו איז נאָך ניט פאַרעפנטליכט.

לאַנגט אין ייִדישן קאָמיטעט בנוגע דער הלבשה=רעפאָרם. מיר ברענגען
דאָ אייניקע אויסצוגן פון דער דאָזיקער אין פאַרגרײַזטן דײַטשמעריש
געשריבענער מיטטיילונג, וואָס טראָגט דעם טיטל: „איבער די ייִדיש=
פּויליש=ליטווישע טראַכט".

אין מעינעם אים פאָריגען יאהרע דער קאָמיטעט איבעררײַכטען
פאָרשלאַגע צור מאָראַלישען פערבעסערונג דער יודען, האבע איך אויך
ווען נור בײַלייפיג פאָן איינער קליידער=רעפאָרם גערעדעט אונד אַנבע=
מערקט דאס עס פאָן גראָסער וויכטיקייט אונד נוטצען זײַן ווערדע, ווען
די ווײַזע רעגירונג מיין פאָלק פערפפליכטען ווירד זיך ווי דיא איבריגען
לאַנדעס=בעוואָהנער צו קליידען.

דאַ אַבער איינִיגע שריפטגעלעהרטע מײַנער גלויבענס=ברידער
ווידער מיך מיט צעלאָטישער וואוטה געאײַפערט, די פערענדערונג דער
איבליכען קליידערטראַכטע אַלס רעליגיאָנסווידריג ערקלערטען, זאָ פינדע
איך מיך פעראַנלאַסט מײַנע מײַנונג מיט דאָגמאַטישען גרינדען צו בע=
פעסטיגען, אונד וויל דיזע אונאומשטעסליכע בעווײַזע אַנפיהרען:

א) פינדע קיינע אַבצייכנונג אין דער טראַכט בײַ מײַנען גלויבינס=
ברידערן אין אירגענד אײַנעם לאַנדע שטאַט; ווערער אין איירופּאַ
נאָך אין אַזיען אונד אַפריקאַ, נור איינציג אונד אַליין די אין פּאָהלען
אונד ליטהויען וואָהנענדען יודען זינד אין טראַכט ווי אין שפּראַכע צו
איהרע גראָסען שעדען פאָן דען איבעריגען לאַנדעס בעוואָהנערן אויס=
געצייכנעט. אונד וואהרליך נאָך הייט קיין פּאָלנישער פאַנאַטיקער צו
וואַגען בעהויפּטעט (?) דאס אַללע אין אַללען טיילען דער ערדע צער=
שטרייטען איזראַעליטען (די פּאָלנישען אַליין אויסגענאָמען) אין ד י ז ע ם
פּ ו נ ק ט ע געזעטצווידריג האַנדלען.

ב) די פּאָלנישען אונד ליטהוישען יודען זעלבסט מאַכען זיך קיין
געוויסען דאַרויס ווען זי בײַ איהרען רײַזען נאָך דען רעזידענצען זיך
דײַטש אָדער ווייניגסטען רוססיש אומקלײַדען, וואָרויס דײַטליך צו ענט=
נעהמען איזט, דאס דיזעס נור אײַן געזעטץ דער מאָדע אָדער קאַפּריס
איסט אונד ניכט (געזעטץ) דער רעליגיאָן וואָבײַ דער שפּרוך דעם תלמודס
אַנגעוועגדעט ווערדען קאַן: אזלת לקרתא — הלך בנימוסיה (גייסט דו
אין אַ גרויסע שטאָדט, האַלט זיך בײַם דאָרטיקן שטייגער).

ג) ווערן געבראַכט ציטאַטן פון אָנגענומענע אויטאָריטעטן,
„דאס אײַנעם יעדען פרײַ שטייט זיך נאָך בעליבען צו קליידען". דערנאָך
מאַכט גאָטלאָבער אַ היסטאָרישע עקסקורסיע, בײַ וואָסערע אומשטענדן
די פּויליש=ליטווישע ייִדן האָבן אָנגענומען די טראַכט, וואָס זיי טראָגן

ביז היינטיקע צייטן: „אין יעציגען צייטגייסטע אונד 19טען יאהרהונדערט אבער, ווא די מעהרסטען איזראעליטען זיך דעם קריסטען צו נעהערן ווינשען, די איירופעישע זיטענלעהרע אונד קריסטליכע מאראל אנצונעמען — יעצט מוס מאן די טראכט דער קליידער שטעטס פיר די ערשטע קוועלע דעם אונגליקס אונד פאראורטהיילס בעטראכטען. דאס אליין איזט די דיקסטע שיידעוואנט דען יודען פאן קריסטען צו טרענען אין געזעלשאפטליכען ווי אויך אין רעליגיעזען לעבען... יא, די מעהרסטען אונזערער גלויבענסגענאסען ערווארטען מיט זעהנזוכט איינע נייע ארדנונג דער קליידער-טראכט; וויסען רעכט גוט, ווען דער יודע אים אויסערען דעם קריסטען איינעם ווירד, ווירד אויך שוין דעם קריסטען זעלבסט אין בילדונג אונד שפראכע נאך צו האמען. אליין דער שאם — איינער פיר דען אנדערן, ווער דען ערשטען שריט טון זאל... דארום וואגע איך עס צו זאגען דאס דיזער האכוויכטיגע געגענשטאנד יעצט צור רעכטען צייט נור איין איינציגעס פונקעס אינצווווערפען בעדארף, אום די גלוט דעם אייפערס פיר דאס עדעלע אונד רעכטע אנצופאכען. דען נור איין ווינק דער אבריגקייט איזט אינלייגליך גענוג דיזע אבענדערונג אויסצופירען. אונד מיט זעהנזוכט ערווארטעט אונזער נאציאהן נור איין איינציגע אוקאזע דעריבער, וועלכעם מיט זעגען אונד פריידע אויגענבליקליך אין ערפילונג געבראכט ווערדען ווירד.

## II

(צו זייט 105)

א קאפיע פון דעם אין טעקסט דערמאנטן שריפטליכן אפמאך (געשריבן מיט גאטלאבערס האנט) האבן מיר געפונען אין גאטלאבערס ארכיוו, און מיר ברענגען אים דא בשלמות:

גלוי לכל עם בני ישראל אשר בארצנו כי הגדיל אדוננו הקיר״ה חסדו עמנו ונתן דת בכל מדינת מלכותו להיות היהודים לובשים בגדי חופש ככל עם הארץ, איש כמתנת ידו וכברכת ד׳ עליו, העשיר בעשרו והעני בעניו, לא יבדלו בבגדיהם מכל משפחות אדמת רוסיא ולא ישאו עוד חרפה וכלמה על לבושיהם הזרים, אשר רק בעבורם יצחקו עליהם צעירים ולא יחסרו רוק מפניהם. יהי שם אדוננו הקיר״ה מבורך מעתה ועד עולם ולא ימוש מפינו ומפי זרעינו כי גלל חרפת מחרפינו מעלינו. ותחת אשר לפנים כמה מלכים ושרים הקשו את לבבם ולא חסה עיניהם על תולעת יעקב הרמוסה תחת פעמי רגל גאות עריצים וישימו להם חוק ומשפט לבלתי ללבוש בגדי העם אשר הם יושבים בקרבו ויאמרו

לישראל: הִבָּדלו מתוך עדת המצרים! יכירו וידעו כל רואכם כי עברים אתם, עברים שנואי נפש העם נַכו בחרפה לחייכם ואין מידם מציל. הלא כה יגידו לנו סופרי קורות הדורות מראש, ואחד מהמעולים שבסופרים האלה החכם סעגור בספר דברי הימים למלכי צרפת... (דא ווערט געבראכט א לענגערע ציטאט פון סעגורס זווערק וועגן די שאנד-צייכנס, וואס די יידן פלעגן טראגן אין מיטלעלטער אויף זייערע קליידער). הנה תחת ימי בזיון וקצף אלה הֵקים לנו ד׳ רועים נאמנים אשר במקל נועם ינהלו, האובדות יבקשו והנדחות ישיבו בחסד וברחמים במשפט וצדקה, וגם על שה פזורה ישראל יפקיחו עין לחמלה לבלתי תתן לחרפת אדם ובזוי עם, לא יאסרו אסר בנפשם לבלתי שאת בגדי עם חפשי, איש כְּאַוַּת נפשו ישא את בגדיו ואין מוחה בידו. ויותר מהמה הפליא עצה הגדיל תושיה אדוננו הקיסר החסיד יר״ה אשר בראותו כי בושש העם להסיר מעליהם בגדי חרפתם ורבים מעם הארץ מתחסדים לאמור כי בגדי אבותיהם קדושים בעיניהם כאלו כתבניתם... למשה בהר סיני לאמור כזה ראה והלבש את בני ישראל. ואלה עִוְרֵי לב ועין לא ידעו ולא הבינו כי בגדי היהודים אשר נשאו בארצם כבר נאבדו ונשכחו ואין להם זכר עוד אפילו בדברי הימים. והחטאים האלה בנפשותם מרפים גם ידי העם הסרים למשמעתם ומַקשים את ערפם לקרוא מלא על כל איש יודע ומבין החפץ להדמות במלבושיו לאזרחי ארצו. וירא ארוננו הקיר״ה את עָנינו ואת לַחצנו כי לחוצים אנחנו בין חפץ לבבינו ובין פחד האנשים האלה, ויקם ויושיענו בפקודה נכונה וישרה מעידה על צדקתו ורחמיו להיות כל איש ישראל לובש בגדי המדינה ככל תושבי הארץ לא יבדל מהמה. הימים הטובים האלה יחלו משנת החמשים למאה הזאת שאנו מונין בארצות הנוצרים (1850) ועוד חמש שנים יוכלו דלות העם לשאת בגדיהם הישנים לבלתי יאבדו חִנָם וכופר הושת עליהם במשך השנים האלה כאשר יערכו אותם... איש על מחנהו ואיש על דגלו. והנה כאשר לא יכחד מאתנו יודעי דת ודין כי אין חפץ לאדונינו הקיר״ה בכופר ורק לטובת אביוני אדם עשה זאת להקל מעליהם באשר אין לאל ידם ללבוש מהרה בגדים חדשים... לכן הסכמנו יחד אנחנו הח״ם (החתומים מטה) אשר בחסד אלהים עלינו תשיג ידינו לקיים מַהֵר את דברי הפקודה הישרה להסיר מעלינו הבגדים הנכרים והזרים במדינתנו וללבוש בגדים חדשים כמנהג המדינה. ולמען לא יבוש איש מפני רעהו ולא יאמר איש אל אחיו לכה אתה בתחלה עשה לך שמלה חדשה וקצין תהיה לי ואני אבוא אחריך ואמלא את אשר עשית כדרך כל האנשים, ע״כ הסכמנו להגביל יום אחד... ביום ההוא נלביש כלנו יחד את הבגדים החדשים למז״ט והיה לנו

היום הזה לששון ולשמחה, והיושב בשמים ורואה כליות ולב עמנו הוא יברך את פעלנו ומעשה ידינו יכונן ויתן בלב כל אנשי עדתינו לעשות כמעשנו לשמור מצות ד׳ ומלך לעשות ולקיים ככל הכתוב בספר פקודתו. וד׳ אלהים יתן לנו רחמים וישמנו לחן ולחסד בעיני העמים אשר בצלם אנחנו חוסים וכהחלף בגדינו יחליפו המה את מחשבתם לטוב לנו כל הימים ויקוים בכל העולם מקרא שכתוב: ביום ההוא יהיה ד׳ אחד ושמו אחד.

---

## ביילאַגע נומ׳ 4

(זע זייט 111)

## אַן אויפרוף בנוגע דער שול-רעפאָרם

אין גאָטלאָבערס ארכיוו, וואָס געפינט זיך אין אונזער רשות, האָבן מיר געפונען אַן אינטערעסאַנטן דאָקומענט, וואָס איז פאַרפאַסט געוואָרן אין אָנפאַנג פון ליליענטאַלס טעטיקייט. דער דאָקומענט איז אָן אַ טיטל, עס איז אָבער קלאָר, אַז דאָס איז אַן אַגיטאַציאָנס-אַרטיקל, וואָס האָט געוויס צירקולירט אין אָפּשריפטן צווישן משכילישע קרייזן. דער פאַרפאַסער איז ניט אָנגעוויזן. צום שלום איז בלויז פאַרצייכנט דער נאָמען „צבי". עס איז אָבער אַ גרויסער ספק, אַז דאָס זאָל זיין צבי הירש קאַצענעלענבויגען. דער קריגערישער טאָן קעגן חסידות באַרעכטיקט גיכער די השערה, אַז דער פאַרפאַסער שטאַמט פון וואָלין אָדער פון פוילן. מיר ברענגען דאָ דעם דאָקומענט בשלמות:

מה קול הרעש הזה במחנה העברים אזני תשמענה? מה זה עיני תראינה המון בני האדם כמי הים יגורשו? אחד באחד יפגושו, יתגודדו, יתלחשו, יתלכדו, יתפרדו? לאלה ישורו עצב ויגון מחרכי לבותיהם ולאלה ששון נשקף וגיל מעל פניהם! מה כל החליפות האלה? מה כל ההפכיים יחד? אל השמחים אראה ואשתומם, השמחה מה זו עושה? הלא אתם דורשי החכמה השנואים בשער והמודוכאים בחוצות, המוכים בלי חמלה והמורדפים בלי חשך, הנודדים ללחם ואין, עליכם אבד (?) חמלה ומדוע תשמחו ללא דבר? מדוע יצהלו פניכם? ואל העצבים אביט ואתבהל: מה לך החנופה כי תנוסי, הרשעה תסבי לאחר, אמונת הכזב תסתירי פניך, ואת החסידות אשר עלית על כלנה, מדוע תברחי בהחבא? הלא את בת ההצלחה, שרית במדינות פוילין, ליטא ורייסין, מלכת כאות נפשך; את היום על בית ישראל ועל פיך ישק כל זרע יעקב. מי זה הרים ידו ורגלו לעשות קטנה או גדולה ואת פיך לא שאל?

מי זה יהולל בשערים ואת לא הללתהו? או מי יהיה לחרפות ולא חרפתהו? מי זה ישקט אם לא תשקיטהו? או מי זה ידוכא ולא דכיתו את? מי זה היה לראש ולקצין בישראל אם לא תדעי? מי זה ערב את לבו למרות עיני כבודך, או מי זה לפניך יתיצב? תחתיך ישוחו כל ילידי החכמה, וכל בני הצדק תשימי מרמס כטיט חוצות. גזרת, צוית, פקדת — ויהי! לך יובילו בני ישראל שי, עשירי עם במנחה יחלו פניך, לך הכסף ולך הזהב, כל אבני יקר וסגולות מלכים, גם סוס דוהר ומרכבה מרקדה. מדי יום ביומו טבחת טבחך, יינך מסכת אף ערכת שלחנך, שלחת לזדון, קראת לרשע גם כל בני עַוְלָה היו מאוכלי שלחנך; מפתך יאכלו ובחיקך ישכבו, כל עונג וכל עדן תֻּכּו לרגליך וכל אשר שאלו עיניך ולא אצלת מהם. על כן שמנת, עבית, הרית עמל ולא באבת, אף שקר ילדת ולא חלית. עתה למה תריעי ריע, תספקי כפים?.. מי הפר שַׁלְוָתֵךְ, נא, אל תכחדי? אולם לא תעני, שפתותיך תאלמנה; נגע עד לבך, לכן נחמסו אמריך. אמנם אם לא תגידי, את כל קורותיך אנכי אגידה, כאבך אנכי יודע החודר כל חדרי לבתך. אך יש אלהים, יש שופטים בארץ, לכל שת תכלה, קץ שם לחושך. לא לעד ימשול הזדון, לא לנצח הצולה פורחת, שמחת חנף עדי רגע, וזמר עריצים מקרוב. משמים אל ארץ הביט אלהים ראה בעני עמו, ראה את כל אשר את עושה לעם הזה, כי השחת, תעבת עלילותם, כל הרעות למדת את דרכיהם ותלמדם לטרוף טרף רשע ושתות יין חמסים, לפרוע מוסר ולשנוא תוכחת. לאחוז בסכלות ולהחזיק באִוֶּלֶת. ליתן דופי בחכמה ולהבוות דעת בקהל רב, את שני קצותיו אכלה אש זדונך, ותוכו נחרו נכליך. לכן היה ישראל לחרפה בגוים וקלסה בכל הארצות שנואי נפש לכל ישר הולך. את כל זאת ראה אלהים ויחמול על עמו ויקנא לבחירהו, ויעיר את רוח מלכנו לפרוש עלינו כנפי חמלתו ולהשקיף עלינו בעין חודרת להשאיר לנו אחרית ותקוה בארצנו. ויהי בהשקיפו על כל ערי אחב"י (אחינו בני ישראל) תחת ממשלתו, על עיר רִיגָא עמד עיניהו. וירא שם בן איש חיל ורב פעלים חכם ונבון דעת, משכיל ומוצא חן, ד' נתן לו לשון למודים דורש טוב לעמו ומדבר נגידים. וייטב בעיניו ויצוהו על היהודים, בחור מעם הרימהו לרעות ביעקב עמו ולהנחותם בתבונות כפיהו לבל ישחקו עליהם בשער, ולא יהיו עוד לשמצה בגויים. אז חלף רוח ליליענטאל ויתחזק באלהיו וילבש צדקה כשריון ויעט כמעיל קנאה, ויעבור בכל ערי אחב"י, וירא ראשית לו לבנות בית נאמן לחכמה ומעון לתבונה, יען חכם הוא כמלאך אלהים לדעת כי רק על ידה יִוָּשְׁעוּ בני ישראל, ירפאו ממשובתם. היא תברא להם לב חדש ורוח נכון תחדש בקרבם להשכיל. היא תעמיד רגליהם במישור, היא תישר שבלם לבקר

בין טוב לרע ולהבדיל בין אמת ושקר, להבין כל דבר לאשוריו; היא תטע בלבם יקרת האדם ואהבת האנושית, היא תתוה לפניהם ארחות מוסר ודרך חיים למען יתנהגו על פי מדותיה בל יעשו דבר קטן וגדול כי אם לפי דבריה. אלה שמעת ותתחלחלי, באה עד אזניך ויאחזוך חבלים, כי כלתה אליך הרעה. אמנם כאשר שמעת כן עוד תחזי בקרב ימים. עלה אריה מסבכו ומשחית נחלתך יצא ממקומו לשומך לדומן ולאשפתות חוצה. רדי מכבוד, בת בליעל! כי המלך דבר -- רדה! שבי על עפר אשת הזימה, אין כסא אין מזח עוד! שפחה לא תירש גבירתה. בא הקץ עליך, מפרי דרכך תאכלי וממועצותיך תשבעי. לא עוד תרדפי אחרי אוהבי החכמה לא עוד תשיבם עד דכא, לא עוד תסירי מהם משען לחם ומים. ואף כי צוית את עשיריך בסתר ולהתנכל עם האיש ליליענטאהל באשר יכולו, ואם לא יוכלו לשים תהלה בחכמה יתנו דופי ברורשיה לאמר: כי בגדו בדת ואמונה וכי נקל להם לעבור על מצות ד׳ בתוך קהל ועדה, אשר על כן יתן להם מורים מעם נכר, למען ישאו כל אוהבי דעת חרפת רעב, ומבני נכר אולי תקחי ממשלתך בכסף וזדונך במתת ידים. כה דמית, אבל שקר חזית, לא תוכלי לו, לא תתנכלי אליו, לא תתגנבי אל חדרי לבבו, כי חכמת אלהים בקרבו להבין אל תרמות לבך, פלס ומאזני משקל בלבבו לפלס אמרים אם כנים אם אין. כל קציניך מאפס לו נחשבו, וכל עשיריך המה מהבל יחד. לא יביט אל מראיהם, גם לא אל רום עיניהם הנוצצים בעין נחושת קלל וכל רוח בקרבם אין. אך אל זה יביט, אל עני ונכה רוח אשר אין לו מאומה בלתי גויתו הנקיה וישרת לבהו ואשר אסף מעט תבונות בזיעת אפו וביגיעת נפשו קנה לו מעט מדעים. יודע הוא כי לא אמרה החכמה תוהו בקשוני, דרשוני, שחרוני ואני אתן להם חסרון לחם ונקיון שנים. כי כה אמרה החכמה: דרשוני וחיו! בקשוני — ואנכי אמלא כל מחסורכם, כי אני אוהבי אהב ומשחרי אשביע לחם. הנה ימים באים ולא יאמר עוד: לא לחכמים לחם! כי מפרי כפיהם יאכלו חכמי לב ומעמל נפשם ישבעו משכילי, והיה להם פרי החכמה למאכל ועליה לתרופה. ואת החסידות בת תפתה ואבדון! תכלי כעשן תרדי לבאר שחת כי משם לקחת.

צבי.

# בײלאגע נומ׳ 5

(זע זײַט 120)

## ליליענטאַלס בריוו צום ווילנער משׂכּיל הירש קאַצענעלינ׳בויגין

10 יולי 1842.

לאהובי ידידי היושב בקירות לבבי, המוכתר בכתר תורה ומדע... אוהב צדק ומשרים ושונא ההולכים במסתרים, הוא החריף והבקי מ׳ צבי הירש קאצענעלינבויגין — שלום שלום עמו ועם מחנהו.

רב תודות לאל עליון אשר הביאני עד הלום, הוא רואה בעניי בוחן קירות לבבי ומישרים מצא בו וגם הוציא לאור משפטי. כי הנה זה ארבעה ימים ניתן האוקאז מאדוננו הקיר״ה נכתב ונחתם בטבעת המלך וגם נשלח לכל המיניסטרין וגם לבית הסענאט להודיע ברבים ולמלאות אשר מלאו לבו הקיר״ה לעשות ולצוות לטובת אחינו ב״י. ועם גם בשבוע הבע״ל יקראהו אהובי אדוני בעצמו אין דער צייטונג דעס סענאטס — אני לא יכולתי להתאפק מכתוב לו עוד היום ולהודיעו את אשר הצליחני ד׳ לדרוש לטובת עמי להפיק רצון הממשלה ולהרים קרן בני ישראל בין העמים אשר אמרו „אך סכל ושפל הגוי הקטן הזה״. והנה זה דברי האוקאז בקיצור — אחר דברי המיניסטער אל אדוננו הקיר״ה נכתב ונחתם (?):

א) כל בתי מדרשים, קלויזין וישיבות בני ישראל אשר נמצאו במדינת רוסיא יהיו תחת השגחת המיניסטער כאשר נצטוה עוד בשנת 1827, ויתנהגו על משפטי האוסטאוו ההוא.

ב) לסדר על משפט נכון השוללען ותיסד בעיר הבירה פ״ב (פעטערבורג) עם המיניסטער נאראָדנאיע פראָסוועשטשעניע קאָמיטעט — סנהדרין ובו ישבו ד׳ רבנים יְרֵאֵי ד׳ הבקיאים והחריפים, ובתוכם יהיו גם הרב הג׳ מוואלאזין, דירעקטאָר שטערן מאָדעסע ואנכי הקטן והצעיר באלפי ישראל, ומספר בעלי בתים לא נסדר עוד אבל יהיו בימים אחדים על מעמדו (?), והאנשים האלה יִקְראו לעיר הבירה עם המיניסטער אופאראָוו גם הוואָיענע גובערנאַטאָר [1].

---

1 ליליענטאַלן קומט אָן שווער דער העברעיִשער סטיל, און אייניקע פראַזן זײַנען אזוי אומבאהאָלפן, אז עס איז זיי שווער צו פארשטיין. די לעצטע פראַזע דאַרף, ווי עס שײַנט, באַדײַטן, אז די קאָמיטעט-מיטגלידער וועלן באַקומען די אײַנלאַ- דונג פון דעם מיניסטער אוואַראָוו און דעם וואָיעני גובערנאַטאָר.

ג) הארון המעניסטר בעצמו יצוה איך יתנהג הקאמיטעט ואיך יהיה מעמדו ומכונו פה בבירת המיניסטערסטווא.

ד) האנשים האלה תחת השגחת פרטי האדון המיניסטר (פערזענליכע לייטונג דעם מיניסטערס) יבואו ויתחכמו איך ינהגו הבתי מדרשים החדשים, יראו ויקראו האוסטאוו החדש אשר נתחבר ונחתם מהדעפארטאמענט ויתיעצו איך יתיסדו קאנסיסטארין אן שול-קאמיסיאנען בכל גובערניע; וקאנסיסטאריען אחת תהיה על כלם לסדר סדר נכון להשגיח על התלמידים ולומדיהם. ובמשך ג׳ חדשים תגמר המלאכה ואחר כך יתיסדו הבתי מדרשים. ויקראו מאשכנז מלומדים, אנשים חשובים להאסיפה הזאת.

ה) ואם יגמר (?) המלאכה יקבלו מן המיניטערסטווא נאגראזדעניע, והקיר״ה אמר ליתן עוד מתנה לכא״וא (לכל אחד ואחד) כפי כבודו ומלאכתו.

והנה עיני אדוני רואות כי לא לָבַשתי רוח הקנאה וכל תַאות הנקמה הסירותי מלבבי, אמרתי מה לי ולהם אשר הרימו עלי קולם הסכלים, לא אותי מאסו כי אם מצות המלך ושריו. וידעתי גם ידעתי כי רעה נגד פניהם, ואם אין עתה ישועה קרובה לבוא יחרה אף הקיר״ה עליהם ומי יודע מה יביאו בימים הבאים. לכן להשכיך חֲמַת השרים ולהרים קרן עמנו אמרתי הנה האנשים המורדים האלה יראו כי גדולי הדור ועמודי התורה והיראה יקראו לבית המלך וישמעו רצונו ומשפטו וילכו וישובו אז לביתם להגיד לבית ישראל כי רק טובת אחינו בני ישראל דורש הקיסר הרחמן. ואמונתנו הקדושה תהיה על מעמָד כאשר היתה, ובנינו ובנותינו אשר אינם יודעים בין טוב לרע ילמדו כל החכמות והמלאכות למען יחדלו האביונים מן הארץ אשר עתה מבלי מספר המה. למען יאמרו כל העמים: „רק עם חכם ונבון הגוי הגדול הזה״. וכאשר אלקים אחד ומיוחד, כן עבדיו המיחדים שמו באחד מיוחדים המה בבינת תורה ומַדָע.

ואם תאמר: האוקאז הזה לא יתן לנו לחם ושמלה, מה לנו חכמה ומדע אם לחם אין להביא ובבית אין שִׂמְלָה? תדעו ותבינו כי האוקאז הזה אך הראשון הוא, ולפני סוף השנה יבואו עוד שלשה או ארבעה ומהם תראו כי הממשלה אך טובת אחינו ב״י דורשת, והימים הבאים טובים יהיו מן הימים הראשונים אשר אך ללעג ולקלס היינו. אך השעה שוחקת לנו ולב הקיר״ה מלא חן וחסד על אחב״י. ואם הפועלים אינם עצלים ויעשו בלב שלם ובנפש חפצה להפוך רצון הממשלה — השכר הרבה וסוף הכבוד לבוא. לכן אדוננו המיניסטער אשר מלאו להוציא לאור משפטנו, צוה לי לילך וליסע מגובערניע לגובערניע ומעיר לעיר

לבאר לאחינו את תוכן האוקאז הזה ורצון האוקאזין הבאים עלינו לטובה, ולאמור לאחב"י (לאחינו בני ישראל) לכתוב אל הקיר"ה דברי תודה ושמחה. וכי יאמרו ויספרו צרתם ושפל מדרגתם, ואם המה בלב שלם יעשו כל אשר יכולים להפיק רצון המלך, תקותם כי גם הוא בחסדו ירחם עליהם לתת להם כל משען ומשענה. והמיניסטער אמר: אם הקיר"ה יקרא הכפרים האלה ימלא לבו שמחה ויחז רק א"ע למלאות כל משאלותיהם ולהרם קרן עמנו בין קרני העמים החוסים תחת ממשלתו. גם נצויתי לדבר עם חשובי קרית מדינות רוסיא למען יהיו נראה ונבחר (?) האנשים אשר ישבו בהקאמיטעט ובגובערנסקי קאנסיסטאריען. ואם יגמר המלאכה אזי יראו שונאי ויבושו. כי לא לכבוד עצמי דרשתי טובתם ושלימותם חפצתי. לכן היה אלקים עמדי והצליחני בדרך אשר הלכתי. בעוד שני שבועות אשוב על ימים אחדים לווילנא, ובקשתי לאמר לגדולי העיר הזאת לשכך כעס וחמה, לבוא לקראתי בדברי אהבה ואחוה ואז בשמחה וחדוה אקבלם בסבר פנים יפות.

כ"ד מנחם ליליענטהאל

עיקר שכחתי להודיע שגם האדון הגדול מאנטיפיאָהרע מלאנדאָן וקרעמיע מפאריז נקראו להאסיפה הזאת.

---

## ביילאַגע נומ׳ 6

(זע זייט 164)

## וועגן האַכמאַנס ציון-ליד

האַכמאַנס ליד האָט צום ערשטן פאַרעפנטליכט ז. וו. מענדלין אין זאַמלבוך „כּנרת" (אָדעסאַ, 1890, 110—112) מיט פאָלגנדיקער הערה: השיר הזה אשר כמעט נהיה היום לשיר-עם, נמצא אתי בכתובים זה כשלושים שנה. האיש אשר נתנו לי אז הגיד לי כי מחברו הוא הרב לעדת האשכנזים בפאריז הסמוכה לבאָברויסק, ר׳ מרדכי, מודעו ומכירו (שם משפחתו לא אזכור). ויוסף לספר לי את המקרה אשר עוררהו לחברו. פעם אחת בא לבית אחד הגבירים שם וימצא את בנו הנער ישיר את השיר: „אַן דער קוועלע זאַס דער קנאַבע" לשילער, ויאמר לו: למה זה לך לנגן שירים בשפה נכריה, הבה אחבר לך שיר בשפתנו הקדושה אשר תוכל לשיר אותו גם כן בניגון.

דעם טעקסט פון דעם דאָזיקן ליד האָבן מיר אויך געפונען אין יהל"לם האַנטשריפטליכער לידער-זאַמלונג „מנחת יהודה" (אויס דעם

אָנפאַנג 60קער יאָרן פון פאָריקן יר'ה), וואָס איז געווען אויפגעהיט אין דער לענינגראַדער אָפּע־ביבליאָטעק. דעם ליד האָט יהל״ל פאַרויסגעשיקט אַזאַ באַמערקונג: שירת ציון אשר שָׁר המליץ ר' מרדכי הוכמאַן מקלעצק הַלֵוִי. אין יהל״לס מאַנוסקריפּט גייען די סטראָפן אין אַ גאַנץ אַנדערן סדר, אויך איז דער נוסח אין פיל פערזן אַן אַנדערער. אין יהל״לס וואַריאַנט געפינט זיך אויך פאָלגנדיקע סטראָפע, וואָס פעלט אין דעם געדרוקטן טעקסט:

נחשבת נכריה בשערי ירושלים
לפנים ישבו מלך ושר,
ואל כל אשר תשא בה עתה עינים
מה תראי אך אויב וצר.

---

## ביילאַגע נומ' 7

(זע זייט 79)

## וועגן גאָטלאָבערס השתדלות צו עפענען אַ יידישע דרוקעריי אין קאַמעניץ

אין קאַמעניץ, וווּ גאָטלאָבער האָט פאַרבראַכט אייניקע יאָר אַלס לערער פון אַ יידישער רעגירונגס־שול, האָט געוווינט זיינער אַ באַקאַנטער, אַ רייכער יידישער סוחר דוד קריז, אַ באַזיצער פון אַ דרוקעריי אויף אייראָפּעיִשע שפּראַכן. אין 1862, דעם ענד־טערמין פון דער דרוקעריי־מאָנאָפּאָל, האָט גאָטלאָבער באַרעגלייגט קריזן, יענער זאָל דערלאַנגען אַ ביטע־בריוו, מען זאָל אים דערלויבן צו עפענען ביי זיין דרוקעריי אַ יידישע אָפּטיילונג. גאָטלאָבער, וואָס האָט דעמאָלט פאַרנומען אַ לערער־שטעלע אין אַלט־קאָנסטאַנטין און געלעבט אין דחקות, האָט געהאָפט, אַז באַם דער פּראָיעקט וועט דורכגעפירט ווערן, וועט זיך דורך דעם באַדייטנדיק פאַרבעסערן זיין מאַטעריעלע לאַגע. ער האָט גערעכנט, אַז מען וועט אים באַשטימען פאַר אַ צענזאָר פון די יידישע אויסגאַבן, און וווינענדיק אין קאַמעניץ, וועט ער אויך קאָנען ביי דער דאָרטיקער גימנאַזיע פאַרנעמען די לערער־שטעלע פון יידישן „זאקאָן באָזשי״; חוץ דעם וועט ער אויך האָבן די מעגליכקייט צו דרוקן זיינע אייגענע ווערק אונטער די גינסטיקסטע באַדינגונגען. בכדי קריזס ביטע־בריוו זאָל האָבן דערפאָלג, האָט גאָטלאָבער געשריבן עטליכע בריוו קיין פּעטערבורג צו זיינע באַ־

טאַנטען: דעם באַוווסטן אברהם פירקאָוויץ און דעם משומד פאָלקאָוויץ. גאָטלאָבער האָט זיי גערעכנט פאַר „קרובים למלכות" און חשובים בײַ גרויסע שררות.

די דאָזיקע נאָך ניט פאַרעפנטליכטע בריוו זײַנען רײַך מיט אינטעַרעסאַנטע פּרטים, און מיר ברענגען פון זיי דערפאַר אייניקע גרעסערע אויסצוגן:

א) אויס דעם בריוו, וואָס גאָטלאָבער האָט געשריבן פירקאָוויצן אין דוד קרײַזס נאָמען ר"ח סיון 1863:

... זה ימים רבים שמתי עצות בנפשי לבוא לפני כבודו הרם במגלת ספר להציע לפניו מבוקשי ומחשבתי הטובה אשר יעצתי לעשות למען אהבתי את עמי וחכמת סופרינו אשר כבר היו לעולמים ואשר עוד חיים אתנו היום ולבקש מכבוד תורתו להיות לי לעזר לפועל טוב במליצתו הרמה והנשגבה, יען ידעתי כי כבודו גדול בעיני השרים היושבים ראשונה במלכות ולדבריו הנאמנים יטו אוזן קשבת... ועתה אגידה לאדוני את שאלתי ובקשתי:

לא נכחד מכבודו הרם את אשר ישבו בני ישראל בארצנו ימים רבים ללא דפוסים וללא ספרים ותהי נפש העם מרה וירגנו באהליהם על שני המדפיסים בווילנא ובזיטאמיר אשר שמו עול ברזל על צוארם ומועקה על מתניהם... לשלם תשלומי כפל וארבעה וחמשה בעד כל ספר אשר היתה את נפש איש מישראל להביא בצל קורתו. וזה האחרון (המדפיס מזיטאָמיר) הכביד אכפו על העם, כי מלבד אשר הוקיר השער... יותר מזה הרבה להרע עם ספרי החכמה אשר גרש אותם מהסתפח בנחלת דפוסו ולא נתן להם חנינה. את אלה ראיתי ותחת עיני על חכמת ישראל ובינת נבוניו אשר נסתרה באשמת המדפיסים לכל חטאותם. ויען כי ברכני אלקים בעושר ונכסים... נדבה נפשי להכין בית־דפוס לספרי ישראל כאשר כבר עשיתי לספרי העמים, אפס כל עוד היו הדפוסים תחת סבלות מדפיסי ווילנא וזיטאָמיר מטעם הממשלה לא יכולתי להוציא מחשבתי הטובה אל הפועל, אבל יגעתי ועמלתי לפקוח עיני הממשלה הטובה על זאת, כי לא טוב היות המדפיסים האלה לבדם. ועתה אחר אשר בחמלת ממשלתנו יצאנו מעבדות ווילנא ומתחת סבלות זיטאָמיר, אמרתי להחיש מעשי ולהציב יד ושם לדפוס עברי חדש פה בעיר מושבי. והנה ידי עוד אסורות בעבור כי אין צענזאָר מטעם הממשלה בעירי והדבר הזה תולה בדעת המיניסטר לעסקי חול (?) להושיב צענזאָר בכל מקום אשר ימצא לנכון. והנה ידעתי גם ידעתי, כי לב הקיסר החסיד והרחמן ולב שריו הטובים והנכבדים טוב עלינו ורק טובת כל תושבי הארץ הם דורשים בלב שלם ונפש חפצה, וכל אשר המה עושים הכל

כאשר לכל לתכלית טוב ומועיל, אפס בכל טובם וישרת לבם לא אלהים המה לדעת כמוהו בסקירה אחת את כל הנחוץ לעשות, ע״כ ישימו תחתיהם פקידים ונציבים, וגם הפקידים האלה לא יעשו דבר מבלעדי שרים אחרים המופקדים תחתיהם, וכל אשר ירדו המעלות האלה אחורנית כן תמעט קנאת האמת והצדק בלב השרים הקטנים, ויש מהם אשר לא ידאגו לכל דבר טוב להוצאהו, בי אל תועלתם ישאו נפשם ודי להם כי ישכרם אתם ופעולתם לפניהם. לכן האיש אשר בתוך עמו הוא יושב הרחק מראשי שרי המלכות, החפץ לעשות טוב בעמו, הנה דרכו משוכת חדק ובכל מקום ימצא מכשולים לפניו אם לא ישכיל למצוא עצה ותחבולה לפסוח ולדלג על הפקידים הקטנים האלה אשר רק לבצעם עיניהם ושמש צדקת הקיסר יר״ה לא זרחה עליהם ולאורו הגדול לא התחממו להוציא לפעולת אדם כח מעשיו ורצונו הנעלה. גם אני בידעי כי טובה גדולה תצמח לכל ישראל תושבי ארצנו אשר לאלפים ולרבבות חונים בפלך פאדאליע ובפלכים כביב לו כוואליניען ובעססאראביע ורוסיא החדשה ועוד, וערי הדפוסים העברים רחוקות מהם מאוד ובעמל ויגיעה ובמחיר רב יביאו אליהם הספרים הנדרשים להם מהדפוסים הרחוקים או מחוץ לארץ אשר לא כדת — אמרתי לפתוח לפניהם לרוָחָה בית דפוס חדש ומהודר כיד ד׳ הטובה עלי ולהכין פועלים מהירים במלאכתם ומגיהים חכמים ונבונים. אבל מי יביע רוחי לשר המשנה ומי יעיד עלי כי כונתי לטובה ולא לתועלת עצמי... וכי ראוי ונכון וישר ונאמן להושיב פה צענזאר עברי למען הקים בית דפוס על תלו? ואל מי יטה המיניסטר החפץ טוב וצדק אוזן קשבת? אדוני הנכבד! הנמצא כמוהו איש נבון וחכם ודורש טובת כל מפלגות שבטי ישורון וחכמת חכמיהם! בו בטח לבי ובצדקתו הנאמנה והנודעת בארץ, כי יאבה בטובו להיות לי לפה ולמליץ להוציא משפט צדקי לאור להטות לב הממשלה הכבודה להקים פה בעירי איש נאמן למבקר (צענזאר) ולתת לי זכות ומשפט לפתוח דלתות בית דפוס הדר לספרי ישראל ע״פ הרשיון הנתן כבר לכל בני עמנו בערים אשר נמצאים בם צענזארים על האופנים המבוארים בהפקודה הרוממה...

צו דעם דאָזיקן בריוו האָט גאָטלאָבער בײַגעלייגט זײַן אייגענעם בריוו צו פּירקאָוויטץ, וווּ ער בעט אים זייער, ער זאָל זוי ווײַט מעגליך באַהילפיק זײַן „לידידי הגביר המפורסם והמשכיל הנכבד האוהב עמו בכל לבו ה״ר דוד קריין״ אין זײַן זייער נוצליכן אונטערנעמען. צום סוף בריוו ווײַזט ער אָן פּירקאָוויטץ: „לא אכחד מאדוני כי א נ י גם טובת עצמי אני דורש בדבר הזה. כי רחקו מאוד הדפוסים מעירי (מלבד דפוס זיטאָמיר אשר נעל שעריו בבריחי ברזל לפני כל ספר חכמה ומליצה) והמדפיסים אבירי לב ומוצצים את דמי חמחבר עד בלתי השאיר לו

שריד מכל עמלו ולכן מאוד נכספתי כי יוציא הגביר המשכיל הזה את כונתו הטובה לאור ובצלו אחיה גם אני, כי קרוב הוא אלי במקום ובכונה טובה ובכל אפשרותו יתמוך ידי להוציא ספרי הרבים לאור הדפוס.

נאָך דעם בריוו גייט פאָלגנדיקער כאַראַקטעריסטישער P. S.: נודע לי הסבה כי יכבד על הגביר הר״ד קרייז להקים בית דפוס, הוא כי המדפיכים מזיטאָמיר אשר דרכם לילך ולהזיק הם המעתדלים להרע לו בדבר הזה, יען כי הר״ד היה נגד המונופוליא שלהם אשר השחיתה את דרכה. ולכן מהראוי לכל מבקש טוב וחסד לעמוד לימינו ולהצילו מכף מתקוממנו לטוב בית ישראל.

ב) וועגן „טובת עצמו״, וואָס גאָטלאָבער האָט געהאָפט פון קרייזס אונטערנעמען, רעדט ער מער באַשטימט אין זײַנע בריוו צו פּאַלקאָוויצן פון 7טן מאַי און 30טן סעפטעמבער 1863:

גם אתה אדוני וידידי ידעת את הגביר הנעלה והנכבד הר״ר דוד קרייז מקאַמעניץ הרוצה לזכות את ישראל ולהקים בית דפוס מהודר ומתוקן לספרי חכמי ישראל, ופנה אל הרב החכם הישיש הר״ר אבן רש״ף (פירקאָוויץ) בבקשתו להמליץ בעדו למען תאבה הממשלה לשלוח שמה צענזאָר לספרי עברים, כי רק אז יוכל להקים בית דפוס עברי. ועתה אם יש לאל ידך תהיה נא ידך עמו בדבר הגדול הזה כי באהבתי אשבע לך, כי רק לטובת העם כונתו. מדי כתבי עלה על דעתי לרמוז לך: אולי תוכל להסב פני הדבר שהמשרה הזאת (משרת צענזאָר לספרי העברים בקאַמעניץ) תנתן על שכמי! ומה טוב יהיה אז חלקי: כי זה כל תשוקתי וכל תאותי בארץ כי ספרי אור יצאו. ומהנקל יהיה לי אז לעשות הדבר הזה. אנכי רמזתי לך ואתה עשה כחכמתך וחלק דברי אלה גם לידידנו הישיש ד׳ יחייהו וישמרהו, ואולי גם ליתר האנשים אשר תמצא לנכון.

אינם צווייטן בריוו שרײַבט גאָטלאָבער פּאַלקאָוויצן: אם יתנו רשות לר״ד קרייז לעשות דפוס עברי בקאַמעניץ אשתדל שיתנו לי בשם מקום מורה־הדת בגימנאַזיום אשר שכרו 400 רו״כ. אז תכתוב ביחד עם הרב הישיש (פיקאָוויץ) לר״ד קרייז, כי ישמע אליכם תחת אשר הושעתם לו, לנקוב לי שכר צענזאָר מאתים רו״כ לשנה ודירה בבית דפוסו, ידעתי כי ישמע ויתן בנפש חפצה.

צו דער זעלביקער צײַט שרײַבט גאָטלאָבער אַ לאַנגן בריוו פירקאָוויצן, אויך צו אים ווענדעט ער זיך מיט דער ביטע:

ולו הואלת אדוני להטות לב המיניסטר להרשות לה׳ קרייז לעשות דפוס עברי בקאַמעניץ ולתת לי שם מקום מורה בגימנאַזיום לתלמידי

בני ישראל יסודי הדת (אשר שכרו כפי שנודע לי 400 רו״כ) ומאה רו״כ לפחות יִתן לי בתור צענזאָר עברי, וידבר אח״כ באזני קרייז שלא יפחות גם הוא ממאתים רו״כ לבד מקום לדור שם אני וביתי בחצר הדפוס עצמו (כי בַּיִת נכון ונשא לקרייז אשר שם הדפוס). כי עתה הוצאתני מעבדות לחרות ומאפלה לאור גדול. כי זה הוא המקום אשר אנכי מבקש! דפוס! זה חלומי מנעורי, מילדותי, ועד זקנה ושיבה!

גאָטלאָבערס און קרייזס השתדלות וועגן אַ ייִדישער דרוקעריי האָט ניט געהאַט קיין גרעסערן דערפאָלג, ווי אַקסענפעלדס פיל בקשות. די דערלויבעניש צו עפענען אַ ייִדישע דרוקעריי אין קאַמעניץ האָט קרייז ניט באַקומען.

# הוספות

צו ז׳ 123: דער אָריגינאַל־טעקסט פון בן־יעקבס „מעמאָראַנ־דום״ וועגן דער ווילנער ראַבינער־שול איז פאַרעפנטליכט אין „פון נאָענטן עבר״, I, 1937, 27—39.

צו ז׳ 131: די דאָזיקע לעגענדע, אַז מענדל לאַנדסבערג זאָל האָבן פאַרפאַסט דעם „ספר הקונדס״, איז, ווי עס שיינט, געווען גאַנץ פאַרשפרייט אין די משכּילישע קרײַזן, און אינם נעקראָלאָג נאָך לאַנדס־בערגס טויט, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין „המליץ״ (1866, נומ׳ 5), האַלט צעדערבוים פאַר נייטיק אָנצווײַזן, אַז דער פאַרשטאָרבענער „בימי עלומיו כּתב קונטרס „סדר עבודת הקונדס״.

צו ז׳ 137: דער מאַנוסקריפּט פון אייכענבוימס ניט פאַרעפנט־ליכטן „תכונת המספרים״ געפינט זיך אין אונזער אַרכיוו.

צו ז׳ 196: וועגן דער קריטישער לאַגע, אין וועלכער עס האָבן זיך געפונען די משכּילים־ליטעראַטן נאָכן דרוק־אוקאַז פון 1836, ווען עס האָט אין משך פון העכער צען יאָר פונקציאָנירט אין גאַנץ רוס־לאַנד בלויז איין איינציקע ייִדישע דרוק — גיט אַ גאַנץ בולט בילד דער בריוו פונם דיכטער אדם הכּהן לעבענזאָן, וואָס ער האָט געשריבן אין 1843: „מען דאַרף שרײַען געוואַלד— שרײַבט ער אין דעם דאָזיקן בריוו — אויף דעם גרויסן שאָדן און אומרעכט, וואָס איז פאַרשאַפט געוואָרן דער אויפקלערונג פון ייִדן אין אונזער לאַנד דורכדעם, וואָס מען האָט איבערגעלאָזט נאָר איין איינציקע דרוקעריי. ווי עס איז אומ־מעגליך, ס'זאָל דאָ איבער אונז אַ שײַן טאָן אַ שטערן פון דרום־פּאָלוס, פּונקט אַזוי קאָן ניט געמאָלט זײַן, עס זאָל פון אָט דער איינציקער דרוקערײַ אַרויס אַ ווערק, וואָס קער זיך אָן צו וויסנשאַפט און ביל־דונג. אַפילו אָנזעטיקן דעם גרויסן ייִדישן עולם מיט דער נייטיקער צאָל סידורים און תּחינות,—זײַנען זיי ניט אימשטאַנד. אַפילו קיין איין ווערק פון די פּוסקים הראשונים אָדער פון די אַלטע מפרשים, וואָס דאָס איז זייער גרעסטער באַגער, האָט נאָך די איינציקע דרוקערײַ ניט באַוויזן אַרויסצוגעבן, — טאָ וואָס איז דאָ צו ריידן וועגן וויסנשאַפט, שפּראַך־קענטניש און בילדונג״. (מיר ציטירן לויט ש. גינצבורג, היסטאָ־רישע ווערק, I, 55—56).

# זוך-צעטל

# אינהאַלט

## צווייטער טייל

## די השכלה־באַוועגונג אין רוסלאַנד

### ערשטער קאַפּיטל

זייט



### צווייטער קאַפּיטל



### דריטער קאַפּיטל